ב. שאפיר

# געקליבענע ווערק

אופגעזאמלט אונ באגלייט מיט
אנ ארײַנפֿיר אונ באמערקונגענ
פֿונ נ. אויסלענדער

פֿארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1934

ב. שאַפּיר

# לידער, דערציילונגען, דראַמאַטישע פּרוּוון

פֿאַרלאַג „עמעס“, מאָסקווע 1934

א שווערן, ביז גאָר שווערן וועג האָט דורכגעמאַכט דער שרײַבער ב. שאַפּיר. געקומען אין דער ליטעראַטור דירעקט פֿון דער פֿאַבריק, ווו ער האָט צום ערשטן מאָל דערפֿילט דעם יאָך פֿון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, האָט ער אין פֿאַרלויף פֿון זײַן פּופּצניאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט, ביז דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע ניט אויפֿגעהערט צו זײַן דער אָביעקט פֿון פֿילפֿאַכיקער עקספּלואַטאַציע אַמאָל דורך ליטעראַטור גופֿא און אַמאָל „לעשעם ליטעראַטור".

„דאַן—דערציילט פּערעץ הירשביין וועגן 1908 יאָר—האָט פֿון שאַפּירן געשמעקט מיט טערקישן טאַבעק, ווײַל לעשעם פֿאַרנאָסע וועגן האָט ער געמאַכט פּאַפּיראָסן פֿאַר די ייִדישע פּניי, אָדעס האָט זיי צו יענער צײַט פֿאַרמאָגט. מע האָט געוואָלט דעם „דיכטער געבן צום לעבן". *

מיט דעם זעלבן צוועק „דעם דיכטער געבן צום לעבן" האָט דאָס אָדעסער ציִעניסטיש-העברעיִסטישע געזינדל ב. שאַפּירן, לויט הירשביינס אויסדרוק, „מעגאַיער געווען": א מענטשן, וואָס האָט לאַכלוטן ניט געקענט קיין העברעיִש, א דיכטער, וואָס איז לויט אַלע גרונט-טענדענצן פֿון זײַן שאַפֿן געווען פֿרעמד דער רעאַקציאָנערער אידעאָלאָגיע פֿון דעם ציִעניסטיש-העברעיִסטישן לאַגער, האָט מען „לעשעם פֿאַרנאָסע וועגן" פֿאַרוואַנדלט אין א פֿיקטיוון מיטאַרבעטער פֿון די העברעיִשע זשורנאַלן, פֿאַר גראָשנס אָפּגעקויפֿט דאָס רעכט צו דרוקן זײַנע ווערק פֿריִער אין העברעיִש (ניט אָנווייַזנדיק, אַז דאָס איז אַן איבערזעצונג), און פֿאַקטיש דערמיט אונטערגעריסן סײַ שאַפּירס מאַטעריעלן מאַצעוו סײַ זײַנע מעגלעכקײַטן צו געפֿינען א שעפֿערישן קאָנטאַקט מיט יענער האַמוינישער לייענער-אַודיטאָריע, פֿאַר וועמען זײַנע ווערק זײַנען לויט זייער אינהאַלט געווען באַשטימט. **

---

* ליטעראַרישע בלעטער 1930 43.

** וואָסערע שווערינקײַטן דאָס דרוקן זײַנע ווערק אַף העברעיִש האָט געשאַפֿן פֿאַר ב. שאַפּירן, איז צו זען פֿון די בריוו, וואָס האָבן זיך פֿאַרהיט אין שאַפּירס אַרכיוו.

און נאָך איין מיטל „דעם דיכטער געבן צום לעבן“ האָבן די אָדעסער ייִדישע פּניי געפונען: זיי האָבן געטאָן מיט אים דאָס זעלבע, וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַ צווייטן דיכטער, אַן אַרבעטער, מיט מאָריס ראָזענפעלד—אָפּגעדרונגען אים פאַר אַ לוינאַרבעטער אין דער ציִעניסטיש-באַלעבעסלדיקער פּרעסע, פאַרוואַנדלט אים אין אַ „פּעדערשקלאַפּ“ (מאָריס ראָזענפעלדס אויסדרוק). און באַהאַנדלט האָט מען דעם „פּעדערשקלאַפּ“ לויט אַלע געזעצן פון שקלאַפּנייגנטום: מע האָט ניט געשאַנעוועט זײַן מי, מע האָט נאָך ווייניקער געשאַנעוועט זײַן מענטשלעכע ווערדע. האָט זיך אין פאַרלויף פון אַ לענגערער צײַט (אין 1910-טן יאָר) געדרוקט אין די צײַטונגען אַזאַ מין אַנאָנס:

„עס ווערט אָנגענומען אַבאָנעמענט אַף די איינציקע אין דראָם-רוסלאַנד ייִדישע טעגלעכע צײַטונג „גוט מאָרגן“, וואָס דערשײַנט אין אָדעס מיט דעם אָנטייל פון די בעסטע ייִדישע שריפטשטעלער: שאָלעם-אַלייכעם, א. ל. לעווינסקי, מ. קליינמאַן, פּערעץ הירשביין און בײַ דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון פאָלגנדע פּערזאָנען: ש. הערצפעלד, ש. שוואַרץ, ב. שאַפּיר“...

אָט די אײַנטיילונג אַף „שריפטשטעלער“ און „פּערזאָנען“ איז ניט געווען קיין צופעליקער אײַנפאַל פון אַ פלינקן צײַטונג-אונטערנעמער, און ניט קיין טעכנישער טערמין, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן ב. שאַפּירס אָרט אין דער צײַטונג-רעדאַקציע, — געווען איז עס ניט מער ווי דער בוילעטסטער אויסדרוק פון דער באַציִונג, וואָס די דעמלטיקע ליטעראַרישע סוויווע האָט אָנגענומען בענעגייע שאַפּירן.

יאָרן לאַנג האָבן די טאָנגעבער פון דער דעמלטיקער ליטעראַטור געהאַלטן ב. שאַפּירן אין פולשטענדיקער איזאָלירונג, יאָרנלאַנג האָט מען אים, — וואָס האָט נאָך אין גאַנג פון די ערשטע שאַפונג-יאָרן 1905 — 1906 אָפּגעדרוקט אַ צאָל שטאַרקע, רעוואָלוציאָנער-געשטימטע לידער (און נאָך אַ גרעסערע צאָל אַזעלכע לידער געמוזט, איבער צענזור-טײַמים, האַלטן פאַרבאָרגן פון דער עפנטלעכקײַט)—באַהאַנדלט ווי

אַלע פאַרלאַגן און רעדאַקציעס, וווהין שאַפּיר פלעגט זיך ווענדן מיקויעך זײַנעם אַ ווערק, האָבן געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז אויב דאָס ווערק וועט פריִער דערשײַנען אין דער העברייִשער איבערזעצונג... וועט עס אין אָריגינאַל-שפּראַך ניט קאָנען געדרוקט ווערן. אייניקע ווערק שאַפּירס זײַנען איבער דעם טאַקע געבליבן ניט געדרוקט אין דער שפּראַך פונעם אָריגינאַל.

אַן אָנפּאַנגער, קוים־קוים געלאָזט איבערטרעטן די שוועל פון דער ליטעראַטור.

דער פאַרבליבענער אַרכיוו פון ב. שאַפּירס מאַנוסקריפּטן באַווײַזט ווי די דעמלטיקע ליטעראַרישע „פּניי" האָבן געבאַלעבאַטעוועט, געקראָכן יעדער איינער מיט זײַן רעדאַקטערישן טײַטל, שטענדיק געהאַלטן אין איין דערמאָנען ב. שאַפּירן אָן דער דיסטאַנץ צווישן זיי, די „עכטע" שעפער פון דער ליטעראַטור, און אים, דעם פּרעמדלינג, וואָס קאָן דאָ געפינען פאַר זיך אַן אָרט נאָר אין זכות פון זייער „אַריסטאָקראַטישן" נײַגער פון צײַט צו צײַט אויסצוהערן די „שטים פון פאָלק".

„איר ווייסט, אײַער „שטומער" איז אַ נײַס אין דער ליטעראַטור. איך האָב שוין דאָ געהערט קאָמפּלימענטן אַף אײַער אַדרעס".

אַזוי האָבן געוויסע ליטעראַרישע „פּניי" אָנגעהויבן שרײַבן אין פּריוואַטע בריוו צו שאַפּירן שוין גאָר צום סאָף פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט. צום עצעם איניען האָט עס אָבער קיין שײַכעס ניט געהאַט: דער ראָמאַן — „דער שטומער" — איז געבליבן ליגן ניט געדרוקט, ער איז געבליבן פאַר דער עפנטלעכקייט פּונקט אַזאַ סאָד, ווי די געוויסע „קאָמפּלימענטן", וואָס האָבן זיך פאַרהיט בלויז אין שאַפּירס אַרכיוו.

קיין איין אַרטיקל וועגן שאַפּירן, קיין איין־איינציקע נאָטיץ וועגן זײַנעם אַ ווערק איז קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרן אין די יאָרן ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אויסער... איינעם אַ וואַרשעווער גאַסן־בלעטל, וואָס האָט אַנומלט געפּרוווט אָנווײַזן אַף „גראָבע רייד" אין ב. שאַפּירס לידער, געפּרוווט מיט אים אײַנשטודירן די מאַנירן פון דער געוויסער ייִדישלעך־באַלעבאַטישער „לײַטישקײַט" פון די וואַרשעווער גאַלעווקעס...

אָבער צו ב. שאַפּירן האָבן זיך אָט די מאַנירן ווייניק־וואָס געקלעפּט. פּונקט ווי י. מ. ווײַסנבערג, וואָס איז גלײַכצײַטיק מיט אים אַרײַנגע־טראָטן אין דער ליטעראַטור, האָט אויך ב. שאַפּיר קיינמאָל ניט געקאָנט זיך אַקלימאַטיזירן אין דער ליטעראַרישער סוויווע פון זײַן צײַט. דאָס האָט זיך געלאָזט פילן שוין דעמלט, ווען ער האָט נאָך אין אָנהייב פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט, אין 1905-טן יאָר, געוואָגט צו זאָגן אָפן, אַז ער

האַלט פון ביאַליקן און פרוגן,
אים נאָר איינס אין זיי געפעלט ניט,
וואָס זיי יאָמערן און קלאָגן...

שאפיר האָט זיכ ניט געקאָנט אָפּהאלטנ פונ אנ ארויסטריט אויכ קעגנ דער רעאקציאָנערער „ראָמאנטיק", וואָס האָט ארום 1910 באהערשט די ייִדישע קלײנבירגערלעכע דיכטונג. קעגנ אָט דעם מינ „ראָמאנטיק", וואָס האָט געפונענ איר אויסדרוק בא ד. אײנהאָרנען, בא ז. סעגאלאָוויטשנ אונ אנד. איז ב. שאפיר ארויסגעטראָטנ מיט זײַנ גרעסערער ליד „פרומעלע", דורכגעדרונגענ מיט פרישער, סאָציאַל-אָנגעזעטיקטער סאטירע, וואָס האָט אינ יענע רעאקציע-יאָרנ דורכגעקלונגענ, ווי א „פרעמדער" טאָנ אינ דער קלײנבירגערלעכער דיכטונג.

אונ אויכ דעמלט איז ב. שאפיר ארויסגעטראָטנ, ווי א „פרעמדער" ווענ ער האָט געשריבנ זײַנ פּאראָדיע אפ דעם ניסטערס פּאָעמע „זיבנ פּאסטעכער", וואָס האָט פּרעטענדירט אפ א היפּש אָרט אינ דער קלײנבירגערלעכער דיכטונג אינעם פּעריאָד ערעוו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

ווי א פרעמדער, איז ב. שאפיר געגאנגענ דורכ דער ביז-אָקטיאבערדיקער ליטעראטור, א פרעמדער, וואָס האָט אלײנ זעלטנ-ווענ געקאָנט באנעמענ דעם ריכטיקנ סאָציאַל-פּאָליטישנ טאָכ פונ זײַנ אָפּגעפרעמדטקײט בענעגײע דער ארומיקער ליטעראַרישער סוויווע, זעלטנ-ווענ געקאָנט באזיניקנ די טיפערע סאָציאַלע פּראָצעסנ אינ יענע שיכטנ פונ דער ייִדישער ארבעטנדיקער מאסע, וועמעס אינטערעסנ ער, שאפיר, האָט אויסגעדריקט.

די מארקס-לענינישע ליטעראטור-פאָרשונג קאָנ, פארשטײט זיכ, ניט פארזענ דעם מאנגל פונ אידײיִשער רײַפקײט, דעם מאנגל פונ קלאסעווער באוווסטזיניקײט, וואָס האָבנ געשטערט ב. שאפירנ אופהײבנ אפ א גרעסערע הײכ די רעוואָליוציאָנערע סטימולנ פונ דער אָקאָרשט-פּראָלעטאריזירטער אונ האלב-פּראָלעטאריזירטער מאסע, וואָס איז אימ געווענ אָרגאניש נאָענט. קײנ ציל-באוווסטער קעמפער, קײנ אידײיִש באוואָפנטער רעוואָליוציאָנער איז ב. שאפיר קײנמאָל ניט געווענ. ער איז עס ניט געווענ אפילע דעמלט, ווענ די רעוואָליוציע 1905 האָט ארײַנגעהויכט אינ דעם שיכט ארבעטנדיקע, וועמעס אינטערעסנ ב. שאפיר האָט אויסגעדריקט, אנ אָקאָרשט-דערוואכטנ ווילנ צומ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, א פריש-באנײַטנ ווילנ צומ לעבנ, א שטארקנ גלויבנ אינ די אײגענע קויכעס, וואָס האָט אפ א גאנצ בוילעטנ אויפנ אָפּגעקלונגענ אינ שאפירס ווערק פונ יענער צײַט.

ער איז עס נאָך ווייניקער געווען אין די יאָרן, ווען די רעוואָליו-ציע-כוואַליע איז געפאַלן, ווען דער אָנגריף פון דער רעאַקציע האָט זיך פאַרשטאַרקט, ווען אין ב. שאפּירס אַנטוויקלונג קומט אַ געוויסער שטיל-שטאַנד. אונטערגעפאַלן דעם דרוק פון די שווערע רעאַקציע-יאָרן, ווערט ב. שאַפּיר ניט פאַרזונקען אין דעם זומפּ פון דער ציִע-ניסטיש-באַלעבעסלדיקער פּרעסע, וווּהין די אָדעסער יִידישע פּניי האָבן אַרייַנגעצויגן שאַפּירן, וועלנדיק „דעם דיכטער געבן צום לעבן".

אָבער אויך דעמלט, אין די שווערסטע יאָרן פון שאַפּירס ליטעראַ-רישער טעטיקייַט, רייַסט זיך דאָך פון צייַט צו צייַט דורך צום וואָרט זייַן אָפּאָזיציע-שטעלונג צו דער הערשנדיקער ליטעראַטור-טראַדיציע. נאָר ב. שאַפּיר, וואָס איז לויט אַלע גרונט-טענדענצן פון זייַן שאַפן געווען פרעמד דער טראַדיציע, וואָס האָט געהערשט אין דער יִידישער ליטעראַטור פון זייַן צייַט, האָט געקאָנט אין די יאָרן ערעוו דער אים-פּעריִאַליסטישער מילכאָמע, דעמלט ווען אין דער ליטעראַטור האָבן געווילדעוועט די פינצטערע קויכעס פונעם רעאַקציִאָנערן נאַציִאָנאַליזם, ווען די ליטעראַטור האָט גערופן „צוריק אין שול אַרייַן", באַווייַנט דעם „לעצטן באַלטפילע" און דערבייַ געווייַנט פון יעטווידער ערנסטער סאָציִאַלער דערשייַנונג, יעטווידער וויכטיקער סאָציִאַלער פּראָבלעם — נאָר ב. שאַפּיר האָט געקאָנט צו דער צייַט אָנהייבן שרייַבן די סעריע „קעלער-שטיבער".

„כ. נ. ביאַליק און ד"ר שערעשעווסקי פון מאָסקווע, — דערציילט ב. שאַפּיר וועגן יענער צייַט, — האָבן מיר געבעטן דורכצושפּאַצירן זיך מיט זיי איבער דער מאָלדאַוואַנקע און זיי ווייַזן, וויאַזוי לעבן דאָרט די אָרעמע יִידן".

„דורכשפּאַצירן זיך" איבער די פּאָרשטעט-געסלעך, ווו עס שטיקט זיך די אָרעמשאַפט — וואָס האָט געקאָנט זייַן „ליבעראַלער" פון אָט דעם זשעסט בא די ביאַליקס און שערעשעווסקיס — די אידעאָלאָגן פון דער יִידישער בורזשואַזיע? און וואָס האָט געקאָנט זייַן מער „דעמאָקראַטיש", ווי לאָזן זיך דערבייַ „פירן" דורך דעם שטענדיקן באַזוכער פון די „קעלער-שטיבער" — דורך ב. שאַפּירן!

עס איז אָבער גענוג אַ לייען טאָן כאָטש איין עפּיזאָד פון אָט דעם גאַנג איבער די פּאָרשטעט-געסלעך, קעדיי צו זען, וואָס עס ליגט אין

גרונט פון אָט דעם מילדן „ליבעראַליזם" און דעם ווייכהאַרציקן „דע-מאָקראַטיזם" פון די ביאַליקס און שערעשעווסקיס.

„צוויי צימערן. אָרעמע, נאָר שאַבעסדיק צוגעקליבענע. אין אַ ווינקל פון צימער זיצט אַ מאַנספּאַרשוין בײַ אַ שוסטערשן וואַרשטאַט און אַר-בעט. עס באַקומט זיך דער אײַנדרוק, ווי מע וואָלט דערזען אַ שאַבעס-דיקע רײנע קאַפּאָטע מיט אַ שמוציקער לאַטע. דאָס צימער איז פול מיט קינדערלעך און ווײַבער. דער אַרבעטער אינטערעסירט זיך ניט מיט די „אומגעבעטענע געסט", הייבט אַפילו דעם קאָפּ ניט אויף.

— איר זײַט אַ ייִד? — ווענדט זיך ביאַליק צום אַרבעטער.

— יאָ! — ענטפערט יענער.

— וואָס-זשע אַרבעט איר עפּעס אום שאַבעס?

— „קרײַני" — ענטפערט יענער, ניט אָפּרײַסנדיק די אויגן פון דער אַרבעט.

— וואָס הייסט „קרײַני"?

— „קרײַני"... מע דאַרף עסן"... זאָגט ער רויִק און מער ניט אַ וואָרט צו קריגן פון אים". *

אָט דער עפּיזאָד מיטן אַרבעטער, וואָס ניט ביאַליק און ניט שע-רעשעווסקי זײַנען ניט אימשטאַנד „אַ וואָרט צו קריגן פון אים", וואַרפט, אַ געוויס העלע שײַן אויף דעם סאָציאַלן מעהוס פון יענעם „דעמאָקראַטיזם" וואָס עס האָבן פּראַקטיקירט צו יענער צײַט די אידעאָלאָגן פון דער ייִדי-שער בורזשואַזיע. גאָר אַנדערש איז אָבער געווען ב. שאַפּירס באַציִונג צו די „קעלער-שטיבער".

ב. שאַפּיר איז געגאַנגען אין די קעלער-שטיבער ניט אויף צו באַ-שיצן דאָ די רעכט פונעם „הייליקן שאַבעס", ניט אויף צו פּריידיקן דאָ די געבאָטן פון דער ייִדישער בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטישער מאָראַל. גע-צויגן האָט אַהער שאַפּירן, ווי דאָס באַווײַזן זײַנע פאַרצייכענונגען וועגן די „קעלער-שטיבער", גראָד דאָס, וואָס דאָ, צווישן די אַרבעטער, וואָס האַלטן בײַ „קרײַני", לאָזט זיך הערן אַ פאַרשטיקטער פּראָטעסט, אַ פאַרהאַרטעוועטער ווידערשטאַנד אי קעגן דער בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטי-שער מאָראַל אי קעגן דעם שווערן סאָציאַל-עקאָנאָמישן יאָך, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער דעם „מאָראַלישן" צוגאַנג פון די ביאַ-ליקס און שערעשעווסקיס.

* „אונדזער לעבן" 1915 נומ 63

ניט ארויסטרעטנדיק אָפן, אפ אנ אקטיוו-רעוואָליוציאָנערנ אויפנ, קעגנ אָט דעמ שווערנ סאָציאַל-עקאָנאָמישנ יאָכ, ניט אופהייבנדיק דעמ סאָציאַלנ פּראָטעסט פונ דעמ ארבעטער, וואָס האלט בא „קרײַני״, אפ דער געהעריקער אידיײשער הייכ, האָט ב. שאפיר דאָכ אינ זײַנ כעריע „קעלער-שטיבער״ ארויסגעוויזנ אזא אָרגאנישע נאָענטקײַט צו די אײַנווינער פונ די „קעלער-שטיבער״, אזויפיל אײַנגעשפּארטקײַט אינעמ יאָרנלאנגנ באשעפּטיקנ זיכ מיט איינ אונ דער זעלבער קעלער-טעמאטיק אונ אזא שטארקנ ווידערשטאנד צו די אגרעסיוו-נאציאָנאליסטישע שטימונגענ, וואָס האָבנ געהערשט אינ דער ליטעראטור אינ די יאָרנ ערעוו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, — אז די סעריע „קעלער-שטיבער״ האָט אימ ווידער אוועקגעשטעלט ווי א „פרעמדנ״ אינ דער ליטערארישער סוויווע פונ יענער צײַט.

אָבער אויכ די סעריע „קעלער-שטיבער״ — געשריבנ אינ די יאָרנ פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע — איז נאָכ ניט דער לעצטער פאקט, וואָס שטרײַכט אונטער ב. שאפירס אָפּגעזונדערטקײַט פונ די בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע שרײַבער פונ זײַנ צײַט. נאָכ מער האָט עס אונטערגעשטראָכנ די קאָמעדיע „די אָפּעראציע״. געשריבנ אינ די יאָרנ 1920—1921 יאָר, ווענ דער זיגערישער גאנג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט שוינ באפרײַט אויכ אָדעס, איינע פונ די לעצטע פעסטונגענ אינ די הענט פונ דער קאָנטררעוואָליוציע, געשריבנ דעמלט, ווענ די אָדעסער יידישע רעאקציע מיט ביאליקנ בעראָש האָט שוינ פאר זיכ ניט געזענ קיינ אנדער אויסוועג, ווי נאָר צו אנטלויפנ פונ דעמ לאנד, ווו עס האָט געזיגט דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער-קלאס, געשריבנ אינ אזעלכע אומשטענדנ — באקומט ב. שאפירס קאָמעדיע „די אָפּעראציע״ א באזונדער באטײַט, א באזונדערע וואָג.

פונ דער קאָמעדיע זײַנענ פארבליבנ עטלעכע וואריאַנטנ. אינ איטלעכנ פונ זיי זעט זיכ, ווי עס פארשטארקט זיכ פונ מאָל צו מאָל ב. שאפירס דראנג אָנצוזעטיקנ די קאָמעדיע מיט סאָוועטישנ אינהאלט, דער דראנג צו סאָוועטיזירנ די שפּראכ, די האנדלונג, די געשטאלטנ, אָבער נאָכ מער זעט זיכ דאָ ב. שאפירס באמיונג צו סאָוועטיזירנ זיכ אליינ, געפינענ אינ זיכ דעמ אידעאָלאָגישנ אויסגאנג-פּונקט פאר יענעמ באשײַנפּערלעכנ איבעראָריענטירונג-פּראָצעס, וואָס דער אווטער מאכט דורכ.

דער דראנג צו סאָוועטיזירנ זיכ — דאָס איז דאָס לעצטע, מיט וואָס

עס ווערט געשלאָסן ב. שאפּירס ליטעראַרישער וועג, דער לעצטער שטריך צו דער כאראקטעריסטיק פון זײַן שאפן. און דאָס ווארפט א באזונדערע שײַן אויך אף די עטאפּן, וואָס ב. שאפּיר האָט דורכגעמאכט אין די יאָרן ביז דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. דאָס דערוועקט בא אונדז א אינטערעס צו יענעם פּעריאָד, ווען ב. שאפּיר האָט נאָך געשטיקט זיך אין דער אטמאָספער פון די אָדעסער ליטעראַרישע „פּניי", געטראָגן אין זיך דעם פארשטיקטן סאָציאַלן פּראָטעסט, דעם פארבאָרגענעם רעוואָליוציאָנערן סטימול פון דער גרויסשטאָטישער אָרעמשאפט און קוים-קוים געקאָנט באנעמען דעם טיפערן באטײַט פון די וויכטיקע סאָציאַלע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר ארום אים.

אָפּשאצן ב. שאפּירס ליטעראַרישע טעטיקײַט הייסט אָפּשאצן דעם גאנצן וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאכט, דעם וועג פון א שרײַבער אן ארבעטער, וואָס איז דורכגעגאנגען דורך גרויסע שוועריקײַטן, גע-טראָגן אף זיך דעם יאָך פון פילפאכער עקספּלואטאציע, אויסגעשטאנען דעם שווערסטן דרוק מיצאד די בורזשואזע און קליינבירגערלעכע פאָר-שטייער פון דער ביז-אָקטיאבערדיקער יידישער ליטעראטור.

באווײַזן אָט דעם וועג, באקאנט מאכן אונדזער פּראָלעטארישן לייע-נער מיט די ווערק, וואָס צייכענען אָן דאָס וויכטיקסטע אין ב. שאפּירס ליטעראַרישער טעטיקײַט, אָפּשאצן די דאָזיקע ווערק באם שײַן פון דער מארקס-לענינשער שטעלונג צו דער ליטעראַרישער ירושע — אָט דאָס איז דער ציל פון אונדזער אויסגאבע.

---

ביים צוגרייטן צום דרוק די אויסגאבע פון ב. שאפּירס ווערק האָבן מיר געהאט אין אונדזער רעשות צווייערליי מאטעריאלן: 1) געדרוקטע ווערק, צעוואָרפענע איבער פארשיידענע צײַטונגען און זשורנאלן, 2) ניט געדרוקטע ווערק, וואָס האָבן זיך פארהיט אין דער מאנוסקריפּטן-זאמלונג פונעם מוזיי פאר יידישער קולטור אין אָדעס.

אופזאמלען ב. שאפּירס געדרוקטע ווערק איז געווען ניט פון די גרינגע זאכן. ב. שאפּיר האָט בא זײַן לעבן קיינמאָל די ווערק זײַנע אין דער פאָרם פון אוועלכער-עס-איז זאמלונג ניט ארויס-געגעבן. אפילע קיין עלעמענטארע רעשימע פון די ווערק האָט ב. שאפּיר ניט איבערגעלאָזן. די איינציק-פארבליבענע רעשימע, וואָס

ב. שאַפּיר האָט געמאַכט אין יאָר 1921, בעשאַס ער האָט זיך מי־שטאַדל געוווינט פֿאַר א סאָוועטישן אַנשטאַלט וועגן מאַטעריעלער שטיצע, האָט, פאַרשטייט זיך, קיין שום ליטעראַרישע צוועקן זיך ניט געשטעלט. דעריבער פעלט אין דער דאָזיקער רעשימע א גאַנ־צע צאָל נעמען, וואָס זיינען לאַנג באַוווּסט, ווי ב. שאַפּירס ווערק. דאַגעגן איז אין דער רעשימע אָנגעוויזן אַף „150 קליינע דערציילונגען און בילדלעך פון דער אָרעמשאַפט" — א צאָל, וואָס לאָזט זיך שווער־לעך באַשטעטיקן דורך די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען דערווייל צו אונדז דערגאַנגען.

ניט האָבנדיק אין אונדזער רעשוס קיין זיכערע רעשימע פון ב. שאַפּירס געדרוקטע ווערק, האָבן מיר דאָס אופזאַמלען פון ב. שאַפּירס ליטעראַרישער ירושע געמוזט דורכפירן אַפן סאַמע פּרימיטיוון אופן — מע האָט געמוזט דורכקוקן די גאַנצע פֿעריאָדישע פּרעסע אינעם פעריאָד 1904—1922 — אַן אַרבעט, וואָס איז פאַרבונדן מיט גאַנץ גרויסע שווע־ריקייטן. ציי זיינען צו אונדז דערגאַנגען אַלע פעריאָדישע אויסגאַבעס, ווו עס זיינען געווען געדרוקט ב. שאַפּירס ווערק, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו זאָגן, מעגלעך, אַז אייניקע לידער אָדער דערציילונגען שאַפּירס זיינען נאָך ביז צום היינטיקן טאָג פאַרשטעקט אין א וועלכנ־עס־איז ציי־טונג-נומער אָדער סטאַם א פלוג-בלעטל (די אָזויגערופענע יאָנטעוו-אויסגאַבעס), ווו ער פלעגט אָפטלעך דרוקן זיינע ווערק. ניט פרעטענדירנדיק פולשטענדיק אויסצושעפּן ב. שאַפּירס ליטעראַרישע ירושע, קאָנען מיר דאָך זאָגן מיט פולער זיכערקייט, אַז דער גרעס־טער טייל פון זיינע ווערק איז אונדז אַצינד שוין באַקאַנט.

ניט אַלע ווערק ב. שאַפּירס, וואָס זיינען אונדז באַ היינטיקן טאָג באַקאַנט, האָבן מיר אַריינגענומען אין דעם באַנד „געקליבענע ווערק", וואָס מיר לאָזן איצט אַרויס. א טייל פון שאַפּירס ווערק — און דער־ביי א גאַנץ היפּשער טייל — איז אַנטשטאַנען צו יענער צייט (1910—1915), ווען ב. שאַפּירס שאַפן אַנטוויקלט זיך אונטערן צייכן פון „פעדער-שקלאַפעריי", ב. שאַפּיר אַרבעט אַלס רעפּאָרטיאָר, כראָניקער, פעליעטאָניסט און בעלעטריסט אין די גראָשנדיקע ציִעניסטיש-באַלע־בעסלדיקע אָדעסער ציי־טונגען. ער „ליפערט" מאַטעריאַל און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז דאָס ווירקט אַפן סאַמע נעגאַטיוופסטן אופן אַף ב. שאַפּירס שאַפן פון דער צייט.

מיר האָבן דעריבער געהאַלטן פאַר נייטיק אָפּקלײַבן פון אָט דעם פעריאָד (1910—1915) בלויז די פאַרצייכענונגען „קעלער-שטיבער" און א פּאָר קלענערע זאַכן (ווי „קינדער"), וואָס זײַנען ניט פאַרדאָרבן געוואָרן אין דער צײַט פון ב. שאַפּירס „פּעדער-שקלאַפערײַ":

פון דראַמאַטישע ווערק האָבן מיר, אויסער דעם קליינעם איינאַקטער „אוורעמל שוסטער גייט מיט האקאָפּעס", פאַר דעם איצטיקן באַנד אָפּגעקליבן בלויז א פראַגמענט פון דער קאָמעדיע „די אָפּעראַציע". מיר האָבן אַרײַנגענומען די דאָזיקע קאָמעדיע ניט בלויז דערפאַר, ווײַל זי שטעלט פאָר א וויכטיקן קינסטלערישן דאָקומענט פון ב. שאַפּירס אידעאָלאָגישער איבעראָריִענטירונג אין דער עפּאָכע פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע — מיר האָבן געהאַלטן, אַז די קאָמעדיע „די אָפּעראַציע" דאַרף אַרײַנגיין אין דעם איצטיקן ערשטן באַנד פון ב. שאַפּירס ווערק אויך דערפאַר, ווײַל זי גיט אין א געוויסן זין דעם סינטעז פון די אַלע מאָטיוון פון גרויס-שטאָטישן „אַרבעטער-לעבן, וואָס שאַפן דעם גרונט-אינהאַלט פון דעם געגעבענעם באַנד.

א זעלבשטענדיקן באַנד דאַרפן, לויט אונדזער מיינונג, בילדן די איבעריקע ווערק שאַפּירס (צווישן זיי אויך דער קיינמאָל אין יידיש ניט געדרוקטער ראָמאַן „דער שטומער"). וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם קליינעם שטעטל. צו דער דאָזיקער סעריע קליינשטעטל-שילדערונגען געהערט די דערציילונג „לייזער און זײַן הונט", די אידיליע „דרײַ", די דערציילונג „סאָנע דער רויפע". אינאיינעם מיטן ראָמאַן „דער שטומער" דאַרפן זיי בילדן דעם צווייטן באַנד ב. שאַפּירס ווערק.

א פּאָר ווערטער נאָך וועגן ב. שאַפּירס לידער. אין דער אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ גיט ב. שאַפּיר אָן, אַז ער האָט אָפּגעדרוקט העכער 100 לידער. ווי ווײַט אונדז האָט זיך אײַנגעגעבן פעסטצושטעלן, איז די צאָל געדרוקטע לידער שאַפּירס ניט געווען אַזוי גרויס. קיין קלאַסיפיקאַציע פון זײַנע לידער האָט ב. שאַפּיר קיינמאָל ניט געפּרוּווט מאַכן. די איצטיקע אײַנטיילונג אָפּ פיר אָפּטיילן: 1) אַרבעט און פרײַהייט-לידער, 2) ליריק, 3) פאָלקלאָר-מאָטיוון, 4) פּרוּוון און אָנהייבן) האָט די רעדאַקציע געמאַכט פון זיך.

אין אונדזער אויסגאַבע זײַנען גאַנץ ברייט פאַרגעשטעלט ב. שאַפּירס ניט געדרוקטע לידער, וואָס האָבן זיך פאַרהיט אין מוזיי פאַר יידישער קולטור (אָדעס). מיר האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק ברייטער באַ-

קאַנט צו מאַכן אונדזער פּראָלעטאַרישן לייענער גראָד מיט דעם טייל ב. שאַפּירס ליטעראַרישע ירושה, וואָס האָט ניט געקאָנט קומען צו דער עפנטלעכקייט אָדער מאַכמעס דעם שווערן דרוק פון דער צאַרישער צענזור, אָדער מאַכמעס דעם ניט־ווייניקער שווערן דרוק פון די דעמאָלטיקע אָדעסער צייטונג־באַלעבאַטים, וואָס זיינען אין זייער רעאַקציאָנערקייט זעלטן ווען געבליבן הינטערשטעליק לעגאַבע די צאַרישע צענזורס.

דער שאַפּיר־אַרכיוו, ווי עס זיינען פאַרהיט געוואָרן א סאַך מאַנוסקריפּטן, גיט א מעגלעכקייט נאָכצושפּירן דעם עצעם־פּראָצעס פון שאַפּירס אַרבעט איבער זיינע ווערק. אין אַרכיוו געפינען זיך א סאַך עסקיזן צו שאַפּירס ווערק, וואַריאַנטן, אָנהייבן, וואָס קאָנען געבן א באַגריף וועגן דעם, וויאַזוי און בא וואָסערע אומשטענדן שאַפּיר האָט געשריבן. צוליב דעם צוועק וואָלט מען אָבער געדאַרפט איבערדרוקן א גרויסע צאָל מאַטעריאַלן, וואָס האָבן א ווערט בלויז פון ליטעראַטור־וויסנשאַפטלעכן־שטאַנדפּונקט און דאָס גייט ניט אַריין אין די אויפגאַבן פון דער איצטיקער ערשטער שאַפּיר־אויסגאַבע. אין העסקעם דערמיט האָבן מיר אויך אין די באַמערקונגען צום טעקסט פון ב. שאַפּירס ווערק אויסגעמיטן צו מאַכן ווייטערע עקסקורסיעס און באַנוגנט זיך מיט קורצע ביבליאָגראַפישע נאָטיצן וועגן יעדן איינצלנעם ווערק. אַן אויסנאַם האָבן מיר געמוזט מאַכן בלויז פאַר דער סעריע „קעלער־שטיבער" און דער פּיעסע „די אָפּעראַציע", וואָס האָבן זיך געניטיקט אין ברייטערע דערקלערונגען.

אינעם אַריינפיר צום איצטיקן באַנד באַהאַנדלען מיר בלויז איין פּעריאָד פון שאַפּירס טעטיקייט — די יאָרן 1905—1907. דער צווייטער פּעריאָד פון זיין שאַפן, וואָס ענדיקט זיך מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און די יאָרן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, וועט באַהאַנדלט ווערן אינעם צווייטן באַנד.

צום שלוס דאַרפן מיר נאָך אויסדריקן אונדזער דאַנק דעם אלוקראַינישן ליטעראַרישן מוזיי אין כאַרקאָוו, דער עפנטלעכער לענין־ביבליאָטעק אין מאָסקווע, און באַזונדערס דעם מוזיי פאַר יידישער קולטור אין אָדעס, וואָס האָבן אונדז געגעבן א מעגלעכקייט צו באַזייטיקן די היפּשע שוועריקייטן באַם אויפזאַמלען ב. שאַפּירס ליטעראַרישע ירושה.

נ. א.

*P. S.* בעשאס דאָס בוך איז שוין געווען אויסגעזעצט, האָבן מיר באַקומען פונעם מוזיי פאַר ייִדישער קולטור (אָדעס) א יעדיע, אז אין רעשוס פונעם שאפיר־ארכיוו איז איבערגעגאנגען א גרעסערע העפט, וואָס אנטהאלט א זאמלונג שאפירס לידער הויפטזאכלעך פונעם פעריאָד 1905 — 1907. ווי עס ווערט אונדז מיטגעטיילט, געפינט זיך אין דער העפט „דאָסראָוו ליבע־לידיק, נאטור־פּאָעזיע, א 7 — 8 לידער אפּ ארבעט־מאטיוון (ענלעך אפּ דער „קונסטרויז"), א פּאָר לידער פּראָטעסטירן קעגן „געווייִנ" און „געיאָמער" אין דער ליטעראטור".

די מאטעריאלן פון דער נייַ־געפונענער זאמלונג וועלן אריינגיין אינעם צווייטן באנד פון אונדזער שאפיר־אויסגאבע.

# ב. שאַפּיר און די ייִדישע דיכטונג אַרום 1905 י.

I

ב. שאַפּירס אַנטוויקלונג, די אַנטוויקלונג פון אַ שרײַבער, וואָס איז אַלע זײַנע יאָרן געווען פאַרשטויסן צום סאַמע ווײַטן הינטער־גרונט פון דער ליטעראַטור, געגאַנגען דורך דער ליטעראַטור, ווי אַ פרעמדלינג, לאָזט זיך דאָך ניט באַטראַכטן אַנדערש, ווי אין דעם ענגסטן צוזאַמענהאַנג מיט דער גאַנצער ליטעראַטור־סיטואַציע, מיט דער גאַנצער קלאַסן־פאַרהעלטעניש אין דער ליטעראַטור פון זײַן צײַט. ווי זשע איז געווען אָט די קלאַסן־פאַרהעלטעניש אין דער ייִדישער ליטעראַטור ערעוו 1905 י., ווען ב. שאַפּיר טרעט אַרויס מיט זײַנע ערשטע ווערק, און אין וואָסערע קאָנקרעטע ליטעראַרישע דערשײַנונגען האָט זי זיך אַמבוילטעסטן אַרויסגעוויזן?

סכעמאַטיש גענומען, קאָן מען זאָגן, אַז די וועזנטלעכסטע דער־שײַנונג אין דער ליטעראַטור ערעוו 1905 י. באַשטייט דערין, וואָס אַ טייל קליינבירגערלעכע שרײַבער מאַכן צו דער צײַט דורך אַן אײַנ־טענסיוון פּראָצעס פון אויסלעבן דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו גילטן, ווי דער יעסאָד פון דער קליינ־בירגערלעכער ליטעראַטור־טראַדיציע נאָך פון די ווײַטע האַסקאָלע־צײַטן אָן.

פאַר דעם פּעריאָד ערעוו 1905 איז כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז דאָס, וואָס די קריטיק פונעם בורזשואַזן ליבעראַליזם ווערט צו דער צײַט אַ ברייט־פאַרשפּרייטע דערשײַנונג, אַ סאַך מער, איידער אין די 90־ער יאָרן, ווען עס האָט זיך באַוויזן אין דער ליטעראַטור ד. פּינסקי אאַ. — כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס ערעוו 1905 י. קומט אויף אַ גאַנץ גרויס בינטל קליינבירגערלעכע שרײַבער, וועלכע

טראָגן זיך ארום מיט דער פֿאָרשטעלונג, אז זיי קאָנען אנטקעגנ דעם בורזשואזנ דעמאָקראטיזמ ארויסטרעטנ מיט אנ אנדערער, אנ אייגענער שטעלונג צו אלע וויכטיקסטע צייַט-פּראָבלעמען. אזא פֿאָר־שטעלונג איז אינ א געוויסנ קרייַז קליינבירגערלעכע שרייַבער געווענ דעמלט שטארק פֿארוואָרצלט און דאָס איז, קאָנ מענ זאָגנ, דאָס סאמע כאראקטעריסטישסטע אינ דער גאָרער ליטעראטור־סיטואציע ערעוו 1905 י.

„עס איז א טאָעס צו מיינענ.—האָט געשריבנ אינ יאָר 1914 מיטנ טאָנ פֿונ א גרויסער אנטדעקונג דאָוויד אײנהאָרנ,—אז די ייִדישיס־טישע באוועגונג טראָגט מער ניט, ווי א קולטורעלנ כאראקטער. עס איז א טאָעס צו מיינענ, אז די סטאם־ייִדישיסטנ, וואָס געהערנ ניט דערווייַל צו קיינ שום פּארטיי, זייַנענ סטאמ קולטוריסטנ, וואָס האָבנ מיט געזעלשאפֿטלעכע פֿראגנ ניט צו טאָנ ———————— ייִדישיזמ— דאָס איז דער פֿאָרהאנג, הינטער וועלכנ עס באהאַלט זיך די ייִדישע דעמאָקראטישע פֿאָלק־פּארטיי, וועלכע וועט סאָפּקאָלסאָפּ ארויספֿארפֿנ דעם בורזשואזנ ציִעניזמ פֿונ די פֿאָלק־פּארטיייִשע שטאָלצנ און ווייַזנ פֿאר דער גאנצער וועלט, ווי עס זעט אויס אָט דער היסטעריש־נערוועזער קארליק, וואָס האָט אזא טומל געמאכט אפֿנ קאָפּ פֿונעמ שלאָפֿנדנ ריז" *.

אָט די ניצאָכנ-שטימונג איז פֿאקטיש אינ געוויסע קליינבירגער־לעכע קרייַזנ געווענ פֿארשפּרייט שוינ ערעוו 1905, האגאמ דער רעאקציאָנערער ייִדישיזמ האָט נאָכ דעמלט געהאלטנ אינ אויספֿורע־מענ זיך.

עס איז גענוג א בלעטער צו טאָנ דעמ זאמלבוכ „צוואנציקסטער יאָרהונדערט", דעמ זאמלבוכ „פּראָגרעס", דעמ זשורנאל „דאָס ייִדישע וואָרט" **, קעדיי צו זענ, ווי א געוויסער קרייַז שרייַבער האָט פֿונ יאָר צו יאָר זיך דורכגעדרונגענ מיט קליינבירגערלעכ־ראדיקאלע אי־דייענ, געזוכט פֿאר אָט די אידייענ די קאטעגאָרישסטע שפּראכ, דעמ

---

* „דאָס נייַע לעבנ" 1914, נומ. 2.

** אלע דרייַ אויסגאבעס זייַנענ דערשינענ אונטער א. רייזענס רעדאקציע. דער זאמלבוכ „צוואנציקסטער יאָרהונדערט" — אינ יאָר 1900, דער זאמלבוכ „פּראָגרעס" — אינ 1904, דער זשורנאל „דאָס ייִדישע וואָרט"—אָנהייב 1905 י.

שאַרפסטנ אויסדרוק, זײַענדיק זיכער, אז דורכ דעמ ווערט שוינ גע־
מאכט א סאָפּ צו דער העגעמאָניע פונעמ בורזשואזנ דעמאָקראטיזמ,
וואָס האָט צענדליקער יאָרנ געהערשט איבער דער קלײנבירגערלעכער
ליטעראטור.

דער פרעסטיזש פונעמ בורזשואזנ דעמאָקראטיזמ איז צו דער
צײַט — ערעוו 1905 י. — געפאלנ ביז גאָר. ס'איז געוויס ניט קײנ צופאל,
וואָס גראָד אינ 1904 י. קומט דער ערשטער פרווו צו אנטקרויגנענ
ש. פרוגנ, דעמ דיכטער, וואָס האָט נאָכ פונ די 80־ער יאָרנ אָנ גע־
גאָלטנ ווי דער אווטאָריטעטסטער וואָרטזאָגער פונעמ בורזשואזנ לי־
בעראליזמ אינ דער יידישער ליטעראטור. ס'איז אויכ ניט קײנ צופאל,
וואָס פונקט אינעמ זעלבנ 1904 י. טרעט א. רײזענ ארויס מיט שפּאָט־
לידער וועגנ „באלעבאטישנ מוסער".

אָט די ארויסטרעטונגענ, וואָס זײַנענ די טיפּישסטע דערשײַנונג
אינ דער קלײנבירגערלעכער ליטעראטור ערעוו 1905, שטרײַכנ אונטער
די יערידע פונעמ בורזשואזנ דעמאָקראטיזמ, וואָס האָט שוינ ניט גע־
קאָנט מער פרעטענדירנ אפ העגעמאָניע אינ דער ליטעראטור, ווײַל
פונ טאָג צו טאָג איז געוואָרנ אלצ בוילעטער זײַנ אינערלעכע צע־
שפּליטערטקײַט, די ניט־געוואגטקײַט און ניט־אנטשלאָסנקײַט זײַנע.
וועגנ די טיפערע סיבעס פונ אָט דער ניט־אנטשלאָסנקײַט לײענענ
מיר בא לענינענ אינ אנ ארטיקל פונ יאָר 1904:

„אפ וויפל די בורזשואזע (ליבעראלע) דעמאָקראטיע האָט בעדײַע
ארויסצוטרעטנ אלס דעמאָקראטיע, און זי איז געצווונגענ ארויסצו־
טרעטנ אלס דעמאָקראטיע, אפ אזויפיל שטרעבט זי אומפארמײַדלעכ
זיכ אָנצושפּארנ אפ מעגלעכסט־ברײטערע פאָלק־קרײַזנ. די דאָזיקע
שטרעבונג רופט ארויס אומפארמײַדלעכ דעמ פאָלגנדיקנ ווידערשפּרוכ:
וואָס ברײטער עס זײַנענ די דאָזיקע פאָלק־קרײַזנ, אלצ מער געפינענ
זיכ צווישנ זײ פארשטײער פונ די פראָלעטארישע און האלב־פראָ־
לעטארישע שיכטנ, וועלכע פאָדערנ א פולשטענדיקע דעמאָקראטיזירונג
פונ דער פאָליטישער און געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, אזא פולנ
שטענדיקע דעמאָקראטיזירונג, וואָס דראָעט אונטערצורײַסנ די וויכ־
טיקסטע זײַלנ פונ יעטווידער בורזשואזער הערשאפט ביכלאל (די
מאָנארכיע, דאָס שטענדיקע מיליטער, די ביוראָקראטיע). די בור־
זשואזע דעמאָקראטיע קאָנ לויט דער נאטור אירער ניט צופרידנ

שטעלן אָט די פֿאָדערונגען, דעריבער איז זי לויט דער נאַטור אירער פֿאַרורטיילט אַף ניט-אַנטשלאָסנקייט און האַלבלעכקייט".*

אין דער ייִדישער סוויווע האָט אַפּן בוילעטסטן אויפֿן פֿאַרקער-פֿערט אָט די „נאַטור" פֿונעם בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם די פּעטער-בורגער צייַטונג „דער פֿרייַנד".** איר „ניט-אַנטשלאָסנקייט" אין דעם פּעריִאָד אַרום 1905 י. איז געווען אַזוי גרויס, אַז א. רייזען האָט צו יענער צייַט שוין געוווסט צו איראָניזירן:

„און ווירקלעך: דער „פֿרייַנד" איז אַ שיינ, ערלעך, באַלעבאַ-טיש בלאַט. פֿאַרוואָרפֿן אים איז ניטאָ וואָס. נאָכן קישענעווער פּאָגראָם האָט ער מיט טרערן אין די אויגן ייִדן מאַמעש פֿאַר די פּאָלעס געשלעפּט אין ערעץ-ייִסראָעל. אַמאָל אין אוגאַנדע. יעצט, אַז ער האָט דערהערט פֿון לייַטן, פֿונוואַנען דער קישינעווער פּאָגראָם שטאַמט, איז ער געוואָרן שטייַפֿער און שלעפּט צוריק די זעלביקע ייִדן פֿאַר די פּאָלעס און שרייַט: — שטייט! בלייַבט דאָ און פֿאָ-דערט רעכט!" ***

דער „פֿרייַנט" — אין זייַן פּעטערבורגער פּעריִאָד — האָט פֿאַרטראָטן בלויז אַ טייל פֿון יענער סאָציִאַלער באַזע, וואָס האָט גענערט און געשפּייַזט דעם בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם. ער האָט פֿאַרטראָטן הויפּט-זאַכלעך דאָס מיטלבירגערטום (דער אַזוי גערופֿענער „באַלעבאַטישער גראַד" מיט זייַן שטענדיקן צופֿלוס פֿון געציילטע „באַגליקטע" קליינ-בירגער), ווו דער בורזשואַזער ליבעראַליזם האָט זיך אָפּטמאָל גע-קליידט אין דער ציִוניסטישער אידעאָלאָגיע. ניט ווייניקער ווירקנדיק איז געווען יענע שטרעמונג (וואָס איז געגאַנגען דורך דער רוסיש-ייִדישער פּרעסע) פֿון די „העכערע" קרייַזן פֿון דער ייִדישער בור-זשואַזיע, ווו דער ליבעראַליזם איז אָפֿטער פֿאַר אַלץ פֿאַרפֿאַרבט געוואָרן אין קאָסמאָפּאָליטישע פֿאַרבן. אין די דאָזיקע שיכטן האָט זיך עס אין מעשעך פֿון לאַנגע יאָרן געכאָוועט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיזם, פֿונדאַנען איז געגאַנגען זייַן העגעמאָניע איבער דער ייִדישער ליטעראַטור.

אייַנרייַסן מיטן בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם, גויוער זייַן דעם

* לענין. ווערק, ב. VI, ז. 9, אויסגאַבע 1924.

** מיר האָבן דאָ אין זינען דעם ערשטן פּעריִאָד פֿונעם „פֿרייַנד" (1903—1907).

*** „דאָס ייִדישע וואָרט" № 11, 1905.

ליבעראליזמ, וואָס האָט אינ מעשעכ פונ צענדליקער יאָרנ אינ פאַרשיידענע פאָרמענ געוועלטיקט איבער דער ייִדישער ליטעראטור, האָט דער קליינבירגערלעכער שרײַבער געקאָנט נאָר דעמלט, ווענ ער האָט זיכ געשטעלט אפ דער פאָזיציע פונ די „פראָלעטארישע אונ האלב-פראָלעטארישע שיכטנ, וועלכע פאָדערנ א פולשטענדיקע דעמאָקראטיזירונג פונ דער פאָליטישער אונ געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, אזא פולשטענדיקע דעמאָקראטיזירונג, וועלכע דראָעט אונטערצורײַסנ די וויכטיקסטע זײַלנ פונ דער בורזשואזער הערשאפט ביכלאל" (לענינ). אונ אָט לויט דער ליניע פונ דערנעענטערנ זיכ אונ דערווײַטערנ זיכ פונ אָט די פראָלעטארישע אונ האלב-פראָלעטארישע שיכטנ, קומט פאָר די סאָציאלע דיפערענציאציע אינ דער ייִדישער ליטעראטור ערעוו 1905 יאָר.

אמערסטנ ראדיקאל אינ דער שטעלונג קעגנ דעמ בורזשואזנ דעמאָקראטיזמ האָט געוואָלט זײַנ א געוויס בינטל שרײַבער, וואָס האָבנ אינ יאָר 1904 ארויסגעלאָזט א זאמלבוכ „פראָגרעס".* דער דאָזיקער זאמלבוכ האָט צו יענער צײַט געוואָלט גילטנ ווי דער סאמע קעמפערישער אָרגאנ אינ דער ייִדישער ליטעראטור. דאָ האָט מענ זיכ דערלויבט ווענדנ די קריטיק קעגנ סאָליד-אײַנגעפונדעוועטע שרײַבער-אויטאָריטעטנ, דערלויבט זיכ נעמענ א שארפע שטעלונג צו דערשײַנונגענ, וואָס האָבנ געגאָלטנ, ווי דאָס סאמע געזעצמעסיקסטע אינ דער דעמלטיקער ליטעראטור, אונ, דעריקער, געשריבנ געוואָרנ איז די קריטיק אינ „פראָגרעס" מיט אזא „פארשײַטקײַט", אז דאָס האָט געקאָנט פאר איינִיקע אויסזענ נײַ אונ איבעראשנדיק.

קעגנ וועמענ האָבנ די קאמפלוסטיקע מיטארבעטער פונ „פראָגרעס" ניט געפרוווט ווענדנ זייער „פײַער"? זיי האָבנ פריִער פאר אלצ, פארשטייט זיכ, אטאקירט דעמ בורזשואז-דעמאָקראטישנ „פרײַנד", באוויזנ, אז די צײַטונג וואגט ניט צו באלויכטנ די עמעסע לאגע פונ דער ייִדישער פראָווינצ, וואגט ניט צו „שרײַבנ וועגנ די אומגליקלעכע, פארפינצטערטע ייִדנ, נאָר מע שיסט אינ די עקסטרע-געמאכטע טשוטשעלעס".

די מיטארבעטער פונ „פראָגרעס" האָבנ געפרוווט קריטיקירנ די

* די מער אקטיווע מיטארבעטער, וואָס האָבנ באשטימט דעמ כאראקטער פונעמ זאמלבוכ, זײַנענ געווענ: א. רייזענ, ל. שאפּיראָ אונ יעדידיע מארגאָליס.

„טענדענציעס“ פונ מ. ספעקטאָרס ניי־דערשינענעמ בוכ „קאליקעס“, דערוויזנ, ווי „קליינ זייַנענ זייַנע אידייענ, ווי זיי זייַנענ גענומענ אפ פראָקאט בא א ליאדנ קרעמערל אָדער באַלעבאָס“...

די קריטיק פונ „פראָגרעס“ איז ארויסגעטראָטנ אויכ קעגנ פערעצנ, באשולדיקט אימ, אז ער איז „אָפּגעטראָטנ פונ זייַנע אלטע אידעאלנ“ (געמיינט פערעצעס ראדיקאלע אידייענ פונ די 90-קער יאָרנ) אונ האָט שוינ „אָנגעהויבנ שרייַבנ שאָוויניסטישע ארטיקלענ“...

געבנדיק א מילדע אָנצוהערעניש אפ פערעצנ אונ דער „ליטעראַרישער מישפּאָכע“, וואָס גרופּירט זיכ ארומ אימ, טרעט ארויס דער זאמלבוכ „פראָגרעס“ קעגנ דעמ, וואָס „א גאנצער מויער פונ אידעאליזירטע טיפּנ, באצוקערטע יִדנ איז אויסגעוואָקסנ צווישנ דער ליטעראטור אונ דעמ לעבנ...“

דער זאמלבוכ „פראָגרעס“ שטעלס זיכ דערבייַ ניט אָפּ פאר ברייטערע פאראלגעמיינערונגענ אויכ. „אונדזער ליטעראטור איז פול מיט באטלאָנימ אונ מעלאמדימ“, — קאָנסטאטירט דער זאמלבוכ „פראָגרעס“, אונ ווי א קעגנזאצ צו אָט דער ליטעראטור פונ „באטלאָנימ אונ מעלאמדימ“, שטעלט מענ דאָ ארויס ד. פינסקיס ווערק. „ביז פינסקינ — שרייַבט דער זאמלבוכ „פראָגרעס“ — האָבנ מיר געהאט אבראמאָוויטשנ, פערעצנ, שאָלעמ־אלייכעמענ אונ אנדערע פיל גרעסערע טאלאנטנ. פינסקי איז אָבער דער ערשטער, וואָס האָט אונדז אָנשטאָט באטלאָנימ, מעלאמדימ אונ יעשיוועבאָכערימ געוויזנ דעמ יִדישנ ארבעטער, וואָס לייַדט אלס מענטש, אונ האָט געוועקט אינ דעמ לעזער, דאָסראָוו אנ ארבעטער, די זעלבע געפילנ. פינסקי איז א שרייַבער מיט א טענדענצ, דאָכ האָט פונ דער טענדענצ די קינסטלערישע זייַט פונ זייַנע דערציילונגענ קיינמאָל ניט געליטנ, אדעראבע, די טענדענצ אינ זייַנע דערציילונגענ זייַנענ געווענ נאָר א נעשאָמע, וואָס האָט זיי אופגעלעבט“...

געוויס האָט דער זאמלבוכ „פראָגרעס“ מיט די דאָזיקע דעקלאראטיווע שורעס געפּרווט באזייַטיקנ דעמ פראָצעס פונ סאָציאלער דיפערענציאציע, וואָס האָט זיכ צו יענער צייַט פארשטארקט אינ דער יִדישער ליטעראטור. באזונדערס ווערט דאָס קלאָר, ווענ מע זעט, וואָס פאר א נייַע פּאָזיציע די שרייַבער פונעמ זאמלבוכ „פראָגרעס“ פרווונ אנטקעגנשטעלנ די אלטע פאָזיציעס פונעמ בורזשואזנ דעמאָק־

ראטיזם. „ווען מיר זאָלן באטראכטן די אייגענע פראגע פון אן אנ־דער שטאנדפונקט — שרײַבט דער זאמלבוך „פּראָגרעס" — ווען מיר וועלן זוכן די אורזאכן פון דיזער דערשײַנונג אין אונדזער געזעלשאפט־לעכן לעבן ביכלאַל, וועלן מיר זיך באלד איבערצײַגן, אז די אלע צאָרעס זײַנען ניט ספּעציעל־ייִדיש, נאָר זיי ווערן פארורזאכט פון אונדזער איצטיקער אָרדענונג, אז די קראנקשאפט קומט ארויס פון עקאָנאָמישן לעבן און אז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע קאָן דיזע פראגע פארענטפערן מער, ווי יעדע באלעבאטישע, ווילדטעטיקע דרײַערנע אידעאלן".

אין די דאָזיקע רייד וועגן דער „איצטיקער אָרדענונג", אין דעם ווענדן זיך צום „עקאָנאָמישן לעבן" און צו דער „פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע" ווילן די „פּראָגרעס"־שרײַבער זען דעם ארויסגאנג־פּונקט פאר דער קריטיק פון די „באלעבאטישע, ווילדטעטיקע דרײַערנע אידעאלן" פונעם בורזשואזן דעמאָקראטיזם, אין דעם ליגט דער גאנצער פּאטאָס פון זייערע קעמפערישע ארויסטרעטונגען. ווען מע צעשיפרירט אָבער דעם דאָזיקן פּאטאָס, ווען מע קוקט זיך איין אין דער אָנווענדונג פון דער „פּאָליטישער עקאָנאָמיע" דאָ, אפ די זײַטלעך פון זאמלבוך „פּראָגרעס", ווערט קלאָר, אז מיר האָבן דאָ ניט צו טאָן מיט די עמעסע אויסדריקער פון פּראָלעטארישע און האלב־פּראָלעטארישע מאסן, וואָס אין זייערע אינטערעסן איז „ארונטערצורײַסן די וויכטיקסטע זײַלן פון יעטווידער בורזשואזער הערשאפט ביכלאל".

קעגן דעם בורזשואזן דעמאָקראטיזם, קעגן די „באלעבאטישע, ווילדטעטיקע דרײַערנע אידעאלן" זײַנען ניט איינמאָל ארויסגעטראָטן אויך די עלטערע רעוואָלוציאָנערע שרײַבער אין אמעריקע — ווינטשעוו־סקי, באָװשאָווער, עדעלשטאט. „אונדזערע פּוסטע ייִדישע פרײַגײַ־סטער האָבן געהערט ריידנדיק פון נײַע מענטשפרײַנטלעכע אידייען — האָט מ. ווינטשעווסקי געשריבן נאָך אין יאָר 1879 — און ווײַל ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן האָט מען זיך דערצו געכאפּט". מאָריס ווינטשעוו־סקי האָט טאקע באַ יעדער געלעגנהײַט אטאקירט די „מענטשפרײַנט־לעכע אידייען" און זייערע טרעגער — די „פּוסטע פרײַגײַסטער" פון בורזשואזן דעמאָקראטיזם. אָבער באַ מאָריס ווינטשעווסקין איז עס שטענדיק געווען נאָר א טייל פון יענעם גרויסן קאמף, וואָס דער אַרבעטער־קלאס פירט קעגן דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג. אין אלע

זײַנע אַרויסטרעטונגען קעגן בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם שליסט זיך מ. ווינטשעווסקי אָן אינעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס איז באַרופֿן „אונטערצורײַסן אַלע וויכטיקסטע זײַלן פֿון דער בורזשואַזער הערשאַפֿט ביכלאַל".

דאָס בינטל „פּראָגרעס"־שרײַבער, וואָס איז מיטן אַרבעטער־קלאַס און זײַן קאַמף ניט געווען פֿאַרבונדן, האָט געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף וועגן די אויפֿגאַבן, פֿון דעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן קאַמף און נאָך אַ קנאַפּערע גרייטקייט אין אָט דעם קאַמף אַקטיוו זיך צו באַטייליקן.

איך וויל ניט קיין קאַמף, איך וויל ניט קיין שטרײַט
צו ברענגען מיט גוואַלד דעם אַקשן, דעם גליק...
איך וויל נאָר, אַז קלוג זאָלן ווערן די לײַט,
זאָל יעדער אַליין זיך באַפֿרײַען פֿון שטריק...

אָט אַזוי האָט געשריבן צו יענער צײַט א. רייזען, און דאָס האָט דורכויס געשטימט מיט דער גרונט־אײַנשטעלונג פֿון די איבעריקע „פּראָגרעס"־מיטאַרבעטער, וואָס האָבן אַ צײַט לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אילוזיע, אַז זיי זײַנען באַרופֿן גיוועך צו זײַן דעם בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם און אַרויסטרעטן קעגן אים מיט אַן אייגענער שטעלונג צו די אַקטועלסטע צײַט־פּראָבלעמען. מער ווי אַ אילוזיע איז עס, פֿאַרשטייט זיך, ניט געווען. „די אַכילעס־פּיאַטע פֿון דער קליינבירגערלעכער פּאָליטיק — האָט פֿיל מאָל אונטערגעשטראָכן לענין — איז איר ניט־פֿייִק זײַן און ניט־אימשטאַנד זײַן זיך צו באַפֿרײַען פֿון דער אידייִשער און פּאָליטישער העגעמאָניע פֿון די ליבעראַלע בורזשואַ. די קליינבירגער זײַנען נאָכשלעפּער פֿון די קאַדעטן ניט מאַכמעס אַ צופֿאַל, נאָר מאַכמעס די גרונטלעכע עקאָנאָמישע באַזונדערקײַטן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט" *.

אָט די „גרונטלעכע עקאָנאָמישע באַזונדערקײַטן" האָבן זיך אוממײַדלעך געמוזט אַרויסבאַווײַזן אויך אין דעם פּראָצעס פֿון דער סאָציאַלער דיפֿערענציאַציע, וואָס האָט זיך ערעוו 1905 י. אָנגעמערקט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און נאָך מיט אַ גרעסערער בוילעטקײַט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער, ווען די רעוואָלוציע איז אַרויס פֿון איר אָנפֿאַנגלעכער סטאַדיע — אין די יאָרן 1905 — 1907.

* לענין, ווערק, ב. IX, ז. 14.

## II

דער גאנג פונ דער ייִדישער ליטעראטור־אנטוויקלונג אינ די יאָרנ 1905—1907 צייכנט זיכ אויס מיט גאנצ גרויסע טעמפּנ אונ א גאנצ באדייטנדיקער אינטענסיווקייט. שוינ גאָר אינגיכנ נאָכ דעמ, ווענ לענינ האָט—נאָכנ פאלנ פונ פּאָרטארטור — קאָנסטאטירט דעמ „פּאר־גיכערטנ גאנג פונ דער געשיכטע“, הייבט אָנ דער פארשארפטער קלאסנקאמפּ ארייננדרינגענ טיפער אינ דער ייִדישער סוויווע, די קלאסנ־פארהעלטענישנ אינ דער ייִדישער סוויווע ווערנ בוילעטער, קלאָרער אונ אויכ אינ דער ייִדישער ליטעראטור ווערנ די פארשיידענע קלאסנ־פּאָזיציעס וואָס א טאָנ קלאָרער אונ דייטלעכער.

„אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד האָבנ אָנגעהויבנ ארויסצווייזנ זיכ די ספּעציפישע מיילעס פונעמ ייִדישנ נאציאָנאליזמ, וועלכער האָט זיכ אויסגעלערנט צופּאסנ זיכ צו יעדער ניי־געשאפענער לאגע. דער נאציאָנאליזמ האָט אָנגעהויבנ זיכ צופּוצנ, איינשפּאנענדיק אי די רעוואָליוציע אי דעמ סאָציאַליזמ אינ זיינ נאציאָנאליסטישנ רייטוואָגנ“.*

אָפּ צו אילוסטרירנ אָט דעמ פאקט, וואָלט געגוג געווענ צו ברענגענ אייניקע שטעלנ פונ די לידער, וואָס עס שרייבט אינ די יאָרנ 1905 — 1907 ש. פרוג. ער „קעמפּט“ אונ „שטרייט“. ער באזינגט די „פרייהייט“, ער איז גרייט ארויסצוטרעטנ מיט א ליד „צו דער רויטער פאָנ“, ער איז ניט פויל אפילע צו באזינגענ דעמ „מענטש מיט מאָזאָליעס“.

טאָ לויב־זשע אונ זינג־זשע די מי אונ די ארבעט,
זינגט, גריסט זי פונ הארצנ ליבנד אונ הייס.
געזונט זאָלנ זיינ די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערנ, פונ וועלכנ עס גיסט זיכ דער שווייס...

עס פעלט, פארשטייט זיכ, אויכ ניט די פּאסיקע „טעאָריע“, וואָס דארפ געלייגט ווערנ אינ גרונט פונ אָט דער פלוצעמ־דערוואכטער באגייסטערונג פאר דעמ „מענטש מיט מאָזאָליעס“. אזוי, לעמאָשל, שרייבט דער ציִעניסטישער זשורנאל „דאָס ייִדישע פאָלק“ צו יענער צייט:

---

* דימאנשטיינ: די רעוו. באוועגונג צווישנ די ייד. מאסנ אינ 1905, ז. 16

„...מיר דארפנ קעגנ דעמ סאָציִאליזמ פרינציפּיעל ניט קעמפנ. דער סאָציִאליזמ איז פארשפּרייט צווישנ אלע פעלקער פונ דער וועלט, אונ עס וואָלט געווענ נאַיִוו צו ווינטשנ, אז ער זאָל ניט געפינענ קיינ אָנהענגער בא אונדזערע אויסגעהונגערטע אונ ליַידנדע מאסנ. מע דארפ זיכ רעכענענ מיט דער פארברייטונג פונ סאָציִאליזמ אינ אונדזערע מאסנ, ווי מיט א פאקט, וואָס מוז געשענ אונ וואָס איז ניט קעגנ אונדזערע נאציִאָנאלע פרינציפּנ". *

וואָס פאר א „סאָציִאליזמ" דער ציִעניסטישער אָרגאנ איז דערבײַ אויסנגעווענ, וועלנ מיר זענ וויַיטער, דערוויַיל אָבער וועלנ מיר נאָר קאָנסטאטירנ, אז די באגיַיסטערונג פאר דעמ „מענטש מיט מאָזאָליעס" איז בא פרוגנ ניט געווענ צופעליק. דאָס האָט געשטימט מיט דער אלגעמיינער איַינשטעלונג פונ דעמ דעמלטיקנ בורזשואזנ ליבעראליזמ. פונקט אזוי איז דאָס אויכ ניט געווענ צופעליק, וואָס ד. פרישמאנ טרעט צו דער ציַיט ארויס מיט א דעקלאראטיווג ארטיקל אונטערנ נאָמענ „ווענג היינריכ היינעס פּאָליטישע לידער". אָט וואָס מיר לייענענ צווישנ אנדערעס אינ דעמ דאָזיקנ ארטיקל:

„אינ דעמ היַינטיקנ כוידעש, ווענ עס איז געוואָרנ פופציק יאָר זינט היינריכ היינע איז געשטאָרבנ, האָט זיכ א גאנצער וואלד פונ ליטערארישע פעדערנ א שאָקל געטאָנ אונ הונדערטער ארטיקלענ זיַינענ געשריבנ געוואָרנ ווענג דעמ דיכטער. פיל האָבנ דערציילט פונ זיַינ לעבנ, פיל פונ זיַינ כאראקטער, פונ זיַינ וויצ אונ גיַיסט, פונ זיַינ ייִדישקיַיט אונ גוייִשקיַיט, פונ זיַינ סינע אונ ליבע, פונ זיַינ גיפט אונ ווילדנ צאָרנ. וויַיל ער איז געווענ פילזיַיטיק, האָט ער פיל מענטשנ באשעפטיקט. פאר אונדז אָבער, גראָד אינ דער איצטיקער ציַיט, האָבנ א גאנצ באזונדערנ ווערט זיַינע פּאָליטישע לידער. מיר געפינענ אינ זיי אָפט אזעלכע זאכנ, וואָס עס גלייבט זיכ גאָרניט, אז זיי זיַינענ געשריבנ געוואָרנ פאר זעכציק יאָר אונ פאר אנדערע לענדער אונ אינ אנ אנדער שפּראכ"... **

אינ די דאָזיקע שורעס, וואָס זיַינענ באגלייט געוואָרנ מיט א גרויסנ בינטל איבערזעצונגענ פונ היינעס פּאָליטישע לידער, האָט זיכער צו יענער ציַיט געקלונגענ א דעקלאראטיווער טאָנ. עס איז ניט

* „דאָס ייִדישע פאָלק", 1907 י. №4.

** „די ציַיט", 1906, №27.

דער געוויינלעכער ציניש־באטלאָנישער טאָן פון פרישמאנס פעליע־טאָנען מיט זייער בארימטער „סעמעטשקעס“־טעמאטיק. דאָס מאָל איז ד. פרישמאנ קימאט אינגאנצנ ערנסט. ער פירט אויס א וויכטיקע „סאָציאָלע באשטעלונג“, ער לערנט דעם קלאס זײַנעם, די ייִדישע בורזשואזיע, וויאזוי צו ניצנ אינ איר קאמפ קעגנ דער רעוואָליוציע אזא וויכטיק געווער, ווי די פאָליטישע ליד, אונ אז אינ אָט דעם קאמפ דארפ מענ „זיכ רעכענענ מיט דער פארברייטונג פונ סאָציאַ־ליזמ אינ אונדזערע מאסנ, ווי מיט א פאקט“ — דאָס איז דאָכ פאר ד. פרישמאנענ קלאָר ניט ווייניקער, ווי פאר דעמ ציִעניסטישנ אָרגאנ „דאָס ייִדישע פאָלק“. לייענענ מיר דעריבער טאקע בא פרישמאנענ אינעמ זעלבנ ארטיקל וועגנ הייגענ:

„מיר נעמענ די ליד „די שלעזישע וועבער“. א ווילדע סינע, וועלכע פײַפט, ווי א בייזער שטורעמ־ווינט, שטײַגט אופ פונ דער ליד. עס זײַנענ אָבער אויכ די אייגענע וועבער פונ לאָדז אָדער ביאַליסטאָק, וועלכע שפײַענ גאל אונ סינע אונ קלאָלע פאר אונ־דזערע אויגנ...“

ס'איז קלאָר: אזעלכע שורעס האָט דער אומגעשיקטער ליבעראל פונ ערעוו 1905 ניט געוואגט נאָכ צו שרײַבנ. אינ די יאָרנ 1905 — 1906 האָט דער ייִדישער ליבעראל עפעס וואָס זיכ אויסגעלערנט. דאָס זײַנענ געווענ יאָרנ, ווענ די נאטור פונ דעמ בורזשואזנ דעמאָקראַ־טיזמ האָט זיכ באוויזנ אפ קאָנקרעטע מײַסימ, ווענ עס איז געוואָרנ דורכויס קלאָר, אז „די בורזשואזע אָפּאָזיציע איז דערפאר טאקע בלויז א דעמאָקראטישע אונ בלויז אנ אָפּאָזיציע, ווײַל אליינ קעמפט זי ניט, ווײַל זי האָט ניט איר אייגענע פראָגראמ, וועלכע זי זאָל אומבא־דינגט פארטיידיקנ, ווײַל זי שטייט צווישנ צוויי קעמפנדיקע צדאָדימ (דער רעגירונג אונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט פליוס זײַנע ניט־פילצאָליקע אינטעליגענטישע אָנהענגער), ווײַל זי פארעכנט דעמ רעזולטאט פונעמ קאמפ אפ איר אייגענעמ כעזשבנ“ *

די רעוואָליוציע האָט די דאָזיקע נאטור פונעמ בורזשואזנ דע־מאָקראטיזמ אנטבלויזט אפ דורכ אונ דורכ. אפ דער קאָנקרעטער לי־טערארישער טעטיקײַט פונ די פרוגס, די פרישמאנס אונ אנדערע האָט

---

* לענינ. ווערק, ב. VI, ז. 13, אויסגאבע 1924

די רעוואָליוציע באַווײַזן דעם רעאַקציאָנערן טאָך פֿון זייער שפּיל אין דעמאָקראַטיזם, אין פֿאָלקס־געטרײַשאַפֿט און פֿאָלקס־ליבע... די רעוואָליוציע האָט אָבער געמוזט אַנטבלויזן די עמעסע סאָציאַלע נאַטור אויך פֿון די, וואָס האָבן פּרעטענדירט צוגערעכנט צו ווערן צום צווייטן לאַגער — צו דעם רעוואָליוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס. און דאָס איז ווירקלעך פֿאָרגעקומען פּונקט אַזוי גיך, ווי גיך עס האָבן זיך ביסלעכווײַז אַנטוויקלט אַלע פּראָצעסן אין דער ליטעראַטור פֿון יענער צײַט.

## III

דער גרויסער געזעלשאַפֿטלעכער אופֿשוווּנג פֿון די יאָרן 1905 — 1907 האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער יידישער דיכטונג אַ גרויסע פֿאַרשיידנאַרטיקײַט פֿון סאָציאַלע מאָטיוון, מיר טרעפֿן דאָ אַ גרויסע צאָל דיכטער, וואָס האָבן — צוליב פֿאַרשיידענע קלאַסעווע אינטערעסן — געוואָלט גילטן ווי „פֿרײַהײַט־זינגער“.* אָפּשטעלן זיך אָף די דאָזיקע געשטאַלטן גענויער, כאַראַקטעריזירן איינצלנע דעטאַלן, וואָס צייכענען זיך אָן אין דער דיכטונג פֿון יענער צײַט, האָבן מיר ניט קיין מעגלעכקײַט און דאָס איז, אין פּלוג, ניט נייטיק אויך. געוויס האָבן צו יענער צײַט צווישן די „פֿרײַהײַט־זינגער“ פֿיגורירט אויך אייניקע פֿון יענער קאַטעגאָריע שרײַבער, וועגן וועלכע לענין האָט דעמאָלט זיך אויסגעדריקט, אַז צו 25 — 30 יאָר זײַנען זיי „מאַרקסיסטן“ צו 35—40 יאָר — ליבעראַלן, און שפּעטער — גלאַט שוואַרצמייעניקעס.** צו דעם מין געהער, לעמאָשל, ד. איינהאָרן, וואָס דערציילט אַליין אָף וואָס פֿאַר אַן אויפֿן ער פֿלעגט שרײַבן „רעוואָליוציאָנערע“ לידער און דרוקן זיי אין די נאַציאָנאַל־מענשעוויסטישע אָרגאַנען „אָף צו פֿאַרזיסן דאָס פּאַרטייִשע שוואַרץ־ברויט“. „דער יידישער שרײַבער — דערציילט וועגן זיך איינהאָרן — האָט דאַן (אין 1905־טן יאָר — נ. א.) אין טאָך ניט געהאַט קיין אַבסטראַקטע זאַך, וואָס

* דער טערמין „פֿרײַהײַט־זינגער“ איז געווען צו יענער צײַט זייער פֿאַרשפּרייט. מיר טרעפֿן אים אָף די שפּאַלטן פֿון פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס.

** לענין, ווערק, בד XI, ערשטער טייל, ז. 42, אויסגאַבע 1924.

ער זאָל באַשרײַבן מיט הויכע ווערטער. אים איז געווען סאָפּקאָל־סאָפּ אי דער ציוניזם אי דער סאָציאַליזם גאַנץ עגאָל".*

ד. איינהאָרן איז אין דעם פּראַט ניט געווען איינער. צום זעלבן מין „פרײַהײַט־זינגער" האָט געהערט אויך ז. סעגאַלאָוויטש, וואָס האָט אין די יאָרן 1905—1907 פּראָדוצירט לידער אי וועגן וועבער־פאַבריק אי וועגן שאַכטעס, געראָפּן נעקאָמע נעמען פאַרן 9־טן יאַנוואַר און איז דערבײַ געבליבן באַם זעלבן שטאַנדפּונקט, אַז „אי דער סאָציאַליזם אי דער ציוניזם איז גאַנץ עגאָל".

אָבער דער מין „פרײַהײַט־זינגער" האָט קיין ווichטיקע ראָליע אין דער סטיל־אויסבילדונג צו יענער צײַט ניט געשפּילט. מער אַקטיוו באַטייליקט זיך אין אָט דער סטיל־אויסבילדונג האָט יענער קרײַז קליינבירגערלעכע שרײַבער, וואָס האָט זיך ערעוו 1905 גרופּירט אַרום רייזענס זאַמלבוך „פּראָגרעס" און האָט אַרויסבאַוויזן אַ געוויסע ניי־גונג זיך צו אָריענטירן אויפן אַרבעטער־קלאַס. די דאָזיקע נייגונג טרעט אַרויס גאַנץ בולט אין דער זאַמלונג „בײַ דער אַרבעט", וואָס מ. טײַטש האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1905. אין דער זאַמלונג זײַנען אָפּגעקליבן געוואָרן פון דער גאָרער יידישער דיכטונג לידער, וואָס שילדערן דאָס אַרבעטער־לעבן. מיר טרעפן דאָ אַפילע אַ ספּעציעלע ליד „דער אַרבעטער־זינגער", מיר הערן, ווי דער רעדאַקטאָר פון דער זאַמלונג — מ. טײַטש — דעקלאַמירט אויף דער טעמע:

אויך דאָס דיכטן איז אַן אַרבעט,
און אַן אַרבעטער דער דיכטער,
שטרעקט־זשע, אַרבעטער, דעם דיכטער
אײַער האַנט די בראַווע אויס...

דער פּרווו אַרויסשטעלן קעגן דער אַלגעמיין־פאַרשפּרייטער פאָר־שטעלונג וועגן אַ „פרײַהײַט־זינגער" די נײַע פאָרשטעלונג וועגן אַן „אַרבעטער־זינגער", דער פאַרלאַנג צו דריקן די „האַנט די בראַווע" פונעם אַרבעטער — דאָס איז בעלישומסאָפעק סימפּטאָמאַטיש פאַר יע־נעם קרײַז קליינבירגערלעכע דיכטער, וואָס האָבן ערעוו 1905 אַרויס־באַוויזן אַ געוויסע נייגונג זיך צו אָריענטירן אויפן אַרבעטער־קלאַס.

---

* „דאָס נײַע לעבן" № 4, 1914, ניו־יאָרק.

אין דער הינזיכט איז מ. טײַטשס זאַמלונג „בא דער ארבעט" נאָך ניט געווען דאָס סאמע קאטעגאָרישסטע, וואָס עס קומט אויס צו הערן פון דעם זעלבן מ. טײַטש אין יענע יאָרן. מ. טײַטש שרײַבט אפילו אזא ליד, וואָס הייסט „אפן שלאכט־פעלד",* ווו מיר טרעפן צווישן אנדערע אזעלכע שורעס:

עס טראָגט זיך אַ אָפּקלאַנג דורך בארג און דורך טאָל:
מיר זײַנען די ברידער פון ווינטן און וואלן,
עס וואַקסט וואָס אַ טאָג אונדזער מעכטיקע צאָל —
מיר שאלן, מיר שאלן!

און גרעסער פון טאָג דאָס געוויטער אלץ ווערט —
עס שיסן קאנאָנען, און ביקסן זיי קנאלן —
מיר הייבן אלץ העכער דעם קאָפּ קעגן שווערד, —
מיר שאלן, מיר שאלן...

אינעם זעלבן טאָן פון פראלנדיקער ריטאָריק שרײַבט מ. טײַטש צו יענער צײַט אויך אַ „ליד פון דער קנעכטשאפט",** אַ ליד „איך נעם אין מײַן האנט אַ העל־ברענענדן פאקל",*** ווו עס ווערן באזונגען די געפאלענע העלדן פון דער רעוואָליוציע. ניט געקוקט דערויף, וואָס די דאָזיקע לידער האָבן געהאט אין זיך אַ סאך ריטאָריק, האָבן מיר דאָ פאָרט ניט צו טאָן מיט יענער בעקווענדיק־אָפּנארערישער שפּיל אין „דעמאָקראטיזם", יענע פאלשע פּאָזע, וואָס האָט אלעמאָל זיך געלאָזט פילן אין די „פרײַהײַט"-לידער פונעם בורזשואזן דיכטער ש. פרוגג. יענער פלעגט דאָך מאמעש פארגלאָצן די אויגן, בעשאס ער פלעגט „מיספּאלעל זײַן" פאר דער „פרײַהײַט":

פאר דיר, אָ, פרייהייט, ריינער קוואל
פון פריידן ליכטיקע און שטילע,
פליט אונדזער ליד, פון טרערן מיד,
פאר דיר צעגיסט זיך אונדזער טפילע...****

---

* „דער וועג", № 106, 1906.
** „דאָס יידישע וואָרט", № 11, 1905.
*** „פאָלקסצײַטונג", № 156, 1906.
**** „דער פרײַנד", № 40, 1907.

דער קלײנבירגערלעכער דיכטער פון מ. טײַטשס שניט איז מיט זײַן „ליד פון דער קנעכטשאפט" געװען, פארשטײט זיך, א סאך מער אופריכטיק. ער, דער קלײנבירגערלעכער שרײַבער, איז מיט זײַן דע-מאָקראטיזם קײנעם ניט אויסן געװען אָפּצונארן. ער האָט עס טײל-מאָל געמײנט גאנץ ערנסט, אָט װי א. רײזען, לעמאָשל, בעשאס ער האָט זיך געקלאָגט, אז אף אים איז געפאלן „דער שטויב פון דער װעלט", און דערבײַ זיך געבעטן:

װו נעמט מען א גאָװי פון אויבן
אהערצו געשיקט,
ער זאָל אונדז א ביסל דערהײבן —
מע װערט דאָך דערשטיקט. *

אָט דאָס פילן זיך דערשטיקט אין דער אטמאָספער פונעם אָנ-גרײַפנדיקן קאפיטאליזם, װאָס רוקט אָפּ דעם קלײנבירגער אפן סאמע הינטערגרונט פון דער היסטאָרישער ארענע, פארדרוקט און פארשטויסט אים, צװינגענדיק אים טראָגן אף זיך דעם „שטויב פון דער װעלט" — אָט דאָס האָט עס אָנגעפירט מיט רײזענען, בעשאס ער האָט אף א װײַלע זיך דערפילט פארברודערט מיטן ארבעטער און געװענדט זיך צו אים אין א ליד „באם פאבריקאנטס טיר":

אָ, ארבעטער-ברודער, אָ, טײַערער ברודער,
װאָס האָט דיר די אויגן פארבלענדט? **

געװיס איז דער מאָמענט, װען א. רײזען הײבט אָן זוכן א גע-װיסן קאָנטאקט מיטן „ארבעטער-ברודער", א װיכטיקער מאָמענט אין רײזענס אידײישער אנטװיקלונג.

מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א באשטימטן פּראָצעס, װען אין דעם שאפן פון א געװיסן טײל קלײנבירגערלעכע דיכטער האָט זיך פארשטארקט דער דראנג צו אידעאָלאָגישער זעלבסטבאשטי-מונג, װען עס האָט זיך אונטער דער װירקונג פון דער רעװאָ-ליוציע פארשטײַפט דער ראדיקאלער עלעמענט אין זײער זעלבסטבא-װוסטזײַן. געװען איז עס אָבער פאָרט ניט מער װי דער באװוסטזײַן

---

* „ידישע פאָלקס-צײַטונג" № 12, 1903.

** „דער װעג" №88, 1905.

פונ יענעמ קליינבירגערלעכנ אינטעליגענט, מיט וועלכנ מיר האָבנ זיכ פריִער באקאנט אינעמ זאמלבוכ „פראָגרעס“. האָט דעריבער א. רייזענ אינ זײַנ ווענדונג צומ „ארבעטער-ברודער“ אלעמאָל ארײַנגעלייגט זײַנ ספעציפיש-רייזעניש מוסערהאסקל, ניט אופגעהערט כאזערנ די עכט-רייזענישע פאָרמול „עפעס ציט אונ עפעס שרעקט“, אונ פונ מאָל צו מאָל, ווענ די כוואליע פונ דעמ רעוואָליוציע־שטורעמ האָט זיכ אופגעהויבנ גאָר הויכ, האָט א. רייזענ געפילט פאר נייטיק ארויס מיט זײַנ „רופ“:

מיט בלוט אָנגעטרונקענ
גלאנצט דאָרשטיק דער שווערד —
אָ, קומ שוינ, מאָשיִעכ,
אפנ ווייסינקנ פערד! ... *

אָט דאָס איז געווענ דער אומפארמײַדלעכער באלעבעסלדיקער פינאל פונ א. רייזענס „רעוואָליוציאָנערנ“ דראנג, דאָס איז געווענ דער אומפארמײַדלעכער פינאל פונ זײַנ „רעוואָליוציאָנערנ“ אָנשטעל, אז אָט-אָט שליסט ער זיכ אײַנ אינ די רייענ פונעמ קעמפנדיקנ פראָלעטאריאט. מער ווי אנ אָנשטעל האָט עס ניט געקאָנט זײַנ, מער ווי איליוזיע — מעג זײַנ אפילע אינ אייניקע פאלנ אנ אופריכטיקע איליוזיע — איז עס קיינמאָל ניט געווענ, וואָרעמ, ווי נאָר די רעוואָליוציע איז ארויס פונ איר אָנפאנגלעכער סטאדיע אונ עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די גרויסע היסטאָרישע שלאכטנ, האָט שוינ א. רייזענ אליינ פארשטאנענ צו זאָגנ:

עס ציט מיכ צומ קאמפ,
א קראפט בינ איכ אויכ,
נאָר ניט אפ דער ערד,
אונ ניט אינ דער הייכ...

מיט דעמ זעלבנ „זעלבסטבאוווסטזײַנ“ איז, קאָנטיק, געווענ דורכגעדרונגענ אויכ מ. טײַטש, בעשאס ער האָט נאָכ אינ יאָר 1906 אָנגעהויבנ שרײַבנ:

מיט יעדער פארשטאָרבענער האָפענונג
לעשט אויס זיכ אינ הארצנ א שטערנ,

---

* „דער וועג“ № 12, 1906.

ס'וועט גרעסער אין מויעכ דער דאלעס,
אין די אויגן ווערט ווייניקער טרערן.

מיט יעדער פארשטארבענער האפענונג
פארבלייבסטו אלץ מערער אנשוויגן!
און ס'ווילט זיך ניט זאגן דעם עמעס
און ס'ווילט זיך ניט זאגן קיין ליגן...*

## און נאך אין א צווייטער ליד:

איך צינד אן ליכט, רעכטס און לינקס פון מיין קאפ,
און גיס אן דעם בעכער פול שארפן געטראנק;
איך פיר היינט צו קווורע מיין ליבלעכסטן טרוים,
איך פיר היינט צו קווורע מיין שענסטן געדאנק...**

מיט די דאזיקע שורעס האט מ. טייטש, אויסגעדריקט דעם גע־מיט־צושטאנד פון אלע „רייזעניסטן" (ראלניק, לאפין, הערשעלע אא.) אין די יארן, ווען דער רעוואליוציאנערער אוואנגארד פונעם קעמפנ־דיקן פראלעטאריאט האט קלאר און דייטלעך באוויזן, ווהין עס איז געצילט זיין קאמף, באוויזן, אז זיינע צילן באגרענעצן זיך קלאל ניט מיט די אופגאבן פון דער בורזשואז־דעמאקראטישער רעוואליו־ציע — אט אין די יארן האבן בא די „רייזעניסטן" ווירקלעך אנגע־הויבן אפשטארבן איינע האפענונג נאך א צווייטער. עס איז גע־שטארבן דער „ליבלעכסטער טרוים", דער „שענסטער געדאנק" פון די רייזעניסטן: זייער טרוים וועגן דער בורזשואז־דעמאקראטישער רעוואליוציע, — דער ענדציל פון זייער גאנצן „רעוואליוציאנערן" דראנג. אט דערפאר האט עס א. רייזען אינמיטן 1905 יאר געשריבן זיין בינטל „פארצווייפלונג־לידער", דערפאר האט מ. טייטש אנהייב 1906 יאר שוין באקלאגט און באוויינט די „פארשטארבענע האפענונג", דערפאר האט זיך אזוי גיך אנטפלעקט דער פאקט, אז די רייזע־ניסטן שעפן זייער באגייסטערונג ניט פון יענעם הערויישן קאמף, וואס עס פירט דער רעוואליוציאנערער אוואנגארד פונעם ארבעטער־קלאס. געשעפט האבן די דאזיקע דיכטער זייער „רעוואליוציאנע־רישקייט" גאר פון אנדער סוויווע, אזא סוויווע, ווו מע וויל דורכקומען מיט „דאלעס אין מויעכ", ווו עס גילט די כאראקטעריס־

* „דאס יידישע פאלק", №8, 1906.
** „דער וועג" № 15, 1906

טישע פאָרמול פונעם סאָציאַלן אָפּאָרטוניזם: „ניט זאָגן דעם עמעס" און „ניט זאָגן קיין ליגן". דאָס איז געווען די סוויווע פונעם יידישן נאציאָנאל-מענשעוויזם, יענע סוויווע, פון וואנען עס איז ארויסגע־קומען די ליטעראַרישע „ליניע" פונעם „בונד". וועגן אָט דער „ליניע" לוינט אָבער צו ריידן עטוואָס גענויער.

## IV

דער „בונד" האָט נאָך באלד באַם דערשיינען פון זיינע ערשטע לעגאלע אויסגאבעס — סאָף 1905 — אָנגעהויבן פּרעטענדירן אַפּ אַן אייגענער „ליניע" אין דער ליטעראַטור. ניט אומזיסט דאָך האָט דער בונדיסטישער „וועקער" זאָך גאָר אינעם ערשטן נומער געמאָלדן, אַז ער האַלט פאַר זיין אויפגאבע „צו ווירקן אַפּ די מויכעס פון דער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע שטייט נאָך אַפּן מיטן פון די וועגן, אריינגעציען זי אין דעם קרייז פון די רעוואָליוציאָנערע אי־דייען פון סאָציאַליזם". דער בונדיסטישער „וועקער" האָט אפילע גע־רופן די אינטעליגענץ „איבערשניידן דאָס שטריקל, מיט וועלכן זיי זיינען צוגעבונדן צו דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע", און אין זיין טאָגטעגלעכער פּראַקטיק האָט ער געוואָלט באַווייזן, ווי די „רעוואָליוציאָנערע אידייען פון סאָציאַליזם" קאָנען פארקערפּערט ווערן אין קאָנקרעטע ליטעראַרישע ווערק — אין לידער, אין דערציילונגען.

די „רעוואָליוציאָנערע אידייען פונעם סאָציאַליזם", וועלכע דער „בונד" האָט פארשפּרייט, האָבן אָבער געהאַט אזא מאזל — זיי האָבן שטענדיק געהאַט דערפאָלג בא דער יידישער בורזשואזיע! און אזוי איז עס געווען אויך מיט דעם ערשטן פּראָגראַם-ארטיקל פונעם בונדיסטישן „וועקער".

די אידעאָלאָגן פון דער יידישער בורזשואזיע האָבן זיך „דער־לויבט" סאָלידאריזירן מיט דעם גרונט פון דער „וועקער"-אי־דעאָלאָגיע, זיי האָבן געקוקט זייער האָפערדיק אַפּ דער ווייטער־דיקער „עוואָליוציע" פונעם „בונד" און פאַרגעוואָרפן האָבן זיי דעם „וועקער" מער ניט, וואָס ער דערזאָגט ניט דאָס, וואָס בא אים ליגט אַפּ דער צונג... *

---

* „דוכט זיך שיין? — האָט געשריבן דער ציוניסטישער אָרגאַן „דער טעלע־גראַף" (№2, 1906), ציטירנדיק דעם פּראָגראַם-ארטיקל פון „וועקער" — די דאָזיקע

ווי באוווסט, האָט דער „בונד" אָט די דערווארטונגען פון דער ייִדישער בורזשואזיע פולשטענדיק בארעכטיקט. אויב ער האָט ניט אלץ באוויזן צו דעמאָנסטרירן אין די געציילטע נומערן פונעם „וועקער", האָט ער עס שפּעטער אין די יאָרן 1906—1907 געטאָן אין דער „פאָלקס-צײַטונג". און טאקע אָט די „פּרוכטבארע" טעטיקײַט פון „בונד" האָט עס געגעבן א מעגלעכקײַט דעם אויבן ציטירטן ציִוניסטישן זשורנאל „דאָס ייִדישע פאָלק" צו שרײַבן:

„ווען מיר שטייען אפן שטאנדפונקט פונעם פּראָגרעסיוו-דעמאָקראטישן נאציִאָנאליזם, דארפן מיר אומעטום באטאָנען, אז מיר קעמפן ניט קעגן דעם סאָציִאליזם פון „בונד" און קעגן זײַן אלגעמיינער פּאָליטיק. מיר קעמפן נאָר קעגן זײַן גלײַכגילטיקײַט אין דער נאציִאָנאלער פראגע אָדער קעגן זײַן צו לעבלעכן נאציִאָנאליזם— —————— און מיר מוזן דערפאר אין דעם פאל, ווען עס שטייט פאר אונדז פון איין זײַט א האלב-אסימילירטער דערגרייכער און פון דער אנדערער זײַט א בונדיסט מיט א קלאָרער נאציִאָנאלער פּראָגראם, שטיצן דעם בונדיסט".*

דער „סאָציִאליזם פון בונד"—דאָס איז, הייסט עס, געוועזן יענער „סאָציִאליזם", וועלכער איז ניט געווען קעגן די פּרינציפּן פון דער ייִדישער בורזשואזיע. אָט דעם „סאָציִאליזם" זײַנען עס די אידעאָלאָגן פון דער ייִדישער בורזשואזיע גרייט געווען אָנעמען „ווי א פאקט". און אָט דער „סאָציִאליזם" איז עס געלעגן אין גרונט פון יענער ליטעראַרישער „ליניע", וואָס עס האָט אין די יאָרן 1905—1907 געוואָלט דורכפירן דער „בונד".

---

אלס אָפיציִעלער בונדיסטישער דיכטער האָט צו יענער צײַט געגאָלטן א. ליעסין (וואלט). זײַנע לידער האָט מען גאנץ אָפט געקאָנט באגעגענען אפ די שפּאלטן פון דער בונדיסטישער פּרעסע, מיט זײַן נאָמען האָט מען דאָ געוואָלט פארבינדן די אידעאל-פאָרשטעלונג וועגן א דיכטער א קעמפער, און וואָס אָנבאלאנגט דעם עמעסן אינהאלט פון אָט דער „קעמפערישקײַט", האָט וועגן דעם אין דער

---

ווערטער שמעקן דאָך גאָר מיט ציִעניזם—נאָר ווײַטער אויסדענקען דעם דאָזיקן געדאנק איז דער „בונד" ניט פייִק"...

* „דאָס ייִדישע פאָלק" נומער 4, 1907 יאָר.

בונדיסטישער פרעסע קיין רייד ניט געקאָנט זײַן — א. ליעסינס רע־פּוטאַציע פון א רעוואָליוציאָנערן דיכטער איז דאָ געווען טיף אײַנ־געפונדעוועט, זי האָט זיך געהאַלטן אײַזנפעסט. עס איז נייטיק גע־ווען, אז עס זאָל דורכגיין א היפש ביסל יאָרן, ווען דער „בונד" האָט בעהאַדראָגעדיק אָנגעהויבן זיך דערנעענטערן צו זײַנע איצטיקע סאָציאַל־פאַשיסטישע שטאַפּ, קעדײַ די רייד וועגן א. ליעסינען זאָלן ווערן מער אָפן און קלאָר און דער רעאַקציאָנערער טאָן פון א. ליעסינס „קעמפערישקײַט" זאָל אָנגערופן ווערן באַם נאָמען. און געטאָן האָט עס ניט עמעץ אַנדערש, ווי א. ליעסינס גלײַכנס, דער דערפאַרנסטער רעאַקציאָנער — ש. ניגער.

א. ליעסין — האָט ש. ניגער געשריבן אין 1922־טן יאָר צום דרײַסיק־יאָריקן יובילײ פון ליעסינס שאַפן — איז געווען דער איינ־ציקער, וועלכער עס האָט „געקעמפט קעגן דער טיראַניע פונעם סאָציאַלן גײַסט, דער סאָציאַל־אַגיטאַטערישער, סאַטירישער פובליציסטישער ליד". א. ליעסינען האָט „אָפּגעשלאָגן די פליגלען דער יאַריד פון וויסנ־שאַפטלעכן סאָציאַליזם, ניט נאָר דער יאַריד פון לעבן, אים האָבן געמוזט טויב און שטום מאַכן די שרײַעוודיקע ווערטער פון די „פרײַהײַט־סאָלדאַטן", ניט נאָר די פעדלער". און נאָך: „א. ליעסין האָט געדאַרפט מילכאָמע האַלטן אי מיט דער ניט־האַרמאָנישקײַט, ניט אויפריכטיקײַט און פוסטער שרײַעוודיקײַט פון דער שפּראַך, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין דער פּאָעזיע פון דער „באַוועגונג" אי מיט דער אומלירישקײַט פון איר סאָציאַלן גײַסט.*

עס פאַרשטייט זיך, אז ש. ניגער האַלט דאָס פאַר א. ליעסינס פאַרדינסט. דערפאַר רעדט ער וועגן דעם אַלעמען אַזוי דײַטלעך, אַזוי קלאָר. און ווירקלעך: נעמט מען נאָר אַראָפּ פון ניגערס ליעסינ־כאַראַקטעריסטיק דאָס ביסל מעליצע וועגן „ניט־האַרמאָנישקײַט", „אומלירישקײַט" אאַוו., אַזוי בלײַבט פאַר אונדז — קעגן ש. ניגערס ווילן, פאַרשטייט זיך — א גאַנץ ריכטיק בילד פון ליעסינען, א בילד פון א פאַרביטערטן רענעגאַט, וואָס האָט אין מעשעך פון זײַן לאַנג־דויערנדיק לעבן (עס דויערט נאָך ביז איצט!) ניט אויפגעהערט צו קעמפן קעגן דער רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטאַרישער דיכטונג פון

---

* „דאָס נײַע לעבן", 1922, ניו־יאָרק, №4.

ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדעלשטאַט, געקעמפּט מיט אַלע עקל־דיקסטע מיטלען, וואָס געפינען זיך אין רעשוס פון דער באַרימטער „פאָרווערטס“־מאַשין, און האָט דערפאַר דאָס פולע רעכט באַטראַכט צו ווערן, ווי די לעבעדיקסטע פאַרקערפּערונג פון דער „פאָרווערטס“־ליניע אין דער ליטעראַטור.

א. ליעסין האָט עס אָבער געטאָן ניט בלויז אין אַמעריקע, ער האָט עס מיטן זעלבן פלײַס אָנגעהויבן טאָן אויך אין די בונדיס־טישע אויסגאַבעס, וואָס זײַנען דערשינען אינעם פּעריאָד 1905—1907 אינעם צאַרישן רוסלאַנד. די הויפּט־פונקציע פון ליעסינס ליד איז אויך דאָ געווען צו קעמפן קעגן דער „טיראַניע פונעם סאָציאַלן גײַסט“, אויך דאָ, אויף די שפּאַלטן פון די בונדיסטישע צײַטונגען און זשורנאַלן, קאָן מען זען, ווי א. ליעסין נוצט אויס זײַן דעמל־טיקן אויטאָריטעט, קעדיי צו באַקעמפן יעטווידן פּרווו צו שאַפן די אַגיטאַטאָרישע, סאַטירישע און פּובליציסטישע ליד. אָנשטאָט אַזאַ מין ליד, וואָס זאָל ווירקלעך זײַן געווענדט צו די „פרײַהייט־סאָלדאַטן“ און מאָביליזירן די אַרבעטער־מאַסע צו די אָנקומענדיקע רעוואָליו־ציאָנערע שלאַכטן קומט א. ליעסין מיטן ליבעראַלן זיפץ, מיטן פי־לאַנטראָפּישן קרעכץ.

אויב די נאַכט איז אָרעם
אַזוי פינצטער און שטום,
אַזוי וויסט, אַזוי נאַס, אַזוי קאַלט,
און די פרײַלעכע וועלט,
אין דעם וואָלקן פאַרשטעלט,
קוקט אַרויס אַזוי מיִעס און אַלט...

און עס פילן די בלוטיקע הימלען פון אויבן,
און עס פילט אויך פון אונטן דאָס לעבן.
און עס דוכט זיך...

. . . . . . . . . . . . . . .

עס האָט ניט אַ מאָרגן דער ביטערער הײַנט,
אַך, ניט גלייב עס, ניט גלייב עס, מײַן פרײַנט... *

עס איז געוויס ניט געווען קיין צופאַל, וואָס ליעסין איז גע־קומען אין דער יידישער דיכטונג אַ באַווירקטער פונעם רוסישן

---

* „וועקער“ №11, 1906.

דיכטער נאָדסאָן, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דער סאָציאַליזם איז „צו פלאַך“. בײַ נאָדסאָנען האָט עס ליעסין איבערגענומען די ספּעציפיש־אינטעליגענטישע באַנאַל־אינהאַלטלאָזע טרוימערײַ וועגן דער קומענדיקער „גאָלדענער צײַט“, די צעקראָכן־ליבעראַלע שפּיל אין קאַמף מיט דער „שרעקלעכער נאַכט“, די באַוווּסטע זיפצ־ און קרעכצ־טראַדיציע פונעם בורזשואַזן ליבעראַליזם, וואָס „לײַדט“ און „וויינט“ פאַר „אַלע“, פאַר „אַלע“... אָט דאָס אַלץ האָט געשאַפן דעם גרונט־אינהאַלט פון ליעסינס לידער אין דער בונדיסטישער „פאָלקס־צײַטונג“.

עס וועט קומען די צײַט, יענע גאָלדענע צײַט,
אַך, דו גלייב־זשע, מײַן פרײַנט, אַז זי איז שוין ניט ווײַט,
און די אַלע, וואָס האָבן געהאָפט און געשמאַכט,
און די אַלע, וואָס האָבן געוועקט און געוואַכט,
און די אַלע, וואָס האָבן אין שרעקלעכער נאַכט
ניט געלאָזן דעם ליכטיקן פאַקעל פון האַנט
און געליטן, געשטריטן, געשײַנט נאָכאַנאַנד —
וועלן פײַערן צוזאַמען דעם יאָנטעוו דעם גרויסן... *

אַזעלכע לידער האָט א. ליעסין געדרוקט אין די בונדיסטישע אויסגאַבעס גאַנץ אָפט, מע קאָן אַפילע זאָגן, סיסטעמאַטיש. מיט די דאָזיקע לידער איז ליעסין מער ווי אַלץ אויסן געווען צו פאַרטרײַבן פון דער דיכטונג די פּאָליטיש־אַקטועלע טעמע, אַרויסשטויסן פון ליטעראַרישן געברויך די סאָציאַל־פאַרשאַרפטע סאַטירע, די אַקטיוו־מאָביליזירנדיקע ווענדונג צו דער מאַסע, דעם רעוואָלוציאָנערן רוף צו קאַמף...

ווען מע לייענט נאָכאַנאַנד אָט די לידער, ווערט קלאָר, וואָס עס איז געשטאַנען אונטער ליעסינס קאַמף קעגן דער „טיראַניע פון סאָציאַלן גײַסט“. געשטאַנען איז הינטער דעם דער שטענדיקער מענשעוויסטישער דראַנג אָפּצורײַסן די אַרבעטער־מאַסן פונעם אַקטיוון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, שאַפן אַן אײַנרײַס צווישן דעם ברייטערן שיכט אַרבעטערשאַפט פון זײַן רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד, וואָס שטורמעוועט די פעסטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, פּאַראַליזירן אין אָט דעם ברייטערן שיכט אַרבעטערשאַפט זײַן ווילן

* „דער וועקער“ №11, 1906.

צום קאמפּ. און ווי איינעם פֿון די ווירקנדיקסטע מיטלען דערצו ניצט אויס דער נאַציאָנאַל־מענשעוויזם זיין סאמע גיפֿטיקסטן סאם — די נאַציאָנאַליסטישע אַפּאָלאָגעטיק.

מיט דער נאַציאָנאַליסטישער אַפּאָלאָגעטיק באַגעגענען מיר זיך אין דער בונדיסטישער דיכטונג אויף שריט און טריט, איר בולטסטן אויסדרוק אָבער האָט די דאָזיקע אַפּאָלאָגעטיק געפֿונען בײַ א. ליעסי־נען, וואָס האָט אין די בונדיסטישע אויסגאַבעס ניט איינמאָל געלאָזט הערן די שטים פֿונעם „אייביקן ייִד״:

איך פֿיל, איך בין שטאַרקער פֿון אַלע יעסורים,
פֿון אומגליק, פֿון בייזהייט פֿון שטרייט,
און שטאַרקער פֿון וואַסער, פֿון פֿייער, פֿון שטורעם,
און שטאַרקער אַפֿילו פֿון צייט. *

אין העסקעם מיט אָט דער אַפּאָלאָגיע פֿונעם „אייביקן ייִדן״ האָט א. ליעסין געשאַפֿן א ספּעציעלן קולט פֿון „ייִדישער מאַרטי־רערשאַפֿט״, וואָס איז פֿאָרגעשטעלט אין א גאַנצער ריי לידער זיי־נע, געדרוקט אין די בונדיסטישע אויסגאַבעס. אַנטקעגן דעם רעוואָ־ליוציאָנערן העראָיזם פֿונעם קעמפֿנדיקן פּראָלעטאַריאַט, אַנטקעגן דער געשטאַלט פֿונעם קעמפֿער, דעם העלד, צו וועמען עס פֿלעגן זיינע געווענדט די לידער פֿון ווינטשעווסקי, באָווּשאָווער, עדעלשטאַט, שטעלט א. ליעסין אַרויס אַן אַנדער געשטאַלט — דעם ייִדישלעכן „מאַרטירער״, דעם „העלד״, וואָס גייט אויף „קידעשאַשעם״.

איך האָב ניט, מיין פֿאָלק, אָ, איך האָב נים, מיט וואָס דיר צו דינען,

אַרום אין דעם אָרעמען, וואָכיקן לעבן,
דעם נעפֿעש, דאָס האָב איך, דעם נעפֿעש דעם הוילן —
איך קאָן דיר אים געבן.

אַך, זאָלן זיי קומען, די הענקער, די ווערגער, די קוילער,
וואָס האָבן דיר אַלע היסטאָרישע וועגן
מיט בלוט אָנגעטרונקען — איך שטרעק מיט א סימכע
דעם האַלדז זיי אַנטקעגן.

און וואָרעם זאָל פֿליסן אויך מיין בלוט אַהין אין די רייען,
אַהין אין די הייליקע, בלוטיקע יאַמען.

---

* פֿון ליעסינס ליד „דער אייביקער ייִד״, געדרוקט אין דעם בונד סטישן זאַמלבוך „פֿרייהייט״, ווילנע 1907.

פונ דײַנע מיליאָנענ־מיליאָנענ מאַרטירער
אונ שטראָמענ צוזאַמענ! *

אָט דעם אויסגעשפּראָכנ־נאַציאָנאַליסטישנ מאָטיוו פונ „מאַרטירערשאַפט“, אַפּ וועלכנ עס איז שפּעטער דערצויגנ געוואָרנ די רעאַקציאָנערע דיכטונג פונ ד. איינהאָרנ, קאָנ מענ טרעפנ אינ אַ גאַנצער ריי לידער ליעסינס. די גאַנצע רעוואָליוציע ווערט דאָ באַטראַכט ווי אַ מינ סעריע עפּיזאָדנ פונ דער „ייִדישער מאַרטירערשאַפט“. אונ אַ. ליעסינ האַלט גאָרניט פאַר נייטיק דאָס צו באַהאַלטנ. אינ אַ ספּעציעלנ אַרטיקל מיטנ נאָמענ „מעסירעסנעפּעש“ (געדרוקט אינ „פרײַנד“ אָנהייב 1905, ווענ די בונדיסטישע לעגאַלע צײַטונגענ האָבנ נאָכ ניט אָנגעהויבנ דערשײַנענ) שרײַבט אַ. ליעסינ וועגנ די „בעסערע ייִדנ“, וואָס קאָנענ שטאַרבנ „פאַר די הייליקע אונ גרויסע אידעאַלנ פונ פרײַהײַט אונ גערעכטיקײַט“ אונ קומט צומ פאָלגנדיקנ אויספיר:

„דאָס איז דער עמעסער ייִדישער שטאָלצ אונ די ליכטיקסטע ייִדישע האָפענונג. דאָס זײַנענ די ייִדנ, וועלכע קאָנענ ניט נאָר אונטערטראָגנ דעמ האַלדז צומ כאַלעפ אונ שטאַרבנ, נאָר אויכ פאַרטיידיקנ זיכ אונ לעבנ, וועלכע קאָנענ ניט נאָר פילנ דעמ „ייִדישנ שמאַרצ, נאָר אופנעמענ דעמ ייִדישנ קאַמפּ“... **

אָט די נאַציאָנאַליסטישע אַפּאָלאָגיע פונ דער „ייִדישער מאַרטירערשאַפט“ האָט ליעסינ געלייגט אינ גרונט פונ אַלע זײַנע לידער, וואָס האָבנ לויטנ סיוזשעט געהאַט וועלכע ס'איז שײַכעס צו די געשעענישנ פונ דער רעוואָליוציע־עפּאָכע (ווי, לעמאָשל, די באַלאַדע „די גנייווע“ אאַ.). אַנטפּלעקנ אינ די דאָזיקע געשעענישנ דעמ ייִדישנ „מעסירעסנעפעש“, אויסגעפינענ אינ די רעוואָליוציאָנערע געשטאַלטנ דעמ אָפּגלאַנצ פונ דעמ „ייִדישער שטאָלצ“ אונ דער „ייִדישער האָפענונג“ — אָט דאָס איז דער באַרופ פונ די ליעסינס לידער, וואָס זײַנענ געשריבנ אַפּ די מאָטיווג פונ „פרײַהײַט אונ גערעכטיקײַט“. ניט אַלע מאָל האַלט אָבער אַ. ליעסינ פאַר נייטיק צו גיינ נאָכ דעמ „ייִדישנ שטאָלצ“ אונ דער „ייִדישער האָפענונג“ אַזוי ווײַט. אָט דרוקט ער, לעמאָשל, אינ דער בונדיסטישער „פאָלקס־צײַטונג“ אַ

* „פאָלקס־צײַטונג“ № 214, 06 1.
** „דער פרײַנד“ № 83, 1905

גרעסערע ליד „די ייִדישע קאמארינסקע“, ווו דער „ייִדישער שטאָלץ“ ווערט פארקערפערט שוין ניט אין די איינצלנע „בעסערע ייִדן“, נאָר אין א גאנצער מאכנע ייִדן.

אונדזער באקאנטשאפט מיט אָט דער „מאסע“ ווערט געשלאָסן נאָך גאָר אין די ערשטע שורעס פון ליעסינס ליד.

קוילעס, גוואלדן, טויב צו ווערן —
אָבער איז עס אָן סאקאָנעס:
ייִדן לאָזן זיך דאָס הערן,
כאסוועשאָלעם ניט קיין פאָניעס.

א טאָעס וואָלט זיין צו מיינען, אז דאָ איז פאראן עפעס ענלעכס צו סאטירע, די ליד איז פול מיט אולטרא-נאציאָנאליסטישער אידעאליזאציע, דער צעיושעטער שאָוויניזם דיקטירט דאָ ליעסינען אזעלכע רעאקציאָנערע שטעלן, וואָס האָבן קיין גלייכן ניט בא די רעאקציאָנערסטע שרייבער פון יענער צייט. די ליד איז ניט נאָר דער אפאָטעאָז פון דער „ייִדישער סימכע“, — ס'איז מער פון אלץ דער אפאָטעאָז פון דער „ייִדישער טוירע“.

... פריי און פרייער, ווילד און ווילדער,
גייט די דריידל, א טשיקאוועס,
און עס בייטן זיך די בילדער
אָנגעפליגלט פון היסלאוועס.
אך, דאָס זיינען זיי די זעלבע,
יענע רוקנס, יענע קרומע,
יענע פענעמער, די געלע,
ליפן שמאכטנדע און שטומע!
וואָכער גילגל טרייבט דאָ, יאָגט דאָ,
אין דער סימכע ווילד און פרעכטיק,
וואָסער צויבער-ווונדער שלאָגט דאָ
אין די ווערטער שטאָלץ און מעכטיק:
יחביאנו בצל ידו
תחת כנפי השכינה!
יאָרן טויזנט בענקען, גארן,
הילכן אָפּ זיך אין דעם שאלן,
נעשאָמעס רייסן זיך און שפארן,
קייטן ברעכן, טפיסעס פאלן.
וויסטע ייִדישע נעשאָמעס,
אָנגעזעטיקט דורך מיט צאָרעס,

אָנגעפליטן אין מילכאָמעס
מיט די אלע יויצערהאָרעס
רײַסן זיך ארויס מיט שטורעם,
פרײַ פון כוימער און פון מוירע,
פרײַ פון ערד און פון יעסורים,
באַם באַדינען הייס דעם בוירע:
יתביאנו בצל ידו —
תחת כנפי השכינה! *

מע קאָן מיט זיכערקײַט זאָגן: אָט די ווילד־צעיושעטע, הויל־נאַקעטע נאַציאָנאַליסטישע אַפּאָלאָגעטיק — א וויכטיקער באַשטאַנדטייל אינעם „סאָציאַליזם פון בונד" — אָט דאָס האָט עס געשאַפן דעם גינסטיקן באָדן פאַר דער סאָלידאַריזירונג פון דעם ציאָניסטישן אָרגאַן „דאָס יידישע פאָלק" און דער בונדיסטישער „פאָלקס־צײַטונג".

אָבער אַף ליעסינס לידער האָט זיך דאָך דערצויגן א גאַנצע „שול" — אַלע בונדיסטישע דיכטער. האָט דעריבער טאַקע דער גײַסט פון דער „יידישער קאַמאַרינסקע" ניט אויפגעהערט שוועבן איבער דער גאַנצער בונדיסטישער דיכטונג. עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך צו טרעפן אין דער בונדיסטישער „פאָלקס־צײַטונג" א ליד אַף דער טעמע:

ס'מורמלט א קרישמע דאָס טײַכל,
עס דאַוונט איצט מײַרעוו דער וואַלד,
עס האָט זיך די נאַכט, ווי א פרומע,
אין שאָטנס פאַרהילט איר געשטאַלט... **

עס איז אויך קיין וווּנדער ניט, וואָס די בונדיסטישע פרומאַקעס ווערן אַזוי אָפט באַוווּכט פון גאָט, און הערן ניט אויף צו דערציילן וועגן דעם אין זייערע לידער. אַזוי דערציילט, לעמאָשל, אין דער „פאָלקס־צײַטונג" איינער א בונדיסטישער דיכטער אין א ליד „מײַן גאָטס שליכעס", ווי עס האָט זיך צו אים באַוויזן גאָט און געזאָגט אים:

שטיי אויף, מענטש, און גיי פונדאַנען,
זאָל דיר זײַן גענוג צו טרוימען,
און גענוג צו זינגען זמירעס (!! — נ. א.)
איך בין גרויס גענוג אָן לויבן...

* „פאָלקס־צײַטונג" №330, 1907.
** „פאָלקס־צײַטונג" №330, 1907.

א צווייטער בונדיסטישער דיכטער קומט דערציילן וועגן „גאָטס וואָרט”:

עס איז בא גאָט פאראנ א וואָרט,
פארשפארט אינ א פארבאָרגנ אָרט.
עס האָט דאָס וואָרט א צויבערקראפט:
פונ פייער איז עס אויסגעהאפט...

אונ לאָזט נאָר גאָט דאָס וואָרט פריי אָפ,
זאָ פליט עס גלייכ צו דר'ערד אראָפ
אונ דרינגט אריינ אינ מענטשנס זעל,
אונ צינדט דאָרט אָנ א פלאקער העל. *

נאָכ איינער א דיכטער קומט דערציילנ וועגנ גאָטס געצעלט:

פונ דער ערד, דער פינצטער-קליינער,
איז פאראנ א וועג, א ברייטער,
וועלכער פירט אינ הימל-וועלט,
גלייכ צומ שוועל פונ גאָטס געצעלט...

אונ נאָר ווייניקע דערגרייכנ
דעמ געווינטשטנ גאָלדענעמ טויער:
די, וואָס טראָגנ טיפ אינ הארצנ,
געטלאכ-דיינ דעמ הימל-שמערצ.

יענע קומענ אָנ ווי גלייכע,
קלאפנ אָנ אינ טיר פונ טעמפל —
גאָט אליינ גייט דאנ ארויס:
נעמט זיי צו אינ הימל-שויס... **

ווי מיר זעענ, האָט א גאנצע ריי דיכטער אינ די בונדיסטישע אויסגאבעס ניט אופגעהערט צו באזינגענ „גאָטס שליכעס”, „גאָטס וואָרט” אונ „גאָטס געצעלט”, זיי האָבנ ניט אופגעהערט צו דערציילנ וועגנ „הימל-וועלט”, „הימל-שויס” אונ „הימל-שמערצ”. באטראכטנ עס ווי א צופעליקע דערשיינונג—הייסט פארזענ דעמ טאָכ פונ דער בונ-דיסטישער דיכטונג, דאָס הייסט פארזענ די רעזולטאטנ, צו וועלכע די בונדיסטישע דיכטונג איז געקומענ אינ פראָצעס פונ דעמ ליעסי-

* „פאָלקס-צייטונג” № 375, 1907.
** „פאָלקס-צייטונג” № 389, 1907.

נישן קאמף קעגן דער „טיראניע פונעם סאָציאַלן גייסט". און ווי טיף אָט דער ליעסינישער גיפט האָט צו יענער צייט אָנגעהויבן אריינדרינגען אין דער יידישער דיכטונג—דאָס האָט באוויזן די עוואָליוציע, וואָס עס האָט אין דעם פעריאָד ארום 1905 דורכגעמאכט א געוויסער בונדיסטישער דיכטער, א געוועזענער ארבעטער—ד. קאסעל.

## V

א. רייזען דערציילט אין זיין אווטאָביאָגראפיע, אז נאָך גאָר בא זיין ערשטער באגעגעניש מיט ד. קאסעלן—אין יאָר 1900 — איז אים אויסגעקומען צו הערן פון ד. קאסעלן באגייסטערטע רייד וועגן א. ליעסינען, וואָס איז דעמלט געווען, ווי רייזען פארזיכערט, „קימאט א לעגענדארישע פערזאָן". זיין באגייסטערונג פאר א. ליעסינען האָט ד. קאסעל ארויסבאוויזן ניט בלויז אין די שמועסן מיט רייזענען, ער האָט עס נאָך בולטער באוויזן אין אלע זיינע ווערק, וואָס האָבן שטענדיק פארנומען אן אָנגעזען אָרט אין די בונדיסטישע אויסגאבעס.

אפ איינעם א ווערק קאסעלס האָבן די ליטערארישע רעדלפירער פון „בונד", ווייזט אויס, געלייגט גאָר גרויס אכט. דאָס איז ד. קאסעלס פאָעמע „ניט באזיגט": די פאָעמע איז ניט נאָר אָפגעדרוקט געוואָרן אין דער „פאָלקס-צייטונג", זי איז אויך ארויסגעלאָזט געוואָרן דורכן בונדיסטישן פארלאג אין א באזונדער בוך-אויסגאבע. וואָסזשע שטעלט מיט זיך פאָר אָט די פאָעמע און מיט וואָס האָט זי אזוי אויסגענומען באם „בונד"?

ד. קאסעלס פאָעמע איז געשריבן אין אן אלעגאָרישער פאָרם. די טעמע פונעם ווערק איז אָבער קלאָר שוין פונעם נאָמען גופע — „ניט באזיגט". עס האנדלט זיך דאָ וועגן דעם קאמף קעגן דעם צאַריזם, א קאמף א פארביטערטן, וואָס פאָדערט פון די קעמפער שווערע קאָרבאָנעס, ברענגט זיי פון מאָל צו מאָל שווערע מאפּאָלעס, אָבער געווינען דעם קאמף מוזן זיי, די קעמפער, — זיי מוזן געווינען דערפאר, ווייל זיי קאָנען קיינמאָל ניט באזיגט ווערן.

מיטן וואָרצל וועט איר קיינמאָל
אונדז ניט אויסרייסן, פארניכטן,

אונדזער גוווּרע ליגט אין שטורעם,
אונדזער מוט — אין אונדזער וואקסן...

אָט אין דעם פינאַל-זאַץ פון די קעמפער ליגט דער מוסערהאַסקל פון דער פּאָעמע. מערקווירדיק איז אָבער, וואָס אויסער אָט דעם פינאַל־זאַץ לאָזט זיך אין דער פּאָעמע בעשומויפן גאָרניט געפינען אַזוינס, וואָס זאָל אויסדריקלעך דערציילן אַי וועגן דעם קאַמף אַי וועגן די קעמפער. די אַלעגאָרישע שילדערונג פון די קעמפער איז אַזוי באַלעבעסלדיק־נישטיק, אַז טיילמאָל זעט עס אויס מאַמעש ווי אַ פּאַראָדיע אַף אַ קאַמף. דער בלוטיקער גוראַנגל מיטן צאַרישן רע־זשים ווערט פאָרגעשטעלט, ווי אַ קאַמף קעגן „אַ רייַכן, גרויסן פּאָ־רעץ", וואָס איז אַרומגערינגלט מיט געטרייַע דינער, די דינער האַלטן אין איין שטאַמלען: „גרויסער פּאָרעץ! העכסטער אָדן!" און די איינציקע, ווער עס פירן דעם גרויסן קאַמף קעגן דעם בלוט־דאָר־שטיקן „אָדן", דאָס זייַנען ניט די, וועמען ער אונטערדריקט, ניט לעבעדיקע מענטשן, נאָר... אַ בלום, אַ טייַך און אַ וואַלד...

דער „קאַמף" ווערט אייַנגעטיילט אין דרייַ „עטאַפּן": צוערשט פאַרניכטעט דער פּאָרעץ די רויטע בלום, דערנאָך הייסט ער פאַרשיטן דעם טייַך, צולעצט שיקט ער זייַנע דינער אויסהאַקן דעם וואַלד. דער וואַלד אָבער ראַנגלט זיך מער פאַר אַלע. און ניט אומזיסט איז עס אַזוי.

ניט די בלום און ניט די כוואַליעס
זייַנען מיר—די שטאַרקע ביימער!
אונדז וועט קיינער ניט באַזיגן,
וואָרעם נייַע וועלן אופשטייַן!

זאָל דאָס באַטייַטן, אַז דער דיכטער איז אויסן צו דערווייַזן ווי אומעגלעך עס איז דורכצופירן דעם שווערן קאַמף קעגן דער צאַרישער אָרדענונג מיטן בלויזן אידעאַליזם פון דער בלום?

זאָל דאָס ווייַטער באַטייַטן, אַז דער דיכטער איז צוליב דעם זעלבן קאַמף גרייט זיך אָפּצוזאָגן אויך פון דער שיינקייַט פון די כוואַליעס, גרייט צו פאַרגעסן, אַז

גאָלד און בלויער, גלאַטער סאַמעט
האָבן דורכגעוועבט די כוואַליעס,
און ווי פּערל זייַנען טראָפּנס
אויסגעשפּרונגען בא די זייַטן...

זאָל דאָס באַטײַטן, אַז אָט פֿון דעם אָלעמען איז דער בונדיסטישער דיכטער גרייט זיך אָפּצוזאָגן, ווײַל פאר אים איז קלאָר די האַרטקײַט און אָנראַכמאָנעסדיקײַט פֿונעם פֿאָרשטייענדיקן קאמף, די פֿאַרביטערטקײַט פֿון די אָנקומענדיקע שלאַכטן? איז עס אָבער ניט אַזוי. די סענטימענטאַל־צעקראָכענע שילדערונג פֿונעם „קאמף" איז די גאַנצע צײַט דורכגעדרונגען בלויז אין איין לייטמאָטיוו — מיטן באַדויערן די שיינקײַט, וואָס גייט פֿאַרלאָרן אונטער דעם „פֿאָרעצס" בלוטדאָרשטיקער האַנט.

גרויסער פֿאָרעץ! העכסטער אָדן!
איז דיר ניט אַ שאָד די שיינקײַט
פֿון דעם וואַלד און פֿון די כוואַליעס,
וועלכע רימען אין דער וועלט זיך?

אַזאַ קלאָץ־קאַשע שטעלן דעם „פֿאָרעץ" די געטרײַע „דינער". און דער „פֿאָרעץ" ענטפֿערט:

מײַן באַגער! ערפֿילט אים פֿינקטלעך,
טרײַ היט אָפּ, וואָס איך וועל הייסן!
ס'אַרט די שיינקײַט מיך אַ האָר ניט!
טויט זיי, ווי די בלום די רויטע!..

דאָס ווײַטערדיקע איז, פֿאַרשטייט זיך, קלאָר.
קוירעם זײַנען אַלע דינער
און מעשאָרסים באַלד געפֿאַלן.

דעם „פֿאָרעצס" ווילן ווערט אויסגעפֿילט, דער „פֿאָרעץ" טריִומפֿירט און נאָך מער טריִומפֿירט דער בונדיסטישער דיכטער: ער האָט דאָך אַראָפּגעריסן די מאַסקע פֿון דעם „העכסטן אָדן", דערוויזן, אַז דעם „פֿאָרעץ" אַרט ניט ניט די „שיינקײַט" פֿון דער רויטער בלום, ניט דער „כיין און די קדושע" פֿון די כוואַליעס, ניט די „גוורע" פֿונעם וואַלד... אַ פֿולשטענדיקע דעמאַסקירונג פֿון דער צאַרישער אָרדענונג! אַ פֿולשטענדיקער טריִומף פֿון דער בונדיסטישער דיכטונג!

אָפּ אָט דעם ליטעראַרישן קוואַטש וואָלט עפּשער ניט קעדײַ געווען זיך אָפּצושטעלן, ווען דאָס וואָלט ניט שרײַבן אַ מענטש, וואָס האָט דאָך פֿאַרמאָגט געוויסע דיכטערישע פֿייִקײַטן און אויך — ביז אַ באַשטימטער צײַט — אַ געוויסן ערנסט אין זײַן צוגאַנג צו סאָציִאַלע מאָטיוון. געשריבן האָט דאָס ד. קאַסעל, אַ געוועזענער אַרבעטער,

וואָס האָט אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ שאַפנ מיט אזא אקשאָנעס געכאַזערט:

אָ, ניינ, איך וויל זינגענ פונ עלנט אונ נויט,
פונ אָרעמקײַט וויסטע, פונ הונגער אונ טויט;
פונ קוואָרימ פארלייגטע, אלס אָפּפער פונ יאָך,
פונ הערצער שוינ קאלטע, וואָס לעבנ קוימ נאָך.

אָ, ניינ, איך וויל זינגענ פונ הערצער אָנ טרייסט,
וואָס שלאָגנ ניט זיכער, וואָס שלאָגנ ניט דרייסט,
פונ אויגנ, וואָס קוקנ מיט ספּייקעס אינ בליק,
פונ לעבנס, וואָס ציִענ שוינ אָפּ זיך צוריק...

אונ אָט דער דיכטער, וואָס האָט אזוי אקשאָנעסדיק באַטאָנט זײַנ צוגעבונדנקײַט צו די קאָנקרעטע געשטאַלטנ פונ „אָרעמקײַט וויסטער“, פונ „הונגער אונ נויט“, דער זעלבער דיכטער האָט, דורכגייענדיק די שול פונ דער בונדיסטישער פּאָעזיע, אויך אָנגעהויבנ מײַדנ צו שילדערנ קאָנקרעטע סאָציִאַלע דערשײַנונגענ, קאָנקרעטע סאָציִאַלע פיגורנ. דערצויגנ אַפּ א. ליעסינס קאמפּ קעגנ דער „טיראַניע פונעמ סאָציִאַלנ גײַסט“, אַפּ ליעסינס ליבעראַל-צעקראָכענער טרויערײַ וועגנ דער „גאָלדענער צײַט“, האָט דער געוועזענער ארבעטער ד. קאסעל אָנגעשריבנ זײַנ פּאָעמע „ניט באַזיגט“ אינעמ טאָנ פונ א פארזיסט-פארצוקערטער אלעגאָריע, אָנ דער מינדסטער אָנצוהערעניש אַפּ די רעאַלע רעוואָליוציע-געשעענישנ, אָנ דעמ מינדסטנ פּרווו צו פארקערפּערנ יענע לעבעדיקע „אָפּפער פונ יאָך“, וואָס ער, קאסעל, האָט זיך געהאַט אונטערגענומענ זיי צו באַזינגענ. אונ די פּאָעמע „ניט באַזיגט“ איז אינ דער הינזיכט נאָך ווײַט ניט דאָס לעצטע וואָרט קאסעלס. אַפּ דורך אונ דורך דעמאָראַליזירט דורך דער בונדיסטישער פּאָעטישער „שול“, הייבט ד. קאסעל אָנ פונ ליד צו ליד דעגראַדירנ, ער „אינטעליגענטלט“ זיך, ער רײַסט זיך אָפּ פונ זײַנ סאָציִאַלנ וואָרצל, — אונ אָט אינ אזא געשטאַלט טרעט ער אופּ אינ זײַנע פאבריק-לידער, וואָס זײַנענ בלישומ-סאָפּעק די כאַראקטעריסטישסטע דערשײַנונג אינ דער בונדיסטישער דיכטונג.

## VI

וועגן מע באקאנט זיך מיט דער גרויסער צאָל לידער אף אר-בעט-מאָטיוון, וואָס זײַנען געדרוקט אין די אויסגאבעס פון „בונד“, זעט מען, אז די בונדיסטישע דיכטונג איז אויך דאָ געגאנגען אין דעם וועג, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט א. ליעסין. *

באזונדערס האָט זיך ספּעציאַליזירט דערויף איינער א. ל. באראנ, וואָס האָט געגאָלטן פאר אן אָפּיציעלן בונדיסטישן דיכטער און האָט געדרוקט אָן א שיר לידער אין „וועקער“ און „פאָלקס-צײַטונג“.

א. ל. באראן האָט געהאט זײַנע א ספּעציעלע פונקציע אין דער בונדיסטישער דיכטונג — ער האָט אראָפּגעבראכט אהער דעם „הויכן גאנג“, דעם „הויך-פּאָעטישן“ זשאנר. דאָס האָט ער, א. ל. באראן, טאקע דער ערשטער, דערפילט די נייטיקייט צו באזאָרגן זיך מיט אן אייגענער, בונדיסטישער מוזע. שוין גאָר פרי, אינעם דריטן נומער „וועקער“, האָט א. ל. באראן באוויזן זיך מיט זײַן ליד „מײַן מוזע“ **

איר ווייסט, ווער עס האָט מיך געלערנט
צו זינגען א ליד מיט געפיל?
דער וואלד, וואָס עס גרינט בא דעם טײַכל,
דער טײַך, וואָס עס רוישט בא דער מיל...

...מײַן אויער האָט אלעס פארנומען,
מײַן הארץ האָט דאָס אלעס געפילט,
די גאנצע נאטור מיט איר קישעפ
האָט דעמלט מיט מיר זיך געשפילט...

א גאנצ קענטלעכע מוזע. ס'איז נאָך גאָר די פארצײַטיקע מוזע פון יענעם בורזשואזן דיכטער, וואָס האָט געטרײַ אויסגעפילט די „סאָציאַלע באשטעלונג“ צו פארשלעפערן די האָראפאשנע מאסן מיט דעם „קישעפ“ פון דער נאטור אין דער זעלבער צײַט, ווען זײַנ

* ווי אן אויסנאם פון אָט דעם קלאל קאָן גילטן בלויז א פּאָר פּאָלקלאָר-לידער אף דער ארבעט-טעמע, וואָס האָבן צופעליק פארבלאָנדזשעט אף די שפּאלטן פון דער בונדיס-טישער פּרעסע. וועגן דער דאָזיקער דערשײַנונג וועט אונדז נאָך אויסקומען ריידן.

** „דער וועקער“, № 3, 1905.

קלאַס, די בורזשואַזיע, האָט מיט פלינקע הענט געטאָן דעם „קישעף" פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג. דער בונדיסטישער דיכטער האָט פון זײַנע נאַטור־לידער געמאַכט קימאַט דעם זעלבן געברויך: ער האָט זיי אויסגענוצט, ווי דאָס וויכטיקסטע מיטל אין קאַמף קעגן דער „טיראַניע פונעם סאָציאַלן גײַסט", ווי א מיטל אָפּצורײַסן דעם אַרבעטער־קלאַס פון די רעוואָליוציאָנערע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר אים.

לאָנקעס, פעלדער, פייגל, וועלדער —
אַכ ווי שיין דאָס איז באַשאַפן...

הערט ניט אויף כאַזערן דער בונדיסטישער דיכטער א. ל. באַראַנ.

גרינע פעלדער, לאָנקעס בליִען,
גרינע וועלדער, פייגל ריידן...
אַכ, ווי קאָן די זעלע מײַנע
דעמלט, זאָגט, פון זיי אָפּשיידן? *

דער „אַכ" איז דאָ ניט קיין צופעליקע דעטאַל. אין אָט דער סענטימענטאַל־צעפּוילטער היספּײַלעס האַלט זיך דער גאַנצער „הויכער גאַנג" פונעם בונדיסטישן דיכטער. מיר דערוויסן זיך וועגן דעם פונעם בונדיסטישן דיכטער גופע.

אויב ס׳פּעלן דיר קרעפטן
דאָס וואָרט אויסצורײדן,
וואָס טראָגסט אום אין האַרצן
מיט צאָרעס און לײדן,
טאָ גיי אין א שיינעם
א פרילינג־פרימאָרגן
אַוועק צו דעם טײַכל...
......וווּ ס׳שמייכלט דער הימל
מיט ליכט פון גאַניידן —
וועסט ווערן באַגײַסטערט,
וועסט אָנהייבן ריידן.... **

די בונדיסטישע מוזע ווערט אָבער „באַגײַסטערט" ניט נאָר מיטן „קישעף" פון דער נאַטור, זי ציט זיך בּיכלאַל צום „הויכן גאַנג",

* „פאָלקס־צײַטונג" № 39, 1906.
** „פאָלקס־צײַטונג" № 127, 1906.

צו דער „הויכער מאטעריע“. איז זי דעריבער, ווי מיר האָבנ אויבנ געזעענ, אזוי שטארק באשעפטיקט מיט דעמ „בוירע“, זי האָט פאר־שיידענע „געטלעכע“ זעונגענ אונ עס טרעפט, אז אפילע די גרי־כישע געטער גייענ דורכ אינ דער זעונג פונ דעמ בונדיסטישנ דיכטער. כאראקטעריסטיש איז דערביי, אז די באגעגעניש מיט די גריכישע געטער קומט דאָ פאָר ניט אנדערש, ווי אינ דער קוזניע, אונ באגעגענענ באגעגנט זיכ מיט די געטער א שמיד.

אונ צייטנווייז שטיי איכ מיר מיד בא דער ארבעט,
דער האמער, ער גייט גאָר פונ האנט ניט ארויס,
די פונקענ, זיי שפריצנ, ווי שטערנ, וואָס פאלנ,
דער רויכ א געדיכטער, די היצ זייער גרויס.
דאָכ שפילט זיכ פאנאנדער בא מיר די פאנטאזיע:
איכ זע בא דער טיר דאכט זיכ, שטייט אפאָלאָנ,
דער אָרעמער גאָט, וואָס פארמאָגט קוימ א לירע,
אונ הערט ווי עס זינגט זיכ מיינ האמער: גלינ־גלאָנ...

די זעונג פונעמ בונדיסטישנ „שמיד“ דויערט אונ דויערט. נאָכנ גאָט אפאָלאָנ באווייזט זיכ צו אימ א צווייטע געשטאלט:

א בלאסינקער יינגעלע זע איכ באמ וואנט
אינ הענטעלע האלט ער א קישעפדיק ביקסל...

דאָס איז ניט מער אונ ניט ווייניקער ווי דער גאָט קופידאָנ. די זעונג דויערט ווייטער:

איכ זע אינ א גאָלדענער קרוינ גאָט מאמאָנ —
ער ציילט זיינע רענדלעכ, ער רייצט זיכ מיט זיי... *

וואָס איז אויסנ א. ל. באראנ מיט אָט דעמ געטער־פאראד? דעמ אייגנטלעכנ מיינ איז דאָ שווער צו באנעמענ, נאָר דאכטנ דאכט זיכ, אז דער בונדיסטישער דיכטער איז דערמיט אויסנ זיכ אָנצונעמענ די קריוודע פונ דעמ פראָלעטאריער דעמ שמיד, וואָס האָט געבעטנ בא אפאָלאָנענ א דערלויבעניש זיכ צורירנ צו זיינע סטרונעס, אונ איז דערביי „מערדעריש“ אָפגעשטויסנ געוואָרנ פונ דער געטלע־כער לירע....

* „פאָלקס־צייטונג“ № 148, 1906.

און דאָס איז טאקע דאָס כאראקטעריסטישע אינ דער בונדיסטישער ארבעט־ליד: דאָ איז ווייניקער פאר אלצ פארטראָטנ דער מאָטיוו פונ ארבעט, דאָ איז ווייניקער פאר אלצ געשילדערט די קאפּיטאליסטישע עקספּלואטאציע, ווייניקער פאר אלצ ווערנ דאָ פארטראָטנ די רעאלע אינטערעסנ פונעמ ארבעטער-קלאס אונ זײַנ רעוואָליוציאָנערנ אוואנגארד.

אונ אפנ זעלבנ אויפנ זײַנענ געשריבנ אויכ ד. קאסעלס פאבריק־לידער. ד. קאסעל האָט פארעפנטלעכט א פּאָר פאבריק-לידער, וואָס האָבנ איידעס געזאָגט, אז די פאבריק־סוויועװ איז אימ גאנצ גוט באקאנט, אימ זײַנענ באוווסט אויכ די ארבעט־באדינגונגענ אינ דער קאפּיטאליסטישער אונטערנעמונג, אָבער ניט אהער, ניט צו דער שילדערונג פונ אָט די שווידערלעכע ארבעט־באדינגונגענ, איז געווענדט ד. קאסעלס אופמערקזאמקײַט.

אינ ד. קאסלעס לידערווארפט זיכ אינ די אויגנ פריִער פאר אלצ זײַנ מערקווירדיקע אייגנשאפט צו זענ אינ דער ארבעטער-סוויווע בלויז בעטלערישע האווײַעס, בלויז קנעכטישע געפילנ.

איכ קוק אינ פאבריק דורכנ פענצטער
צומ רויִקנ הימל ארויס,
אונ בעט אימ מיט ווארעמע טרערנ:
אוי, לייז פונ דער ארבעט מיכ ארויס...

לייז ארויס... אינ מיר ווײנט די נעשאָמע,
א פלאמ שפאלט דעמ מויעכ פונ צאר...
פארקויפט איז מײנ אייגענער לעבנ,
פארקויפט ווי א קנעכט בא א האר...

מער ווי אָט די ווענדונג צומ הימל — טראָגט ניט ארויס ד. קאסעל פונ דער ארבעטער-סוויווע אינ 1905־טנ יאָר. ד. קאסעלס פאבריק־ארבעטער איז ביכלאל א מאָדנע ווײנענדיקע־באשעפעניש, א שטענדיקער צווייפלער, א שטענדיקער גריבלער.

איכ זע די ווייסע־וועלט ניט אָנ,
איכ שטיי נאָר אינ פאבריק,
אונ עקבער זיכ דאָס הארצ אליינ,
אונ פליק זיכ דאָרט אונ פליק...

אָט אזא אינערלעכ־צעפליקטער, א צעשפליטערטער, אָנ ווילנ, אָנ

קראפט — טרעט אופ בא ד. קאסעל דער ארבעטער. די גריבלערײַ זײַנענ האָט װײניק-װאָס צו טאָנ מיט א װעלכנ-עס־איז אויסדרוק פונעמ ארבעטערס קלאסנבאװוסטזײַנ, מיט א װעלכנ-עס-איז אקט פונ סאָציאַלנ פראָטעסט קעגנ דער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע. ד. קאסעלס „פראָטעסט", אויב ער איז יאָ פאראנ, איז ער געװענדט גאָר אינ אנ אנדער ריכטונג. דאָס איז דער „פראָטעסט" פונעמ אינדיװידואַליסטיש־געשטימטנ ארבעטער, װאָס „אינט־לעגענטלט זיכ" אונ קאָנ זיכ קײנ אָרט ניט געפינענ אינ דער ארומיקער סוויווע.

איכ בינ עלנט, איכ בינ אײנער,
בא דער ארבעט אינ פאבריק,
מיכ פארשטײט פונ זײ ניט קײנער,
ניט מײנ טרויער, ניט מײנ גליק...

אָט אזא אידעאָלאָגישנ קאָנטאקט האָט עס דער בונדיסטישער דיכטער געהאט מיט פאבריק־ארבעטער, אזא גלויבנ האָט ער געהאט אינ די שעפערישע קריכעס פונעמ ארבעטער־קלאס.

מ. װינטשעװסקי, װאָס האָט יאָרנלאנג געװעקט אונ געמונטערט דעמ דערשלאָגענעמ באװוסטזײַנ פונעמ אָפּגעשטאנענעמ ארבעטער, האָט דאָכ שטענדיק געזוכט דעמ קאָנטאקט מיטנ רעװאָליוציאָנערנ אװאנגארד פונעמ ארבעטער-קלאס, אינ װעמעס נאָמענ ער, װינטשעװסקי, איז ארויסגעטראָטנ. י. באָװשאָװער, װאָס האָט ניט אײנמאָל געשטראָפט די „דומהײַט" פונ יענעמ קאָנסערװאטיװנ ארבעטער-שיכט, װעלכער באנעמט ניט דעמ פולנ באטײַט פונ דער רעװאָליוציע — האָט דאָכ ניט אופגעהערט צו גלײבנ:

נאָר האָט דער ארבעטער זײנ זעלבסטבאװוסטזײנ,
נאָר איז דער מענטשנ-פונק אינ אימ ניט טויט —
אנציקט פונ פרײהײט װעט אמאָל זײנ ברוסט זײנ
אונ זײנע טעג װעלנ זײנ פרײַ פונ נויט...

אָט דער גלויבנ אינעמ „זעלבסטבאװוסטזײַנ" פונעמ ארבעטער-קלאס, דער שטענדיקער שעפערישער קאָנטאקט מיטנ רעװאָליוציאָנערנ אװאנגארד פונעמ ארבעטער־קלאס — דאָס איז געװענ די טרײַבקראפט פונ דער עלטערער רעװאָליוציאָנערער פּראָלעטארישער דיכטונג אינ אמעריקע. דער נאציאָנאל-מענשעװיסטישער בונדיסטישער דיכטער האָט אזא גלויבנ אינ דעמ זעלבסטבאװוסטזײַנ פונעמ ארבעטער ניט פאר-

מאָגט, ער האָט קיינמאָל ניט געהאט קיין שעפעריש קאָנטאקט מיט רעוואָליוציאָנערן אוואנגארד פונעמ ארבעטער־קלאס. א פולשטענדיקע אָפגעפרעמדטקייט פונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ ארבעטער-שיכט, א פול־שטענדיקער אומגלויבנ אינ דער רעוואָליוציע לאָזט זיכ הערנ אינ די לידער, ווו דער בונדיסטישער דיכטער גייט צו הארט צו דער ארבעטער־סוויווע. דערפאר האָט זיכ אינ די בונדיסטישע לידער העכסטנס געקאָנט הערנ נאָר א ליבעראל־פילאנטראָפישער ראכמאָנעס־טאָנ, וואָס איז פארקערפערט געוואָרנ אינ צענדליקער „ארבעטער-ניגונימ” וועגנ זאָקנמאכערקעס, וועלגערקעס, מוליערס אונ שמידנ.

אפ דורכ אונ דורכ קליינשטעטלדיק-פלאכ, אָנ יעטווידער בריי־טערער סאָציאלער פערספעקטיוו, אָנ שומ אויסבליק אינ דעמ מאָרגנ־דיקנ טאָג אריינ ווערנ געשריבנ דאָסראָוו „ארבעטער־ניגונימ” אינ די בונדיסטישע אויסגאבעס. צו די מוסטערנ פונ דער עלטערער ארבע־טער־ליד, וואָס עס האָבנ געשאפנ ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדעל־שטאט, האָבנ די בונדיסטישע ארבעטער־לידער קיינ מינדסטע שייכעס ניט. פאר א מוסטער פונ אָט די „ארבעטער־ניגונימ” האָט געקאָנט דינענ סיידנ יענער מינ באדכאָנישע זינג-לידער, וועלכע בערל בראָ־דער פלעגט שאפנ אינ די 60־ער יאָרנ אפנ מאָטיוו: „איכ, נעבעכ, בידנער פאסטעכ” אָדער: „איכ, נעבעכ, שינדלשלעגער” אָדער: „איכ, נעבעכ, אָרעמער וועכטער”.* עמעס, אינ בערל בראָדערס לידער קלינגט דער פינאל אלע מאָל אָפנ אונ קלאָר.

אונ דיכ, זיסער גאָט, בעט איכ זייער,
איכ זאָל קיינ פאסטעכ ניט זיינ...

אָדער אינ א צווייטער ליד:

פאר גאָט זאָל אופגיינ מיינ קלאָג,
א כ זאָל קיינ שינדל־שלעגער ניט זיינ...

צי איז אָבער פאראנ אזא גרונטלעכער אונטערשייד צווישנ אָט דער ווענדונג צו גאָט בא בערל בראָדעד אונ יענער פאבריק-ליד בא ד. קאסעלנ, ווענ דער ארבעטער קוקט ארופ צומ הימל

אונ בעט אימ מיט ווארעמע טרערנ:
אוי, לייז פונ דער ארבעט מיכ אויס...

* אינ „פאָלקס־צייטונג” 37 №, 1906 איז, אגעוו, אָפגעדרוקט ווי א מאָטאָ צו א דערציילונג — א גרעסערע ציטאט פונ בערל בראָדערס ליד וועגנ דעמ „אָרעמענ שוי־מער”. די ליד ווערט דאָ באצייכנט ווי א „פאָלקסלידל”.

אָט אזוי זײַנען עס די בונדיסטישע דיכטער געווען „באוואָפנט“, בעשאס זיי זײַנען געגאנגען, ווי דער „וועקער“ האָט געמאָלדן, „ווירקן אפּ די מויכעס פונ דער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע עס שטייט נאָך אפּן מיטן פונ די וועגן, געגאנגענע איבערשנײַדן דאָס שטריקל, מיט וועלכן זיי (די אינטעליגענץ — נ. א.) זײַנען צוגעבונדן צו דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע“. די ליטעראַרישע פּראַקטיק פונעם „בונד“ האָט באוויזן, אז אפּן „מיטן פונ די וועגן“ שטייען די בונדיסטישע אידעאָלאָגן גופע. זיי גופע זײַנען עס „צוגעבונדן צו דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע“. און ווי די בעסטע אילוסטראַציע דערצו קאָנ דינען די בונדיסטישע שטעלונג צו די יידישע בורזשואזע דיכטער פונ יענער צײַט.

# VII

עס וואָלט זײַנ א טאָעס צו מיינען, אז די שפּיל אינ „דעמאָקראַטיזם“, וואָס האָט אזוי אויסגענומען בא ש. פרוגן, האָט באגײַסטערט אַלע בורזשואזע שרײַבער אינעם פּעריאָד פונ דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. פּאַרקערט, וואָס ווײַטער עס האָט זיך אנטוויקלט די סאָציאַלע דיפערענציאַציע אינ דער יידישער ליטעראַטור פונ יענער צײַט, אַלץ מער איז געוואָרן קלאָר, אז די פּירנדיקע ראָליע אינ דער בורזשואזער דיכטונג געהער ניט די ליבעראַל־געשטימטע שרײַבער, ווי פרוג, נאָר גראָד אַנ אנדער קרײַז שרײַבער, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט פירנ אפּ די וועגן פונ בורזשואזן דעמאָקראַטיזם און האָט זיך גלײַך פונ סאַמע אָנהייב אָנ געשטעלט אונטער דער פאָן פונ אָפענער רעאַקציע. אינ צענטער פונ אָט דעם קרײַז שרײַבער איז געשטאַנען ביאַליק. אַרום אים האָבן זיך אָבער גרופּירט אויך יינגערע, ווי ז. שנייור, יאַקעוו שטיינבערג אא. עס פאַרשטייט זיך, אז קיינ שום טיפערער אנטאַגאָניזם צווישן ביאַליקן פונ איינ זײַט, און פרוגן אָדער פרישמאַנען פונ דער אנדערער זײַט, איז ניט געווען. אי די אי יענע האָבן אויסגעדריקט די אינטערעסן פונ דער בורזשואזיע, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט צו קעמפן קעגן דער רעוואָלוציע. דער דאָזיקער קאַמף האָט אָבער געקאָנט דורכגעפירט ווערן מיט פאַרשיידענע מיטלען — און

בלויז לויט אָט די מיטלען פונ איינ אונ דעמ זעלבנ קאמפ האָט זיכ אָנגעמערקט א געוויסער דיפערענצירונג־פראָצעס אינ דער בור־זשואזער ליטעראטור פונעמ פעריאָד 1905.

לענינ האָט סאָפ 1905 י. געשריבנ:

„צומ אונטערשייד פונ דער אייראָפּייִשער בורזשואזיע, וואָס איז א צײַטלאנג געווענ רעוואָלוציאָנער אונ האָט שפּעטער מיט צענדלי־קער יאָרנ זיכ געשטעלט אפ דער זײַט פונ רעאקציע, שפּרינגענ אריבער אונדזערע היימיש־געבאקענע כאכאָמימ מיטאמאָל אָדער זיי ווילנ אריבערשפּרינגענ איבער דער רעוואָלוציע צו א מעכטיקער אונ אקוראטער הערשאפט פונ דער רעאקציאָנערער בורזשואזיע".*

אָנווענדנדיק אָט די לענינשע פאָרמולירונג צו דער ליטעראטור־סיטואציע ארומ 1905, קאָנ מענ זאָגנ, אז אינ דער צײַט, ווענ פרוג אונ פרישמאנ האָבנ נאָכ געפּרוווט זיכ מאסקירנ מיט די אויסערלעכע מאנירנ, מיט דער „דעמאָקראטישער" פּראזועאָלאָגיע פונעמ פארצײַטיקנ אייראָפּייִשנ ליבעראליזמ, האָט ביאליק געבראכט אינ דער ליטערא־טור די אגרעסיווקײַט פונ יענע „היימיש־געבאקענע כאכאָמימ", ווענג וועלכע עס רעדט לענינ.

די באשטרעבונגענ פונ אָט דעמ שיכט בורזשואזיע האָט עס אויסגעדריקט ביאליק, בעשאס ער האָט אינ יאָר 1903 גאנצ האָפער־דיק געשריבנ:

עפשער, ווער ווייסט, וועט נאָכ גאָט אמאָל געבנ,
איבערגיינ וועלנ די פינצטערע צייטנ,
אויכ אונדז וועט געראָטנ, ווי לייטנ,
בעסערס אונ שענערס דערלעבנ...**

וואָס גאָט האָט דאָ געזאָלט געבנ — איז קלאָר. ער האָט געזאָלט מאכנ אזוי ווי „כא לײַטנ", ד.ה. צופירנ גלײַכ, אָנ שומ אופטרייסלונ־גענ אונ דערשיטערונגענ צו א „מעסיקער אונ אקוראטער הערשאפט פונ דער רעאקציאָנערער בורזשואזיע". דורכגעדרונגענ מיט אָט דעמ גלויבנ אינ גאָט, האָט ביאליק א געוויסע צײַט זייער האָפערדיק באַ־זונגענ די אידיליע פונ „מײַנ גאָרטנ",*** די אפּאָלאָגיע פונ בורזשואזנ

* לענינ, ווערק, ב. VI, זייט 220, אויסגאבע 1924.

** „דער פרײַנד" №3, 1903.

*** „דער פריינד" №10, 1903.

ווילשטאנד, דעם רופ צו בורזשואזן לעבנ־גענוס און לעבנ־האנאָע.

גאָט האָט אָבער ניט געהאָלפנ. אינ איינע צוויי יאָר ארום האָט שוינ געפלאקערט איבערנ לאנד די רעוואָליוציע. די יידישע סוויווע איז, באגלייך מיטנ גאנצנ לאנד, אריינ אינעם פעריאָד פונ שווערע סאָציאַלע אופטרייסלונגענ. די „היימיש־געבאקענע כאכאָמים” פונ דער יידישער בורזשואזיע האָבנ זיך דערפילט אָפּגענארט דורך זייער גאָט. די גרויסע אופטרייסלונגענ פונ די רעוואָליוציע־יאָרנ רייסנ ארויס דעם יידישנ בורזשוא פונ זיינ גלייכגעוויכט און ביאליק דריקט געטריי אויס אָט די ענדערונג אינעם געמיט־צושטאנד פונעם יידישנ בורזשוא. ביאַליק ווערט אגרעסיוו, זיינ ליד ווערט פול מיט „צאר און צאָרנ”, ער צאָרנט קעגנ דעם יידישנ גאָט, וואָס האָט אים, דעם „אויסדערוויילטנ” יידישנ בורזשוא אזוי ביטער אָפּגענארט, ער צאָרנט אָבער נאָך מער קעגנ דער רעוואָליוציע, וואָס טוט איר זאך, ניט געקוקט אפ דעם גאנצנ צאָרנ, ניט געקוקט אפ אלע „נעוויישע” סטראשונקעס פונ ביאליקס לידער.

עס איז ביז גאָר כאראקטעריסטיש, אז די דאָזיקע „נעוויישע” פאָזע האָט שוינ דעמלט, אינ די יאָרנ 1905 — 1907, ארויסגערופנ בלויז א שמייכל בא די מער פלינקע פאָרשטייער פונ דער יידישער בורזשואזיע, בא די, וואָס האָבנ פראקטיקירט מער „איידעלע”, מער „איראָפּיישע” מיטלענ, ווי צו קעמפנ קעגנ דער רעוואָליוציע. ד. פרישמאנ, לעמאָשל, וואָס האָט געוווסט, אז עס לוינט אמאָל אפילע צו לאָזנ א טרער איבער דעם „ביטערנ מאזל” פונ די לאָדזער און ביאליסטאָקער וועבער, האָט זיך דערלויבט גאנצ שארפ צו איראָניזירנ איבער ביאליקס „נעוויישע” אָנשטעלנ.

„ביאליק האָט שוינ אוספייעט צו מאכנ שולע — האָט געשריבנ ד. פרישמאנ אינ יאָר 1907 — א ריי פונ יונגע, פרישע דיכטער בא אונדז האָבנ זיך פארקוקט אפ אים און דאָס דאָזיקע איז בא זיי געוואָרנ א מאנערע. יעדער פונ זיי מיינט, אז ער וועט כאסוועשאָלעמ ניט יויצע זיינ, ביז ער וועט ניט אָנשרייבנ עפעס „שטארקעס”, עפעס א „קראפט־געדיכט”, עפעס אלס נאָווי. עס גייט איצט די סעדרע שטארק! איך וועל דערמאָנענ אונדזער ליבנ שנייורנ — — — —
ער געפינט זיך שוינ מעכויעוו צו שרייבנ א „מייסע ברייישעס”, ביאַ-

ליק האָט דאָך געשריבן א „מגלת האש“. ביאליק זינדיקט און מאכט זינדיקן *

עס פארשטייט זיך, אז ניט ד. פרישמאן האָט געוואָלט און ניט ער איז געווען אימשטאנד צו באנעמען קעגן וועמען עס איז געווען געווענדט די „שטארקייט“ סיי בא ביאליקן סיי בא די יינגערע נאָכפאָלגער זיינע, ווי ז. שנייור, יאנקעוו שטיינבערג אא. זיי אליין אָבער, די דיכטער גופע, האָבן וועגן דעם גערעדט גאנץ דייטלעך און קלאָר. אָט אין וואָס פאר א שפּאָטישן טאָן שנייור, למשל, דערציילט וועגן די רעוואָליוציע-טעג:

„אָט איז צוגעקראָכן דער פארגאנגענער צאָרעדיקער הארבסט מיט זיינע שטרייקן, מיט די „מאסן אין די גאסן“, מיט די רויטע בענדעלעך אף די לאצן. מיט דעם איראָניש-צעפרידענעם שמייכל אף די ליפּן פון יונגע-לייטלעך „אהא! ווער האָט אויסגעפירט“...?

דאָס איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1907, נאָכדעם ווען שנייור האָט שוין געהאט אָפּגעדרוקט א ריי פּאָעמעס, ווו די רעוואָליוציע איז פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי „פייער“, ווי „שטאָלצקייט“ און ווי „מייסע-בריישעס“. צי איז אָבער אין די אָקאָרשט ציטירטע שורעס פאראן א סטירע צו אָט די פּאָעמעס?

„ווי אן עפּידעמיע איז זי באפאלן, אָט די דאָזיקע שטאָלצקייט, און האָט אלץ און אלעמען אָנגעטיילט מיט איר גייסט, פארפלייצט מיט אירע קאפּריזן. און אלעמען האָט זיך מיטאמאָל פארוואָלט טאָן צעלאָכעס, אין טויט ארייַן, אופרייצן אלץ, וואָס האָט ליב רויִקייט און פוילקייט. קאלט מאכן ווען עס איז ווארעם און ווארעמען — ווען עס איז קאלט. מאכן פון יאם א יאבאָשע, און פון דער יאבאָשע — א יאם“ (פּאָעמע „פייער“).

אָט אזוי האָט שנייור באנומען די רעוואָליוציע: ווי א דורכגייט זינלאָזן, א צוועקלאָזן פּראָצעס, „ווי אן עפּידעמיע“. עס איז דעריבער קיין וווּנדער ניט, וואָס אין שנייורס צווייטער פּאָעמע, ווו עס האָט זיך באוויזן די געשטאלט פון דער „פרייהייט“ אין א „ווייסן קלייד“ האָט זי „געווייַנט מיט דימענטענע טוי-טראָפּנס, געבראָכן די צארטע לענגלעכע פינגער“. אף וואָס האָט עס שנייורס „פרייהייט“

---

* דאָס „יידישע פאָלק“ № 17, 1907.

אזוי ביטער געקלאָגט? אף איר „ריינקייט," וואָס זי וועט מוזן פאַר־לירן, אז זי וועט אראָפּקומענ אף דער ערד, צו די געוועזענע קנעכט.

„איבערגוואלד וועלנ זיי זייערע קעפּ אינ מיינ מיידלשנ שויס אוועקלייגנ, איבערגוואלד וועלנ זיי זיכ צו מיינ ווארעמער ברוסט מיט פעטע ליפּנ צוזויגנ, אונ זייערע קנעכטישע העלדזער מיט מיינע זויבערע אָרעמס ארומנעמענ"...

שנייור איז אזוי דורכגעדרונגענ מיטנ קלאסנ־האס צו די „קנעכט־טישע העלדזער", אז ער פאלט אריינ קימאט אינ דעמ זעלבנ „צאָרנ", ווי ביאליק.

„אָ, ווענ איכ וואָלט געוווּסט — שרייט אויס בא שנייורנ די „פריַיהייט" — ווער עס איז שולדיק אינ מיינ שענדלעכער צוקונפט, וואָלט איכ יענעמ אינ מיינ פארצווייפלונג דערטרונקענ — — — — — כ'וואָלט געלאָפנ אונ געריסנ מיינ הארצ אף שטיקלעכ, אונ לויפנדיק אונ ווארפנדיק די שטיקלעכ הארצ אינ פינצטערע אָפּגרונטנ אריינ, וואָלט איכ געשריַענ אונ געשראָקנ די וועלט מיט מיינע מעשוגענע קוילעס: איכ וויל ניט! איכ דארפ ניט! כ'דארפ גאָרניט... גאָו ניט..." *

שנייורס פּאָעמעס פונ די יאָרנ 1905—1907 זיינענ דערמיט טאַ־קע כאראקטעריסטיש: זיי האָבנ אָנ שום פארבאהאלטעניש, אָפנ אונ קלאָר זיכ געשטעלט קעגנ דער רעוואָליוציע, מיטנ פולנ מויל גע־לאכט אונ געשפּעט פונ דער „עפּידעמיע", מיטנ פולנ מויל, באפּוי־לעריש, ווי עס פּאסט פאר א בורזשואזנ דיכטער, א פּאָרשטייער פונ א הערשנדיקנ קלאס, א געשריי געטאָנ: „איכ וויל ניט! איכ דארפ ניט!"

אונ אָט דערפונ האָט זיכ עס גענומענ די „סעדרע שטארק", דערפאר האָט שנייור צו יענער צייט געשריבנ ניט אנדערש ווי נאָר „קראפט־געדיכטנ" א לא־ביאליק.

ניט וויניקער אויסדריקלעכ האָט גערעדט אויכ דער צווייטער דיכטער פונ ביאליקס שיטע — יאנקעוו שטיינבערג. אויכ יאנקעוו שטיינבערג האָט אינ די יאָרנ 1905—1907 פארעפנטלעכט א היפּשע צאָל לידער, וואָס האָבנ געהערט צומ מינ „קראפט-געדיכט", געהערט צו דער „סעדרע שטארק".

* פונ דער פּאָעמע „פריַיהייט", געדרוקט אינ „יידישע פאָלק" №22, 1906.

איך האָב געזוכט אין די בערג קרומע וועגן,
כ'האָב צווישן אָפּגרונטן שווארצע געקלעטערט,
כ'האָב געזען דאָרטן שווימען די אָדלערס...
. . . . . . . . . . . איך האָב דעמלט
איינזאם געפילט זיך און שטארק און אָן זאָרגן...*

אָדער אין א צווייטער ליד:

הער, ווי דער שטורעם צעהוליעט זיך! ס'רייסן
דונערן איינעם דעם אנדערן; ס'יאָגן
בליצן זיך איבער, די פינצטערניש ציטערט
און מיט א פייערדיק־בייזן פארגניגן
לאכן די וואָלקנס.
. . . . . . . . . . . . . . און איך גיי מיר
איינער אליין אינעם שטורעם, און טויזנט
קרעפטיקע יוגנטן פיל איך אין הארצן...**

די אפּאָלאָגיע פון „איינזאמקייט", די אפּאָלאָגיע פונעם גיין „איי־נער אליין אינעם שטורעם" — דאָס איז דער לייטמאָטיוו פון אלע לידער, וואָס יאנקעוו שטיינבערג האָט געדרוקט צו יענער צייט. וואָס אונ־טער אָט דער אפּאָלאָגיע איז געשטאנען האָט יאנקעוו שטיינבערג שפּעטער דערציילט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

אין דער צייט ווען אלע פלעגן
דעם קאפּריזן פרייהייט־גאָט
שענקען זייער הארץ־פארמאָגן —
פלעג איך מיט א לייכטן שפּאָט
אין גערויש זיך איינזאם פרייען;
כ'האָב שוין דאן געוווסט פארהאסן
דעם געפילדער פון די מאסן...***

דער אונטערשייד צווישן שנייורן און יאנקעוו שטיינבערגן איז, ווי מיר זעען, ניט געווען גרויס. דער אונטערשייד איז געווען אָפּ־הענגיק פונעם דיכטערס טעמפּעראמענט. דער אדרעסאט אי פון שטיינ־בערגס „לייכטן שפּאָט" אי פון שנייורס קאָנצענטרירטן קלאסן־האס איז געווען איין און דער זעלבער — ביידע האָבן געצילט אין די

* „דאָס יידישע פאָלק", №23, 1907.
** „דאָס יידישע פאָלק", №23, 1907.
*** י. שטיינבערג: „רוסלאנד" (ראָמאן אין פערזן).

„מאכן אין די גאסן״, אין דעם ארבעטער־קלאַס, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן דער פּאַרביטערטער רעוואָלוציאָנערער שלאַכט. און מיט דעם האָבן זיי זיך צונויפגעטראָפן מיט דער אגרעסיווקייט פון ביאַליקס „צאַר און צאָרן״, מיט זיין האַס צו דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט אים ארויסגעשטויסן פון זיין גלייכגעוויכט.

וועגן דעם שיכט בורזשואזיע, וואָס האָט ארויסגערוקט ביאַליקן, שנייורן און יאנקעוו שטיינבערגן, האָט מען שוין ניט געקאָנט זאָגן, אז ער ליידט פון „ניט אנטשלאָסנקייט״ און „האַלבלעכקייט״, ווי לע־נין באַצייכנט די אופירונג פונעם בורזשואזן דעמאָקראַטיזם. ביאַליקס שיכט האָט מיט דער שפּיל אין „דעמאָקראַטיזם״ קיינמאָל ניט געזינ־דיקט. דאָ האָט מען זיך אויסגעצייכנט גראָד מיט דער פולשטענדיקער אנטשלאָסנקייט, דאָ איז מען געווען זיכער אינעם אייגענעם רעאקציאָ־נערן באַרוף, אין דער זעלבער מאָס, ווי מ׳איז געווען שטאָלץ מיט זיין „געטלעך־נעוויִישער״ אָדער „איבערמענטשלעכער״ אָפּשטאַמונג. אָט פון דעם רעאקציאָנערן שטאָלץ, פון דער רעאקציאָנערער זיכערקייט האָט זיך עס גענומען דער „שטאַרקער״ טאָן, דאָס האָט עס באַטייט „די מעדרע שטאַרק״ אין די ווערק פון די דערמאָנטע דיכטער אין דער יידישער ליטעראַטור פון די יאָרן 1905—1907.

אנטקעגן די אָנמעכטיקע לידער פון די בונדיסטישע דיכטער, וואָס זיינען אפּ דורך און דורך געווען דורכגעדרונגען מיט אָפּאָרטו־ניזם, געווען צעפּרעסן דורך מענשעוויסטישן אומגלויבן אין די קרעפטן פונעם רעוואָלוציאָנערן ארבעטער־קלאַס, האָט זיך אוועקגע־שטעלט אָט די גרופּע בורזשואזע דיכטער, וואָס האָט אָנגעהויבן „די מעדרע שטאַרק״, דיכטער, וואָס האָבן אָפּן פאַרבונדן זייער שאַפן מיטן גורל פון זייער קלאַס, דער יידישער בורזשואזיע, און אויס־ניצנדיק ווער די פּאָזע פונעם „געטלעכן נאָווי״, ווער די פּאָזע פו־נעם ניצשעאנישן „איבערמענטש״, אלע גלייך געטאָן איין ארבעט: געשאָטן שפּאָט און האַס אפּ די „מאכן אין די גאסן״, אפּ דעם רע־וואָלוציאָנערן ארבעטער־קלאַס.

צי קאָן מען אָבער זאָגן, אז דאָ האָבן מיר פאר זיך צוויי פיינטלעכע ריכטונגען, צוויי קעמפנדיקע לאַגערן? געוויס ניין.

קאָן מען דען אָנווייזן אזא פאַל, ווען די בונדיסטישע דיכטונג זאָל האָבן געשטעלט זיך קעגן דער בורזשואזער דיכטונג, ווי עס

האָט זיך צו יענער צײַט געשטעלט דער רעוואָליוציאָנערער אוואנגארד פו־
נעם פּראָלעטאריאַט קעגן דער בורזשואזיע? קאָן מען אָנווײַזן אזא פאל,
ווען די בונדיסטישע דיכטונג זאָל האָבן געפּרווּוט אנטקעגן דעם „שטאָלץ"
פון דער בורזשואזער דיכטונג ארויסטרעטן מיט אן עמעסן, פּראָלע־
טארישן שטאָלץ? זײַנען געווען אזעלכע פאלן, ווען די בונדיסטישע
דיכטונג זאָל האָבן אפ דער אפּאָלאָגיע פונעם בורזשואזן אינדיווידו־
אַליזם געענטפערט מיט א דיכטערישן רוף צו פּראָלעטארישער קלא־
סעווער געמיינזאמקייט, צו קאָלעקטיוויזם? האָט ווען עס איז א בונ־
דיסטישער דיכטער אפן בורזשואזן „לײַכטן שפּאָט" געפּרווּוט ענט־
פערן מיט א פארשארפט־רעוואָליוציאָנערער סאטירע, וואָס זאָל דע־
מאסקירן די „געוויזים" און „איבערמענטשלעכ" פון דער יידישער
בורזשואזיע?

ניין. אזעלכע פאלן זײַנען ניט געווען. פארקערט, מע קאָן זאָגן
אפ זיכער, אז די גאנצע האסאָגע פונעם מענשעוויסטישן דיכטער
איז געווען: וואָס מער אויסנעמען בא די אנערקענטע מײַסטער פון
דער בורזשואזער דיכטונג. זײַן גרעסטער ווונטש איז געווען — כאָטש
אין א וואָסער־עס־איז מאָס צו זײַן ענלעך אפ די שנייורס און
די שטיינבערגס און די ביאַליקס. איבערנעמען בא די בורזשו־
אזע פּאָעטן זייער אויסערלעכן גלאנצ, זייער שיינע „הויך־פּאָעטישע"
מאנירן, זייער „שטארקן" טאָן, זייער „לעבנסלוסט" — דאָס איז געווען
דער איינציקער פארלאנג, וואָס האָט באגײַסטערט דעם בונדיסטישן
דיכטער. עמעס, דער בונדיסטישער דיכטער האָט געקאָנט מאכן דער־
בײַ אן אָנשטעל, אז דאָ האנדלט זיך, אזוי צו זאָגן, בלויז וועגן א
„טעכנישן בלאָק" מיט דער בורזשואזער דיכטונג. אָבער פונקט ווי
שטענדיק, האָט זיך אויך דאָסמאָל ארויסבאוויזן, אז „דער בונדיסט
איז זיך מעשאער, אז דער בלאָק וועט זײַן בלויז א טעכנישער,
אָבער די פּאָליטישע קויכעס אינעם גאנצן לאנד זײַנען אזוי אויס־
געשטעלט, אז ס'באקומט זיך א בלאָק א אידייִשער" * (לענין).

דער קלאסנקאמפ אין דער ליטעראטור איז צו דער צײַט וויר־
קלעך געווען אזוי פארשארפט, אז דער „טעכנישער בלאָק" פון די
בונדיסטישע דיכטער האָט באלד געמוזט אנטפּלעקן זײַן עמעסן אינ־

* לענין, באנד IX, זײַט 125. אויסגאבע 1924 י.

האַלט. אויסגעזאָגט דעם „סאָד" האָבן ניט נאָר די בונדיסטישע דיכ־
טער, נאָר אויך די בונדיסטישע קריטיקער.

„איך וויל בעשומויפּן ניט מאָנענ באַ א דיכטער דאפקע יענע
טענער, וועלכע הארמאָנירן מיט מײַן שטימונג אָדער איבערצײַגונג.
מיר געפעלט מער לעבנסלוסט. איך קאָן עפשער מיינען, אצוועס איז
א טויט־קראנקײַט. אָדער פארקערט. דעם דיכטער לאָז איך אָבער
אינגאנצן פרײַ. מאָנען מאָנען איך נאָר פארבן" *

אָט אזוי פאָרמולירט צו יענער צײַט זײַן אלגעמיינע שטעלונג
צו ליטעראטור דער בונדיסטישער קריטיקער. זײַן דאָרשט „נאָך פארבן"
איז אזוי גרויס, אז ווי נאָר ער דערזעט זיי, אָט די „פארבן", פאלט
ער אריין אין א גוואלדיקער היספּײַלעס.

„ווער ווייסט פונוואנען מיר האָבן גענומען ווערטער פון טאָג־
ליכט און נאכט־כאלוימעס, פון בלומען און פויגלען, און פארבן!" * —
שרײַט אויס מיט היספּײַלעס דער בונדיסטישער קריטיקער.

און וויל מען וויסן, אפ וועמען עס באציט זיך די דאָזיקע
היספּײַלעס, איז געגוג איבערצולייענען דעם ארטיקל וועגן ז. שנייורן
אין דער „פאָלקס־צײַטונג". (נום 413, 1907) מיר הערן דאָ דעם העכסטן
ליוב־געזאנג שנייורן, קיין סימען פון קריטישער באציונג צו אים,
קיין סימען ניט פון אוועלכנ־עס־איז אנאליז פון שנייורס אידעאָלאָ־
גיע. דערפאר אָבער דערוויסן מיר זיך דאָ, אז שנייור איז דער „סאמע
לעבנסלוסטיקער פון די יידישע שרײַבער און דיכטער, ער ווייסט
ניט פון רייזענס אייביקן טרויער און ווײַ־מוט", מיר דערוויסן זיך,
אז שנייור האָט „ליב צו באשרײַבן אלץ דאָס, וואָס איז אומיטלבאר,
סטיכייניש, זאָרגלאָז", מיר דערוויסן זיך, אז שנייור „בענקט נאָך דער
צײַט פון פרײַער ווילדקײַט, ווען מענטשן נאקעטע און הוילע האָבן
געבלאָנקעט אין די וועלדער" — מיט איין וואָרט, אז שנייור איז דער
„געצנדינער, דער עפּיקורייער, דער ליבהאָבער פון אלץ, וואָס איז שיין" *
איינס דערוויסן מיר זיך נאָר ניט: אז שנייור איז ניט קיין ליב־
האָבער פון די „מאסן אין די גאסן", אז ער באשפּעט דעם רעוואָ־
ליוציאָנערן ארבעטער־קלאס, אז אלע זײַנע לידער וועגן „פרײַהײַט"
זײַנען געווענדט קעגן דער פרײַהײַט, אז זיי זײַנען מער ענלעך צו א
פּאסקוויל אפ דער רעוואָליוציע.

* „מאָרגנ־שטערנ" נומ. 3, 1907.

און דאָס, קאָן מען זאָגן, איז געווען דער שטענדיקער נוסעך
פון דער בונדיסטישער קריטיק. זי האָט פון מאָל צו מאָל דעקלארירט,
אז „דעם דיכטער לאָזט איך אינגאנצן פרײַ“. זי האָט „מעסירעסנעפעשדיק“
געקעמפט פאר דעם בורזשואזן פרינציפ פון דעם קינסטלערס „פרײַ־
הײַט“, יענער „פרײַהײַט“, וואָס באדײַט אינדערעמעסן א שטענדיקע
פארשקלאפטקײַט בא דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע, א שטענדיקן,
פארביטערטן קאמף קעגן דער „טיראנײַ פונעם סאָציאלן גײַסט“, דה,
א קאמף קעגן יעטווידן פרווו צו שטעלן די ליטעראטור צו דינסט
דעם רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־קלאס און זײַן שטורמישן אָנגריף
אפ די פעסטונגען פונעם קאפיטאליזם.

אָפרײַסן פון דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף די ארבעטער-מאסע,
וואָס האָט, גייענדיק נאָך די באָלשעוויסטישע לאָזונגען, אלץ מער
און מער באנומען איר ריכטיק אָרט אין דער גרויסער שלאכט קעגן
דער בורזשואזער אָרדענונג. „באפרײַען“ דעם שרײַבער פון אונטער
דער ווירקונג פון דער רעוואָליוציאָנער-פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע,
וואָס האָט (א דאנק די ווערק פון ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדל־
שטאט) דורך פארשיידענע באהאלטענע וועגן אָנגעהויבן זיך ארײַנ־
שלײַכן אין דער ייִדישער דיכטונג פונעם צארישן רוסלאנד ארום
1905 — אָט דאָס איז געווען דער וועזן, דאָס איז געווען דער איינ־
ציקער בארוף פון דעם „סאָציאליזם פון בונד“, וואָס צו אים האָבן
זיך אזוי אָפט געצויגן די סימפאטיעס פון די אידעאָלאָגן פון דער
ייִדישער בורזשואזיע. און די בונדיסטישע דיכטער, מוז מען אנער־
קענען, האָבן די דאָזיקע סימפאטיעס פון דער ייִדישער בורזשואזיע
בעפיירעש פארדינט פונקט אזוי, ווי זיי האָבן פארדינט, אז דער רע־
וואָליוציאָנערער ארבעטער-קלאס זאָל זיך צו זיי שטעלן, ווי צו דער
אגענטור פונעם קלאסן־סוינע, ווי צו יענער קלאסנפײַנטלעכער ליטע־
ראטור, וואָס האָט בלויז מיט אן אנדער פראזעאָלאָגיע, אָבער פאר-
בלײַבנדיק באם זעלבן טאָכ — געצויגן ווײַטער די ליניע פונעם בור-
זשואזן דעמאָקראטיזם, פארגאָסן באגלײַך מיט ד. פרישמאנען, הייסע
טרערן אפן גוירל פון די לאָדזער און ביאליסטאָקער וועבער, בא-
זונגען, באגלײַך מיט ש. פרוגן, די „פרײַהײַט“ און מער פאר אלץ
דערבײַ געוואָלט אויסמײַדן די רעוואָליוציע, געשראָקן זיך פאר דער
רעוואָליוציע און אפ שריט און טריט זי פאראטן. דער בוילעטסטער

דאָקומענט, וואָס באַווײַזט אָט דאָס אַלץ, איז די בונדיסטישע דיכטונג.

## VIII

קעדיי צו פאַרענדיקן אונדזער לויפיקן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער דיכטונג אין פעריאָד אַרום 1905, וואָלטן מיר נאָך געדאַרפט זיך אָפּשטעלן אויף איינעם אַ באַדײַטנדיקן ליטעראַטור־פאַקטער — אויף דער פונקציע, וואָס עס האָט אויסגעפירט צו יענער צײַט די עלטערע רעוואָלוציאָנערע דיכטונג פון אַמעריקע — ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָװשאָווער.

צום באַדויערן, האָט אונדזער מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־פאָרשונג אין דעם געביט נאָך זייער ווייניק אויפגעטאָן. בײַ דעם איצטיקן צושטאַנד פון די מאַטעריאַלן צו דער פראַגע, לאָזט זיך אַפילו ניט מיט דער פולער זיכערקײַט זאָגן, ווען אייגנטלעך, האָט אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור פונעם צאַרישן רוסלאַנד די ווירקונג פון די עלטערע רעוואָלוציאָנערע דיכטער — ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָװשאָווער. עס לאָזט זיך אויך ניט פעסטשטעלן דורך וואָסערע קאַנאַלן די דאָזיקע ווירקונג איז געגאַנגען. דער ליטעראַריש־קינסטלערישער מאַטעריאַל פון די אומלעגאַלע אויסגאַבעס, וואָס זײַנען דערשינען אין די 90-ער יאָרן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז ביז אַהער ניט באַשריבן געוואָרן, מיר ווייסן ניט, וואָס פאַר אַן אָרט עס האָבן אין די אומלעגאַלע אויסגאַבעס פאַרנומען די ווערק פון די עלטערע רעוואָלוציאָנערע דיכטער פון אַמעריקע, און פאַרלאָזן זיך אויף די מעמואַריסטן, וואָס האָבן אויף דער טעמע געשריבן, איז, פאַרשטייט זיך, אומעגלעך.

ווי ווייניק דער מאַטעריאַל צו דער דאָזיקער פראַגע איז ניט באַאַרבעט, קאָן מען דאָך האַלטן פאַר אַ דערוויזענעם פאַקט, אַז סוף 90־ער יאָרן, און באַזונדערס אין די אָנהייב־יאָרן פונעם נײַעם יאָרהונדערט, זײַנען די ווערק פון די עלטערע אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערע דיכטער שוין געווען שטאַרק פאָפולער איז דער ייִדישער אַרבעטער־סוויווע פונעם צאַרישן רוסלאַנד, זיי האָבן דאָ באַקומען אַזאַ ברייטע פאַרשפּרייטונג, אַז אַ טייל לידער פון עדעלשטאַט און ווינ־

טשעוווסקי האָבנ געפונענ זייער אָפּקלאנג אינעמ ארבעטער־פאָלקלאָר פונ אָנהייב XX יאָרהונדערט *

מיט וואָס די לידער פונ די עלטערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער האָבנ געהאט צו פארדאנקענ זייער גוואלדיקער פּאָפּולערקייט אינ דער יידישער ארבעטער־סוויווע איז גענוג קלאָר. די מאָטיווּנ פונ די עלטערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער אינ אמעריקע האָבנ דערפאר געפונענ אזא לעבעדיקנ אָפּקלאנג אינ דער ארבעטער־סוויווע פונעמ צארישנ רוסלאנד, ווייל זיי, אָט די מאָטיווּנ האָבנ אנטשפּראָכנ די באגערנ אונ פארלאנגענ פונ יענע פּראָלעטארישע אונ האלב־פּראָלעטארישע מאסנ, אינ וועמעס אינטערעסנ עס איז געווענ „אונטערצורייסנ די וויכטיקסטע זיילנ פונ דער בורזשואזער הערשאפט ביכלאל“ (לענינ). די לידער פונ אָט די דיכטער — האָבנ מיטגעהאָלפנ צו באפרייענ דעמ ארבעטער פונ דער בורזשואזער אידעאָלאָגישער ווירקונג, זיי האָבנ גאנצ אָפט מיטגעהאָלפנ ארויסצופירנ אפ א רעוואָליוציאָנערנ וועג יענעמ טייל פּראָלעטאריער אונ האלב-פּראָלעטאריער, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אונטער דער ווירקונג פונ פארשיידענע „מענשעוויסטישע „טעאָריעס“, וועלכע האָבנ פארסאמט דעמ ארבעטערס באוווסטזיינ מיט אומגלויבנ אינ די קרעפטנ פונעמ ארבעטער־קלאס, מיט אומגלויבנ אינ דער רעוואָליוציע. וועגנ איינער אזא „טעאָריע“ האָט לענינ אָנהייב 1905 געשריבנ:

„דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאל-דעמאָקראט וועט מיט פאראכטונג אָפּוואַרפנ פונ זיכ אזא טעאָריע. ערעוו דער רעוואָליוציע וועט ער ניט בלויז אָנווייזנ אפ א „שלעכטנ סאָפ“ אירנ, ניינ, ער וועט אויכ אָנווייזנ אפ דער מעגלעכקייט פונ א בעסערנ סאָפ. ער וועט טרוימענ — ער מוז טרוימענ, אויב ער איז ניט קיינ האָפענונגסלאָזער פיליסטער — וועגנ דעמ, אז נאָכ דער ריזיקער דערפארונג פונ אייראָפּע, נאָכ דעמ אומגעזעענעמ אופשווּנג פונ דער ענערגיע פונ רוסישנ ארבעטער־קלאס וועט אונדז זיכ איינגעבנ, ווי קיינמאָל ניט, צעפלאקערנ דעמ פאקעל פונ רעוואָליוציאָנערער שיינ פאר דער פינצטערער אונ דערשלאָגענער מאסע“... **

די דאָזיקע שורעס האָבנ בעלישומסאָפעק אוועקגעשטעלט פאר

* זע וועגנ דעמ אינ י. סקודיצקיס זאמלונג: פאָלקלאָר-לידער. מאָסקווע 1933.

** לענינ, ווערק, ב. VI, ז. 129.

דעם רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטאַרישן שרײַבער פון יענעם פּעריאָד א ביז גאָר קאָנקרעטע אויפגאבע: העלפן מאָביליזירן די מאסן צו דער פאָרשטייענדיקער שלאכט, באוואָפענען זיי מיט גלויבן אין דער רעוואָליוציע, מיט גלויבן אין זייערע קויכעס. צי איז די בונדיסטישע דיכטונג געווען אימשטאנד אין א וועלכער־עס־איז מאָס אויספילן אָט די אויפגאבע? געוויס ניין. זי, די בונדיסטישע דיכטונג, איז דאָס טאקע געווען די טרעגערן פון מענשעוויסטישן אומגלויבן אין די קויכעס פונעם ארבעטער־קלאס. זי האָט עס טאקע אמבוילעטסטן פארקערפּערט יענע טעאָריע וועגן „שלעכטן סאָף", וועלכע לענין האָט מיט פאראכטונג אָפּגעוואָרפן.

ווען מע פארגלײַכט די פּראָדוקציע פון די בונדיסטישע דיכטער מיט די מוסטערן, וואָס האָבן צו יענער צײַט שוין געהאט געשאפן די עלטערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער אין אמעריקע, ווערט קלאָר, אז די איינציקע, ווער עס האָט געטראָגן „דעם פאקעל פון רעוואָליוציאָנערער שײַן אין דער פינצטערער און דערשלאָגענער מאסע", זײַנען געווען — ניט געקוקט אף איינציקע זייערע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע בלויזן — די דערמאָנטע אמעריקאנער דיכטער. זיי זײַנען עס צו יענער צײַט געווען די איינציקע, וואָס האָבן געוואגט צו טרוימען, ווײַל זיי האָבן געוואגט צו קעמפן, געוואגט צו באזינגען די גרויסע צוקונפט פונעם ארבעטער־קלאס, ווײַל זיי האָבן פאר אָט דער צוקונפט געפירט א פארביטערטן רעוואָליוציאָנערן קאמף אין דער געגנווארט.

ווען מע פארגלײַכט די דיכטונג פון די דערמאָנטע אמעריקאנער רעוואָליוציאָנערע דיכטער מיט דעם שלאף לידער, וואָס עס האָבן באשאפן די בונדיסטישע דיכטער, ווערט קלאָר, אז דאָ שטייען קעגן איינאנדער צוויי סטילן, וואָס אנטשפּרעכן צוויי אין גרונט פארשיידענע קלאסעווע פּאָזיציעס.

דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־לייענער האָט זײַן אויסוואל צווישן אָט די צוויי סטילן געמאכט: ער האָט אָפּגעגעבן זײַנע סימפּאטיעס די אמעריקאנער־רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטארישע דיכטער, און ניט די „קרעכצנדיקע יאָמערנדיקע לידלעך" פון די „זאָגענאנטע ארבעטער־פּאָעטן"* פונעם בונדיסטישן שניט. דערמיט גופא איז שוין אָבער גע־

* באוואוסטער אויסדרוק, וואָס ער ניצט אין זײַנעם אן ארטיקל, ריידנדיק וועגן די אויפגאבן פון דער רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטארישער ליטעראטור.

שטעלט געוואָרן אין טאָג-אָרדענונג די פּראָבלעם פון א רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטארישער ליטעראטור. און אָט ארום דעם קומט פאָר צו יענער צײַט א באלערעוודיקער און גאָר סימפּטאָמאטישער קאמף.

א. רייזען, וואָס פּרווּוט זיך אין זײַנע „עפּיזאָדן פון מײַן לעבן" געגעני ארומריידן אלע גרעסערע און קלענערע פאקטאָרן, וועלכע האָבן מיטגעווירקט אין זײַן אנטוויקלונג, שטעלט זיך אָפּ גאנץ אָפּט אפּ די פאלן, ווען אים איז אויסגעקומען זיך באגעגענען מיט די ווערק פון די עלטערע יידישע רעוואָלוציאָנערע דיכטער אין אמעריקע. די ערשטע באגעגעניש אזא איז פאָרגעקומען נאָך גאָר פרי — אָנהייב 90־ער יאָרן — ווען א. רייזען האָט צום ערשטן מאָל דערהערט זינגען די „דעמלט שפּאָגל נײַע, האגאמ שטארק פארבאָטענע ליד — „מיר ווערן געהאסט און געטריבן" פון עדעלשטאַטן.

„דאן — דערציילט רייזען וועגן יאָר 1891 — האָבן די דאָזיקע לידער ...באלויכטן שוין מיט די שטראלן פון א נײַער באוועגונג, געווירקט מער אפּ מײַן געמיט, ווי אפּ מײַן דעמלטיק שאפן. מײַנע לידער פון יענער צײַט זײַנען געווען מער ליריש און ענג סוביעקטיוו".

ווי באוווסט, זײַנען א. רייזענס שפּעטערדיקע לידער ניט אלעמאָל געווען „ליריש" און „ענג-סוביעקטיוו", און דאָך איז א פאקט, אז אויך אין יענע שפּעטערדיקע לידער פילט זיך ניט וועלכע־עס־איז נאָענטקײַט צו די מאָטיוון פון די עלטערע רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטארישע דיכטער פון אמעריקע. נאָך מער: עס וועט ניט זײַן קיין גוזמע צו זאָגן, אז אין גאנג פון די ווײַטערדיקע יאָרן האָט א. רייזענס באציִונג צו די עלטערע רעוואָלוציאָנערע דיכטער פון אמעריקע אָנגענומען דעם כאראקטער פון א פארשארפטן ווידערשטאנד, עס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן פילן א צוזאמענשטויס פון צוויי סטילן, וואָס אנטשפּרעכן צוויי אין גרונט פארשיידענע קלאסעווע פּאָזיציעס.

ניט אין זײַן זאמלבוך „צוואנציקסטער יאָרהונדערט", וואָס רייזען רעקלאמירט, ווי דאָס ראדיקאלסטע וואָרט פון אָנהייב יאָרהונדערט, ניט אינעם זאמלבוך „פּראָגרעס", און ניט אינעם זשורנאל „דאָס יידישע וואָרט", וואָס האָט געזאָלט ווערן די טריבונע פון די ראַדיקאל־געשטימטע שרײַבער — אין קיין איינער פון די דאָזיקע אויסגאבעס לאָזט זיך ניט הערן א וואָרט וועגן די דיכטער — ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָוושאָווער. אז דאָס איז ניט געווען קיין צופאל,

אז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט א באַוווּסטזיניקער טענדענץ צו איג־נאָרירן די עלטערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער, ווערט קלאָר, ווען מע קוקט זיך צו צו די קריטישע און ביבליאָגראַפישע אָפּטיילן פון די דערמאָנטע רייזענישע אויסגאַבעס. ווען מען דערמאָנט דען ניט א. רייזען, ווען מען פּרוּווט ער דען ניט געבן זײַן אָפּשאַצונג אין זײַנע קריטישע אַרטיקלען. עס פעלן דאָ אויך ניט קיין אַרטיקלען וועגן אַמעריקאַנער שרײַבער (ל. קאָברין). עס פעלט דאָ אפילו ניט קיין אַרטיקל וועגן שרײַבער פון אַנדערשפּראַכיקער ליטעראַטור (מעטער־לינק, הײַערמאַנס). וועגן איינער א רעצענזיע אַף הײַערמאַנס „געטאָ", וואָס א געוויסער אַרבעטער שוסהיים האָט אָפּגעדרוקט אין „יידישן וואָרט", דערציילט רייזען, אַז דאָס איז געווען פאַר אים „אַן אַנט־פּלעקונג". „דאָס האָט באַשטעטיקט — שרײַבט רייזען — די קוויכעס, וואָס ליגן באַהאַלטן אין פאָלק און אין אַרבעטער־מענטשן ביפּראַט."

און אָט דער זעלבער רייזען, וואָס האָט געזען אַן „אַנטפּלעקונג" אין א ליאַדער רעצענזיע־נאָטיץ, געשריבן פון אַן אַרבעטער; דער זעלבער א. רייזען, וואָס האָט נאָך אין זאַמלבוך „פּראָגרעס" געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז גרייט צו קעמפן פאַר א ליטעראַטור, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיטן אַרבעטער־לעבן — דער זעלבער רייזען האָט עס אין משך פון לאַנגע יאָרן געשטעלט א ווידערשטאַנד דעם אַרײַנ־דרינגען פון ווינטשעווסקיס, באָוושאָווערס און עדעלשטאַטס רעוואָליו־ציאָניזירנדיקער ווירקונג אין דער יידישער ליטעראַטור פונעם צאַ־רישן רוסלאַנד.

די זעלבע שטעלונג צו די עלטערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער פון אַמעריקע האָבן פאַרנומען אויך אַנדערע קלייַנבירגערלעכע שרײַ־בער, ווי לעמאָשל מ. טײַטש, וואָס האָט אין 1905 י. אַרויסגעגעבן די אויבן דערמאָנטע לידער־זאַמלונג „בא דער אַרבעט".

מ. טײַטש האָט מיט גרויס פלײַס אָפּגעקליבן די אַרבעטער־מאָ־טיוון, וואָס לאָזן זיך הערן אין דער גאָרער יידישער דיכטונג, געגעבן, אַזוי צו זאָגן, א פּאָעטישן קאַטאַלאָג פון אַלע פּראָפעסיעס, וואָס גילטן באַם יידישן האָרעפּאַשניק, אָפּגעגעבן א היפּש אָרט די בונ־דיסטישע לידער וועגן די זאָקנמאַכערקעס און נייטערקעס, אַרײַנגע־נומען אויך דאָוויד קאַסעלס ווייַנענדיקע פאַבריק־לידער. ווען מע באַ־קאַנט זיך נעענטער מיטן אינהאַלט פון אָט דער לידער־זאַמלונג,

ווארפט זיך טאקע אין די אויגן, אז זי איז דורכויס אויסגעהאלטן אינעם נוסעך פון די בונדיסטישע „קרעכצנדיקע און יאָמערדיקע לידלעך". דער אויסוואל פון די לידער איז געמאכט אזוי, אז פאר די אויגן שטייען בלויז עטנאָגראפיש-טרוקענע דעטאלן פונעם ארבעטער־שטייגער, עס הערט זיך שטענדיק בלויז דער קרעכץ, די האכנאָע פאר דער קאַפּיטאליסטישער אָרדענונג און די מענשעוויסטישע מוירע פאר דער רעוואָליוציע. אין דער גאנצער זאמלונג לאָזט זיך קוים-קוים געפינען א פּאָר אָנצוהערענישן אף ארבעטער־קאמף, אף רעוואָליוציאָנערע שלאכטן, אף דעם קעמפערישן וועג, וואָס עס מאכט דורך דער ארבעטער-קלאס.*

און צו אָט דעם כאראקטער פון דער לידער־זאמלונג ווערן קינסטלעך צוגעפּאסט אויך די פּאָר לידער פון די אמעריקאנער רעוואָליוציאָנערע דיכטער, וואָס זיינען דאָ פארטראָטן. עס איז גענוג צו זאָגן, אז מ. ווינטשעווסקי איז דאָ פאָרגעשטעלט בלויז מיט איין ליד „דריי שוועסטער", באָוושאָווער איז פאָרגעשטעלט מיט איין ליד „דומהייט", עדעלשטאט מיט איין ליד „דער פאל פון באסטיליע". ניט ווינטשעווסקיס קעמפערישע לידער, וואָס מונטערן אוף דעם ארבעטער צו רעוואָליוציאָנערע מאסן־ארויסטרעטונגען; ניט עדעלשטאטס לידער, וואָס קאָנקרעטיזירן אזוי שטארק אי די רעאלע לאָזונגען פונעם רעוואָליוציאָנערן קאמף, אי די רעאלע פיגורן פון די קעמפער; ניט באָוושאָווערס הימנען דער רעוואָליוציע, וואָס באווייזן די ווייטערע פּערספּעקטיוו פון דעם טאָגטעגלעכן קאמף, וועלכן עס פירט דער ארבעטער-קלאס — קיין איינער פון אָט די מאָטיוון האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאנג אין מ. טייטשס זאמלונג. דאָס אלץ ווערט אין מ. טייטשס זאמלונג פארווישט און פארשוויגן. און וויל מען וויסן די עמעסע סיבע פון אָט דער דערשיינונג, פארשפּאָרט מען ווייט צו זוכן. עס איז גענוג איבערצולייענען, וואָס מ. טייטש האָט אין יאָר 1907 געשריבן אלס ענטפער אף אן ארטיקל, ווו דער געוויסער פּויאלעציעניסטישער קריטיקער זערובאָוול האָט זיך דערלויבט צו זאָגן (אף זיין נאציאָנאל-מענשעוויסטישן אויפן, פארשטייט זיך) א פּאָר

* דערקלערן דאָס בלויז מיט צענזור־באדינגונגען לאָזט זיך ניט, מאכמעס צו דער צייט זיינען שוין די צענזור־באדינגונגען געווען מער־ווייניקער גינסטיקער פאר אזעלכע אויסגאבעס.

ווארעמע ווערטער וועגן י. באָוושאָווערן. אָט מיט וואָס מ. טײַטש
האָט דעמלט אָפּגעענטפערט:

„היי, איר, זערובאָווף־קריטיקער, ווי איז צו אײַער ליבע און
צו אײַער האסן, איר זײַט אפּ ביידע זאכן ניט פייק. פייק זײַט
איר נאָר אָנצושמעקן, וואָס אין מארק טוט זיך, אין מארק זײַנען
געשטיגן די פּאפּירן פונעם סאָציאַליזם. דארפ מען ספּעקולירן. דרייט
זיך אונטער באָוושאָווער מיט זײַן „נאָבעלן קאמפּ", צעלייגט איר עס
גלײַך אפּ טעלערלעך... עפּשער מיינט איר מיט אן עמעס, אז דער
איקער פון פּאָעזיע באשטייט אין „נאָבעלן קאמפּ" און ענלעכע פּוס־
טע פראזעס — איז טאקע ווי צו דעם לעזער! אָבער דאָס אלץ איז
א מענטש כאָטש אימשטאנד צו באגרײַפן. דאָס אומבאגרײַפלעכע
הייבט זיך ערשט אָן. ערשטנס, ליטעראַרישע עטיק. וואָס זײַנען דאָס
פאר אן אויסדרוקן: „ער קליאנטשעט ניט קיין ברויט באם רײַכן, ווי
רייזען", „ער איז ניט מעקאנע דעם רײַכן, ווי רייזען". פונוואנען
נעמט זיך די האָזע פון א ליטעראַרישן לאטעלייגער צו אויסדריקן
זיך גראָב וועגן רייזענען דעם שריפטשטעלער, וואָס די יידישע ליטערא־
טור איז מיט אים שטאָלץ? צווייטנס, וואָלט געוועזן גלאט א יוישער,
אז א „קריטיקער" (אפילו אין געוודזנפּיסלעך) זאָל כאָטש אלס א
לעזער א ביסל מער פארשטיין רייזענס לידער. דריטנס, ווי קומט
באָוושאָווער צו דעם יידישן קלאסיקער אווראָם רייזען?"

אונדז אינטערעסירט אין דעם פאל, פארשטייט זיך, ניט די
„ארגומענטאציע" און ניט די „בלומען־שפראך" פון מ. טײַטש, פאר אונדז
איז וויכטיק צו באווײַזן, וואָס פאר א „פּרוכטבארע" ווירקונג דער
בונדיסטישער קאמפּ קעגן דער „טיראניע פון סאָציאַלן גײַסט" האָט
געהאט אפּ די רייזעניסטן. דאָס האָט זיי צוגעגעבן מוט זיך
צו פארפעסטיקן אפּ זייערע קליינבירגערלעכע פּאָזיציעס, נאָך מער:
דאָס האָט זיי באגײַסטערט ארויסצוטרעטן אין אָפענעם קאמפּ קעגן
די עלטערע רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטארישע דיכטער פון אמעריקע.

מ. טײַטשס קעגנשטעלונג רייזען—באָוושאָווער האָט ארויסגעבראכט
אין דער עפנטלעכקײַט דאָס, וואָס האָט אינעם גאנצן פעריאָד 1905—
1907 ניט אופגעהערט זײַן די אקטועלסטע פראגע פאר דער גאנצער
ליטעראטור. די „דיסקוסיע" ארום באָוושאָווערן האָט איידעס געזאָגט,
אז די פּראָבלעם פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור איז געשטעלט

אין טאָג־אָרדענונג און דער קאַמף צווישן די „זאַגענאַנטע אַרבעטער־דיכטער" און די עמעסע פּאָרגייער פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור ווערט א וויכטיקער פאַקטער אין דער גאַנצער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג. ניט האָבנדיק קיין ברייטן צוטריט אינעם צאַרישן רוסלאַנד, הייבט דאָך אָן די אַמעריקאַנער רעוואָליוציאָנערע דיכטונג ווירקן אַף דער סטילן־אויסבילדונג פון דער יידישער ליטעראַטור, הייבט אָן אַקטיוויזירן דעם פּראָצעס פון סאָציאַלער דיפערענציאַציע, וואָס קומט פאָר אין דער ליטעראַטור, מיט איינעם וואָרט, זי ווערט שוין דעמלט א פאַקטער, וואָס דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט, ווען מע באַהאַנדלט דעם ליטעראַרישן וועג פון יעטווידן שרייבער אין יענער עפּאָכע.

## IX

פּונקט צו דער זעלבער צייט, ווען די „זאַגענאַנטע אַרבעטער־פּאָעטן" האָבן אַף פאַרשיידענע אויפאַנים דעקלאַמירט וועגן זייער ליבשאַפט צום „אַרבעטער-ברודער" און זיינען ניט אימשטאַנד געווען אַוועקצושטעלן אי איינע פון די וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס זיינען צו יענער צייט געשטאַנען פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס, האָט זיך אין דער ליטעראַטור באַוויזן א פּאָר שרייבער אַרבעטער, וואָס האָבן מיט זייער אויפטריט געוואָרפן גאָר א נייע שיין אַפן דעמלטיקן צושטאַנד פון דער ליטעראַטור.

א. רייזען וויל אונדז אין זיינע „עפּיזאָדן פון מיין לעבן" פאַרזיכערן, אַז נאָך גאָר בא דער ערשטער באַגעגעניש מיט י. מ. וויסענבערגן (אין 1904־טן יאָר), האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז פון אָט דעם פּראָסטן אַרבעטער — י. מ. וויסענבערג — וועט די יידישע ליטעראַטור ניט נאָר באַרייכערט ווערן מיט נייער ווערק, נאָר וועט אויך באַקומען א נייעם טאָן, א העלערע פאַרב".

ווי קריטיש מיר זאָלן זיך ניט באַציִען צו רייזענס איצטיקע באַהויפּטונגען וועגן זיין שטעלונג צו שרייבער-אַרבעטער צוריק מיט 30 יאָר, מוז מען דאָך אַנערקענען, אַז רייזענס רייד שטימען אין א געוויסער מאָס מיט דער ווירקלעכקייט — אין דעם זינען, וואָס דער אויפטריט פון די ערשטע שרייבער אַרבעטער איז אין דער דעמלטיקער ליטעראַרישער סוויווע געוואָרן בעעמעס א גרויסע אי־

בעראשונג. דער אָפּקלאַנג פון אָט דער איבעראַשונג האָט זיך פאַר־היט אפילו אין דעם ארטיקל, וואָס באַלמאַכשאָוועס האָט געשריבן וועגן ווײַסנבערגן אין 1909־טן יאָר.

„ווײַסנבערג — שרײַבט באַלמאַכשאָוועס — איז א רעטעניש פאַר זײַן ביאָגראַף. איך צווייפל שטארק, צי וועט זײַן ביאָגראַפיע געבן אמאָל א דערקלערונג, פונוואַנען עס האָט זיך גענומען בא אים זײַן טאַלאַנט. דער, וואָס וויל באַווײַזן, אז דאָס קינסטלער־טאַלאַנט איז א גאָטס גאָב און הענגט ניט אָפּ פון רײַכקײַט, בילדונג, דערציִונג אאַוו. — קאָן נעמען אַלס רײַע ווײַסנבערגן".

דער באַטלאָנישער זאַץ וועגן „גאָטס גאָב" באַטײַט קלאָר ניט, אז פאַר גרויס היספּײַלעס האָט באַלמאַכשאָוועס ניט געוווּסט, וויאַזוי אויסצוניצן אין זײַנע אינטערעסן „גאָטס גאָב".

„מע מוז באַוווּנדערן — האָט געשריבן אינעם זעלבן ארטיקל באַלמאַכשאָוועס — דעם קינסטלערישן טאַקט פונעם ארבעטער ווײַ־סנבערג (דען ווײַסנבערג איז ביז פאַרפינפיאָרן געווען א פּאָשעטער ארבעטער), וועלכער לאָזט ניט, אז זײַן קינסטלער־אויג זאָל פאַר־טונקלט ווערן דורך טענדענציעס און אלערליי טעאָריעס, און לאָזט גיין זײַן פעדער לויט דעם טראָפּ נאָר פון לעבן, ווו עס מישן זיך אויס אלערליי פאַרפלאָנטערטע ניגונים, אזוינע ווונדערלעכע און אזוינע טיפע, פיל טיפערע, ווי דאָס קאָן אויסדריקן א געוויסע טעאָריע אָדער א געוויסער פּאָליטישער אנימײַמינ". *

דער רעאַקציאָנערער מיין פון דעם „באַוווּנדערן" ווײַסנבערגס קינסטלערישן טאַקט טרעט דאָ ארויס אָפן און קלאָר: די „באַוווּנ־דערונג" איז דאָ אויסן ניט מער ווי פאַרטעמפּן דעם אידעאָלאָגישן שאַרף פון ווײַסנבערגס ווערק, פאַלסיפיצירן זייער סאָציאַל־פּאָליטישן טאָך און, פאַרופנדיק זיך אָפּ קינסטלערישן טאַקט, אָפּוואַרפן דעם געדאַנק, אז דער שרײַבער דער ארבעטער איז געקומען צו פאַרטרעטן אין דער ליטעראַטור א „געוויסע טעאָ־ריע", „א געוויסן פּאָליטישן אנימײַמינ".

ווי איז דאָס אָבער געווען אינדערעמעסן? האָבן די ערשטע פּאַר שרײַבער־ארבעטער, וואָס האָבן ערעוו 1905 זיך באַוויזן אין

* „דער פריינד", 1909, נומ. 126.

דער ליטעראטור טאקע אזוי געווײַכט פונ א „געוויסנ פּאָליטישנ אני־מײַמינ״? האָבנ זײ טאקע אזוי מוירע געהאט זײער „קינסטלער־אויג זאָל ווערנ פארטונקלט דורכ טענדענציעס אונ אלערלײ טעאָריעס״?

די דאָזיקע פראגע דארפ באזונדערס געשטעלט ווערנ בנוגע ב. שאפירנ, וועמענ די קלײנבירגערלעכע קריטיק וויל פּאָרשטעלנ, ווי א „פּאָלקס-דיכטער״, א שרײַבער מיט א הונדערט פּראָצענטיקער „אומשולד״ אינ געביט פונ אלערלײ צײַט־פראגנ אונ צײַט־פּראָבלעמענ. „ב. שאפיר איז געווענ דאָס שטילע, פּרימיטיווע, נאָר הארציקע פּאָלקס-געזאנג, שרײַבט מענ אינ דער ווארשעווער „ביכערוועלט״ (1922 נומ 5—4). ס'איז דערפאר פאר אימ פרעמד אלצ, וואָס רוישט, וואָס קעמפט וואָס וויל איבערקערנ די מײַסע בערײשיס... שאפיר איז אויכ א דערציילער געווענ. אונ אויכ דאָ איז ער געבליבנ דער זעלבער נאַיווער הארציקער פּאָלקסמענטש. דאָס איז ניט קײנ בעלעטריסטיק, וואָס האָט צו טאָנ מיט לעבנס-פּראָבלעמענ... ס'איז נאַיווע, אָבער ערלעכע, הארציקע פּאָלקסדיכטונג״...

עס איז גענוג א לײענ טאָנ בלויז אײניקע פראגמענטנ פונ דער דערציילונג „דער בריוו״, וואָס געהער, קאָנטיק, צו ב. שאפירס ערשטע פּראָזע-ווערק, קעדײ זיכ צו איבערצײַגנ, אז די יידישיסטישע קריטיק פאלסיפיצירט דעמ סאָציאל־פּאָליטישנ טאָכ פונ שאפירס ווערק. די דערציילונג איז געבויט אפ גאָר פרישנ, אקטועלנ מאטעריאל. נאָכ אײדער די רוסיש-יאפּאָנישע מילכאָמע איז פארענדיקט, שרײַבט שוינ ב. שאפיר זײַנ דערציילונג, וואָס איז פארבונדנ מיט דער מילכאָמע־טעמאטיק. נאָכ אײדער דער אײַנדרוק פונ די ערשטע פּאָגראָמענ ערעוו 1905 י. איז אדורכ, נעמט ב. שאפיר אינ זײַנ דערציילונג באארבעטנ א פּאָגראָמ־מאָטיוו. נאָכ מער: שאפירס דערציילונג „דער בריוו״ איז אינ גרונט גענומענ, געווענדט קעגנ דער הויפּט־טענדענצ פונ די נאציאָנאליסטישע פּאָגראָמ-ווערק, וואָס האָבנ צו יענער צײַט פארפלייצט די יידישע ליטעראטור.

מיר האָבנ דאָ ניט קײנ מעגלעכקײַט זיכ אָפּצושטעלנ גענוי אפ דעמ צוגאנג צו דער פּאָגראָמ־טעמע, וואָס האָט געוועלטיקט אינ דער דעמאָלטיקער קלײנבירגערלעכער ליטעראטור, פאר אונדז איז אָבער וויכטיק צו פארצײכענענ דעמ פאקט, אז ב. שאפירס „דער

בריוו״ — קימאט דער ערשטער ליטעראַרישער דעביוט זײַנער — שטעלט מיט זיך פֿאָר א דערציילונג, ווו דער אינטערנאַציאָנאַלער מאָטיוו — ווי שוואך און אָנפאנגעריש ער זאָל ניט זײַן אויסגעדריקט — באשטימט דעם גרונט-אינהאַלט פונעם ווערק, וואָס איז געשריבן אפ א גאנץ אקטועלער טעמע פון יענער צײַט.

ניט ווייניקער כאראקטעריסטיש איז אין דעם זינען א צווייטע אָנפאנגערישע דערציילונג שאפּירס: „כאַים-בער״. די טעמע פון דער דערציילונג „כאַים-בער״ דארף אויך באטראכט ווערן, ווי איינע פון די אקטועלע טעמעס צו יענער צײַט. דערציילט דערציילט זיך דאָ וועגן איינעם א שטעטל-ייִד, — א דורכשניטלעכע געשטאַלט פון אן אָרעמען קליין־קרעמער, — וואָס האָט געפּרוווט אנטלויפן פון זײַן לעבנסלאנגער דאכקעס, איז געקומען קיין אָדעס און מאכט דורך דאָ אַלע עטאפּן אפ צו פּראָלעטאריזירט ווערן. פאר דעם לייענער ווערט דורכגעפירט א ריי עפּיזאָדן פון אָדעסער לעבן, עס ווערט באוויזן, ווי דער ייִד כאַים־בער שטויסט זיך אָן פון טאָג צו טאָג אפ גרויסע שוועריקײַטן, ער זינקט צײַטנווײַז אין אָנמאכט און דער-שלאָגנקײַט, ער ווייסט אָבער, אז צוריק אין שטעטל, צו זײַן קלייטל וועט ער זיך שוין ניט אומקערן. אָט אָ דער אײַנרײַס מיטן קלייטל-שטייגער ציט עס צו שאפּירס אופמערקזאמקײַט. * דאָס בילד פון דער קלייטל־עקזיסטענץ גייט נאָך שאפּירן, ווי א קאָשמאר, א

---

* עס איז קעדיי צו פארצייכענען, אז אין דעם איין־איינציקן בריוו שאפּירס, וואָס האָט זיך פארהיט פון יענער צײַט, (דער בריוו איז געשריבן צו יוינע ראָזענ־פעלדן, דאטירט 24/IV 1906) טרעפן מיר אויך די פאָלגנדיקע, גאנץ כאראקטעריסטישע טיראַדע וועגן דעם קלייטל:

„אַ, נו, פּרווו נאָר, מײַן טייערער באָכער, האָב האנאָע, זעץ זיך אנידער אין א קלייטל פון שפּייז. שטיי אופ אינדערפרי, הויב אָן וועגן פאר א קאָפּעקע מאָן, פאר צוויי — צוקער, ווערעמקרויט. דערבײַ שווער זיך: אזא יאָר זאָל איך האָבן כאנציע־מירעלע, וואָס פאר א זויערזאלצ איך גיב אײַך... לופטער דײַנ שפּראַך מיט יענטעס, דוואָסיעס, פייגעס, הער צו קלאָגן זיך אפ א שלעכטן מאן, אפ א ניט־געראָטענעם באָרשטש, אפ א שלעכט געזייערטער אוגערקע, הער נאָך דערבײַ אַלע ווײַלע א קוויטשערײַ פון דײַנ ווײַבעלע: „שמערל, זאָג דער קאַץ אַקאָטע, זי טרינקט אויס די מילך!..״ פאַל צו צום געלעגער ארום צוועלף באנאכט, א פארמאטערטער, מיט א הארץ פול מיט ווײַבערשן נידנעכץ, מיט א פולן קאָפּ עקלדיקן ווײַבערשן געפּילדער...

... אָ, עס זאָל דיר אזוי גודיען, ווי מיר גודיעט די ווירקלעכע פאנטאזיע...״

„ווירקלעכע פאנטאזיע" (שאפירס אויסדרוק), וואָס נודיעט און פּייַ-
ניקט אים און זייַנע העלדן. דערפאר פארנעמט אזא אָנגעזעענע אָרט
אין דער דערציילונג „כאַים־בער" יענער עפּיזאָד, ווען כאַים־בער
באגעגנט זיך אפּ די אָדעסער גאסן מיט זייַנעם א בען-איר, דעם
יונגן זעליקן, וואָס געפינט זיך שוין אין אָדעס העכער פיר יאָר,
האָט פאר די יאָרן באוויזן דורכצומאכן אייניקע עטאפּן אפן וועג צום
פּראָלעטאריזירט ווערן, און ארבעט איצט, ווי א שווארצארבעטער,
אין ברויט־האפן. אָט דער יונג זעליק גיט עס פּלוצעם א ווענד
זיך צו כאַים-בערן:

— ווי דען מיינסטו, ברודער, אָדעס אנדערשט איבער! ס'איז
אָדעס! — האָט זעליק עפּעס מיט א מין מאָדנע טאָן ארויסגעזאָגט
די ווערטער „ס'איז אָדעס".

אין זעליקס ווערטער איז ווירקלעך צו יענער צייַט געווען „עפּעס
מאָדנעס". און ניט בלויז אין זעליקס ווערטער, נאָר אויך אין ב.
שאפּירס סאָלידאריזירן זיך מיט אים, ווי דאָס פילט זיך דייַטלעך
אין דער דערציילונג. „מאָדנע" איז עס געווען פונעם שטאנדפּונקט
פון דער דעמאָלטיקער קליינבירגערלעכער ליטעראטור, וואָס האָט גאָר
אנדערש געקוקט אפּ די פּראָצעסן, וועלכע ב. שאפּיר האָט באריִרט
מיט זייַן דערציילונג „כאַים־בער".

אז אָדעס איז אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן געווען דער
צוציִונג־פּונקט פאר דעם עקאָנאָמיש-רויִנירטן קליינבירגערטום, האָט
מען אין דער ייִדישער ליטעראטור אָנגעהויבן באמערקן שוין גאָר
לאנג — נאָך אין די 60-ער יאָרן. שוין דעמלט, מיט דער פאר-
שטארקונג פון דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג, וואָס פארגיכערט
אויך דעם פּראָצעס פון עקאָנאָמישער דעגראדאציע אין דער סוויווע
פונעם ייִדישן קליינבירגערטום, הייבן אָן צו אָדעס זיך ציִען פון
קלענערע שטעט און שטעטלעך די מער איניציִאטיוו־דייַכע און אונ-
טערנעמערישע פּארשטייער פון דעם קליינבירגערטום. די ערשטע
בילדער, וואָס שילדערן נאָך גאָר די אָנפאנג־סטאדיע פון אָט דעם
פּראָצעס, קאָן מען טרעפן אין דער בעלעטריסטיק, וואָס האָט זיך
געדרוקט אינעם אָדעסער זשורנאל „דער קאָל מעוואסער" אין די
60־ער יאָרן. שאָלעם אלייכעמ האָט, ווי באוווסט, אָט די גאנצע
פּאָרארבעט פון די עלטערע שרייַבער אפּ א העכסט-מייַסטערישן

אויפֿן פֿאַרסאַכאַקלט אין זײַן בוך „מענאַכעם-מענדל“, ווו ער האָט די געשיכטע פֿון אַ „שלימאַזל“, אַ „אײַדעמל“ אויפֿגעהויבן אויף דער הייך פֿון אַ גרויסן סאָציאַל־אָנגעזעטיקטן קונסט־ווערק. עס איז אָבער ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, אַז שאָלעם־אַלייכעם, האַגאַם ער האָט ניט געקאַרגט צו דערציילן וועגן די מינדסטע עפּיזאָדן, וואָס פּאַסירן מיטן פֿאַראָרעמטן קאַסרילעווקער קליינבירגער אין דער שטאָט אָדעס, האָט ער דאָך ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק אַפֿילו צו דערמאָנען וועגן דעם פֿאַקט, ווען דער פֿאַראָרעמטער קאַסרילעווקער קליינבירגער מאַכט דורך אין אָדעס זײַן עוואָליוציע ניט אין דער ריכטונג פֿון דער בירזשע, נאָר אין דער ריכטונג פֿון פֿאַבריק. און אַזעלכע פֿאַלן זײַ-נען דאָך צו יענער צײַט אין אָדעס, ווי אויך אין אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געהאַט אַ געוויסע אינדוסטריע, ניט געווען קיין זעלטנ־הײַט. די אָדעסער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, ווי קליין עס איז ניט געווען זייער פֿאַרנעם, זײַנען זיי דאָך געוואָקסן מיט אַ גאַנצן אינטענסיוון טעמפּ און דערבײַ אין אַ געוויסער מאָס אויך אויפֿן כעזשבן פֿון דעם פֿאַראָרעמטן ייִדישן קליינבירגער, וואָס איז געפֿאַלן פֿונעם שטעטל. פֿאַרזען דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט שאָלעם-אַלייכעם ניט געקאָנט. ער האָט אים בלויז געקאָנט באַוווסטזיניק איגנאָרירן. און אַזוי האָט ווירקלעך געטאָן ניט בלויז שאָלעם־אַלייכעם, נאָר די גאָרע קליינבירגערלעכע ליטעראַטור ערעוו 1905 י. אַפֿילו דעמלט, ווען מע האָט אין דער ליטעראַטור געהערט שטימען וועגן דער נייטיקייט צו דערנענטערן דעם שרײַבער צום אַרבעטער־לעבן, האָט דאָך אין דער קליינבירגערלעכער ליטעראַטור ניט אויפֿגעהערט גילטן די „טראַדיציע“ צו איגנאָרירן די פֿאַבריק־סוויווע, ווײַל עס האָט שוין צו דער צײַט געפּלייצט אַ היפּשער שטראָם אַרויסגעשלאָגענע פֿון אַלע פּאָזיציעס, פֿאַרצווייפֿלטע, ביז לעצט פֿאַראָרעמטע קליינביר-גער פֿון שטאָט און פֿון שטעטל.

ב. שאַפּירן געהער דער פֿאַרדינסט, וואָס ער האָט דער ערשטער קינסטלעריש פֿיקסירט אָט די נײַע געשטאַלטן. ער האָט פֿון ווערק צו ווערק ניט אויפֿגעהערט צו דערמאָנען וועגן זיי, געפּרוּווט פֿון פֿאַר־שיידענע זײַטן צו זיי צוגיין, באַלויכטן פֿאַרשיידענע עטאַפּן פֿון זייער עוואָליוציע און דערמיט גופֿע אונטערשטרײַכן, אַז דאָ האָבן מיר פֿאַר זיך אַ באַדײַטנדיקן סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּראָצעס.

„אָדעס אנדערשט איבער!“ — אָט דאָס איז אפ א לענגערער צײַט געוואָרן דער לייטמאָטיוו פון ב. שאפירס ווערק און געמיינט האָט דערבײַ ב. שאפיר ניט די שאָלעם־אליייכעמשע אָדעס, מיט די „פאנקאָני“, מיט די „סאָדערזשאנקעס“ און מיט דער בירזשע — געמיינט האָט ער מיט זײַנע ווערטער א צווייטע אָדעס, די אָדעסער פאבריק־פאָרשטעט, ווו דער אנטלאָפענער פון דער עקאָנאָמישער דעגראדאציע שטעטל־ייִד פרווט זיך ראטעווען שוין ניט מיט דער הילף פון „סטאלאזשן“ און „פאפירלעך“, נאָר מיט דער קאטערזשנער מי אף דער קאפיטאליסטישער אונטערנעמונג. אָט אהער זײַנען א לענגערע צײַט געווען געווענדט ב. שאפירס בליקן, אָט אהער האָט עס געצילט זײַן האָפערדיק־אָפטימיסטישער זאץ „אָדעס אנדערשט איבער“.

X

נאָכשפירן, וויִאזוי „אָדעס אנדערשט איבער“, ד. ה. ווי די אָדעסער פאבריק־סוויִוּוע דערציט דעם אָקאָרשט־פראָלעטאריזירטן און האלב־פראָלעטאריזירטן שטעטלשן קליינבירגער — אָט דאָס איז די גרונט־אויפגאבע, וואָס שטייט אין צענטער פון ב. שאפירס דערציילונגען, געשריבן אינעם פעריִאָד 1905 — 1907. אין דער דערציילונג „א פרעמדער“, אין דער דערציילונג „ווידער אין פאבריק“, אין דעם מאָנאָלאָג „איך בין שוין מער — ניט איך“ און אפילע אין „אוורעמל שוסטער“, וואָס די ייִדישיסטישע קריטיק האָט אין דעם געוואָלט זען בלויז א געשיכטע פון א „פריילעכן קאפצן“ — אומעטום, אין אלע די דאָזיקע דערציילונגען איז דער גרונט־אינהאלט אזוי אָדער אנדערש פארבונדן מיט דער פאבריק־טעמאטיק. אין דעם פאקט, וואָס ב. שאפיר איז אזוי פארכאפט פון אָט דער טעמאטיק, דארף מען קלאָר ניט זען די ווירקונג פון דער געוויסער ליטערארישער מאָדע, וואָס איז אויפגעשווומען דעמלט, דער מאָדע צו האלטן פון ד. פינסקיס ווערק.

ד. פינסקי, וואָס האָט ווירקלעך דער ערשטער אין דער ייִדישער קליינבירגערלעכער ליטעראטור פון צארישן רוסלאנד אָנגעהויבן באוויַזן ארבעטער־געשטאלטן, האָט דאָך מיט דער פאבריק־סוויווע, אלס אזעלכער, ווייניק וואָס צו טאָן. אפילע אין פינסקיס „ערעוו־יאָנקיפער“ — דער איינציקער דערציילונג, ווו עס ווערט שוין יאָ דערמאָנט

די פאבריק, קומט דאָך פאָר די האנדלונג ניט אינווייניק אין דער פאבריק בייס דער ארבעט, נאָר אין דער אָפּרוצײַט אפן פאבריק-הויף.

דאָס זעלבע אין דער דערציילונג „מע ווארט", ווו די האנדלונג הייבט זיך אָן פרײַטיק פארנאכט, ווען די ארבעטער האָבן שוין געענדיקט זייער ארבעט. עס זעט זיך אין די דאָזיקע דערציילונגען, ווי פינסקי מײַדט אויס צו שילדערן דעם פאבריק-שטייגער, מײַדט אויס צוצוגיין צום ארבעט-פּראָצעס גופא.

פארבלײַבנדיק געטרײַ דער סאָציאָלער נאטור פון א קליינביר-גערלעכן אינטעליגענט, וואָס לאָזט זיך אראָפּ אפ א ווײַלע „אין דער נידער", האָט ד. פינסקי אין דער ארבעטער-סוויווע דערזען בלויז אייניקע פארוויקלטע פסיכאָלאָגישע סיטואציעס („דראבקין"), דערזען דעם פסיכאָלאָגישן צושטאנד פון די ארבעטער אין דער ספּעציפישער ערעוו-יאָנקיפּער-אטמאָספער („ערעוו יאָנקיפּער"), נאָכגעשפּירט די אנטוויקלונג פונעם „טיפ-פסיכאָלאָגישן" קאָנפליקט אין דער שטוב בא דעם שמיד (אין דער פיעסע „יאנקל דער שמיד") — ד. פינסקי האָט ביכלאל געזוכט מער די „פסיכאָלאָגיע" פונעם ארבעטער-לעבן — די „סאָציאָלאָגיע" האָט אים ווייניקער, א סאך ווייניקער אינטערעסירט. דעריבער האָט עס געקאָנט טרעפן, וואָס ד. פינסקי שילדערט לאַכלוטן ניט די אייגנטלעכע פאבריק-סוויווע, ער מאכט ניט דעם מינדסטן פּרווו צו ווײַזן די אטמאָספער פון ארבעטערשן צוזאמענלעבן אין די באדינגונגען פון שווערער קאטאָרזשנער מי, וואָס אי זי דערשלאָגט און דערנידעריקט אי זי „אנדערשט איבער", אָרגאניזירט און פארהארטעוועט דעם רעוואָליוציאָנערן ווילן פונעם ארבעטער אין דער קאפּיטאליסטישער אונטערנעמונג. אָט אָ די גרונט-פּראָבלעם, וואָס איז פארבונדן מיט דער שילדערונג פון דער פאבריק-סוויווע, עקזיסטירן ניט פאר ד. פינסקין. און עס איז קיין וואונדער ניט: פאר אים עקזיסטירט ביכלאל ניט די פאבריק, אלס אזעלכע. ער איז דאָ א פרעמדער, א זײַטיקער מענטש, וואָס פארמאָגט ניט דעם וויסן און דעם אינטערעס צו דער פאבריק.

ב. שאפירס שילדערונג פון דער פאבריק־סוויווע צייכנט זיך אויס פריִער פאר אלץ דערמיט, וואָס די פאבריק ווערט דאָ געגעבן דורך א מענטשן, וועלכער געפינט זיך אינווייניק, אין דער פאבריק גופא.

עמעס, עס פילט זיכ גאנצ אָפט, אז קיינ טיפערע וואָרצלענ האָט נאָכ ב. שאפיר אינ דער פאבריק ניט געלאָזט. ניט געקוקט דערופ איז אָבער דער צוגאנג צו דער פאבריק-סוויווע בא שאפירנ שוינ אזא אומיטלבאר-נאָענטער, דער אינטערעס צו איר אזא געזונטער אונ די באקאנטשאפט מיט איר אזא גרינטלעכע, אז דאָס גיט דאָס רעכט צו רעכענענ ב. שאפירס דערציילונגענ פאר די ערשטע פאבריק-דערציילונגענ אינ דער יידישער ליטעראטור.

אפנ ערשטנ אָרט אינ ב. שאפירס פאבריק-דערציילונגענ שטייט, געוויינלעכ, די שילדערונג פונ דער שווערער עקספלואטאציע. מיר באגעגענענ זיכ דערמיט נאָכ אינ דער דערציילונג „כאימ-בער“.

„סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער אָפּגעזוכט א פלאצ ווו צו ארבעטנ. דאָס איז א קליינ פאבריקל, ווו מע מאכט פראָסטע זייפ. אונ כאימ-בערס ארבעט איז: טראָגנ מיט איינעמ א גוי, וועלכער ארבעט שוינ דאָרט לאנג, פונ דעמ סארײַ, ווו עס קאָכט זיכ די זייפ, אינ א צווייטנ, ווו מע גיסט די זייפ אינ פאָרמעס, א גרויסנ אושאט מיט צעקאָכטער זייפ. פונ גאנצפרי ביז שפעט אינ דער נאכט האָט ער אזוי געדארפט טראָגנ אפ די אקסלענ דעמ אושאט, נאָכלויפנ דעמ גוי, ווײַל דער גוי איז א גיכער ארבעטער אונ האָט ליב געהאט מיט דעמ אושאט זייפ אפ דעמ אקסל צו לויפנ אונ זיכ צוזינגענ א לידל אונטער דער נאָז. אונ פאר דער ארבעט האָט כאימ-בער באקומענ זעכציק קאָפּעקעס א טאָג“.

די גענויקײַט פונ דער ארבעט-באשרײַבונג, דער אויסגעשפראָכענער אינטערעס צו די ארבעט-פראָצעסנ אונ ארבעט-באדינגונגענ לאָזט זיכ מערקנ ניט בלויז אינ דער דערציילונג „כאימ-בער“. דאָס גייט דורכ אלע פאבריק-דערציילונגענ שאפירס.

„אינ פאבריק איז הייס, דושנע, קוימ וואָס מע עטעמט, ווי עס וואָלט ליגנ אפ די ארבעטער אונ ארבעטערנס א שווערע מאסע, וועלכע דריקט אונ קוועטשט ארויס פונ זייערע לײַבער הייסנ, קויטיקנ שווייס... די פענצטער, וועלכע זײַנענ באשלאָגנ פונדרויסנ מיט דראָטענע רעשאָטקעס, אָנגעזשאווערטע, שטויביקע, באהאנגענ מיט שפינוועבס — זײַנענ צוגעמאכט, ווײַל פונ דער דרויסנ-לופט טריקנט שטארקט דער טיטונ אונ דאָס ווילט זיכ קיינעמ ניט: ער איז אזוי אויכ טרוקנ, קימאט צעריבנ אפ שטויב אונ איז שווער צו דער ארבעט. אימ

פּײַכט מאכנ מיט א ביסל וואסער — לאָזט דער „מײַסטער" ניט, ווײַל די פּאפּיראָסנ שימלענ, זאָגט ער, נאכער אינ די שאכטלענ. אי־בער דעם איז אויבנ, אינ דער פאבריק, קײנ וואסער ניטאָ אונ וועג עמעצער פונ די ארבעטער וויל א טרונק וואסער — דאָס מאכט זיך פיל מאָל אינעמ הײסנ זומער־טאָג — מוז ער אָפּצײלנ הונדערט מיט צוועלפ טרעפּ, אראָפּלויפנדיק פונעמ פערטנ שטאָק אונטנ, דאָרט א טרונק טאָנ"...

ווענ מע לײענט אָט די שטעלנ אינ ב. שאפּירס פאבריק־דער־צײלונגענ, ווערט קלאָר, אז דאָ האָבנ מיר צו טאָנ מיט א געוויסער קינסטלערישער פאָרמאציע פונ יענער „דעמאסקירונג־ליטעראטור", וואָס פלעגט צו יענער צײַט אומגײנ איבער פאבריקנ אונ זאוואָדנ אינ דער פאָרמ פונ בלעטלעך, צונויפגעשטעלט פונ ארבעטערשע נאָטיצנ.

„די דאָזיקע „דעמאסקירונג־ליטעראטור" — שרײַבט לעניג — האָט ארויסגערופנ א קאָלאָסאלע סענסאציע ניט נאָר אפ דער פאבריק, וועמעס פּאָראָנדקעס דאָס געגעבענע בלעטל האָט געשמיסנ, נאָר אויך אינ אלע פאבריקנ, ווו מע האָט עפּעס־וואָס געהערט וועגנ די אופ־געדעקטע פאקטנ. אונ ווײַל די נויטנ אונ לײדנ פונ די ארבעטער פונ פארשײדענע אונטערנעמונגענ אונ פארשײדענע פּראָפעסיעס האָבנ צווישנ זיך א סאך געמײנזאמעס, האָט דער „עמעס וועגנ דעמ ארבעטער־לעבנ" אנציקט אלעמענ. צווישנ די סאמע אָפּגעשטאנענסטע ארבעטער האָט זיך אנטוויקלט אנ עמעסע לײדנשאפט „זיך צו דרוקנ", אנ אײ־דעלע לײדנשאפט צו דער דאָזיקער עמבריאָנעלער פאָרמ פונ מיל־כאָמע מיט דער מאָדערנער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וואָס איז געבויט אפ רויב אונ אונטערדריקונג".*

ב. שאפּירס פאבריק־דערצײלונגענ זײַנענ בעלישומסאָפעק אָנגעהויכס מיט די זעלבע סטימולנ, וואָס האָבנ ארויסגערופנ צומ לעבנ די „דעמאסקירונג־ליטעראטור". דעמאסקירנ די „מעדיצינישע הילפ" אינ דער קאפּיטאליסטישער אונטערנעמונג („א פרעמדער"), באווײַזנ דעמ פאבריק־באלעבאָס, וואָס זוכט מיט אלע מיטלענ צו דערנידעריקנ דעמ ארבעטערס מענטשנ־ווערדע („א פרעמדער"), דעמאסקירנ דעמ „מײַ־סטער", וואָס פאָדערט בראָנפנ־געלט באמ אכצניאָריקנ יאָסקענ („ווי־

* לעניג, ווערק, ב. V, ז. 162, אויסגאבע 1924.

דער אין פֿאַבריק״), אויסלאַכן דעם אַרבעטער, וואָס טרוימט צו ווערן אַ מײַסטער („איך בין שוין מער ניט איך״), באַווײַזן די אומדער־טרעגלעכע באַדינגונגען פֿון אַרבעט אין אַ פֿאַרשטויבטער, דורכויס פֿאַרשפּאַרטער געבײַדע — אָט דאָס איז דער באַרוף פֿון די פֿאַבריק־שילדערונגען באַ שאַפּירן. דער דראַנג צו זאָגן דעם „עמעס וועגן דעם אַרבעטער־לעבן״ — אָט דאָס איז די טרײַבקראַפֿט פֿון אַלע די דאָזיקע טרוקן־גענויע באַשרײַבונגען. עס טרעפֿן פֿאַלן, ווען די דעמאַסקירונג ווערט געמאַכט ניט אין דער פֿאָרם פֿון לאַנגע, גענויע באַשרײַבונגען. טײלמאָל, ווי אין דער דערצײלונג „אַ פֿרעמדער״, גיט שאַפּיר בלויז קורצע, לאַקאָנישע פֿאַבריק־שילדערונגען, אײַנגעפּאַסט אינעם דיאַלאָג פֿונעם אַרבעטער. אָבער אויך די דאָזיקע קירצערע שילדערונגען, וואָס זעען אויס, ווי דראַמאַטורגישע רעמאַרקעס, זײַנען דאָך ניט ווייניקער אָנגעהויכט מיט אָט דעם שטרעבן אומבאַדינגט צו זאָגן דעם גאַנצן „עמעס וועגן דעם אַרבעטער־לעבן״, באַווײַזן די אומגעהייער־פּײַנלעכע אַרבעט־באַדינגונגען, די שווערע קאַטאָרזשנע מי אַפֿ דער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמונג.

## XI

די „דעמאַסקירונג־ליטעראַטור״, וואָס האָט ערעוו 1905 אַזוי שטאַרק אויסגענומען באַ די ברייטע קרײַזן אַרבעטערשאַפֿט, איז פֿאָרט געווען, ווי לענין דריקט זיך אויס, בלויז די „עמבריאָנעלע פֿאָרם״ פֿון יענעם קאַמף, וואָס איז פֿאָרגעשטאַנען דעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס. דער אַוואַנגאַרד פֿונעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס האָט קלאָר און דײַטלעך געזען אויך די געפֿאַר, וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן קולטיווירן אָט דעם מין „דעמאַסקירונג־ליטעראַטור״, די געפֿאַר פֿון „עקאָנאָמיזם״, וואָס וויל ניט וויסן, אַז דער אַרבעטער־קלאַס פֿירט זײַן קאַמף „ניט בלויז פֿאַר גינסטיקע באַדינגונגען פֿון פֿאַרקויפֿן די אַרבעטקראַפֿט, נאָר אויך פֿאַר דער פֿאַרניכטונג פֿון יענער געזעל־שאַפֿטלעכער אָרדענונג, וואָס צווינגט די אומפֿאַרמעגלעכע זיך פֿאַר־קויפֿן צו די רײַכע״.*

* לענין. ווערק. ב. V, ז. 163, אויסגאַבע 1924.

אָט די געפאר, וועלכע האָט געדראָעט דער „דעמאסקירונג“-ליטעראטור, וואָס איז באשאפן געוואָרן פון קלענערע ארבעטער־נאָטיצן, האָט ניט אויסגעמיטן אויך ב. שאפיר אין זײַנע פאבריק־דערציילונגען. אופנעמענ דעם „עמעס וועגן דעם ארבעטערס לעבן“ באם שײַן פון די ברייטערע סאָציאַל־פּאָליטישע אופגאבעס־וואָס שטייען פארן ארבעטער־קלאס, אופהייבן דאָס בילד פונעם קלאסנקאמפּ אפ אזא הייך, אז עס זאָל ניט פארטרונקען ווערן אינעם שלאל קליינלעכע דעטאלן פונעם ארבעטער־לעבן, ביכלאל, אופהייבן די שילדערונג פונעם ארבעטער-לעבן אפ דער הייך פון פּראָלעטארישער ליטעראטור — איז ב. שאפיר ניט געווען אימשטאנד. און דאָס לאָזט זיך וויסן אין אלע זײַנע פאבריק־דערציילונגען.

אין דער דערציילונג „א פרעמדער“, וואָס איז אין אידעאָלאָגיש־קינסטלערישן זינען עטוואָס רײַפער פון דער אָנפאנגערישער דערציילונג „כאִים־בער“, האָבן מיר, אין פלוג, די זעלבע סיטואציע, וואָס אין „כאִים־בער“. יאָנע, דער העלד פון דער דערציילונג „א פרעמדער“ האָט דורכגעמאכט קימאט דעם זעלבן וועג צו דער פאבריק.

„געקומען איז ער פון א קליין שטעטל, ווו ער האָט געארבעט פרוכטן פון גיפס און צופעליק זיך אויסגעלערנט מאכן פּאפּיראָסן. נאָך פון ביידע מעלאָכעס איז אים מיט זײַן מוטער אויסגעקומען צו הונגערן אין דעם קליינעם שטעטל, ווו די מעלאָכעס גייען וויניק אָן — — — — — האָט אים א צי געטאָן צו דער גרויסער שטאָט און ער איז אוועק, צוזאָגנדיק דער מאמען, אז ער וועט זי מיט גאָטס הילפ ניט לאָזן פאלן. און אָט איצט, נאָך א לאנגן זוכן און זיך נאָכפרעגן, האָט ער באקומען א פרײַען פלאץ בא טעמעיאָגלעס אין פאבריק, ווו ער איז איצט געקומען דאָס ערשטע מאָל צו דער ארבעט“.

מיר האָבן דאָ מער ניט ווי א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פון דעם מאָטיוו, וואָס ליגט אין גרונט פון דער דערציילונג „כאִים-בער“. דאָס נײַע, וואָס מיר טרעפן אין דער דערציילונג „א פרעמדער“, הייבט זיך אָן ערשט מיט יאָנעס באגעגעניש מיט דער גרופּע אָרגאניזירטע, רעוואָליוציאָנער־געשטימטע ארבעטער, וואָס געפינען זיך אין דער זעלבער פאבריק. אי יאָסעלע מארטשאק, אי זעליקל קאדעט, אי דאָווידל באָמביסט, ווי סכעמאטיש די דאָזיקע פיגורן זײַנען ניט גע־

צייכנט, זאָגן זיי דאָך איידעס, אז שאפיר זעט, ווי אין דער ארבע־
טער־סוויווע קומט פאָר א פארשארפטער דיפערענצירונג־פראָצעס, וואָס
האָט שוין אויסגעטיילט א גרופּע רעוואָליוציאָנער־געשטימטע ארבעטער,
וועלכע פירט אויס לויטן אופטראָג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער
פּארטיי א געוויסע פּאָליטישע ארבעט אין דער פאבריק.

ב. שאפיר גיט זיך ניט אָפּ גענויער מיט די געשטאלטן פון די
סאָציאַל־דעמאָקראטן, ער שילדערט זייער רעוואָליוציאָנערן קאמף בלויז
פארביַיגייענדיק. אָבער די טעמע פון דער דערציילונג איז ענג פאר־
בונדן מיט דעם עצעם רעוואָליוציאָנערן קאמף. די טעמע פון דער
דערציילונג איז: דער פּראָצעס פון דערנעענטערן זיך צו דער רע־
וואָליוציאָנערער באוועגונג בא די אָקאָרשט־פּראָלעטאריזירטע שטעטלשע
קליינבירגער, וואָס האָבן ערשט ניט לאנג געשטעלט זיך אפ ארבעט
אין דער פאבריק.

אָט די טעמע פון דער דערציילונג „א פרעמדער", ווי פּרימיטיוו
זי איז ניט פאנאנדערגעארבעט, איז זי דאָך סימפּטאָמאטיש דערמיט,
וואָס זי שטעלט אוועק די פּראָבלעם „אָדעס אנדערשט איבער" גאָר
אין אן אנדער שיַין. שאפיר וויַיזט דאָ ארויס אן אויסגעשפּראָכענע
טענדענץ צו שילדערן די רעוואָליוציאָניזירנדיקע באדיַיטונג פון דער
פאבריק־סוויווע, די דערוואכונג פונעם ארבעטערס באוווסטזיַין אין דער
אַטמאָספער פון דער קאפּיטאליסטישער פאבריק. אזא טענדענץ, ווען
זי זאָל געווען וויַיטער אנטוויקלט ווערן, וואָלט זי זיכער געקאָנט
אופהייבן שאפירס ערשטע דערציילונגען העכער פון יענער פּרימיטי־
ווער „דעמאסקירונג־ליטעראטור", וואָס אין איר גיַיסט זיַינען אויסגע־
האלטן דאָסראָוו שאפירס פאבריק־שילדערונגען. דערצו איז אָבער
נייטיק געווען, אז שאפיר זאָל באנעמען די רעוואָליוציאָניזירנדיקע
באדיַיטונג פון דער פאבריק־סוויווע אין דער גאָרער טיף, עס איז
נייטיק געווען, אז ער זאָל צו די איינצלנע דערשיַינונגען פונעם פאר־
שארפטן קלאסנקאמף קאָנען צוגיין מיט דער שיַין פון יענער רעוואָ־
ליוציאָנער־פּראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט שוין געלעבט אין
די מויכעס פון איניקע זיַינע העלדן, די אָרגאניזירטע, קלאסנבאוווסט־
זיניקע ארבעטער. וואָס וויַיטער ב. שאפיר איז אָבער געגאנגען אינעם
שריַיבן זיַינע פאבריק־דערציילונגען, אלץ מער איז געוואָרן קלאָר, אז
ער איז ניט אימשטאנד זיך אָנשליסן אין דעם גערדאנקענגאנג פון דעם

מער פאָרגעשריטענעם, מער באוווסטזיניקן און מער אָרגאניזירטן טײל ארבעטערשאפט. פארקערט, אפ שריט און טריט מערקט זיך, אז שאפיר קאָן ניט גויוועד זײַן די ווירקונג פון דעם שיכט ארבעטערשאפט, וואָס איז נאָך מיט טויזנטער פעדעם פארבונדן מיטן קלײנבירגעטום, טראָגט אפ זיך א שווערע לאסט פון קלײנבירגערלעכע פאָרורטײלן און מאכט קוים־קוים די ערשטע טריט צום באנעמען די קלאסן־סטירעס אין דער ארומיקער סוויווע. אָט טרעט אוף אין דער דערצײלונג „אוורעמל דער שוסטער" (אין דעם ערשטן ווארִיאנט פון דער דערצײלונג געדרוקט אָנהײב 1906 י.), א פאבריק־ארבעטערן, וואָס דריקט אויס איר באציִונג צו דער פאבריק מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „איך וואָלט בעסער איך ווײס אלײן ניט וואָס טאָן, נאָר ניט אין פאבריקע גײן; זיצן דעם גאנצן טאָג אײַנגעבויגן איבער די פאפיראָסן, שלינגען דעם הארבן טאבעק־שטויב, וואָס קריכט אין הארצן און אין גאָרגל ארײַן... ווערן גרין און געל און דער מײַסטער זאָל דאָס בלוט צאפן פאר א ליאדע גאָרנישט... ניט אויסרײדן א וואָרט, נאָר זיצן ווי אן „אטעמאט" און מאכן שמאלץ פארן פאבריקאנט, ער זאָל וואָס אמאָל ווערן דיקער און רויטער און איך וואָס אמאָל מאָגערער און בלאסער... און פארוואָס?.. פאר א שטיקל הערינג מיט אלטגעבאקן ברויט, פאר א ציצן קלײדל אמאָל אָפשפּאָרן און דערפאר באצאָלן מיט די בעסטע יונגע יאָרן, און דער פארבײַגײענדיקער „נאכאל" זאָל אפ דיר קוקן ווי אפ א פאבריטשנע מײדל... און מיט ווילדע נארישע אויגן דיך באגעגענען מיט א גראָבן שפאס... אוי, מאמע! בעסער ניט לעבן, אײדער אין פאבריקע צו גײן... נאָר ווי זאָגט דער טאטע: „מע גײט ניט אין פאבריקע, דער דאלעס שטופט אהין"...

עס קאָן קײן שום סאָפעק ניט זײַן: דער ווײ־געשרײ פון אן עקספּלואטירטער ארבעטערן, ווי שארף ער איז ניט אויסגעדריקט אין דער דאָזיקער רעפּליקע, איז ער דאָך מער פאר אלץ אן אויסדרוק פון מאכטלאָזיקײַט. ס'איז יענע מאכטלאָזיקײַט, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר דעם אָפגעשטאנענסטן שיכט ארבעטערשאפט, בא וועמען דער סאָציִאלער פּראָטעסט ווערט אויסגעמישט (און דערבײַ אין גרונט פאראליזירט) מיט אלערלײ קלײנבירגערלעכע באגריפן, רעשטן פון דער באלעבעסלדיקער מאָראל, פון קלײנשטעטלדיקע פאָרורטײלן און זאבאָבאָנעס.

ענלעך דערצו קומט פאַר אין דער דערציילונג „ווידער אין פאַב־ריק" אין דער סצענע, ווען דער באַלעבאָס מאַכט כּויזעק פונעם טויט־קראַנקן אַרבעטער זאַלמענען, וואָס האָט אָפּגעאַרבעט אויף דער פאַבריק 20 יאָר. יאָסקע, וואָס האָט צוגעזען די גאַנצע סצענע, איז שטאַרק אויפגעבראַכט. ער טראַכט וועגן באַלעבאָס:

„אַ, דו, גראָבער כאַזער, דו!.. ווערטלעך מאַכט ער נאָך צו אים.. די מאַשין איז קאַליע געוואָרן, האָט ער באַלד געשיקט רופן דעם מעכאַניק, ער זאָל זי צערעכט מאַכן. געלט קאָסט זי אים און זאַלמענען איז אַ מאַשין, וואָס קאָסט קיין געלט ניט. קאַליע געוואָרן — איז אַרויסגעוואָרפן און געזעצט אַן אַנדערע לעבעדיקע מאַשין אויף זיין אָרט... די אַנדערע וועט קאַליע ווערן — איז אַ דריטע... קיין געלט קאָסט ניט, האַ? און איך וועל אויך ווערן ווי זאַלמען? — ביי דעם געדאַנק האָט יאָסקע ווי אַ ציטער געטאָן. 18 יאָר איז ער ערשט אַלט, נאָך פול מיט לעבן. ער פילט זיך נאָך אַזוי פריש און דאָ זיצט זאַלמען פאַר די אויגן און ווייזט וואָס ס'קאָן פון אים ווערן... נאָך וואָס איז ער צוריק געקומען אַהער?.."

אויב דאָ, פונקט ווי אין דער רעפּליקע פון „אוורעמל שוס־טער", איז פאַראַן אַ געוויסער ווידערשטאַנד, איז עס אָבער אויף דורך און דורך אַ בלינדער, קימאַט אַ פיזיאָלאָגישער ווידערשטאַנד, וואָס ווערט ניט פאַרוואַנדלט אויף קיין שום קעמפערישער טאַט און קאָן אַמאָל דינען דער רעוואָלוציע און אַמאָל אויך זיין געווענדט קעגן איר. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט יענער „סטיכיישקייט", וועגן וועלכער לענין האָט געשריבן, קעמפנדיק קעגן דעם „עקאָ־נאָמיזם":

„אָפטמאָל זאָגט מען: דער אַרבעטער־קלאַס שטרעבט ס ט י כ י י ש (קורסיוו ביי לענינען) צום סאָציאַליזם. דאָס איז אַבסאָליוט ריכטיק אין דעם זין, וואָס די סאָציאַליסטישע טעאָריע דעפינירט טיפער פון אַלע און ריכטיקער פון אַלע די סיבעס פון די ליידן פונעם אַרבע־טער־קלאַס, און דעריבער באַנעמען זי טאַקע די אַרבעטער אַזוי לייכט, אויב נאָר די דאָזיקע טעאָריע אַליין גיט זיך ניט אונטער דער סטי־כיישקייט, אויב נאָר זי באַהערשט די סטיכיישקייט — — — — דער אַרבעטער־קלאַס שטרעבט סטיכייש צום סאָציאַליזם, אָבער די סאַמע פאַרשפּרייטע (און די טאָמעד ווידער אויפוואַכנדיקע אין די סאָ־

מע פארשיידנארטיקע פאָרמענ) בורזשואזע אידעאָלאָגיע ווערט פונדעסט-וועגנ סטיכייִש מער פונ אלצ אָנגעבונדנ דעמ ארבעטער".*

ב. שאפיר, וואָס האָט אינ זייַנע פאבריק-דערציילונגענ געוויזנ אייניקע אָרגאניזירטע, קלאסנ־באוווסטזיניקע ארבעטער, וואָס פירנ א באשטימטע רעוואָליוציאָנערע ארבעט אפ דער פאבריק, האָט דאָכ געפרוווט שטעלנ אינ צענטער פונ זייַנע פאבריק־דערציילונגענ גראד די ארבעטער, וואָס קאָנענ ניט גיינ ווייַטער פונ „סטיכייִשקייַט". אונ מיר זעענווירקלעכ פונ די דאָזיקע צוויי דערציילונגענ — דעמ ערשטנ וואריאנט „אוורעמל שוסטער" אונ „ווידער אינ פאבריק", — ווי אינ אָט דער „סטיכייִשקייַט" באהעפט זיכ אפ א גאנצ נאטירלעכנ אויפנ די „סאמע פארשפרייטע בורזשואזע אידעאָלאָגיע".

דערפאר זעענ מיר, ווי אינ דער דערציילונג „ווידער אינ פאבריק" ווערט באנאנד מיט א גאנצ שטארקער שילדערונג פונ דער קאפיטא־ליסטישער עקספלואטאציע אזוי שטארק צעשמירט יאָסקעס אינ טאָכ באלעבעסלדיקע טרוימערייַ וועגנ דעמ קליינעמ שטעטל.

עס גייט דאָ, פארשטייט זיכ, ניט אינ דער טרוימערייַ פונעמ אכצניאָריקנ פאבריק־יונג, וואָס קאָנ ניט פארגעסנ זייַנע שפאציר־גענג אינעמ קליינעמ שטעטל, איבער פעלר, איבער טייַכ... ניט אינ דעמ גייט עס דאָ.

„די הענט טוענ זייערס, מאכנ פאפיראָסנ אונ אינ קאָפ מאָלנ זיכ אויס אלערליי בילדער פונמ קליינעמ שטעטל, ווו ער, יאָסקע, האָט אפ א קורצע צייַט די גרויסע רוישנדיקע שטאָט, די פאבריק מיט די בלייכע פענעמער פארגעסנ"...

אָט אינ דעמ וועלנ אנטלויפנ, אויסבאהאלטנ זיכ, „פארגעסנ" דעמ שוידער פונ דער קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע — אינ דעמ גייט עס אינ ב. שאפירס דערציילונגענ.

אנטקעגנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ וועג, דעמ וועג פונ קלאסבאוווסט־זיניקנ ארבעטער, וואָס וויל מאכנ א סאָפ צו דער עקספלואטאציע דורכ „דער פארניכטונג פונ יענער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וואָס צווינגט די אומפארמעגלעכע זיכ פארקויפנ די רייַכע" (לענינ) — ווערט דאָ ארויסגעשטעלט דער וועג צוריק אינ קליינעמ שטעטל, אינ דער

* לענינ. אויסגעקליבענע ווערק, באנד | (פארלאג „עמעס"), ז. 472.

יידישלעכער „שאבעסדיקייט“, וואָס „באצירט“ דאָס קליינע שטעטל.
איז עס ניט די בוילעטסטע איליוסטראציע דערצו, ווי די בורזשואזע
אידעאָלאָגיע באהעפט זיך אפ א גאנצ נאטירלעכנ אויפנ אָנ דעמ
„סטיכיייִשנ פראָטעסט“ פונעמ אָפגעשטאנענעמ, ניט־אָרגאניזירטנ ארבע־
טער, וואָס האָט נאָך ניט צעריסנ מיט זײַנ קליינבירגערלעכער פאר־
גאנגענהײַט ?

און דאָס זעלבע קאָנ מענ זענ אויך אינ א סאך שטעלנ פונ דער
דערציילונג „אוורעמל דער שוסטער“.

עס איז געוויס כאראקטעריסטיש פאר ב. שאפירס אנטוויקלונג,
וואָס אינ דעמ איבערגעארבעטנ טעקסט פונ „אוורעמל דער שוסטער“
(דערשינענ סאָפ 1907 י.), איז שוינ די אויבנ ציטירטע רעפליק ניטאָ.
נאָך מער: די הויפט-איבערארבעטונג פונ דער דערציילונג באשטייט
דערינ, וואָס אָנשטאָט דעמ מיידל, וועלכעס איז פול מיט מוירע צו
הייסנ בא דער וועלט א „פאבריטשנע מיידל“, באווײַזט זיך אינעמ
שפעטערדיקנ טעקסט פונ „אוורעמל דער שוסטער“ די געשטאלט פונ
א מיידל סאָרקע, וואָס טראָגט מיט ווערדע איר לאגע פונ א פאב־
ריק־ארבעטערנ, נעמט אָנטייל אינ דער ארבעטער-באוועגונג און גרייט
זיך דורכצופירנ א שטרײַק בא זיך אפ דער פאבריק. מיר זעענ דאָ,
ווי דאָס מיידל פונ „אוורעמל דעמ שוסטער“ מאכט, אינ פלוג, דורכ
דאָס זעלבע, וואָס עס מאכט דורכ דער העלד פונ דער דערציילונג
„א פרעמדער“: ביידע ווערנ ארײַנגעצויגנ אינ דער רעוואָליוציאָנערער
ארבעטער־באוועגונג, זיי טרעטנ ארײַנ אינ דער „אָרגאניזאציע“, וואָס
איר סימפאטיזירט אזוי אָפנ און אויסגעשפראָכנ ב. שאפיר.

ב. שאפירס באציִונג צו זײַנע פאבריק־פארשוינענ איז פול מיט
ווידערשפרוכנ. עס פילט זיך אפ שריט און טריט, אז די וואקלונגענ
פונ זײַנע העלדנ, וואָס טראָגנ אינ זיך די גאָרע ווידערשפרעכיקײַט
פונ אנ אָקאָרשט-פראָלעטאריזירטנ קליינבירגער — אָט די אלע וואקלונ-
גענ זײַנענ נאָך זײַנע, שאפירס, אייגענע וואקלונגענ. דערפאר פעלט
אימ די קריטישע באציִונג צו דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע, וואָס
קלעפט זיך ערטערווײַז אָנ אָנ „סטיכיייִשנ פראָטעסט“ פונ זײַנ פאב־
ריק־ארבעטער, דערפאר איז ער אָפט ניט אימשטאנד צו צערײַסנ מיט
יענעמ געדאנקענגאנג, וואָס פירט צומ „עקאָנאָמיזמ“, דערפאר שטעלט
זיך פאר אימ אזוי אָפט די געפאר ארײַנגעשלעפט צו ווערנ אינ

יעגעם בונדיסטישן זומפּ, וואָס האָט אָקאָרשט ניט לאַנג פאַר דעם אריַינגעשלונגענע א צווייטנ שרייַבער, אנ ארבעטער — ד. קאסעלנ.

איינס נאָר האָט דערביַי געקאָנט ביַישטיינ שאפּירנ — דאָס איז זיַינ דויערנדיקע פאַרבינדונג מיט דעם ברייטנ ארבעטער־שיכט, זיַינ לאַנגיעריקער שעפערישער קאָנטאקט מיט דער פאבריק-סוויווע. אָנשטאָט דער אָפּגעפרעמדטקיַיט פונ דער ארבעטער-מאסע, אָנשטאָט דעם אומ־גלויבנ אינ די שעפערישע קויכעס פונעמ ארבעטער-קלאַס, וואָס מיר הערנ באמ בונדיסטישנ דיכטער — ד. קאסעלנ — באמערקנ מיר בא שאפּירנ גראד א דראנג אונטערצושטריַיכנ אונ טיילמאָל אפילע צו אידעאליזירנ די מינדסטע אנטפּלעקונג פונעמ ארבעטערס דערוואכנדי־קער מענטשלעכער ווערדע, די מינדסטע אנטפלעקונגענ פונ פּראָלע־טארישער סאָלידאריטעט.

„זעליק לייגט אימ ארופ די האנט אטנ אקסל, גיט אימ א קוק אינ פּאָנעמ אונ זאָגט מיט א ווייכנ פריילעכנ טאָנ:

— „טאָווארישטש, וואָס זיַיט איר אזוי בלייך? איר ארבעט שוינ לאנג באמ טאבעק?

— ניט לאַנג — ענטפערט יאַנע — א קוק געבנדיק אימ אינ די אויגנ מיט אזא מינ קוק, ווי ער האָט אמאָל א קוק געגעבנ אפּ דער מאמענ, ווענ זי האָט אימ א קוש געטאָנ... זעליק קאדעט — גיט ער א טראכט — אונ דערפילט צו אימ עפּעס א מאָדנע ליבשאפט — „טאָ־ווארישטש, וואָס זיַיט איר אזוי בלייך?״ — כאזערט ער אינ זיכ, ווי די ווערטער וואָלט אימ זיַינ געליבטע געזאָגט״ *

אזעלכע שטעלנ קאָנ מענ טרעפנ בא שאפּירנ ניט זעלטנ. עס פילט זיכ אינ די דאָזיקע שטעלנ, אז שאפּיר איז פארגלייבט אינ דער שעפערישער קראפט פונ דער ארבעטערשער געמיינזאמקיַיט, ער איז פארגלייבט אינ די רעזולטאטנ פונ דעם ארבעטערשנ צוזאמענ־דענקנ אונ צוזאמענפילנ. דערפאר הערט זיכ א שטענדיקער לירישער טאָנ אינ זיַינע באשריַיבונגענ פונ דעם ארבעטערשנ צוזאמענזיַינ, בייס דער ארבעט סיַי ווענ ער שילדערט זייערע לוסטיק-אימפּראָווי־זירטע איַינפאלנ סיַי ווענ ער שילדערט זייער אָנוואקסנדיקנ צאָרנ אונ האס צומ „אָנליגער״ (דעמ באלעבאָס).

---

* „א פרעמדער״

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש זײַנען אין דעם פּראָט די באַשרײַבונגען פון אַרבעטער־געזאַנג, וואָס מיר טרעפן גאַנץ אָפט בײַ שאַפּירן. מיט די דאָזיקע מינוטן, ווען אַ גאַנצער אַרבעטער־קאָלעקטיוו ווערט אַרײַנגעצויגן אין געזאַנג, ווען אַלע ווערן פאַרכאַפּט מיט איין געדאַנק, איין איבערלעבונג — דערמיט ווערט שאַפּיר באַזונדערס באַגײַסטערט,* ער נעמט עס אויף ווי דעם העכסטן מאָמענט פון יענער סאָלידאַריטעט־דערוואַכונג, וואָס ער באַצייכנט שריט נאָך שריט אין דער אַרבעטער־סוויווע. ער גיט זיך דעריבער אָפּ מיט אָט די געזאַנג־מאָמענטן גאַנץ גענוי, ער באַשרײַבט דעם גאַנצן רעפּערטואַר, וואָס האָט צו יענער צײַט געהאַט אַן אָנגאַנג אין דער פאַבריק־סוויווע, און טאַקע דאָ, אין אָט די געזאַנג־באַשרײַבונגען באַגעגענען מיר צום ערשטן מאָל די בוילעטע שפּורן פון שאַפּירס באַקאַנטשאַפט מיטן שאַפן פון די עלטערע רעוואָלוציאָנערע דיכטער אין אַמעריקע — אַ מאָמענט, וואָס האָט געהאַט גאָר אַ גרויסע ווירקונג אויף שאַפּירס גאַנצער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג און האָט מיטגעהאָלפן, אַז שאַפּיר זאָל אין זײַנע לידער אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס גיוווער זײַן יענע געפאַר, וואָס האָט זיך אַזוי בוילעט אָנגעצייכנט אין זײַנע ערשטע פאַבריק־דערציילונגען.

XII

די צײַט פון ב. שאַפּירס אַרײַנטריט אין דער ליטעראַטור. יענע יאָרן, ווען ער הייבט אָן דרוקן זײַנע ערשטע דערציילונגען, זײַנען באַצייכנט מיט אַ בינטל לידער, וואָס האָבן אַ גאַנץ באַשטימטן אינטערעס פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון ב. שאַפּירס ליטעראַרישער אַנטוויקלונג. אַ טייל פון די דאָזיקע לידער איז קיינמאָל ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, זיי זײַנען דערגאַנגען צו אונדז בלויז ווי פראַגמענטן, אָנהייבן, פּרוּוון, אָבער גראָד פון די דאָזיקע ערשטע פּרוּוון לאָזט זיך אָפּן בעסטן אויפּן זען, וואָס פאַר אַ וועג עס האָט געהאַט דורכצומאַכן אַ שרײַבער, אַן אַרבעטער אין דער ייִדישער ביז-

* אין דער הינזיכט האָבן שאַפּירס פאַבריק־דערציילונגען אַ געוויסע ענלעכקייט צו גאָרקיס געזאַנג־שילדערונגען אין זײַנע באַשרײַבונגען פון פאַרשיידענע אונטערנעמונגען אינעם בוך «В людях».

אָקטיאבערדיקער ליטעראטור, וואָס פאר א דרוק ער האָט געמוזט אויסשטיין אין דער סוויווע, וואָס האָט אים ארומגערינגלט.

די ערשטע ניט־פארעפנטלעכע לידער שאפירס זיינען נאָך גאָר ווייט פון דעם, וואָס ס׳איז שפעטער געוואָרן כאראקטעריסטיש פאר ב. שאפירס דיכטונג. דאָסראָוו זיינען די דאָזיקע לידער נאָך פול מיט קלאָג־טענער, זיי זיינען פארפלייצט מיט אומבאשטימט־צעפלאָסענער פילבארקייט, וואָס קריכט זעלטן־ווען ארויס פון סענטימענטאלער אומבאהאָלפנקייט, ווי, למשל:

אָ, לאנג בין איך, מייב פריינט, אין יאם געשווומען,
דעם יאם, וואָס רופט זיך אָן דאָס לעבן,
איך האָב געהערט נאָר ווילדע טירן ברומען,
געזען נאָר שווארצע כמארעס שוועבן.

און מיד געוואָרן זיינען מיינע אויגן,
און אין מיין בלוט האָט זיך מיין הארץ געקאָכט,
איך האָב די הענט צום הימל אויסגעצויגן,
און קעלט אַפּ מיר געווייעט האָט פון דאָרט...

אין א צווייטער ליד פון דער זעלבער צייט ווערט וואריִירט אן ענלעכער מאָטיוו פון אָנמאכט און דערשלאָגנקייט:

איך האָב געהאָפט און האָב געלעבט,
איך האָב געשאפט און האָב געשטרעבט
עפּעס זאָגן פאר ד׳ר וועלט,

איך האָב געארבעט טאָג און נאכט
און פיל געשריבן און געטראכט,
כ׳האָב געליטן הונגער, קעלט.

... כ׳האָב געטראכט, אז איך בין גרויס,
און איצט ערשט ווייזט זיך מיר ארויס,
א׳כ האָב א טאָעס גאָר געהאט...

אין וואָס ב. שאפירס „טאָעס" זאָל ניט האָבן באשטיין, איז דאָך קלאָר, אז דאָס אויסניכטערן זיך פון דעם „טאָעס" האָט ווייניק־וואָס באריַיכערט זיינע פריִע לידער, ווייניק־וואָס פארשטייפט זיין פּאָעטישן אויסדרוק און פארבליבן איז דער פּאָעטישער אויסדרוק אויך אין דער ליד, פונקט אזוי בלוטלאָז און מאכטלאָז ווי אין דער ליד, וואָס מיר האָבן פריִער ציטירט.

ווענ מע באַקאַנט זיכ מיט ב. שאַפּירס פריִע לידער, וואַרפט זיכ אינ די אויגנ איינ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג: אָט דער ב. שאַפּיר, וועמענ די יידישיסטישע קריטיק האָט נאָכ דעמ געפּרוווט באַהאַנדלענ ווי א „פאָלקס־דיכטער“, א שרייבער פונ לויטער „פאָלקסטימלעכקייט“, וואָס האָט קלוימערשט פונ „ליטעראַטור“ זייער ווייניק פאַרזוכט * — אָט דער שאַפּיר האָט פונ זיינע ערשטע טריט נאָכ אַרויסבאַוויזנ א גאַנצ גרינטלעכע באַקאַנטשאַפט מיט אַלע מוסטערנ פונ דער דעמאָלטיקער דיכטונג. קיינער וועט ניט זאָגנ אַפּנ סמאַכ פונ די דאָזיקע פריִע לידער, אַז דאָ האָבנ מיר צו טאָנ מיט א מענטשנ, וואָס איז ניט געווענ באַהאַוונט אינ דער יידישער ליטעראַטור פונ זיינ צייט. פאַרקערט, מע מוז בעפּיירעש זאָגנ, אַז פונ איטלעכער איינער פריִער ליד שאַפּירס סטאַרטשעט אַרויס א באַשטימטער מוסטער פונ דער יידישער דיכטונג פונ יענער צייט. אַזוי, לעמאָשל, קאָנ מענ גרינג פעסטשטעלנ, אַז איינע אָדער צוויי לידער שאַפּירס זיינענ געשריבנ לויטנ מוסטער פונ פרוגס לידער, מע קאָנ דערווייזנ, אַז די ליד „איכ נעמ מיינ פידל, הייב אָנ שפּילנ“ (געדרוקט אינ 1905־טנ יאָר) איז געשריבנ לויטנ מוסטער פונ א. רייזענס אַנ ענלעכער ליד, ווו עס פיגורירט אויכ דאָס יאָמערדיקע פידל, עס איז אויכ ניט שווער פעסטצושטעלנ נאָכ וואָס פאַר א מוסטער עס איז געשריבנ די ליד „לאַנגבוימער“ (געדרוקט אָנהייב 1905 י.), ווו די שפּאַצירנדיקע קינדער ווערנ געשילדערט מיט פאָלגנדיקע שורעס:

זיי ווערנ רויטלעכ בליִענדיק,
ווי פייער הייס אונ גליִענדיק,
אונ קרומענ זיכ מיט כיינדעלעכ,
אָ, מיר פאַר זייערע ביינדעלעכ,
אויסקושנ ווילט זיכ זיי...

עס קאָנ קיינ שומ סאָפעק ניט זיינ, אַז דאָ האָבנ מיר מער ניט, ווי א קאָפּיע פונ ביאַליקס ליד „אונטער די גרינינקע בוימעלעכ“, דער וועג פונ אַזא אַרט קאָפּירנ האָט געקאָנט פאַרפירנ גאָר ווייט; דאָס האָט גרינג געקאָנט פאַרוואַנדלענ ב. שאַפּירנ אינ א נאָכזינגער פונ די בורזשואַזע אונ קליינבירגערלעכע מאָטיוונ, וואָס האָבנ גע־

* ז. רייזענס „לעקסיקאָנ“, פ. באַס־נס „אַנטאָלאָגיע“ אאַוו.

וועלטיקט אינ דער דעמלטיקער יידישער דיכטונג. די דאָזיקע געפאַר איז פאַר ב. שאַפּירנ געווענ באַזונדערס גרויס, ווײַל אָנגעהויבנ האָט ער זײַנ אַנטוויקלונג אינ אָדעס, דער פעסטונג פונ דער ציוניסטיש־העברײַסטישער רעאַקציע, וואָס אינ אירע אינטערעסנ האָבנ געאַר-בעט אַזעלכע פיגורנ, ווי פרוג אונ ביאַליק.*

עס לאָזט זיכ אָבער ניט פאַרזענ, אַז דער ווידערשטאַנד קעגנ דער פרוג-ביאַליקשער ווירקונג הייבט זיכ אָנ אָנמערקנ בײַ שאַפּירנ נאָכ גאָר פרי, שוינ אינ די סאַמע ערשטע ליטעראַרישע טריט זײַ-נע, ווענ ער הייבט אָנ שרײַבנ לידער אויפ די מאָטיווונ פונ אַרבע-טער-לעבנ. ווי עס לאָזט זיכ אורטיילנ, לויט די מאַטעריאַלנ פונעם פאַרבלײַבענעם שאַפּיר-אַרכיוו, זײַנענ ניט אַלע די דאָזיקע לידער בײַ שאַפּירס לעבנ געווענ געדרוקט. אייניקע, ווי לעמאָשל, די „ליד פונ דער קונסטרויז" איז צומ דרוק ניט דערגאַנגענ. די דאָזיקע ליד האָט אָבער געמוזט האָבנ צו יענער צײַט גאָר אַ גרויסנ באַטײַט פאַר שאַפּירס אַנטוויקלונג. פונ דער דאָזיקער ליד איז צו זענ ניט בלויז, ווי עס פאַרשטאַרקט זיכ שאַפּירס ווידערשטאַנד קעגנ דער פרוג-ביאַליקשער ווירקונג, עס זעט זיכ אויכ, ווי שאַפּיר פּרוּווט דאָ, אַנטקעגנ דעמ אויטאָריטעט פונ דער פרוג-ביאַליקשער טראַדיציע, אַרויסשטעלנ אַנ אַנדער טראַדיציע, וואָס איז געווענ פאַרבונדנ מיט מאָריס ווינטשעווסקיס נאָמענ.

די „ליד פונ דער קונסטרויז" איז געשריבנ לויט אַ באַשטימטנ וועטער — לויט טאָמאַס הודס „ליד וועגנ העמד".

---

* ווי גרויס עס איז צו יענער צייט געווענ ביאַליקס ווירקונג אויפ שאַפּירנ לאָזט זיכ זענ פונ שאַפּירס פאָלגנדיקע שורעס, וואָס האָבנ זיכ פאַרהיט אינעמ שאַפּיר־אַרכיוו:

וואָס שווייגט ער, דער דיכטער, דער פּולס פונעמ פאָלק,
ווער האָט עס זײַנ גאָלדענע האַרפע פאַרדאָרבנ?
צי הענגט זי אינ וואַלד, ווו ער „שטאַלט אָנ זײַנ האַרצ",
אונ איז פאַר זײַנ פאָלק נאָר אויפ אַ צייט אָפּגעשטאָרבנ?
צי האָט ער אַנ עמעס געזאָגט זײַנ, „לעצט וואָרט"
אונ מער ניט צו ריידנ האָט ער זיכ פאַרשוואָרנ?
ס'ווילט זיכ ניט גלייבנ! דאָס זאַמלט ער קוויכעס,
אונ ווידער וועט ווערנ דער געני געבאָרנ!

די שורעס זײַנענ קיינמאָל ניט געווענ געדרוקט אונ האָבנ, קאָנטיק, געטראָגנ אַ כאַראַקטער פונ אַנ אינטימ־פּרײַנטלעכער ווענדונג, „דאָס לעצטע וואָרט", וואָס ווערט דאָ דערמאָנט, האָט ביאַליק אָפּגעדרוקט אינ יאָר 1901.

מיט אָט דער „ליד וועגן העמד” איז אָבער צו יענער צײַט ווייניק-וואָס געווען פאַרבונדן די פאָרשטעלונג וועגן איר עמעסן מע־כאַבער. אין אַלע לידער־זאַמלונגען, וואָס זײַנען דערשינען אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז די „ליד וועגן העמד” אַלעמאָל אָנגע־געבן געוואָרן צווישן די אָריגינעלע לידער פון מאָריס ווינטשעווסקי, וואָס האָט די „ליד וועגן העמד” איבערזעצט. אָנעמענדיק דעם נו־סעך פון דער דאָזיקער ליד, אויסאַרבעטן אים מיט אַזאַ זאָרגעוודי־קער פּלײַסיקייט, ווי ב. שאַפּיר האָט עס געטאָן, — האָט געהייסן באַ־ווּסטזיניק אַנערקענען די ליטעראַרישע ווירקונג, וואָס איז געגאַנגען אין ווינטשעווסקיס נאָמען פון יענער זײַט יאַם. אָט די אַנערקענונג איז באַ שאַפּירן געווען ניט בלויז אַן אויסערלעכע. ווען מע פאַר־גלײַכט די „ליד וועגן העמד” מיט שאַפּירס „ליד פון דער קונסטרויז”, זעט מען, אַז שאַפּיר פּרוווט אין אייניקע פּראָטים גיין ווײַטער איי־דער די „ליד וועגן העמד” איז געגאַנגען. עס זעט זיך, לעמאָשל, אַז שאַפּיר באַנוגנט זיך ניט מיטן פּאַסיוון מיטגעפיל צום אַרבעטער־מיידל, ער מאַכט אַ גאַנץ באַשטימטן פּרווו פּאָעטיזירן די געשטאַלט פון אָט דעם אַרבעטער־מיידל. צוליב דעם צוועק פירט ער אַרײַן אייניקע עפּיזאָדן, וואָס זײַנען אין דער „ליד וועגן העמד” ניטאָ. ער גיט צו אַ באַזונדערן פינאַל, וואָס פאַרשטאַרקט נאָך מער די פּאָעטיזאַציע פון דער אַרבעטער־געשטאַלט.

גלײַכצײַטיק דערמיט, וואָס אין שאַפּירס ליד ווערט פּאָעטיזירט די אַרבעטער-געשטאַלט, ווערט דאָ אָבער בעשומויפן ניט פאַרמינערט די קאָנקרעטקייט פונעם בילד, די רעאַליסטישע שילדערונג פון דער אַר־בעט-אַטמאָספער, די שילדערונג פון די אַרבעט־פּראָצעסן גופע. ב. שאַפּיר גייט אויך אין דעם פּראַט עטוואָס ווײַטער פון דעם מוסטער, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין דער „ליד וועגן העמד”. אין ווינט־שעווסקיס באַאַרבעטונג פון טאָמאַס הודס ליד פאַרנעמט, ווי באַוווסט, די קאָנקרעטע שילדערונג פון דער אַרבעט גאָר ווייניק אָרט.

די מאַרליע, דער זוים און דער באַנד,
דער באַנד און די מאַרליע, דער זוים!
איך פאַל פאַרשלאָפן מיט די קנעפּלעך אין האַנט,
און ניי זיי ווײַטער אין כאָלעם, אין טרוים...

אָט מיט די פיר שורעס ווערט, אייגנטלעך, אויסגעשעפּט די

גאַנצע אַרבעט-שילדערונג אין דער „ליד וועגן העמד“. ב. שאַפּיר גייט אין דער הינזיכט אַ סאַך ווײַטער. די שילדערונג פֿונעם אַרבעט-פּראָצעס ווערט געשטעלט אויפֿן אָנגעזעענסטן אָרט. אין אָט דער שילדערונג ליגט בײַ שאַפּירן דער שווערפּונקט פֿון דער ליד. וואָס גענויער ב. שאַפּיר שילדערט די קאַטאָרזשנע מי, אַלץ דײַטלעכער הייבט אָן קלינגען דער טאָן פֿון פֿאַרשטיקטן פּראָטעסט, וואָס מיט אים איז דורכגעדרונגען דאָס אַרבעטער-מיידל.

איך שנײַד אָן פֿיל בלעטלעך, און גלײַך זיי, און פֿאַרב זיי,
און טריקן אויף פֿײַער און פּרעס זיי, און קאַרב זיי,
ביז אָדערלעך ווערן, דאַן נעם איך אַ דרעטל,
אַ הערצל און קלעפּעכץ, קלעפּ בלעטל צו בלעטל,
און טערפּנען די פֿינגער און ציִען, און שמאַרצן,
איך קלעפּ אַלץ די בלעטלעך מיט קליי פֿון מײַן האַרצן,
אָ, פֿאַר אײַך, רײַכע פֿרײַלנס אויף אײַערע בריסט,
ווערט שוועבן מײַן קונסטרויז, מײַן מי איז אומזיסט...
פֿאַר גראָשנס, פֿאַר גראָשנס, פֿאַר גראָשנס...

די „ליד פֿון דער קונסטרויז“, וואָס פֿאַרמאָגט עטלעכע אַזעלכע קאָנקרעטע אַרבעט-שילדערונגען, באַווײַזט, אַז ב. שאַפּיר איז באַגײַסטערט מיט דעם וויסן — און באַזונדערס מיט דעם וועלן וויסן! — די קאָנקרעטע אַרבעט-באַדינגונגען.

שאַפּיר שילדערט פֿריִער פֿאַר אַלץ אַ קאָנקרעטן פֿאַל פֿון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. און אָט צו דעם צוועק פּאַסט ער צו די גאַנצע סטרוקטור פֿון דער ליד. מיר זעען עס אויך אין דער ליד „אין טאָקאַרניע“. אויך דאָ האָבן מיר אַ דורכויס-קאָנקרעטיזירטן פֿאַל, אַ דורכויס רעאַליסטישע — ערטערווײַז אַפֿילע „נאַטוראַליסטישע“ שילדערונג פֿון דעם טאָקערס אַרבעט-באַדינגונגען.

אין טאָקאַרניע אין דער ענגער,
ווי עס שמעקט מיט פּאָליטור,
בײַ דעם וואַרשטאַט, אין די סטרוזשקעס,
ציט דער טאָג זיך ווי אַ יאָר.

ס'לויפֿט דאָס רעדל און עס זשומעט,
כ'שניץ אַ העלצל צום מאַשין,
און די סטרוזשקעס, ווי די לענטעס,
ציִען, שלענגלען זיך און פֿליִען.

און דער אײַזן רײַסט דאָס חעלצל,
און עס ווערט, ווי פײַער הייס,
און עס קאפעט אפ דעם אײַזן
פון דעם פּאָנעם טראָפּן שווייס.

דושנע, ענג איז אין טאָקארניע,
דושנע, ענג איז מיר אין הארצ,
און דער שטויב באדעקט דאָס פּאָנעם
און ער מאכט דעם שווייס מיר שווארצ...

מיר האָבן דאָ, אין פלוג, איינע פון יענע שילדערונגען, וואָס זײַנען אזוי כאראקטעריסטיש פאר שאפירס פאבריק־דערציילונגען. מיט דער זעלבער גענויקײַט, ווי ב. שאפיר מאָלט אויס די פארשטויבטע, פארדומפּענע געבײַדע פון דער טאבעק־פאבריק („ווידער אין פאבריק"), שילדערט ער דאָס מאָל די טאָקארניע. ב. שאפירס ארבעט־שילדערונג איז אויך דאָס מאָל באַרופן צו דערוועקן אן אקטיוון ווידערשטאנד, א שארפע פּראָטעסט־אקציע. אָבער ווי עס קומט צו אָט דער פּראָטעסט־אקציע, אנטפּלעקט זיך טאקע גאנצ אָפט, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט יענעם מאכטלאָזן „סטיכיייִשן פּראָטעסט", וואָס מיר האָבן פריִער קאָנסטאטירט, ווי איינעם פון די הויפּט־מאָטיוון אין ב. שאפירס פאבריק־דערציילונגען.

מיר זעען עס אין דער „ליד פון דער קונסטרויז", ווו דער ווײַ־געשריי פונעם עקספּלואטירטן ארבעטער־מיידל דערגייט צו אונדז בלויז, ווי אן אויסדרוק פון פארצווייפלונג און מאכטלאָזיקײַט, מיר זעען עס אויך אין דער „ליד פון א שטריק", ווו דער קליינשטעטלדיקער שטריקדרייער פירט דורכ א גאנצ באלעבעסלדיקן כעזשבנהאַנעפּעש און זאָגט, ענדלעכ, צו זיך אליין מיטן טאָן פון א פולשטענדיקער פארצווייפלונג:

היי, גיכער, נו, דריי, — ווען לאָזט זיך עס אויס?
דריי, דריי, דריי...
ביז די נעשאָמע פון מיר וועט ארויס!..
דריי, דריי, דריי...

באזונדערס בולטע טרעט דער „סטיכיייִשער פּראָטעסט" ארויס אין דער ליד „אין טאָקארניע", ווו מיר לייענען צום פינאל־צו:

גיכער, רעדל, גיכער דריי זיך,
צי דעם מארך פון מיר ארויס!
כ'וועל דיר געבן שווייס און קויכעס
און דו צי זיי, זויג זיי אויס!

היי, דו, רעדל, זשומע העכער,
שפריץ מיט ברעקלעך, שלענגלעך שפּיַ,
לויף און פּלאַץ אינמיטן לויפן,
וועל איך עפּשער ווערן פריַ!...

צי שטימט אָט דאָס קולטיווירן דעם „סטיכייישן פּראָטעסט" מיט די אויפגאבן, וואָס זיַינען צו יענער ציַיט געשטאַנען פאר דער רעוואָליוציאָנער־פּראָלעטארישער דיכטונג? צי באוויַיזט אָט דער ווענדנ פּאָעטיזירן דעם „בונט", אז דער דיכטער איז נאָענט צו דער אידעאָלאָגיע פונעם רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־קלאַס? געוויס ניט.

„אויך די פּרימיטיווע בונטן — שריַיבט לענין — האָבן שוין מיט זיך אויסגעדריקט א געוויסע דערוואכונג פון באוווּסטזיניקיַיט: די ארבעטער פלעגן פארלירן דעם אלטן דויר-דוירעסדיקן גלויבן אין דער אומגעוואקלטקיַיט פון די פּאָראָנדקעס, וועלכע דריקן זיי, זיי פלעגן אָנהייבן... איך וויל ניט זאָגן פארשטיין, נאָר פילן די נייטיקיַיט פון א קאָלעקטיוון ווידערשטאנד און פלעגן אנטשיידן איַינריַיסן מיט דער שקלאפערישער אונטערטעניקיַיט פאר נאטשאלסטווע. אָבער דאָס איז פונדעסטוועגן א סאך מער אן אויסדרוק פון פארצווייפלונג און נעקאָמע, איידער קאמפ".*

ב. שאפיר דריקט אויס די באגערן און פארלאנגען פון אָט דעם שיכט ארבעטערשאפט, וואָס האָט אָקאָרשט אָנגעהייבן „אנטשיידן איַינריַיסן מיט דער שקלאפערישער אונטערטעניקיַיט", ס'איז דער שיכט, וואָס מאכט דורך די ערשטע „דערוואכונג פון באוווּסטזיניקיַיט". דערפאר זענען מיר אין שאפירס ארבעט־לידער מער פאר אלץ יענעם מאָמענט, ווען דער ארבעטער איז נאָך ניט אימשטאנד גיוועך צו זיַין די פּרימיטיווע פאָרם פונעם פּראָטעסט, וואָס איז „א סאך מער דער אויסדרוק פון פארצווייפלונג און נעקאָמע, איידער קאמפ".

צי האָט אָבער שאפיר געהאט וועלכע־עס־איז ווענן, וואָס זאָלן

* לענין, ווערק, ב. V, ז. 140, אויסגאבע 1924.

פירן ווייטער פונעם „פרימיטיוון בונט", צי האָט ער מיט זיין ליד געשטרעבט צו העכערע פאָרמען פון „קאָלעקטיוון ווידערשטאנד"? קאָנטיק, אז יאָ.

דאָ און דאָרט קומט ווידער אזא מאָמענט, ווען ב. שאפיר דער־פילט זיך ענג צווישן אָט די אָנמעכטיק־דערשלאָגענע ארבעטלייט, וואָס קאָנען ניט לאָזן הערן עפּעס מער, ווי דעם „אויסדרוק פון פארצווייפלונג און נעקאָמע". ב. שאפיר שרייבט דעמלט:

ניט קיין זיפצן, ניט קיין טרערן,
פון א לעבן פון א שווערן
מאכן טרויעריק מיין הארץ.

און ווייטער:

נאָר די ווערטער די געטרייע,
וואָס איך הער פון מענטשן פרייע,
מאכן פרייליך מיר מיין הארץ.

מיט די דאָזיקע שורעס ווערט אונטערגעשטראָכן אן אָרגאנישע אייגנשאפט פון שאפירס גאנצן שאפן.

ניט זייענדיק אקטיוו באטייליקט אין דעם קאמף, וואָס האָט צו יענער צייט געפירט דער רעוואָליוציאָנערער אוואנגארד פונעם ארבעטערקלאס, איז ב. שאפירווירקלעך געווען דורכגעדרונגען מיט א טיפן אָפּשיי און שטענדיקער סימפּאטיע צו אָט דעם רעוואָליוציאָנערן אוואנגארד.

שאפיר האָט ווירקלעך געפילט אן אָרגאנישע נאָענטקייט און איבערגעגעבנקייט צו די „מענטשן פרייע", די אָנטיילנעמער פונעם רעוואָליוציאָנערן קאמף. ער האָט וועגן זיי מיט א באזונדערס אונטער־געשטראָכענער סימפּאטיע אָנגעהויבן דערמאָנען נאָך גאָר אין די ערש־טע יאָרן פון זיין שאפן און שוין דעמלט — אין 1905־טן יאָר — האָט ער געפרואווט איינע אזא געשטאלט פון „מענטשן פרייע" שטעלן אין צענטער פון זיינער א פּאָעמע „הערשל" — א ווערק, וואָס האָט געזאָלט אופמישן גאָר א ניי בלעטל אין שאפירס ליטערארישער אנטוויקלונג.

## XIII

די פּאָעמע „הערשל" איז אָנגעשריבן אין יאָר 1905, דה. צו דער צײַט, ווען שאפיר טרעט אָקאָרשט אַרײַן אין דער ייִדישער ליטעראַ־טור. ער איז נאָך פול מיט אָפּשײַ פאַר די דעמלטיקע ליטעראַטור־אווטאָריטעטן, אין זײַנע לידער טרעפן זיך נאָך גאַנץ אָפט קאָנטיקע שפּורן פון רייזענס, ביאַליקס און פרוגס ווירקונגען. און דאָך קאָן די פּאָעמע „הערשל" ניט באַנומען ווערן אַנדערש, ווי אַן אַרויסטריט קעגן דער דעמלטיקער ליטעראַטור־טראַדיציע, אַן אַרויסטריט — צו יענ־נער צײַט — א גאַנץ געוואַגטער און, בעלישומסאָפּעק, א באַוווּסטזיניקער.

אין דער ייִדישער דיכטונג פון יענער צײַט איז שווער צו גע־פינען א ווערק, וואָס זאָל אַזוי אַקשאָנעסדיק, מיט אַזאַ שטאַרקן אַק־צענט, אונטערשטרײַכן דעם דראַנג צו אַקטיוו־טעטיקער מונטערקײַט, דעם דאָרשט נאָך א געזונט־אָפּטימיסטישער שטעלונג צו דער אָרומי־קײַט, ווי דאָס טוט ב. שאפיר אין זײַן „הערשל". שרײַבנדיק זײַן פּאָעמע אין טאָן פון א פולשטענדיקער סאָלידאַריזירונג מיטן כאַוועך הערשל, דערציילט ב. שאפיר:

> ... שפּעטער. הערשל ווערט א מאַסקל,
> האַלט פון ביאַליקן מיט פרוגן,
> אים נאָר איינס אין זיי געפעלט ניט,
> וואָס זיי יאָמערן און קלאָגן.
>
> — „היינט — שרייט ער — איז ניט די צייטן
> פון צו זיפצן, גיסן טרערן,
> ווילט איר היילן, זייט דאָקטוירים?
> ווייסט! היינט פריילעכס ווילט זיך הערן!".
>
> און איך לערן זיך פון הערשלען,
> פון דעם קריטיק, פון דעם שרייער,
> וואָס נאָר פריילעכס איז אים טייער...
> אוי, איז דאָס געווען א הערשל!..

א כאַראַקטעריסטישע דעטאַל: די אָקאָרשט־ציטירטע שורעס, וואָס רופן אָן באַם נאָמען ביאַליקן און פרוגן, זײַנען פאַרשריבן אַף דעם ערשטן האַנטשריפטלעכן עקזעמפּליאַר פון דער פּאָעמע „הערשל", וואָס איז באַצייכנט מיט א באַשטימטער דאַטע: 1905 X 12/I. צו דער צײַט,

ווען די פּאָעמע איז אָנגעשריבן געוואָרן, האָט מען זי, קאָנטיק, ניט געוואָלט דרוקן (האגאם מע האָט צו יענער צײַט גאנץ גערן געדרוקט

שפּינאָזאַ, הערשעלע וואַרט אַ ווײַלע
[illegible]
[illegible]
וואָס די וועלדער אין קלאָגן...
[illegible]
[illegible]
[illegible]
[illegible]
[illegible]
פֿון דעם קריטיק, פֿון דעם שרייבער
[illegible]
[illegible]

(פונ שאפּירס מאנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך
אינ מוזיי פאר יידישער קולטור אינ אָדעס)

שאפּירס ערשטע לידער, וואָס זײַנען פול געווענ מיט נאָכמאכונגענ ביאליקנ, פרוגנ. רייזינענ). אָפּגעלעגנ ניט געדרוקטערהייט איז די פּאָ-עמע ביז 1910 י. אונ ערשט דעמלט, ווענ זי איז געדרוקט געוואָרנ מיטאמאָל אינ צוויי ערטער, (אינ זשורנאל „דער שטראל" אונ אינ

דער צײַטונג „גוט מאָרגן") איז אין ביידע פאַלן פונעם טעקסט גע־וועגן ארויסגעוואָרפן די אויבן ציטירטע שטעלן וועגן ביאַליקן און פרוגן. אין דער דאָזיקער דעטאַל האָבן מיר זייער א בולטע אילוסטראַציע צו דעם ליטעראַרישן וועג, וואָס ב. שאַפיר האָט געהאַט דורכצומאַכן. אָנגעשריבן איז די ליד אין יאָר 1905, ווען די יידישע דיכטונג איז געזונקען אין אָנמאַכט און דערשלאָגנקייט, דעמלט, ווען עס האָט דאָ נאָך אין דער פולער מאָס געגאָלטן דער „דעוויז" פונעם פאַרצײַטיקן מאַסקילישן מעכאַבער:

> דער „אוי" מאַכט אפילע ניט גרינגער דעם ווייטעק,
> נאָר אויקענ מוז מען, קרעכצן איז נייטיק...*

דער אָנהייב פונעם יאָר 1905 איז געווען די סאַמע בלי־צײַט פון אָט דער אויקענדיקער און וויינענדיקער דיכטונג. פונקט צו דער צײַט האָט דאָך א. רייזען אין נאָמען פון א גאַנצן גרויסן קרײַז קליינביר־גערלעכע שרײַבער, וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום אים, געמאָלדן אין זײַנער א ליד: „איך וויל ניט קיין קאַמף, איך וויל ניט קיין שטרײַט". א. רייזען האָט אָבער געזען, אז „מע פאָלגט אים ניט", דער רעוואָ־לוציע-שטורעם רוקט זיך אָן נעענטער, איז ער דערפון ארײַנגעפאַלן אין אזא פאַרצווייפלונג, אז ער האָט זײַנעם א דעמלטיקן בינטל לי־דער (געדרוקט אינעם זאַמלבוך „קולטור", 1905) אזוי טאַקע א נאָמען געגעבן: „פאַרצווייפלונג-לידער".

ניט ווייניקער פאַרצווייפלונג האָט זיך נאָך דעמלט געלאָזט הערן אויך אין דעם בורזשואַזן פליגל פון דער יידישער דיכטונג, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט זיך צוגעפּאַסט צו דער נײַער היסטאָרישער סיטואַציע און איז נאָך פול געווען מיטן דראַנג צו „אַנטלויפן" פון דער אָנקו־מענדיקער רעוואָלוציע. ש. פרוג, לעמאָשל, האָט צו דער צײַט קיין פּאַסיקערן מאָטיוו ניט געפונען, ווי צו באַזינגען זײַן פאַרן אַפּן קיי־ווער-אָוועס אין שטעטל שמוינעווקע. געהייסן האָט עס:

> א גרוס דיר, שמוינעווקע, די וויג,
> פון מײַנע זיסע קינדער־יאָרן;
> מיר זיינען ביידע יונג געווען,
> מיר זיינען ביידע אַלט געוואָרן.

---

* א. צווייפל: „אהער און אהין".

פאַרקילט, פאַרגליווערט אונדזער בלוט,
פאַרפינצערט אונדזערע מאַכשאָוועס...
דו ליגסט פאַרשלאָסן און פאַרבלענדט,
איך פֿאָר צו דיר אַף קייווער־אָוועס...

די פאַרשפּרייטקייט פון אָט די „קייווער-אָוועס״-מאָטיוון איז געווען אזוי גרויס, אז אפילו דער צעקראָכן-באַלעבאַטישער „פריינד״ האָט אין יאָר 1905 אין א פּראָטעסטירנדיקן טאָן געשריבן:

„אז מיר גיבן א קוק אף אונדזער ביכער-מארק, ווערט בעעמעס טרויעריק אפן הארצן. וועלכע נייע ביכער אָדער ביכלעך זיינען בא אונדז ארויס, וועלכע טראָגן אף זיך דאָס שטעמפּל פון דער איצטיקער צייט? אונדזער ליטעראטור לוידיי, וואָס זי גייט ניט פאָרויס, וואָס זי פירט ניט דאָס לעבן, נאָר זי שלעפּט זיך אפילו ניט נאָך נאָכן לעבן״.

וויאזוי דער בורזשואז-דעמאָקראטישער „פריינד״ האָט זיך אויסגעמאָלט דעם „שטעמפּל פון דער איצטיקער צייט״ — דאָס איז א באַזונדערע פראגע. עס איז אָבער קעדייי צו פארצייכענען, אז אפילו דעם „פריינד״ האָט אין יאָר 1905 אופגעהערט באפרידיקן די „קייווער-אָוועס״-ליטעראטור, וואָס האָט זיך אזוי „פרעכטיק״ צעבליט אפן סאמע שוועל פון דער רעוואָליוציע.

און אָט סאמע אין דער צייט האָט ב. שאפיר געשריבן זיין פּאָעמע „הערשל״. ווי באשיידן מע זאָל ניט שאצן דעם קינסטלערישן ווערט פון דער פּאָעמע, איינס לאָזט זיך דאָך ניט לייקענען: לויט אירע גרונט-מאָטיוון — דער פּראָקלאמירונג פון „פריילעכקייט״ — איז „הערשל״ געווען אן אויסנאם-דערשיינונג אין דער דעמאלטיקער ליטעראטור. דערביי ווארפט זיך אין די אויגן, אז אין ב. שאפירס פּאָעמע ווערט גערופן ניט צו יענער „לעבנסלוסט״, צו וועלכער עס האָבן עטוואָס שפּעטער אין די יאָרן 1906—1907 אָנגעהויבן רופן אייניקע בורזשואזע דיכטער, ווי ז. שנייור און יאנקעוו שטיינבערג. ב. שאפירס „פריילעכקייט״ אין דער פּאָעמע „הערשל״ איז קלאָר ניט פאַרבונדן מיט דער בורזשואזער אפּאָלאָגיע פון „איינזאמקייט״ און נאָך ווייניקער איז זי פאַרבונדן מיט יאנקעוו שטיינבערגס און ז. שנייורס קלאסנהאס צו די „מאסן אין די גאסן״. פאַרקערט, ב. שאפירס „הערשל״ איז געווען אין דער דעמאלטיקער דיכטונג דאָס איינציקע

ווערק, וואָס האָט געוואגט צו שטעלן אין צענטער פון דער האנדלונג די רעאלע געשטאלט פון א רעוואָליוציאָנער, וואָס וויל אקטיוו פארטיידיקן די אינטערעסן פון די „מאסן אין די גאסן“, וויל „פון דראבעס מאכן לייטן“, וויל קעמפן פאר זייער צוקונפט.

דער טאָן פון שאפירס פּאָעמע איז דורכויס א באגייסטערנדיקער, א בארעכטיקנדיקער, מע וואָלט געמעגט אפילע זאָגן, א באגריסנדיקער. ב. שאפיר באגריסט אזא לעבן, ווי דעם כאווער הערשלס. ער נעמט אָן דעם כאוועער הערשלס אקטיוו־טעטיקע, רעוואָליוציאָנער־אָפּטימיסטישע שטעלונג צו דער ארומיקייט.

ווילט איר היילן, זיין דאָקטוירים ?
ווייסט : היינט פריילעכס ווילט זיך הערן !..

די „פריילעכקייט“ באקומט דאָ א באשטימטע סאָציאלע פונקציע. עס דערמאָנט יענע פריילעכקייט, וועלכע עס האָט אמאָל באזונגען דער פראנצויזישער דיכטער בעראנזשע.

די פריילעכקייט גיט מונטערקייט דעם קנעכט,
די מונטערקייט — געדאנקען וועגן פרייהייט..

אָט אין די דאָזיקע „געדאנקען וועגן פרייהייט“ גייט עס טאקע בא שאפירן. די פּאָעמע „הערשל“ איז דערמיט סימפּטאָמאטיש פאר שאפירס אנטוויקלונג, וואָס גלייכצייטיק מיטן מאָטיוו „פריילעכקייט“ קומט דאָ אויף דער מאָטיוו פון „שטרייטן“, דער מאָטיוו פון אקטיוון רעוואָליוציאָנערן קאמף, וואָס ווערט פארקערפּערט אין הערשלס לעבנסגעשיכטע. און אז דער דאָזיקער מאָטיוו איז אויפגעטראָטן אין דער פּאָעמע „הערשל“ ניט צופעליק — דאָס באווייזן נאָך א ריי אנדערע לידער, וואָס שאפיר האָט געשריבן צו דער זעלבער צייט.

## XIV

ארויסטרעטנדיק אפן שארפסטן אויפן קעגן דער פארקריפּלונג פון דער „דעמאסקירונג-ליטעראטור“, וואָס עס האָבן פּראקטיקירט די „עקאָנאָמיסטן“, האָט לענין אין 1904־טן יאָר געשריבן :

„דער באוווסטזיין פון די ארבעטער־מאסן קאָן ניט זיין קיין עכטקלאסעווער באוווסטזיין, אויב די ארבעטער וועלן זיך ניט אויסלער-

נען אפ קאָנקרעטע און דערביי אומבאַדינגט ברענענדיקע (אקטועלע) פּאָליטישע פאקטן און געשעענישן צו באַאָבאַכטן י ע ד ן פון די אי־בעריקע געזעלשאפטלעכע קלאסן און אַ ל ע אנטפּלעקונגען פונעם גייס־טיקן, מאָראַלישן און פּאָליטישן לעבן פון די דאָזיקע קלאסן."

לעניג שטרייכט דערביי אונטער, אז די קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער עקאָנאָמישער נאטור און דעם סאָציאַל־פּאָליטישן פּארצעפּ פון די דאָזיקע קלאסן קאָן דער ארבעטער ניט ארויסשעפּן פון קיין שום ביכל.

„דאָס קאָנען געבן בלויז לעבעדיקע בילדער און דעמאסקירונגען, וואָס זיינען צוזאמענגעשטעלט אפ די הייסע שפּורן פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דעם געגעבענעם מאָמענט ארום אונדז, וועגן וואָס עס ריידן אפ זייער שטייגער אָדער אפילע עס שעפּטשען זיך איבער אלע און יעדערער, וואָס עס דריקט זיך אויס אין אזוינע און אזוינע געשעענישן, אין אזוינע און אזוינע ציפערן, אין אזוינע און אזוינע געריכט־אורטיילן א.א.וו., א.א.וו. די דאָזיקע אלזייטיקע פּאָליטישע דעמאסקירונגען זיינען א נייטיקער און אַ י ק ע ר ד י ק ע ר באדינג פאר דער דערציִונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אקטיווקייט פון די מאסן".*

ווען מע באקענט זיך מיט דעם ייִדישן ארבעטער־פּאָלקלאָר ארום 1905, זעט מען, אז די פּאָליטישע דעמאסקירונג, וועלכע לעניג האָט באטראכט, ווי דעם „איקערדיקן באדינג פאר דער רעוואָלוציאָנערער דערציִונג פון די מאסן", האָבן אין דער פּאָלקלאָר־ליד פארנומען דאָס אָנגעזעענסטע אָרט. דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־פּאָלקלאָר האָט אפּן אקטיווסטן אויפן רעאגירט אפ די פּאָליטישע געשעענישן פון יענער צייט, אין קאָנקרעטע געשטאלטן און בילדער פארקערפּערט די דערשיינונגען פונעם פארשארפטן קלאסנקאמפּ, געשטרעבט וואָס מער צו פּאָליטיזירן די ליד, אָנזעטיקן זי מיט פּאָליטיש־אקטועלער טעמאַ־טיק און דורך דעם אָנשליסן זיך אָנעם טאָגטעגלעכן רעוואָלוציאָנערן קאמפּ פונעם ארבעטער־קלאַס.

אין דער בונדיסטישער דיכטונג טרעפן מיר, ווי מיר האָבן אויבן באוויזן, א פארקערטע דערשיינונג. מיר זעען דאָ א שטענדיקע איג־נאָרירונג פון דער פּאָליטיש־אקטועלער ליד, א שטענדיקע טענדענץ אויסצומיידן די קאָנקרעטע פּאָליטישע טעמאטיק.

* לעניג. ווערק. באנד V, זייט. 127 אויסגאבע 1924.

עמעס, די אקטיווקייט פונעם רעוואָליוציאָנערן ארבעטער-פאָלקלאָר איז צו יענער צייט געווען שוין אזוי גרייס, אז געוויסע אָפּקלאנגען פון רעוואָליוציאָנערע פאָלקלאָר־מאָטיוון האָבן א פּאָר מאָל פארבלאָנ־דזשעט אויך אף די שפאלטן פון דער בונדיסטישער פרעסע. אזוי, לע־מאָשל, טרעפן מיר אין „וועקער" פון 1906 (נומ. 27) א גאנץ שטיי־פע קאמפ־ליד אפן מאָטיוו:

איך גיי מיט דיר, שוועסטער, געקומען די צייט,
וואָס האָט אונדז צוזאמען פאראייניקט אין שטרייט...

אזעלכע לידער, אויסגעהאלטן אינעם טאָן פון דער רעוואָליוציאָנערער פאָלקלאָר־ליד, קאָן מען אָבער טרעפן אין דער בונדיסטישער פרעסע בלויז אין גאָר געציילטע פאלן. פארקערט, פאר די ליטעראַרישע רעדל־פירער פונעם „בונד" איז גראָד כאראקטעריסטיש די טענדענץ צו דער־ווייטערן זיך פון דעם רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־פאָלקלאָר. די בונדיסטי־שע דיכטער, אז זיי זיינען שוין יאָ אמאָל צוגעקומען צו א פּאָלי־טישער טעמע, האָבן זיי זיך פריער פאר אַלץ באמיט אָט די טעמע אופאסן „העכסט-ליטעראַריש", אין גייסט פון יענעם „הויכן גאנג", וואָס איז געווען פארשפרייט אין דער בונדיסטישער דיכטונג. דערפאר טרעפן מיר אין „וועקער", לעמאָשל, א ליד, וואָס הייסט „טפילאס־שאכריס" און באזינגט דעם קלאסנקאמף אף פאָלגנדיקן אופן:

טויטע ריזן — הייסע קוימענס
יאָגן שווארצע וואָלקנס רויך,
אָכצן, קרעכצן, שרייען קוילעס,
שפייען פייער אין דער הייך...

רעדער רוישן, האמערס קלאפּן,
דאמפער פייפן איבעראל...
טפילע טוט עס — טפילאס שאכריס —
צו זיין גאָט דער קאפּיטאל...

און זיין גאָט איז די מאטביייע —
ס'איז א גאָט אָן שום ראכמאָנעס —
די רעגירונג איז זיין קויעך,
און די ארבעטער — קאָרבאָנעס... *

---

* „דער וועקער" נומ. 27, 1906.

מיר זעען, אז דער בונדיסטישער דיכטער קאָן זיך ניט צעשיידן מיט דער קלויז-אטמאָספער אויך דעמלט, ווען ער גייט אריבער פֿון אינטימער לירִיק צו א מער ברייטער סאָציאַלער טעמע, צו דער פּאָליטיש-אקטועלער ליד. עס איז דעריבער קיין ווונדער ניט, וואָס די בונדיסטישע פּרעסע נעמט אוף אזוי גאסטנפֿרײַנטלעך ש. פֿרוגן און טרויט אים אָן צו שרײַבן גראָד אף די אקטועלסטע פּאָליטישע מאָטיוון. און פֿרוג פֿארבלײַבט זיך דערבײַ גאנצ געטרײַ. ער שרײַבט פֿאר דער „פֿאָלקס-צײַטונג“ א פּאָליטישע ליד, וואָס הייסט ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דער „פּורעם-טאָסט“:

איר הערט? פֿון יעדער זייט
קלינגט „ארור המן“ ווידער...
עס איז נאָך אָבער ווייט
צו אונדזער „סודע“, ברידער *

דער נוסעך פֿונעם „פּורעם-טאָסט“ האָט, קאָנטיק, אזוי אויסגעגומען בא די בונדיסטישע דיכטער, אז די „פֿאָלקס-צײַטונג“ הייבט אינגיכן אָן דרוקן א גאנצע סעריע ענלעכע לידער פֿון א געוויסן בונדיסטישן דיכטער י. האלפֿעראָוויטש. אף כאנוקע שרײַבט האלפֿעראָוויטש א ליד „די נײַע ליכטלעך“, אף פּייסעך — „די נײַע האגאָדע“. אומזיסט וועט איר זוכן אין דער „נײַער האגאָדע“ עפּעס ענלעכס צו דעם אנטירעליגיעזן פּאָעטישן זשאנר, וואָס עס האָט נאָך ביז דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע געשאפֿן דעמיאן בעדני און אנדערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער באָלשעוויסטישער פּרעסע. אומזיסט וועט איר דאָ זוכן עפּעס ענלעכס צו יענע „פּאָליטישע דעמאסקירונגען“, וועלכע לעניג האָט באטראכט ווי דעם „איקערדיקן באדינג פֿאר דער רעוואָליוציאָנערער דערציִונג פֿון די מאסן“. דער בונדיסטישער דיכטער ווײַכט דערפֿון. אָנשטאָט איפּצורײַסן די רעאקציאָנער-קלעריקאלע אטמאָספער, וואָס קולטיווירט דעם סטיל פֿונעם „פּורעם-טאָסט“, קומט דער בונדיסטישער דיכטער זיך צופּאסן צו אָט דער קלעריקאל-רעאקציאָנערער אטמאָספער.

ניט דערצייל פֿון אלטע „מאקעס“
גראב ניט די אלטע צאָרעס!

* „פֿאָלקס-צייטונג“, 1907, № 223.

לאָז די אלטע פארעס רוענ,
נײַע זײַנענ אופגעקומענ... *

אָט אינ דעמ נוסעכ ווערט געשריבנ די בונדיסטישע סאטירע אפ פּאָליטישע טעמעס, אָט אינ דעמ וועג פירט די בונדיסטישע דיכטונג די „רעוואָליוציאָנערע דערציִונג" פונ די מאסנ. זי ווײַזט זײ אפ שריט אונ טריט א נײַעמ פארע, א נײַעמ האָמענ:

יִידנ!
א סאָפ מיט אנ עק
צו אײערע שרעק:
אינ דער שטאָט אָדעס
איז געשענ א נעס:
א מאָרדכע איז געוואָרנ האָמענ!
עפּנט דרײסט איצט אופ די קראָמענ —
אויס רעציכעס, אויס פּאָגראָמענ!.. **

כאראקטעריסטיש פאר דער בונדיסטישער „סאטירע" איז געווענ דאָס, וואָס אינ איר האָט לאָכלוטנ געפעלט דאָס געזונט-יאָדערדיקע האַ־מוינישע גלײַכוואָרט, דער האמוניש-סארקאסטישער וויצ, דער האמוי-ניש־לוסטיקער גראמ — אָט דאָס אלצ אינ וואָס עס זאָל זיכ לאָזנ פילנ די קעמפערישע שטימונג פונ די ברײטע מאסנ. אָנשטאָט דעמ האָט דער בונדיסטישער „סאטיריקער" צוגעטראָגנ דעמ ארבעטער-לײענער טויטע באדכאָנישע גראמענ, וואָס האָבנ פּונקט אזוי געשטימט מיט די עמעסע אופגאבנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער סאטירע, ווי דער „סאָציאליזמ פונ בונד" האָט געשטימט מיט די קלאסנ-אינטערעסנ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאריאט.

צי האָט ב. שאפיר געפּרוּווט עפּעס טאָנ אינ געביט פונ דער פּאָליטישער סאטירע? קאָנטיק, אז יאָ. ניט געקוקט דערופ, וואָס דער שאפיר־ארכיוו לײַדט פונ דעפעקטנ אונ בלויזנ, האָבנ זיכ דאָ פאר-היט לידער וועגנ וויטע אונ טרעפּאָוונ, לידער וועגנ דעמ אָדעסער „גראדאָנאטשאלניק" דעמ בארימטנ הענקער גענעראל נײדגארט אונ זײַנ געטרײַענ געהילפ, דעמ קאָזיאָנע ראבינער קרעפּסנ. עס קאָנ קײנ שומ סאָפעק ניט זײַנ, אז דאָ האָבנ מיר צו טאָנ מיט רעשטלעכ פונ

* „פאָלקס-צײַטונג" 1907, № 334

** „פאָלקס-צײַטונג" 1907, № 348.

א גאנצער סעריע לידער, רעשטלעך פון א זשאנר, וואָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט שאפירן. דאָס איז צו זען פון דער פלייסיקייט, מיט וועלכער ער ארבעט אפּ די דאָזיקע לידער, וואָס זיינען קיינמאָל ניט דערגאנגען צום דרוק.

וואָס-זשע געפינען מיר אין שאפירס פרוּוון אין געביט פון פּאָליטישער סאטירע?

זעלבסטפארשטענדלעך האָבן שאפירס געציילטע עטלעכע לידער אפּ עפּעס גרויס זיך פארמעסטן ניט געקאָנט. פּונקט ווי אין אלע איבעריקע זשאנרען פון שאפירס ליד האָבן מיר אויך דאָ צו טאָן בלויז מיט דער „דערוואכונג פון באוווסטזיניקייט".

אָבער אפילו פארבלייבנדיק אין די ראמען פון אָט דער „דערוואכונג פון באוווסטזיניקייט" האָט שאפיר אריבערגעטראָגן די פּאָליטישע סאטירע אפּ א פּרינציפּיעל-אנדערע פלאַך, אייַנגעריסן זי מיטן סטיל פון יענעם „פּורעם-טאָסט", וואָס עס האָבן קולטיווירט די בונדיסטישע „סאטיריקער".

זאָל זיך טרעפּאָוו מאכן קוילן
און אויך שרייבן פיל באפעלן,
זאָל ער שטעלן גרויסע וואכן.
נאָר מיר מעגן פון אים לאכן:
כא, כא, כא, כא, כא, כא!...

זאָל ער שטעלן פּולעמיאָטן
און פארווערן די סאָלדאטן
אפּ די שיפן בונטן מאכן,
נאָר מאטראָסן פון דעם לאכן:
כא, כא, כא, כא, כא, כא!..

אין די דאָזיקע שורעס האָט זיך געלאָזט פילן, אז די פאָרשטעלונג וועגן „קאָלעקטיוו ווידערשטאנד" הייבט אָן ווערן בא שאפירן מער פארטיפט און פארברייטערט. דער ארויסטריט קעגן „נאטשאלסטווע" באקומט שוין דעם מאסשטאב פון א ברייטער רעוואָלוציאָנערער אקציע, אין וועלכער עס באטייליקן זיך גרעסערע מאסן. ב. שאפיר הייבט אָן צום ערשטן מאָל ניצן דעם „מיר" — דעם אויסדרוק פון זייער וועלן זיך סאָלידאריזירן מיט אָט די ברייטע מאסן, מיר טרעפן דאָ שאפירן אין דעם מאָמענט, ווען ער פּרוווט זיך ארויסרייסן פון

יענעמ ענגנ קרײַז „עקאָנאָמיסטיש״־באַפאַרבטע ארבעט־שילדערונגענ, וועלכע מיר האָבנ פריִער ציטירט, ער פרווּט אײַנרײַסנ מיטנ „פרימיטיווּנ בונט,״ ער וויל מיט זײַנ ליד ארויס אפנ ברייטערנ שליאכ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ.

דאָס כאראקטעריסטישע אינ אָט די לידער איז דאָס האמוינישע גלײַכוואָרט, וואָס האָט קיינמאָל אינ שאפירס לידער ניט באקומענ אזאַ ענערגישנ אקטיוו-טעטיקנ טאָנ. אינ די דאָזיקע דרײַ לידער האָט שאפיר צומ ערשטנ מאָל זיכ דערנעענטערט צו יענעמ ארבעטער־פאָלקלאָר, וואָס האָט אינ די יאָרנ 1905 — 1907 אזוי שארפ רעאגירט אפ די פאָליטיש-אקטועלסטע געשטאלטנ אונ געשעענישנ. אי דער געזונט-מונטערער טאָנ פונ דער סאטירע, אי די קאָנקרעטקײַט פונ די געשטאלטנ, וואָס ווערנ דורכ אָט דער סאטירע אטאקירט, אי, ענדלעכ, די אויספורעמונג פונ די לידער אינעמ טאָנ פונ א האמוינישער זינגליד — דאָס אלצ האָט איידעס געזאָגט וועגנ שאפירס לעבעדיקנ קאָנטאקט מיט דער ברייטערער ארבעטער-מאסע, וואָס האָט פונ טאָג צו טאָג אלצ מער זיכ ארײַנגעצויגנ אינ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ.

דעמ זעלבנ פראָצעס פונ ארײַנגעצויגנ ווערנ אינעמ אקטיוונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ האָט, קאָנטיק, צו דער זעלבער צײַט דורכגעמאכט אויכ ב. שאפיר. דערפאר הייבט זיכ אָנ צו דער צײַט מערקנ, ווי עס פארשטארקט זיכ דער פאָליטישער אקצענט אויכ אינ די איבעריקע לידער שאפירס. אפ אָט דער וויכטיקער דערשײַנונג אינ ב. שאפירס אנטוויקלונג האלטנ מיר פאר נייטיק זיכ אָפצושטעלנ באזונדער.

XV

נאָכ אינ 1918־טנ יאָר, ווענ וו. פריטשע האָט דער ערשטער גענומענ אנאליזירנ דאָס שאפנ פונ איינִיקע דיכטער ארבעטער, וואָס זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ דער רוסישער ליטעראטור ערעוו 1905, נאָכ דעמלט האָט ער פעסטגעשטעלט, אז אינ די ווערק פונ די ערשטע רוסישע דיכטער ארבעטער (נעטשאיעוו, שקוליעוו, גמורינ) קומט צומ אויסדרוק ניט בלויז דער שווערער געמיט־צושטאנד פונ אונטערדריקטע ארבעטער־מאסנ, ניט בלויז דער ווײ-געשריי פונ זייער פאר־

פּייניקטן לעבן, זייער דערשטיקטער מענטשלעכער ווערדע. באַגלייך דערמיט לאָזט זיך הערן אין די לידער פון די ערשטע דיכטער ארבעטער נאָך אַן אנדער שטים. מיר טרעפן דאָ לידער, וואָס זיינען לויט פריטשעס אויסדרוק „דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון וויליונגישער פארשייטקייט (молодецкая удаль), מיט יענער העפקערדיקער זאָרגלאָזיקייט, וואָס מיט איר האָט זיך אויסגעצייכנט דער רוסישער ארבעטער אין דער באַגינען־צייט פון זיין היסטאָרישן לעבן און וואָס שפּעטער איז דאָס מעגולגל געוואָרן אין דער באַוווסטזיניקער רעוואָליוציאָנערישקייט פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט“.*

די דאָזיקע פעסטשטעלונג וואַרפט א העלע שיין אויך אָפּ ב. שאַפּירס ליטעראַרישער אנטוויקלונג. ווען מע באַקאָנט זיך מיט דער פּאָעמע „הערשל“ און מיט די פאַרבליבענע סאַטירישע לידער אָפּ פּאָליטיש־אַקטועלע טעמעס, ווערט קלאָר, א דאָ האָבן מיר ווירקלעך א סאַך ענלעכס צו יענער „וויליונגישער פאַרשייטקייט“ און „העפקערדיקער זאָרגלאָזיקייט“, וועגן וועלכע עס רעדט וו. פריטשע. נאָך מער ווערט עס קלאָר, ווען מע באַקאָנט זיך מיט שאַפּירס איבעריקע לידער, געשריבענע אין די יאָרן 1905 — 1907.

ב. שאַפּיר האָט, קאָנטיק, געהאַט דאָס פולע רעכט צו שרייבן:

איך האָב א האַרץ א פריילעכס,
א יאַם אי ברייט אי טיף,
עס שווימט דאָרט אום מיט ליבשאַפט,
מיט פריילעכקייט א שיף...

די „פריילעכקייט“ האָט ווירקלעך אין מעשעך פון אייניקע יאָרן — 1905 — 1907 — באַשטימט דעם גאָרן כאַראַקטער פון ב. שאַפּירס דיכטונג. פון איר, פון אָט דער „פריילעכקייט“, האָט ב. שאַפּיר געפּרוווט אַרויסגיין אין דער באַשטימונג פון זיין גאַנצן דיכטערישן באַרוף. לייענען מיר בא שאַפּירן:

די יאָרן מעגן לויפן
און מעג דער קאָפּ זיין גרוי,
נאָר דו, מיין האַרץ, זיי פריילעך
און ווען דו הערסט א „אוי“ —

* וו. פריטשע: „פּראָלעטאַרישע דיכטונג“ (רוסיש), מאָסקווע 1918.

פֿארגיס אים מיט דיין ליבשאַפֿט,
דערטרינק אים אפֿן אָרט,
און וועק צו פֿרייעם לעבן
נאָר מיט א פֿריילעך וואָרט...

מיר האָבן דאָ א גאַנץ טרעפֿלעכע באַצייכענונג, וואָס ב. שאַפּיר האָט געגעבן זײַן אייגענעם פּאָעטישן נוסעכ: „דאָס פֿריילעכע וואָרט". מיט אָט דעם באגריף „דאָס פֿריילעכע וואָרט" ווערט בא שאַפּירן דירעקט פֿאַרבונדן א צווייטער באגריף „וועק צו פֿרײַעם לעבן". און אָט די אָרגאַנישע באַהעפֿטונג פֿון די צוויי גרונט־באַגריפֿן אין שאַפּירס באַוווּסטזײַן — דאָס באַשטימט דעם אינהאַלט פֿון א גאַנצער ריי לידער וואָס קאָנען באַצייכנט ווערן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „פֿרײַהײַט־לידער."

אין אָט די לידער איז פֿריִער פֿאַר אַלץ צו זען, אַז שאַפּיר גיט זיך אַלץ מער און מער אונטער דער פּרוכטבארער ווירקונג פֿון דער עלטערער רעוואָלוציִאָנערער דיכטונג אין אַמעריקע. מיר האָבן דאָ ניט קיין מעגלעכקײַט זיך אָפּצושטעלן אפֿ גענויערע פּראָטים, וואָס וואָלטן קלאָר און דײַטלעך באַוויזן די רעזולטאַטן פֿון אָט דער ווירקונג אפֿ שאַפּירן. פֿאַר אונדז איז אָבער וויכטיק צו פֿאַרצייכענען, אַז דער לאָזונג „וועק צו פֿרייעם לעבן" האָט דורכויס געשטימט מיט דער אײַנשטעלונג פֿון די עלטערע רעוואָלוציִאָנערע דיכטער, וואָס האָבן אַלע גלײַך — ניט געקוקט אפֿ דער פֿאַרשיידנקײַט פֿון זייער סאָציִאַלער נאַטור — געקאָנט זאָגן מיט באָוושאָווערס ווערטער:

אָ, מוזע, דורכ דיר, נאָר דורכ דיר קען איכ וועקן
די ליידנדע ברידער, וואָס יאָמערן שטיל,
וואָס לעבן אין עלנד, אין אייביקן שרעקן
פֿאַר די, וועלכע האָבן קיין מענטשן־געפֿיל...

דורכויס געשטימט מיט דער אײַנשטעלונג פֿון דער עלטערער רעוואָלוציִאָנערער דיכטונג אין אַמעריקע האָט אויכ דאָס, וואָס שאַפּיר רײַסט ענדגילטיק אײַן מיט דער ליטעראַרישער טראַדיציע פֿון די „זאָגענאַנטע אַרבעטער־פּאָעטן". אויב אין דער פּאָעמע „הערשל" איז דער דאָזיקער אײַנרײַס נאָכ קוים־קוים אָנגעמערקט, קומען שפּעטער לידער, ווו מיר זעען שוין שאַפּירן אין אָפֿענעם צוזאַמענשטויס מיט דעם מין דיכטונג, וואָס עס האָבן פּראָדוצירט די בונדיסטישע

דיכטער. שאפירן איז ניט נאָר פרעמד די נאַציאָנאַליסטישע אפּאָלאָגעטיק פון לעסינס לידער, ער טרעט באַזונדערס שארף ארויס קעגן דער ליבעראַל־פילאַנטראָפּישער איינשטעלונג, וואָס ווערט פארקערפּערט אין דער בונדיסטישער דיכטונג, קעגן איר שטענדיקער זיפץ-און קרעכץ-טראַדיציע.

געזונג, מיין פריינט, ניט זיפץ, ניט וויין...

הייבט אָן ב. שאפיר איינע פון זיינע לידער אין יאָר 1906. די ליד איז, ווי אַלעמאָל בא שאפירן, אַן אַפּאָלאָגיע פון „פרייליעכקייט". די „פריילעכקייט" קריגט אָבער דאָס מאָל א ברייט-אַנטוויקלטן אינהאלט.

... און זינגן, און ליבּ און פריילעך זיי.
און לאַך, דיין קאָל זאָל קלינגען פריי
גלייך ווי א דונער שטארק און וויַיט,
אַז וועקן זאָל עס צו דעם שטרייט!
אין שטרייט פאר מענטשן־רעכט פאָרויס
דו מיט דיין וואָרט שטאָלץ גיי ארויס!
פאָרויס! געבענטשט זאָל זיין דער וועג
און מיט ניצחון דאָס געשלעג!..

מיר זעען אין דער ליד, ווי שאפיר הייבט אָן בּיסלעכווייז זיך באפרייען פון יענעם „פּרימיטיוון בונט", וואָס האָט געשפּילט אזא גרויסע ראָליע אין זיינע ארבעט-לידער. דאָס „וועקן צום פרייען לעבן" ווערט מער קאָנקרעט. שאפיר פאָדערט שוין איצט פונעם „פריילעכן וואָרט" א סאך מער, ער פאָדערט „אַז וועקן זאָל עס צו דעם שטרייט". דער באגריף „שטרייט", וואָס איז נאָך גאנץ וויַיט פון א קאָנקרעטער פאָרשטעלונג וועגן קלאסנקאמף, הייבט דאָך אָן זיך אָנפילן מיט א מער באַשטימטן סאָציאַלן אינהאלט. וועגן אָט דעם „שטרייט" איז שאפיר שוין ניט געניגט צו ריידן אין אזא זאָרגלאָזן טאָן, ווי עס דערציילט זיך וועגן דעם כאוואר הערשלס „שטרייטן". איצט האַנדלט זיך וועגן „א שטרייט פאר מענטשן־רעכט" — א פאָרמולירונג, וואָס איז געווען פארשפרייט אין דער עלטערער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג אין אמעריקע.

...ער האָט באדויערט
אלע אָרעמע, שוואכע קנעכט,

וועלכע האָבן ניט קיין פרײַהײט
און קיין ביסל מענטשן-רעכט...

אָט אזוי כאראקטעריזירט י. באָוושאָווער דעם דיכטער דאָוויד עדעלשטאטן אין א ליד, וואָס איז געשריבן צו עדעלשטאטס טויט. דאָס זעלבע „באדויערן אלע אָרעמע, שוואכע קנעכט" ליגט אויך אין גרונט פון שאפירס לידעד צו יענער צײַט. דאָס „באדויערן" ווערט אײַנגעפאסט אין א ברייטערער פערספעקטיוו פון רעוואָליוציאָנערן קאמפ — „דער שטרײַט פאר מענטשן-רעכט", און דאָס גיט שאפירן א מעגלעכקײַט פון צײַט צו צײַט אינגאנצן זיך צו באפרײַען פון יענעם „סטיכייִשן פראָטעסט", וואָס „איז גיכער דער אויסדרוק פון פארצווייפלונג און נעקאָמע, איידער קאמפ" (לענין).

עמעס, עס טרעפט אויך אין די פרײַהײַט-לידער, אז בא שא-פירן רײַסן זיך דורך, אזוי צו זאָגן, „סטיכייִשע" טענער. מיר הערן אויך דאָ, ווי שאפיר כאזערט:

כ'האָב קיין מאמען ניט געוווסט,
כ'האָב קיין טאטן ניט געקענט,
אויסגעוויגט זיך אפן ווינט,
בא דעם לעבן אפ די הענט...

די רעוואָליוציאָנערישקײַט פון שאפירס פרײַהײַט-לידער באקומט אזויארום א גאנץ כאראקטעריסטישע, א „סטיכייִשע" אָפּשטאמונג: זי שטאמט סטאמ פונעם „לעבן", סטאמ פונעם „ווינט". די דאָזיקע „ווינטישקײַט" לאָזט זיך פילן אין עטלעכע פרײַהײַט-לידער, ווו שא-פיר פרווט קאָנקרעטיזירן זײַן פאָרשטעלונג וועגן די אָנקומענדיקע רעוואָליוציאָנערע שלאכטן, וועגן די גרויסע שוועריקײַטן, וואָס שטייען פאָר אין אָט דעם רעוואָליוציאָנערן קאמפ. מיר באמערקן עס אין דער ליד „שוין ווידער פארוואָלקנט דער הימל", וואָס גיט איבער אין דער פאָרם פון א נאטור-שילדערונג דעם אָנגריפ פון דער רע-אקציע און פארענדיקט זיך מיט א כאראקטעריסטישן פינאל:

אָ, צי גיט און שרעק ניט, דו, הימל,
א בליץ און א טראכ מאכ דערפון,
א גאָס און א שווענק אָפ דעם שימל —
און גיכער באווײַז אונדז די זון...

מיר באגעגענען זיך דערמיט אויך אין א צווייטער ליד שאפירס,

ווי עס ווערט ווידער באטאָנט דער ווידערשטאנד קעגנ דער פינצטערניש, וואָס עס טראָגט מיט זיכ די רעאקציע.

אָ, שטארקער דרייט ארויס דעמ לאָמפ!
די שאָטנס — שווארצע וואָלקנ,
זעט, קריכנ שטיל אומ אפ די ווענט,
ווי רוכעס — גאנצע פאָלקנ...

עס איז, פארשטייט זיכ, קיינ צופאל ניט, וואָס אינ ביידע לידער ווערנ די שווארצע קויכעס פונ דער רעאקציע באצייכנט אפ אזא פארשטעלטנ אויפנ — אינ דעמ לאָזט זיכ ווייזנ, ווי ווייניק ב. שאפיר איז אימשטאנד צו קאָנקרעטיזירנ דאָס בילד פונ די גרויסע רעוואָליוציאָנערע שלאכטנ, וואָס קומענ פאָר ארומ אימ. עס איז אָבער כאראקטעריסטיש, וואָס די דערמאָנונג וועגנ די פינצטערע קויכעס פונ דער רעאקציע רופט אלעמאָל ארויס בא שאפירנ א געוויסנ קרעפטנ־צופלוס, דאָס פארשטייפט זײַנ ליד, מאכט זי ענערגישער, פארוואנדלט זי טיילמאָל אינ אנ ענטוזיאסטישנ רופ.

...ניט קארגט, ניט קארגט קיינ נאפט אונ קנויט,
נאָר גרעסער מאכט דאָס פײַער —
א בלינדער זאָל דערזענ די שײַנ,
די שײַנ, וואָס איז אימ טײַער...

אָט דעמלט נעמט די קעסל־פויק,
דעמ פידל אונ טרומייטנ
אונ שפילט דעמ מארש פונ ליכטיקײַט,
דעפ „מאזלטאָװ" דעמ בריײטנ...

דער „מארש פונ ליכטיקײַט" — האגאמ עס קלינגט אינ אימ אָפ א גאנצ פרימיטיווע פאָרשטעלונג וועגנ דער הארבקײַט פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ — איז דאָכ כאראקטעריסטיש דערמיט, וואָס ער איז געשריבנ אינ דער פאָרמ פונ אנ אקטיוו־מאָביליזירנדיקנ רופ, א ווענדונג צו ברייטערע מאסנ. געשריבנ האָט ב. שאפיר די דאָזיקע מארש־ליד ניט אָנ דער ווירקונג פונ יענע מארש־לידער, וואָס עס האָבנ געשריבנ די עלטערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער אינ אמעריקע.

דער פארגלײַכ מיט ווינטשעווסקיס מארש־ליד אנטבלויזט טאקע זייער גיכ דעמ גרונט־דעפעקט פונ שאפירס פרײַהײַט־ליד: דעמ מאנגל פונ אידייִשער רײַפקײַט, דעמ מאנגל פונ קלאסעווער באוווסטזיניקײַט,

וואָס האָט געשטערט ב. שאפּירן אופהייבן אפּ א גרעסערער הייך די רעוואָליוציאָנערע סטימולן, וועלכע ער האָט באקומען פון זײַן סאָציאַלער באזע.

עס איז אָבער ניט צו פארזען אז ב. שאפּיר לייגט ארײַן אײנעם „שטרײַט פאר מענטשנ־רעכט" די גאנצע קראפט פון זײַן אקטיווטעטיקן אָפּטימיזם, זײַן גאנצן מוט און זײַן גאנצן גלויבן.

בלאָזט א ווינט און שמײַסט אין פּאָנעם,
מאכ איכ מיכ ניט ווייסנדיק,
און איכ גיי מיר שטאָלצ און פריילעכ,
האלט דעמ קאָפּ פאריסנדיק.

גיט א בליצ, א טראכ א דונער,
קײַקלט זיכ שטארק שרעקנדיק,
און איכ גיי מיר שטאָלצ און קלער מיר:
יעדער טראכ איז וועקנדיק...

און כ׳פארצי א ליד פון פרײַהײַט
מיט א קאָל א קלינגענדיקס,
און איכ גיי און זוכ כאווייריט
מיט א הארצ א זינגענדיקס.

און מיינ קאָל פארטויבט דעמ דונער,
מיינע פויסטנ קלעמענ זיכ,
פארנ בליצ פון מיינע אויגנ
הימל־בליצנ שעמענ זיכ...

אינ דער ליד האָבנ מיר דעמ מאקסימום פון דעמ, צו וואָס שאפּיר איז אינ די יאָרנ 1905 — 1907 געוועג פייק. „די ווילינגישע פארשײַטקײַט" גייט דאָ באנאנד מיט א באשטימטער אָנשטרענגונג זיכ צוצוגרייטנ צו די רעוואָליוציע־שלאכטנ. דער אָנקומ פון אָט די שלאכטנ, אויב ער ווערט דאָ אפילע ניט באנומענ מיטנ פארשטאנד פון א קלאסנבאוווסטזיניקנ ארבעטער, ווערט ער דאָכ באגעגנט בא שאפּירנ מיט א געזונט־זיכערנ פאָרגעפיל. מיר דערקענענ דאָ דעמ געמיט־צושטאנד פון יענעמ ארבעטער, וואָס האָט נאָרוואָס אָנגעהויבנ זיכ דורכדרינגענ מיטנ באוווסטזײַנ, אז אויסער די קייטנ האָט ער, דער פּראָלעטאריער, גאָרניט צו פארלירנ — געווינענ קאָן ער אָבער די גאנצע וועלט. אָט דער דאָזיקער אָקאָרשט־דערוואָרבענער באוווסטזײַנ שפּילט נאָכ מיט דער גאָרער פרישקײַט אינ שאפּירס לידער

און ווי אָפט מיר זאָלן ניט זען, ווי עס דריקט אַפּ שאַפּירן די פּסיכאָלאָגיע פון זײַנע שטענדיקע סאָציאַלע באַגלייטער — דעם אָקאָרשט־פּראָלעטאַריזירטן שטעטלשן קליינבירגער, ווי ווײַט שאַפּירס באַגריף „כאוויירים" זאָלן ניט זײַן פונעם באַגריף רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַ־ריאַט, ווי ווײַט זײַנע „קאַמף פאַר מענטשן־רעכט" זאָל ניט זײַן פונעם צילבאַוווּסטן פּראָלעטאַרישן קאַמף — שטייט דאָך אויסער שום סאָפעק ב. שאַפּירס אַקטיוו־טעטיקער אָפּטימיזם, זײַן גלויבן אין דעם „קאַמף פאַר מענטשן־רעכט", זײַן ווילן צו דערטראָגן זײַן מונטערנדיקע „ליד פון פרײַהײַט" צו די ברייטסטע שיכטן פון דער אַרבעטנדיקער סוויווע.

XVI

אונדז בלײַבט נאָך צו באַטראַכטן אַ קליין בינטל לידער, וואָס געהער צו שאַפּירס ליריק אין ענגערן זין פון וואָרט: לידער וועגן נאַטור, ליבע־מאָטיוון אאַוו. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע לידער שטייען ניט אָפּגעזונדערט, זיי אונטערשיידן זיך, אין טאָך, זייער ווייניק פון די לידער, וואָס מיר האָבן באַהאַנדלט ביז אַהער. פונקט ווי דאָס גאַנצע שאַפן שאַפּירס, איז אויך זײַן ליריק ניט איינהײַטלעך סײַ לויט די סטימולן, וואָס האָבן זי אַרויסגערופן, און סײַ לויט די רעזולטאַטן, וואָס שאַפּירן גיט זיך אײַן דערבײַ צו דערגרייכן.

דאָס אייגנטימלעכע אין שאַפּירס ליריק הייבט זיך אָן דערפון, וואָס ער רײַסט אײַן מיט דעם רייזענישן צוגאַנג צו נאַטור און מענטש, יענעם צוגאַנג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין רייזענס באַוווּסטע שורעס:

„...ווי קום איך צו שיינהײַט, פונוואַנען, מײַן קינד?
דער וועג צו די פעלדער — דורך גויִים און הינט...
די גאַס איז געווען אַזוי אָרעם און וויסט,
בא יעדערנס טיר — נאָר אַ בערגעלע מיסט...*

אין אָט דער ליד, וואָס רייזען האָט פאַרעפנטלעכט אין 1906 יאָר, איז געווען פאַרקערפּערט אַ שטיק ליטעראַרישע טראַדיציע, וואָס

* „דער וועג" 277 № 1906.

האָט יאָרנלאַנג געוועלטיקט אין דער קליינבירגערלעכער דיכטונג. ב. שאַפּיר רײַסט אַפּ אַנטשיידנסטן אויפֿן אײַן מיט אָט דער טראַדיציע.

געגנונג, מיין פֿרײַנט, ניט זיפֿצן, ניט וויינ,
איך קאָן די וועלט, ווי זי איז שיינ...

אָט דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס שאַפּיר האָט געהאַט צו ענט-פּערן רייזענען און אַלע רייזעניסטן. אין זײַן ליד, ווו ער רעדט וועגן דעם באַרוף פֿון דער דיכטונג, זאָגט שאַפּיר גאָר אויס-דריקלעך:

און וועק, און רופֿ, ניט שרעק, ניט שעלט, —
די שיינהײַט ווײַז אים פֿון דער וועלט...

שאַפּירס ליריק האָט דערצו טאַקע געשטרעבט: זי האָט געוואָלט פֿריער פֿאַר אַלץ ווײַזן די „שיינהײַט פֿון דער וועלט". דערפֿאַר טרעפֿן מיר בײַ אים אַזאַ ספּעציעלן אָפּקלײַב פֿון נאַטור-דערשײַנונ-גען. זײַנע לירישע לידער האָבן שטענדיק צו טאָן אָדער מיט זו-מער, אָדער מיט פֿרילינג.

און נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ שאָ,
דער פֿרילינג קומט, ער איז שוין דאָ!
ס'איז אויסגעוואַשן, ריין דער טאָל,
געצירט מיט גרעזלעך אָן אַ צאָל —
עס שײַנט דאָס פֿרילינג-בילד!..

פּונקט אַזוי „שײַנט" בײַ שאַפּירן אויך דאָס זומער-בילד. אַפֿילע אינעם שטעטל אַז ער קומט, ווײַל ער אויך ניט זען פֿאַר זיך בלויז דאָס רייזענישע „בערגעלע מיסט".

פֿון מיין שטעטל אַפּ די פֿעלדער
ביז איך פֿרי ארויסגעגאַן,
אָפּגעוואַשן, אָפּגעצוואָגן
שטייען אויסגעשטעלט די זאַנגען.

כ'גיי. עס פֿליסט אַ וואַרעם לופֿטל,
לויפֿן כוואַליעס, כוואַליעס זאַנגען,
און מיך לויפֿן נאָך פֿון שטעטל
מענטשן-שטימען, קלויסטער-קלאַנגען.

און די זון פֿון בלויען הימל
גיסט איר שיין אַפּ אַלע זײַטן...

דער „שיינענדיקער" קאָלאָריט — דאָס איז איינער פון די כאַראַקטער־שטריכן אין שאפּירס לירישע לידער. באַנאַנד דערמיט טרעט אַרויס נאָך אַ צווייטער שטריך. שאַפּיר דריקט אויס דעם געמיט־צושטאַנד פון יענעם יאָרנלאַנג אונטערדריקטן מאַסן־מענטש, וואָס איז אָקאָרשט געקומען צום באַוווּסטזיין, אַז די „שיינהייט פון דער וועלט" קאָן און דאַרף געהערן אים. דערפאַר הערט זיך גאַנץ אָפט, ווי שאַפּיר רופט אויס:

זילבער-קווייטן, קעפּ — געגילטע,
ליפּן, אויגן פול מיט כיין,
פרישע בלומען, יונגע בריסטן —
און דאָס געהער נאָר מיר אליין...

אָט דער אָקאָרשט-דערוואָרבענער באַוווּסטזיין: „און דאָס געהער נאָר מיר אליין" — דאָס גיט צו אַ באַשטימטן פּאַטעטיש-לירישן טאָן שאַפּירס נאַטור־לידער. דערפון נעמט זיך, וואָס שאַפּיר הייבט אָן זיין ליד ניט אַנדערש, ווי מיטן כאַראַקטעריסטישן ברייטן אַריינפיר:

איך גיי אַרויס מיר שטאָלץ אינדרויסן...

דערפון נעמט זיך, וואָס ער פילט זיך אַזוי האַמויניש־ברידערלעך מיט דער זון, מיט די שטערן.

כ'האָב דערזען אַ גייעם שטערן
ווי אַ העלן פונק,
און איך גיב צו אים אַ שמייכל,
ער צו מיר — אַ ווונק...

שאַפּיר ווינקט זיך איבער ניט נאָר מיט די שטערן. פּונקט אַזוי האַמויניש, מע וואָלט געמעגט זאָגן, יאַטיש קלינגט עס אויך ווען שאַפּיר רופט אויס:

קום, דו יאַם, מיט מיר זיך שלאָגן,
ס'האַרץ מיינס שטורעמט מיט פאַרדראָס,
ווער ס'וועט זיגן — דער וועט מעגן
קושן דאָ דעם מיידלס פוס!

עס איז ניט שווער צו באַמערקן, אַז אויך דאָ אין די לירישע לידער האָבן מיר צו טאָן מיט יענער „וואָלונטאַרישער פאַרשייטקייט" און „העפקערדיקער זאָרגלאָזיקייט", וועלכע מיר האָבן געזען אויך אין די פריִער־באַהאַנדלטע לידער שאַפּירס.

אויך דאָ ליגט דער גאנצער פּאטאָס שאפּירס נאָר בלויז אין דעם, וואָס ער גייט „דעם קאָפּ פאריסנדיק", וואָס זיין „קאָל פאר-טויבט דעם דונער", וואָס „פארן בליץ פון מיינע אויגן הימל-בליצן שעמען זיך". זיין פּאטאָס איז נאָך קימאט אויסשליסלעך אין דער ביאָלאָגישער גוווּרע, אין דעם ראכוועסדיקן שטעל פון א מענטשן, וואָס האָט אָקאָרשט אראָפּגעוואָרפן פון זיך שווערע פּענטעס, דער-פילט זיין אָקאָרשט-דערוואכטע מענטשן-ווערדע.

מאָריס ווינטשעווסקי דערציילט, אז אין זיינע ערשטע ליטערא-רישע ארויסטרעטונגען פאר דער ניט-אָרגאניזירטער, פּאָליטיש-אָפּ-געשטאנענער ניו-יאָרקער ארבעטער-מאסע אין די 80-ער יאָרן, האָט ער בלויז מיט גרויס מי געקאָנט געפינען דעם נייטיקן צוגאנג.

„אינסטינקטיוו האָב איך, דאכט זיך, געטראָפן דעם ריכטיקן וועג. ווארשיינלעך דערפאר, ווייל איך האָב געלעבט אין דער מאסע, פאר וועלכער עס איז אויסגעקומען צו ארבעטן ——————————

און דער ערשטער פונקט אפ דער טאָג-אָרדענונג איז קלאָר געווען דער: מע דארף דעם ארבעטער, דעם מאָדערנעם גילגול פונעם אמאָליקן באלמעלאָכע, געבן צו פארשטיין, אז ער איז א מענטש. מע דארף אים וויַיזן זיין „ייכעס צו זיך אליין, איידער מע קאָן אים וויַיזן, וואָס ער האָט צו באטייטן אין דער געזעלשאפט און וואָס פאר א שייַכעס ער האָט צום צאד פונעם ארבעטער-קלאס און דעם קלאסנקאמפּ". *

ב. שאפּיר האָט בעלישומסאָפעק אויסגעדריקט די באגערן און פארלאנגען פון דעם זעלבן ניט-אָרגאניזירטן, פּאָליטיש-אָפּגעשטא-נענעם ארבעטער-שיכט, ער האָט אויסגעדריקט די אינטערעסן פון אָט „דעם מאָדערנעם גילגול פונעם אמאָליקן באלמעלאָכע", מיט וועל-כע מ. ווינטשעווסקי האָט זיך צוזאמענגעטראָפן אין די 80-ער יאָרן אין ניו-יאָרק. די היסטאָרישע סיטואציע אין שאפּירס צייטן איז אָבער געווען גאָר אן אנדערע. שאפּירס ארייַנטריט אין דער ליטעראטור קומט פאָר אין דער אטמאָספער פון אן אָנקומענדיקער רעוואָליוציע, וואָס האָט דעם „מאָדערנעם גילגול פונעם אמאָליקן באלמעלאָכע" ארויסגעפירט אפ דער ברייטער היסטאָרישער ארענע, געלאָזט אים

* ווינטשעווסקי: „ערינערונגען". זייט 234

פונ טאָג צו טאָג דורכגײַנ אזא שול פונ פּאָליטישער דערצי:ונג, וואָס ווענג איר האָט מ. ווינטשעווסקי אינ די 80-ער יאָרנ אפילע טרוימענ ניט געקאָנט. דאָ איז איבעריק געווענ די מי דעמ ארבעטער „געבנ צו פארשטײנ, אז ער איז א מענטש“. מיט אָט דעמ באוווסטזײַנ איז דער ארבעטער פונעמ צארישנ רוסלאנד דורכגעדרונגענ געוואָרנ נאָכ גאָר פונ די ערשטע רעוואָליוציע-טעג; מיט דעמ דאָזיקנ באוווסטזײַנ האָט אינ יענע יאָרנ געלעבט די גאס, דערמיט האָבנ געלעבט מיליאָניקע מאסנ אונטערדריקטע, וואָס האָבנ אָקאָרשט דערוואכט, דערפילט זײער רעכט צו בויענ זײער לעבנ.

עס איז דעריבער קײנ וווּנדער ניט, וואָס דער מאָטיוו „אונ דאָס געהער נאָר מיר אלײנ“ פארנעמט אזויפיל אָרט אינ שאפירס לירישע לידער. דער שטאָלצ פונ אָקאָרשט אופגעוואכטער מענטשנ-לירישע ווערדע שאפט דעמ געזונטנ גרונט-טאָנ אינ שאפירס ליריק, אונ דערמיט ווערט באשטימט די פּאָזיטיווע פונקציע פונ א געוויסנ פארטײל לירישע לידער שאפירס: ניט געקוקט דערויפ, וואָס זײ פארבלײַבנ אפנ אלגעמײנעמ, גאנצ נידעריקנ אידײי:שנ ניוואָ פונ שאפירס דיכטונג, זעט מענ דאָ פונדעסטוועגנ, אז שאפיר רײַסט אײַנ מיט דער רײזענישער טראדיציע, צעשײדט זיכ מיטנ נעבעכדיק-ראכמאָנעסדיק „בערגעלע מיסט“ אונ, ארײַנפירנדיק אינ דער לירישער ליד, ווי א שטענדיקנ מאָטיוו, „די שײנהײַט פונ דער וועלט“ קומט ער צו מעלדנ אינ נאָמענ פונ דעמ אָקאָרשט-אופגעוואכטנ מאסנמענטש: „אונ דאָס געהער נאָר מיר אלײנ“.

מיט אָט דער פּאָזיטיווער פונקציע ווערט אָבער דער ווענ פונ שאפירס לירישע לידער ניט אויסגעשעפּט. פונקט ווי אינ אלע איבעריקע לידער זײַנע, לאָזט זיכ אויכ אינ די לירישע לידער זענ די געפאר, וואָס האָט נאָכ גאָר פונ די ערשטע שאפונג-יאָרנ אָנגעהויבנ דראָענ שאפירס דיכטונג. מיר זעענ אויכ דאָ די קענטלעכע שפּורנ פונ דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע, וואָס וויל זיכ באהעפטנ אָנ דער „וויל-יונגישער פארשײַטקײַט“, אינ דער „סטיכײי:שקײַט“ פונ שאפירס געדאנקענגאנג. אינ די לירישע לידער שאפירס דריקט זיכ עס אויס אינ א געוויסער שפּיל אינ „באָהעמע“, וואָס פארנעמט דאָ גאָר א גרויס אָרט. עס איז א שפּיל אינ אייביקער „פארליבטקײַט“, אייביקער „פארשיקערטקײַט“...

אייביק יונג זיין, אייביק ליבן,
אייביק ליבן, אייביק ליידן,
אייביק, אייביק זאָל די ליבע,
מיינ פארליבטעס הארצ ניט מיידן...

אָט דאָס ווערט דער לייטמאָטיוו פונ א גאנצער צאָל לידער שאפירס. אינ שאפירס לידער באווייזנ זיך נאַיוו־צוגעפוצטע, פארצו־קערטע אידיליעס, פול מיט סענטימענטאלער מאנירלעכקייט אונ פוס־טע „באָהעמישע" אָנשטעלנ, ווי למשל:

נאָך מיינ טויט, ווענ איך אייך בעטנ,
זאָלט איר מיר פונ ליבע זינגענ,
אונ א קראנצ זאָלט איר מיר פלעכטנ
נאָר פונ קושנ, וואָס זיי קלינגענ.

אפ מיינ קייווער א מאצייווע
בויעט אויס פונ זיפצנ גרינגע,
וואָס זיי ג ליִענ אוס פונ ליבע
פונ אייך, מיידעלעך, איר יונגע...

אָדער:

איך בעט דיך. גאָט, אז מיינע לאָקנ
זאָלנ יענגער, שענער ווערנ,
פאלנ זאָלנ זיי, ווי פויגל,
אפ די אקסל, אפ מיינ שטערנ.

אינ די לאָקנ ליגט א צויבער,
אינ זיי ליגט מיינ גאנצעס לעבנ:
וואָס זיי וואקסנ בא מיר שענער,
מיידלעך קושנ מער מיר געבנ....

די אידייישע באגרענעצטקייט פונ שאפירס „באָהעמע" טרעט דאָ ארויס געגוג קלאָר, די באנאלקייט פונ אָט דער פוסטער שפיל אינ „ראָמאנטיק" איז דאָ געגוג דייטלעך, אז מע זאָל נאָך דארפנ וועגנ דעם ריידנ גענויער. איינס איז אָבער נייטיק צו פארצייכענענ: דער אָפנייג צו דער פיליסטערישער „באָהעמע" האָט דערפאר באַ־טייט א גרויסע געפאר, ווייל ער איז צונויפגעפאלנ מיט א מער וויכטיקער, דורכויס־נעגאטיווער דערשיינונג אינ שאפירס אנטוויקלונג: זיינ אָפרייסנ זיך פונ דער פאבריק־סוויווע, זיינ אָנהייבנ זיך דער־

ווײַטערן פון יענער ארבעטער-סוויווע, וואָס האָט אים יאָרנלאנג דערצויגן. דאָס שעדלעכסטע אין שאפירס שפיל אין „באָהעמע“ איז טאקע דערין באשטאנען, וואָס דערמיט האָט ער געפרווט פארפילן דעם גרויסן בלויז, די ליידיקייַט, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעהויבן צו שאפן, אלס רעזולטאט פון זייַן דערווײַטערן זיך פון דער פאבריק־סוויווע. דער איין-איינציקער בריוו, וואָס האָט זיך פארהיט אינעם שאפיר־ארכיוו, איז כאראקטעריסטיש דערמיט, וואָס מע זעט דאָ, אז שאפיר פילט אָט די פוסטקייַט, וואָס רוקט זיך אָן אפ אים. „עפעס פעלט מיר“ — שרייַבט שאפיר אין איין אָרט פון אָט דעם בריוו צו יוינע ראָזנפעלדן. „וואָס־זשע פעלט מיר“? — פרעגט ער אין א צווייטן אָרט. די פיליסטערישע שפיל אין „באָהעמע“ לאָזט אים אָבער ניט געפינען דעם ריכטיקן ענטפער אפ דער פראגע. פארקערט, זי פארפירט אים אלץ ווײַטער און ווײַטער.

„ניין, ברודער, — שרייַבט ב. שאפיר אין זייַן בריוו צו יוינע ראָזנפעלדן — ווייַזט אויס, אז מיר זייַנען ניט באשאפן געוואָרן צוליב דעם, וואָס מע רופט: האנאָע האָבן, זיצן אפ איין אָרט, עסן, טרינקען, קינדער האָבן אאוו. ניין! מיר דאכט זיך, אז מיר זייַנען פייגעלעך אין די נעסטן אפ די ביימער: הייַנט — דאָ, מאָרגן — דאָרטן. פון איין צווייַגל אפ דעם צווייטן. דעם פויגעלע א פיק אין קעפל, יענעם — א קוש אין פיסקל. מיט דעם געזונגען הייַנט, מאָרגן — מיט א צווייטס. מיט דעם געקליבן קערנדלעך, מיט דעם געפלויגן אין די ווארעמע לענדער. די וועלט איז אונדזער נעסט. די לופט איז אונדזער לעבן. און מיידלעך — אונדזער טרייסט. אויב איך נאר זיך, זאָג-זשע מיר, דו, פסיכאָלאָג, פארוואָס זשע ביסטו ניט געבליבן שטיין בא די שטעקעלעך? זע, אנדערע שטייען דאָך ביז דער טיפער עלטער. פארוואָס בין איך ניט געבליבן זיצן בא די בלומען, צי בא די פאפיראָסן? * ווער האָט עס אונדז פארווערט? ווער האָט עס אונדז געזאָגט: ניט דאָס, כעווירע, איז אייַער ארבעט“...

דעם דאָזיקן בריוו צו יוינע ראָזענפעלד האָט ב. שאפיר איבער

* יוינע ראָזנפעלד האָט א צייט געארבעט אין א ווארשטאט, ווו מע האָט געמאכט שטעקלעך, שאפיר האָט אָנהייבנדיק פון 1894־טן יאָר געארבעט אין א פאבריק פון קונסטבלומען, שפעטער אין א פאפיראָסן־פאבריק.

עפּעס ניט אווּעקגעשיקט. מעגלעך, אַז געטאָן האָט ער אַזוי דערפאַר, ווײַל אים אַליין האָט ניט באַפרידיקט די „פילאָזאָפיע", וואָס ס'ווערט דאָ אַנטוויקלט. די שעדלעכקײַט פון אָט דער „פילאָזאָפיע" לאָזט זיך אָבער פילן אין אַ גאַנצער ריי לידער, געשריבענע אין די יאָרן 1905—1907. זי האָט זיך באַזונדערס געלאָזט פילן אין די שפּעטער־דיקע רעאַקציע־יאָרן, ווען דאָס דערוויַיטערן זיך פון דער אַרבעטער־סוויווע האָט געבראַכט שאַפּירן צו אַ פוּלשטענדיקער יערידע, פון וועלכער ער האָט אָנגעהויבן זיך אַרומשלײַכן בלויז אין די יאָרן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. נאָר דאָס גייט שוין ניט אַרײַן אין די ראַמען פון אונדזער איצטיקער אָפּהאַנדלונג, וואָס האָט צו טאָן בלויז מיטן פּעריאָד אַרום 1905. וועגן דעם וועט אונדז נאָך אויס־קומען ריידן באַזונדער.

## XVII

מיר האָבן נאָכגעשפּירט טריט נאָך טריט די אַנטוויקלונג פון שאַפּירס דיכטונג אינעם פּעריאָד אַרום 1905, מיר האָבן געפּרוּווט פעסטשטעלן די סאָציאַלע וואָרצלען פון שאַפּירס ליד, די קוואַלן, פונוואַנען ער האָט געשעפּט זײַנע טעמעס. מיר האָבן בעקיוון דער־בײַ זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזאַכלעך אַף דער טעמאַטישער ליניע אין שאַפּירס דיכטונג, אַף וויפל זי, אָט די טעמאַטישע ליניע, גיט אַ מעגלעכקײַט אַפן סאַמע גרינגסטן אויפן, אַזוי צו זאָגן, מיט אַן אומ־באַוואָפנטן אויג דערזען דעם אונטערשייד צווישן שאַפּירן און די טאָנגעבער פון דער דעמאָלטיקער יידישער דיכטונג. ניט ווייניקער קלאָר וועט זיך אַרויסבאַווײַזן אָט דער דאָזיקער אונטערשייד אויך דעמאָלט, ווען מיר וועלן באַטראַכטן די סטיל־אייגנשאַפטן פון שאַפּירס ליד. דערבײַ איז אָבער נייטיק צו מאַכן פאָלגנדיקע באַמערקונגען.

אין גאַנג פון אונדזער אָפּהאַנדלונג איז אונדז שוין אויסגעקומען צו ריידן וועגן דעם, אַז די ווירקונגען, וואָס האָבן דערצויגן שאַפּירס ליד, זײַנען געגאַנגען דורך עטלעכע ריכטונגען. שאַפּיר איז געווען באַווירקט דורך דעם אַרבעטער־פאָלקלאָר. ער האָט געפונען וואָס צו לערנען פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־ליד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין גאַנג פון די גרויסע היסטאָרישע שלאַכטן אין 1905 י.

ער האָט פונקט אזוי געהאט וואָס צו לערנענ בא די פאָרשטייער פונ דער עלטערער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג אינ אמעריקע. דורכ זיי איז שאפיר צוגעקומענ אויכ צו אנדערע קוואלנ. עס איז זייער ווארשיינלעכ, לעמאָשל, אז דורכ ווינטשעווסקינ האָט שאפיר זיכ דערנעענטערט ניט בלויז צו טאָמאס הודס „ליד פונ דער העמד", נאָר אויכ צו בעראנזשעס ליד, וואָס האָט אזוי אָרגאניש זיכ געפּאסט פאר שאפירס „ווויליונגישער פארשייטקייט", פאר זיינ „פריילעכקייט".

פונ אלע די דאָזיקע קוואלנ האָט שאפיר בעלישומסאָפעק געשעפּט, אלע די דאָזיקע ווירקונגענ האָט ער בעלישומסאָפעק אויסגעניצט. ער האָט ערלעכ אויסגעפּילט די ראָלע פונ א דיכטער, וואָס איז בארופנ געווענ איינצופירנ אינ דער ייִדישער דיכטונג פונעמ צארישנ רוסלאנד די אויבנדערמאָנטע ווירקונגענ, ער איז אָבער ניט געווענ אימשטאנד אלע די דאָזיקע ווירקונגענ איבערקאָכנ אינ זיכ, איבערשמעלצנ זיי אפ אזא אופנ, אז עס זאָל זיכ באקומענ זיינער אנ אייגענער, אנ איינהייטלעכער, סינטעטיש פארגאנצטער סטיל.

צוגייענ צו שאפירס דיכטונג מיט דער פאָדערונג פונ אזא סינטעטיש־פארגאנצטנ, ענדגילטיק־אויסגעפורעמטנ סטיל הייסט פונ טכילעס אָנ אָפּשאפנ דעמ גאנצנ שאפירנ, אונ דערמיט גופע אויכ אָפּשאפנ די מעגלעכקייט צו באטראכטנ אפ קאָנקרעטנ מאטעריאל דעמ סטילנקאמפּ, וואָס קומט פאָר אינ דער ייִדישער דיכטונג ארומ 1905. שאפיר האָט אינ דעמ סטילנ-קאמפּ טיילמאָל געשפּילט א גאנצ אָנגעזעענע ראָליע, ער איז אָבער קיינמאָל ניט געווענ דער, וואָס הייבט אָנ דעמ קאמפּ, פירט אימ לויט א באשטימטנ פּלאנ אונ אינ נאָמענ פונ באשטימטע, באוווסטזיניק-אופגעפּאסטע צילנ. שאפיר האָט געמאכט בלויז דעמ ערשטנ שריט אפנ וועג צו רעוואָליוציאָנערער דיכטונג. שטעלנ די ווייטערדיקע שריט אפנ זעלבנ וועג איז שאפיר, איבער דעמ מאנגל פונ קלאסעווער אויסגעהאלטנקייט אונ קלאסעווער באוווסטזיניקייט, שוינ ניט געווענ אימשטאנד. דערפאר זעענ מיר זיינ שאפנ אינ א צושטאנד פונ א פורעמונג-פּראָצעס, וואָס ווערט ניט פארענדיקט. מיר באמערקנ דאָ געוויסע דערשיינונגענ פונ א אינטענסיווער סטיל-אויסבילדונג — דעמ סטיל גופע זעענ מיר נאָכ ניט. דאָס זיינענ אלצ אזעלכע דערשיינונגענ, וואָס זיינענ כאראקטעריסטיש אלס סימפּטאָמענ, אלס אָנזאָגנ, אלס צוזאָגנ. זעלטנ-וועג אָבער טרעפט בא שא־

פירן, אז די צוזאָגנג זאָלן ווערן אויסגעפּילט, די סימפּטאָמען הערן ניט אוף צו זײַן בלויז סימפּטאָמען. און אָט דאָס אַלץ דאַרף מען אין זינען האָבן, בעשאס מע באַטראַכט ב. שאַפּירס סטיל.

צי האָט ב. שאַפּיר געשאַפן זײַנעם אַן אייגענעם דיכטערישן זשאַנר? געוויס ניין. קיין אייגענעם, ענדגילטיק-אויסגעפורעמטן זשאַנר, וואָס זאָל דערהייבן ווערן אַפּ אַ גרויסער מײַסטערישער הייך, האָט שאַפּיר ניט באַשאַפן. ער האָט אָבער אָנגעמערקט דעם וועג צו איי-ניקע זשאַנרען, וואָס האָבן געמוזט האָבן אַ פּראָגרעסיוון באַטײַט פאַר דער דעמאָלטיקער דיכטונג. קעדיי צו פאַרשטיין שאַפּירס ראָליע אין דעם פּראַט איז גענוג צו פאַרגלײַכן זײַן פּאָעמע „הערשל“ מיט די גרעסערע פּאָעמעס, וואָס האָבן צו יענער צײַט געגאָלטן פאַר אַ מוסטער — מיט א. רייזענס „מײַן צוריק־קער אהיים“, מיט ביאַליקס „דאָס לעצטע וואָרט“, מיט פרוגס פּאָעמע „דעם שאמעס טאָכטער“.

די פּאָעמע „הערשל“ איז לאַכלוטן ניט ליטעראַריש, אויב מע זאָל אָנעמען פאַר אַ קריטעריע פון ליטעראַרישקײַט די פּאָעמע-מוס־טערן, וואָס עס האָט צו יענער צײַט פאַרמאָגט די ייִדישע דיכטונג. פונקט אזוי ווי בעראַנזשע האָט אין קאַמפּ קעגן דער „הויכער“ טראַ־דיציע פונעם פראַנצויזישן קלאַסיציזם אויסגעניצט די „נידעריקע“ טראַדיציע פון דעם גאַסנ־לידל, פון די קופּלעטן, וואָס עס זינגט דער קעלער־זינגער, אזוי ניצט אויס שאַפּיר — אין אַנדערע אומשטאַנדן, צוליב אַנדערע צילן — אין זײַן קאַמפּ קעגן דעם הערשנדיקן סטיל אין דער ייִדישער דיכטונג די טראַדיציע פונעם אַרבעטער־פאָלקלאָר, טיילמאָל איבערגעפּאַכטן מיטן נוסעך פונעם געוויסן קעלער-זינגער, וועלוול זבאַרזשער, דעם דיכטער פון „סאַטירע און פרייליכער מאָ־ראַל“, ווי גאָלדפאַדן האָט אים אַ מאָל אָנגערופן. שאַפּיר שעפּט פון אָט די קוואַלן דאָס „פריילעכע וואָרט“ זײַנס. ער שעפּט פונדאַנען יענע „פריילעכקײַט“, וועגן וועלכער בעראַנזשע האָט, ווי מיר האָבן אויבן געהערט, אזוי טרעפלעך זיך אויסגעדריקט:

> די פריילעכקײַט גיט מונטערקײַט דעם קנעכט,
> די מונטערקײַט — געדאַנקען וועגן פרײַהײַט...

קעדיי צו וועקן אָט די „געדאַנקען וועגן פרײַהײַט“, זאָגט זיך שאַפּיר אָפּ פון יענעם פּאָעמע־מוסטער, וואָס האָט געהערשט אין דער דעמאָלטיקער ייִדישער דיכטונג. אים ציט ניט צום „הויכן גאַנג“

פונ ביאליקס „לעצטנ וואָרט“, אימ ציט אויכ ניט צומ סטיל פונ פרוגס באלעבעסלדיק־טרוימערישער פסעוודאָ-ראָמאנטישער פּאָעמע. וועגנביידע אָט די דיכטער ווייסט שאפיר צו זאָגנ, אז זיי געפעלנ אימ ניט, ווײַל זיי „יאָמערנ אונ קלאָגנ“. נאָכ ווייניקער ציט אימ צו דער מאכטלאָזער עלעגישקײַט, צו יענער בענקשאפט צומ „אמאָל“, וואָס ליגט אינ גרונט פונ רייזענס פּאָעמע „מײַנ צוריק־קער אהיימ“. אוועקגייענדיק פונ די דאָזיקע מוסטערנ פּרווּוט שאפיר גיינ מיט זײַנעמ אנ אייגענעמ וועג.

איז שאפירס פּאָעמע „הערשל“ א פּאָלקלאָריסטישער זשאנר? געוויס ניט. די ליטעראַרישע „רעמיניסצענצנ“ טרעטנ דאָ אופ אפ טריט אונ שריט. ניט אומויסט קלינגט דאָ דער ארויסטריט קעגנ ביאליקנ אונ פרוגנ אזוי נאטירלעכ — דאָס שטימט מיטנ גאנצנ נוסעכ פונ דער פּאָעמע, וואָס איז אפ דורכ אונ דורכ פארבונדנ מיט ליטעראַטור. עס איז אָבער אזא ליטעראַטור, וואָס פארלירט ניט איר שעפערישנ קאָנטאקט מיט דער טראדיציע פונעמ ארבעטער-פאָלקלאָר, נעמט איבער פונ דאָרט דעמ מונטער-אָפּטימיסטישנ טאָנ, דאָס האמויניש־בײַסיקע „פריילעכע וואָרט“.

אדאנק דעמ דאָזיקנ קאָנטאקט מיטנ ארבעטער־פּאָלקלאָר איז ב. שאפיר געקומענ צומ באשלוס אוועקצושטעלנ אינ צענטער פונ זײַנ פּאָעמע „הערשל“ די געשטאלט פונ א רעוואָליוציאָנער א קעמפער, אונ דאָס האָט עס אָנגעפירט מיט שאפירנ, בעשאס ער האָט אײַנגעריסנ מיט די פּאָעמע־מוסטערנ פונ אנערקענטע ליטעראַטור־אוטאָריטעטנ אונ האָט גענומענ פארקערפּערנ זײַנ „פריילעכ־וואָרט“ גאָר אינ אנ אנדער זשאנר.

נאָענט צו דעמ זשאנר פונ דער פּאָעמע „הערשל“ שטייט אויכ דער זשאנר פונ פּאָליטישער סאטירע, וואָס שאפיר האָט אָנגעמערקט אינ זײַנ ליד וועגנ ניידגארדטנ. אויכ דאָ, פארשטייט זיכ, האָבנ מיר צו טאָנ בלויז מיט אנ אָנזאָג אפ א זשאנר, אונ ניט מיטנ זשאנר גופע. די ליד וועגנ ניידגארדטנ איז סימפּטאָמאטיש דערמיט, וואָס זי באווײַזט, אז שאפיר איז געגאנגענ צומ באהערשנ דעמ זשאנר פונ א פּאָליטיש־פארשארפטנ פּאמפלעט. ער האָט אויכ דאָ ניט געהאט וואָס צו לערנענ בא די דעמלטיקע מוסטער־געבער פונ דער יידישער דיכטונג אינעמ צארישנ רוסלאנד. לערנענ האָט ער זיכ געקאָנט בא ווינטשעווסקינ, בא באָושאָווערנ. ניט קענענדיק אופהייבנ

דעם פּאַמפלעט אַפ דער פּאָליטישער הייכ, ווי ער ווערט אופגעהויבנ בא די דערמאָנטע אמעריקאַנער דיכטער, באַמיט זיכ שאַפּיר דאָכ פאַרשטאַרקנ דעם אידעאָלאָגישנ אַקצענט אינ דער פּאָליטישער ליד. ער ניצט צוליב דעם צוועק דעם רעפרענ, וואָס שפּילט דאָ די זעלבע ראָליע, וואָס אינ דער פּאָעמע „הערשל": ער איז באַרופנ אונטערשטרייַכנ, אַקצענטירנ, אויב מע קאָנ זיכ אַזוי אויסדריקנ, אידעאָלאָגיזירנ די ליד. נאָכ מער קאָנטיק איז די דאָזיקע פונקציע אינ דער שפּעטערער סאַטירישער פּאָעמע שאַפּירס „פרומעלע". אויכ דאָרטנ איז דער רעפרענ וועגנ די „מענטשנ איידעלע" באַשטימט צו אַקטיוויזירנ דעם לייענערס באַוווסטזייַנ, אונטערשטרייַכנ דעם אידייִישנ טאָכ פונ דער פּאָעמע. שאַפּיר האָט דערמיט באַוויזנ, אַז זייַנ „פרייַלעכ וואָרט" האָט זיכווירקלעכ געשטעלט די אופגאַבע „וועקנ צומ פרייַעמ לעבנ", עס האָט ווירקלעכ געוואָלט וועקנ „געדאַנקענ וועגנ פרייַהייַט", ווי בא בעראַנזשע.*

עס איז ניט שווער צו באַמערקנ, אַז די זעלבע טענדענצ ליגט אויכ אינ גרונט פונ שאַפּירס אַרבעט-לידער. אינ זייַנע אַרבעט-לידער, ווו שאַפּיר שטרעבט צו זאָגנ „דעמ עמעס וועגנ אַרבעטער-לעבנ", האָט ער, פאַרשטייט זיכ, מער פאַר אַלצ געלייגט אַכט אַפ דער אַרבעט-שילדערונג. די רעאַליסטישע שילדערונג פונ די אַרבעט-פּראָצעסנ אונ אַרבעט-באַדינגונגענ שטייט דאָ אַפנ ערשטנ אָרט.

באָרוועס, האַלב-נאַקעט, פאַרברענט פונ דער זונ,
געגאַרטלט מיט פלאַקס, דעמ רוקנ געבויגנ,
דער שווייס פונ אימ רינט, די הענט אויסגעצויגנ,
גייט ער אונ שפּאַנט ער. גייט אַהינ אונ צוריק,
אונ זינגט זיכ דערביי א ליד פונ א שטריק...

אַזעלכע קאָנקרעטע אַרבעט-שילדערונגענ האָבנ, פאַרשטייט זיכ, געמוזט ענדערנ די סטרוקטור פונ שאַפּירס ליד. דאָ האָט מענ ניט געקאָנט לאָזנ דאָס „פרייַלעכע וואָרט" זאָל זייַנ אַזוי באַוועגלעכ-גרינג, אַזוי זאָרגלאָז-שפּילעוודיק — אונ טיילמאָל אויכ אַזוי אויבנופּיק, —

* עס איז ניט אויסגעשלאָסנ, אַז בא בעראַנזשע האָט שאַפּיר טאַקע געלערנט צו לייגנ אַזויפיל אַכט אַפ דעמ רעפרענ. וואָס איז שייַעכ ווינטשעווסקיס בייגונג אַרייַנצופירנ אינ די סאַטירישע לידער א שטענדיק-נאָכגייענדיקנ רעפרענ איז זי בעלישומסאָפעק געקומענ אַלס רעזולטאַט פונ דער באַקאַנטשאַפט מיט בעראַנזשע.

ווי אין דער פּאָעמע „הערשל". די סטרוקטור פון דער ארבעט־ליד האָט שוין ניט געטאָרט זײַן אזוי עלאסטיש ווי אין „הערשל". פאַר־קערט, דאָ האָט זיך געפאָדערט מער פאר אלץ אָנגעזעטיקטקייט מיט קאָנקרעטע דעטאלן. און מע מוז זאָגן, אז בא שאפירן האָט געקלעקט פארשטאנד אין די ארבעט־לידער זיך אָפּצוזאָגן פון יענער „גרינגקייט," וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר זײַנע פּאָליטישע פאמפלעט און פאר דער פּאָעמע „הערשל". און די ארבעט־שילדערונג, וואָס מיר האָבן אויבן, אינעם קאפיטל וועגן די ארבעט־לידער ציטירט, לאָזט זיך זען, ווי ערנסט שאפיר איז צוגעגאנגען צו דער ארבעט־שילדערונג, ער האָט ניט געקארגט קיין דעטאלן, ניט געקארגט אפילו אן אי־בעריק מאָל איבערצוכאזערן די וויכטיקסטע דעטאלן. כאראקטעריס־טיש איז אין דעם פראט די ליד „בא דער ניי־מאשין".

ווען איך גיב א קוק אין פענצטער,
זע איך דאָרט א בלומען־טאָפּ
און א פּאָנעם פון א מיידל
מיט א שווארץ־געקרויזטן קאָפּ.

ווען איך גיב א קוק אין פענצטער,
זע איך רויט און ווייס און גרין —
לייוונט, בלומען און א פּאָנעם,
און צוויי הענט אף ניי־מאשין.

לייוונט ווייסע, ווייסע פעדעם,
הײַנט ווי נעכטן, פרי צו שפּעט,
בלומען רויטע, ליפּן בלאסע,
און זי נייט אלץ, און זי נייט...

מיר זעען דאָ, ווי שאפיר וואריִרט איין און די זעלבע דעטאל עטלעכע מאָל נאָכאנאנד. ווען מע גיט נאָך צו, אז צום סאָף ליד ווערט ווידער איבערגעכאזערט די גאנצע ערשטע סטראָפע (אזוי ווערט געטאָן אויך אין דער „ליד פון דער קונסטרויז" און אויך אין דער „ליד פון א שטריק"), ווערט קלאָר, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א טענדענץ פילפאכיק צו באטאָנען, אונטערשטרײַכן, אָדער, ווי מיר האָבן זיך אויסגעדריקט, אידעאלאָגיזירן די ארבעט־ליד.

עס איז, אגעוו, קעדײַ צו פארצייכענען נאָך איין מיטל צו „אי־דעאלאָגיזירן" די ארבעט־ליד, וואָס דערנעענטערט שאפירן צו די

אמעריקאנער רעוואָליוציאָנערע דיכטער. באָוושאָווער, בעשאס ער שילדערט די נויט אין דער ליד „אפן טויטנ בעט“ גיט ער ניט בלויז די באשרײַבונג פון דער שרעקלעכער נויט, — ער פירט אריַין אויך א דיאלאָג צווישנ דעם שטארבנדיקנ ארבעטער און זײַן פאַ־מיליע. פונקט אזוי טוט אויך ווינטשעווסקי אין דער ליד „די אָרעמע מאריע“: נאָכ יעדנ עפּיזאָד פונ „מאריעס לעבנ, גיט ווינטשעווסקי איבער מאריעס מאכשאָוועס, איר דיאלאָג מיט זיכ אליינ. שאפיר טוט מיט זײַנע ארבעט־געשטאלטנ דאָס זעלבע. ער וויל אומבאדינגט איבערגעבנ דעם ארבעטערס מאכשאָוועס. טיילמאָל, ווי אין דער „ליד פונ א שטריק“, ווערט שאפיר דערבײַ טאקע גרינג געשטרויכלט. ער קאָנ זיכ ניט שטעלנ קריטיש צום געדאנקענ־גאנג פונעם אָפּגעשטאנענעם קליינשטעטלדיקנ שטריק־דרייער און גיט איבער אינ א סענטימענטאל־מיטפילנדיקנ טאָנ דעם גאנצ־באלעבעסלדיקנ כעזשבנ־האנעפעש, וואָס עס פירט דורכ דער שטריק־דרייער. און דאָכ דארפ מענ זאָגנ, אז דער שטרעבנ צו געבנ ניט בלויז ארבעט־באשרײַבונג, נאָר אויכ דעם ארבעטערס געדאנקענ-גאנג בעשאס דער ארבעט, — דאָס איז געוויס א פּאָזיטיווע דערשײַנונג אינ שאפירס ארבעט־ליד, דאָס איז איינס פונ די מיטלענ, מיט וועלכע שאפיר פרווט באַווירקנ דעם לייענער אינ דער ריכטונג, ווי ער האלט פאר נייטיק, דה. „אז וועקנ זאָל עס צו דעם שטרײַט.“

## XVIII

אלע שאפירס פרוונ צו אקצענטירנ דעם אידעאָלאָגישנ באטײַט פונ די געשילדערטע דערשײַנונגענ, אלע זײַנע באמיִונגענ, אזוי צו זאָגנ, אידעאָלאָגיזירנ די ליד, שטויסנ זיכ אָנ אפ א שטענדיקנ באַר־יער: אפ דער אידייִשער אומרײַפקײַט זײַנער, וואָס לאָזט זיכ פילנ אינ זײַנ דיכטונג אפ שריט און טריט. מאכמעס דעם טאקע האָט שאפיר ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט זיכ ניצנ מיט יענעם היסטאָריש־רעוואָליוציאָנערנ בילדער-קרײַז, וואָס האָט אזוי באַרײַכערט דאָס שאפנ פונ די אמעריקאנער דיכטער ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדעלשטאט (די בילדער פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, די געשטאלטנ פונ די ערשטע רעוואָליוציאָנערע קעמפער אינעמ צארישנ רוסלאנד אאוו).

ער האָט אויך ניט געקאָנט באַהערשן יענעם פֿאַרברייטערטן קרייז
סאָציאַל-פּאָליטישע באַגריפֿן, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ באַשטימענדיקע
ראָליע אינעם סטיל פֿון די דערמאָנטע אַמעריקאַנער דיכטער. שאַפּיר
ניצט זיך דערפֿאַר אַזוי גערן מיט נאַטור־בילדער, וואָס זיינען באַרופֿן
אָפּ אַן אַלעגאָרישן אופֿן באַצייכענען די אָדער יענע סאָציאַל-פּאָ־
ליטישע פּראָצעסן. געוויס האָט דאָס נאַטור־בילד געשפּילט אַ גרויסע
ראָליע אויך אינעם סטיל פֿון די אַמעריקאַנער. מיר קאָנען עס אַמ-
בוילעטסטן זען אין באָוושאָווערס ליד „רעוואָליוציאָן“, וואָס איז אַזוי
אָנגעזעטיקט מיט נאַטור-בילדער, וועלכע גיבן די בילדערישע פֿאַר־
קערפּערונג פֿון דער רעוואָליוציע. איבער אַלע די דאָזיקע נאַטור־
בילדער הערשט אָבער באָוושאָווערס פֿירנדיקע אידיי, וואָס איז אויס־
געדריקט אין דעם באַגריף „רעוואָליוציאָן“. בײַ שאַפּירן פֿעלט דאָסראָוו
דער אויסדרוק פֿאַר אָט דער פֿירנדיקער אידיי, ער באַנעמט זי אין
אַ שטאַרק-פֿאַרנעפּלטער פֿאָרם. דערפֿאַר באַקומט זיך, לעמאָשל, אין
דער ליד „איך גיי אַרויס מיר שטאָלץ אין דרויסן“, אַז מיר האָבן
אַ גאַנצע ריי שאַפּירס געמיט-צושטאַנדן, וואָס זיינען דורכגעדרונגען
מיט אַ געזונט־האָפֿערדיקן פֿאָרגעפֿיל פֿון דער אָנקומענדיקער רעוואָ־
ליוציע-שלאַכט, אָבער די פֿירנדיקע אידיי, די אידיי פֿון דער רעוואָ-
ליוציע, וואָס זאָל אויפֿזאַמלען אַלע געגעבענע שטריכן און זיי פֿאַר־
וואַנדלען אין איין סינטעטיש בילד — דאָס האָבן מיר ניט בײַ שאַפּירן.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פֿראַט די ליד „אָ, שטאַרקער
דרייט אַרויס דעם לאָמפּ“. שאַפּיר האָט דאָס מאָל מאָביליזירט אַלע
זיינע דיכטערישע פֿייִקייטן, קעדיי אָנצושרייבן אַ ליד — אַ ווענדונג,
אַ ליד — אַ רוף. ניט אומזיסט דאָך רעדט זיך אין דער ליד וועגן אַ
„מאַרש פֿון ליכטיקייט“. עפּעס ענלעכס צו אַזאַ „מאַרש“ האָט שאַ־
פּיר טאַקע געפּרוווט דאָ געבן. ווי נאָר אָבער ער האָט געפּרוווט
אַוועקשטעלן אין צענטער פֿון דער מאַרש־ליד אַ סינטעטיש בילד,
וואָס זאָל פֿאַרקערפּערן דעם אידייִשן וועזן פֿון דער ליד, האָט זיך
באַקומען אַלס צענטראַלע בילד — „דער לאָמפּ“ — אַ בילד, וואָס טראָגט
אָפּ זיך דעם בוילעטסטן שטעמפּל פֿון יענער אידייִשער באַגרענעצט־
קייט, וואָס האָט אַזוי אָפֿט אונטערגעריסן שאַפּירס קרעפֿטיקע רעוואָליו־
ציאָנערע סטימולן. דערפֿאַר טיילט זיך אויס צווישן שאַפּירס לידער
די ליד „גענוג, מיין פֿריינט, ניט זיפֿץ, ניט וויין“. פֿון דער ליד איז

צו זען, אז שאפיר האָט דאָך געהאט זייַן וועג אפ צו פאָרברייטערן זייַנע אידייִשע האָריזאָנטן. דאָס וויכטיקסטע אין דער ליד איז, וואָס שאפיר הערט דאָ אופ איבערגעבן זייַן שטעלונג צו דער רעוואָליוציע מיט דער הילפ פון צעשוומענע שטימונג־בילדער. ער זוכט קאָנקרעט־שטייַפע פאָרמולירונגען, וואָס זאָלן אנטשפּרעכן דער טעמע. די דאָזיקע ליד זאָגט איידעס, אז שאפיר פילט צו דער צייַט שוין די נויטווענדיקייַט פון א פעסטער רעוואָליוציאָנערער וועלט־אָנשויונג. אזעלכע סימפּטאָמען, וואָס זאָגן איידעס, אז אין שאפירן האָט, אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָליוציע, אָנגעהויבן — אפ א גאנץ פרימיטיוון אופן — זיך פאָרמירן א געוויסער קאָמפּלעקס אידייען, וואָס האָבן זיך גענויגט צו א באוווסטזיניקער אָריענטאציע אפ דער רעוואָליוציע און איר שעפער — דעם רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־קלאס — אזעלכע סימפּטאָמען וואָלט מען געקאָנט אָנווייַזן אויך אין אנדערע לידער שאפירס.

אין אזעלכע פאלן טרעטן אופ אין שאפירס לידער נאָך איינִיקע באַזונדערס אונטערגעשטראָכענע סטיל־אייגנשאפטן. אזוי, לעמאָשל, באַווייַזט זיך אין אזעלכע לידער א געוויסער אימפּעראטיווער טאָן.

...נאָר דו, מייַן הארץ, זיי פריילעך,
און ווען דו הערסט א „אוי“,
פארגיס אים מיט דייַן ליבשאפט,
דערטרינק אים אפן אָרט,
און וועק צום פרייַעם לעבן
נאָר מיט א פריילעך וואָרט...

אין א צווייטער ליד:

אָ, צי ניט און שרעק ניט, דו, הימל,
א בליץ און א טראך מאך דערפון,
א גאָס און א שווענק אָפ דעם שימל —
און גיכער באווייַז אונדז די זון...

אין א דריטער ליד:

ניט קארגט, נים קארגט קיין נאפט און קנויט,
נאָך גרעסער מאך דאָס פייַער —
א בלינדער זאָל דערזען די שייַן,
די שייַן, וואָס איז אים טייַער...

נאָך א שטארקערע אויסדריקלעכקייַט קריגט אָט דער אימפּעראטיווער טאָן אין דער ליד „גענוג, מייַנ פרייַנט, ניט זיפץ, ניט וויינ“. די ליד איז געשריבן קימאט דורכויס אין אָט אָ דער אימפּעראטיווער

פאָרם, וואָס איז דער שטענדיקער אויסדרוק פון שאפירס אָנשטרענגונג פון זײַנע באמיִונגען זיך אידעאָלאָגיש זעלבסטבאשטימען.

ווי איינע פון די בוילעטסטע אנטפלעקונגען פון אָט דעם פּראָצעס פון אידעאָלאָגישער זעלבסטבאשטימונג דארף באצייכנט ווערן דער פאקט, וואָס שאפיר רײַסט אײַן מיט יענער נאציאָנאליסטיש-קלעריקאלער בילדער-סיסטעם, וועלכע איז שטענדיק קאָנטיק בא די בונדיסטישע דיכטער און אויך בא רייזענען מיט די אויבנדערמאָנטע „רייזעניסטן". דעם „סאָד" פון אָט דער בילדער-סיסטעם האָט אָפּנהערציק אויסגעזאָגט ש. אנסקי, וואָס איז צו יענער צײַט געווען גאנץ נאָענט צו די רייזעניסטן. ש. אנסקי האָט געשריבן, אז ער הערט ארום זיך:

נײַע נוסכאָעס פון נײַע סידורים,
שאלן און קלינגען פון אלע מיניאָנים,
נײַע מיניאָנים און נײַע כאזאָנים! *

שאפירס לידער זײַנען פרײַ פון אָט דער נאציאָנאליסטיש-קלעריקאלער בילדער-סיסטעם, וואָס האָט געהערשט צו יענער צײַט אין דער ייִדישער דיכטונג. ניט זײַענדיק קיין נאָוואטער, וואָס זאָל אויפהייבן די נײַע בילדערישקײַט פון זײַן ליד אפּ א גרויסער קינסטלערישער הייך, האָט ער דאָך אײַנגעריסן מיט דער טראדיציאָנעלער בילדער-סיסטעם פון יענער צײַט און גענומען זוכן אנדערע קוואלן פון בילדערישקײַט. דאָס קריגט א באזונדערע סימפּטאָמאטישקײַט, ווען מע נעמט אין אכט, אז אין אלגעמיין ווײַזט שאפיר דאפקע ניט ארויס קיין גרויסע אקטיווקײַט אינעם אויספורעמען זײַן בילדער-קרײַז. שאפיר איז דאפקע גענייגט זיך צו ניצן מיט די פארטיקע בילדערישע עלעמענטן, וואָס זײַנען פאראן אין דער טאָגטעגלעכער אומגאנגשפּראך. דאָס איז צו זען פון שאפירס פארגלײַכן. מיר טרעפן בא שאפירן, לעמאָשל:

1) ציט דער טאָג זיך, ווי א יאָר...
2) און עס ווערט, ווי פּ י ע ר, הייס...
3) די שאָטנס... קריכן שטיל אום אפ די ווענט
ווי ר ו כ ע ס גאנצע פאָלקן.

---

* „דער וועג".

טײַלמאָל זעען מיר, ווי אָט די פאַרגלײַכן קײטלען זיך סיסטעמאַטיש אין אַנדערע שאַפּירס לידער, צום בײַשפּיל:

און איך פיל מיך גרינג און לופטיק,
ווי א פ ו י ג ל פליענדיק,
און דאָס האַרץ מײַנס וואַקסט און קוועלט אָן
ווי א ר ו י ז ל בליענדיק.

אַזעלכע בײַשפּילן וואָלט מען געקאָנט ברענגען אַ סאַך. אַלע באַווײַזן זײ, אַז שאַפּירס פאַרגלײַכן איז נאָענט צום פאָלקלאָריסטישן פאַרגלײַך. דערפאַר איז נאָך מער כאַראַקטעריסטיש, וואָס שאַפּיר מײַדט אויס יענעם נאַציאָנאַליסטיש-קלערעריקאַלן בילדער-קרײַז, וואָס פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין דער קלײנבירגערלעכער פאָלקלאָר-דיכטונג *

שאַפּירס בילדערישע פאַרגלײַכן פאַרמאָגן ניט קײן באַשטימטע סטיל-אויסגעהאַלטנקײַט. ווי אומעטום בא שאַפּירן, טרעפן מיר אויך דאָ בלויז סימפּטאָם-דערשײַנונגען, בלויז אָנזאָגן אָפּ אַ געוויסן סטיל, וואָס צו אים וואָלט שאַפּיר געקאָנט בא אַ געוויסער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג קומען. אָבער די דאָזיקע סימפּטאָמען זײַנען דאָך כאַראַקטעריסטיש און זײ פאַרדינען אונדזער אויפמערקזאַמקײַט. אין גרונט פון שאַפּירס סטיל ליגט דער שטענדיקער ווידערווילן צו אינערטקײַט און פאַרגליווערטקײַט, אין וואָסערע דערשײַנונגען זי זאָל זיך ניט אַרויסבאַווײַזן. כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פּראַט דער מאָטיוו פון „לויפן”, וואָס מיר באַגעגענען אָפּ שריט און טריט בא שאַפּירן. שאַ-פּירס נאַטור-בילד ווערט דאָסראָוו געבויט אַזוי:

כ׳גיי. עס פליסט אַ וואַרעמ ווינטל,
ל ו י פ ן כוואַליעס, כוואַליעס זאַנגען,
און מיר ל ו י פ ן נאָך פון שטעטל
מענטשן-שטימען, קלויסטער-קלאַנגען...

אין אַ צווייטער ליד:

עס דרייט זיך דער שטויב אָפּ דער ערד
און ל ו י פ ט איבער שטעט, איבער פעלדער...

---

* כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פּראַט אויך שאַפּירס טענדענץ צו געברויכן וואָס ווייניקער העברעיִזמען, באַזונדערס אין די גראַמען, רייזענס ליד איז, ווי באַוווּסט, אָנגע-שפּיקעוועט מיט העברעיִזמען סײַ אינעם טעקסט פון דער שורע סײַ אינעם גראַם.

אינ א דריטער ליד:

און דער ווינט איז אויכ אנטלאָפנ
זוכנ ווו די קילע נאכט...

וועגנ זיכ אליינ דערציילט שאפיר אויכ:

און איכ לויפ צו מיינ געליבטער.

אָדער אינ א צווייטער ליד:

לויפ איכ ווייטער צווישנ קאָרנ

אינ א דריטער ליד:

די יאָרנ מעגנ לויפנ,
און מעג דער קאָפּ זיינ גרוי,
נאָר, דו, מיינ הארצ, זיי, פריילעכ...

אינ די ארבעט-פּראָצעסנ, וואָס ער שילדערט, טרעפנ מיר דעם זעלבנ „לויפ"

פריילעכ בינ איכ טאָמער
פריילעכ וועל איכ זיינ,
לויפ-זשע גיכער, פּלעקל,
אינ פּאָדעשווע אריינ...

אינ א צווייטער ליד:

כ'דריי און דריי מיט אלע קויכעס
און דאָס רעדל לויפט פארשייט...

...גיכער, רעדל, לויפ-זשע גיכער,
יאָרנ לויפנ גיכ מיט דיר...

מיר זעענ פונ די געבראכטע ביישפּילנ, אז די „לויפ"-שילדערונג (און צוזאמענ מיט איר אויכ דער „לויפ"-ריטמ) דאָס איז ניט קיינ צופעליקע דעטאל אינ שאפירס סטיל. דער „לויפ" גייט אלעמאל בא-גאנד אָדער מיטנ וואָרט „פארשייט", אָדער מיטנ וואָרט „פריילעכ". דאָסראָוו איז עס באהויכט מיט האמויניש-בונטארישנ אומגעדולד, וועג שאפיר קאָנ זיכ ניט דערווארטנ אפנ „טראכ":

אָ, צי ניט און שרעק ניט דו הימל,
א בליצ און א טראכ מאכ דערפונ,
א גאָס און א שוועגק אָפּ דעמ שימל,
און גיכער באוויינ אונדז די זונ...

דער האמויניש-בונטארישער אומגעדולד, וואָס וויל „צוטרייבן" דעם גאנג פון דער געשיכטע, וויל „גיכער" דורכמאכן דעם ווידעראנאנד פון דער רעוואָליוציע־עפּאָכע, — דאָס איז, קאָן מען זאָגן, די באוועג־קראפט אין שאפירס-לידער. דאָס דיקטירט אים אָט דעם שטענדיקן „לויף", דעם שטענדיקן דראנג ארייַנצוטראָגן וואָס מער דינאמישקייַט, וואָס מער האסט אין זייַנע נאטור־בילדער. שאפיר איז געווען דורכגעדרונגען מיטן גלויבן, אז „יעדער טראכ איז וועקנדיק", ער האָט אָפּטמאָל געמיינט, אז בלויז מיטן איינעם סאָציאל־אומבא־שטימטן, ניט פאראלגעמיינערטן, ניט סינטעזירטן בילד פונעם „לויף" קאָן ער אויספילן די אופגאבע פון זייַן ליד: „וועקן צו פרייַעם לעבן". אופהייבן די „לויפנדיקע" געשטאלטן און בילדער אפ דער הייך פון א סינטעטיש־פארגאנצטן סטיל האָט שאפיר ניט געקאָנט. אָבער אויך דאָס, וואָס ער האָט געגעבן, האָט איידעס געזאָגט, אז שאפיר מערקט אָן אין דער יידישער דיכטונג פון זייַן צייַט א נייַעם וועג, וואָס „אנטלויפט" פון דער רייזענישער אינערטקייַט און געפּענטעטקייַט, „אנט־לויפט" פון דער מאָנאָטאָן-נודנער לאנגזאמקייַט, פון די קריכערישע טעמפּן, וואָס האָט געהערשט אין דער רייזענישער דיכטונג. שאפיר האָט ניט אומזיסט, אפּאָנעם, געשריבן, אז ער האָט

אויסגעוויגט זיך אפן ווינט,
בא דעם לעבן אפ די הענט...

אָט דער „ווינט" פון א רעוואָליוציע־עפּאָכע, וואָס האָט אופגע־וועקט צום לעבן אפילע דעם גאָר אָפּגעשטאנענעם ארבעטער-שיכט, צו וועלכן עס האָט געהערט שאפיר, אָט דער „ווינט" פון דער רע־וואָליוציע, וואָס „בינדט פאנאנדער אלע קייטן־געשמידטע קויכעס און טרייַבט זיי פון די אָפּגרונטן אפן אויבערפלאך פונעם לעבן" (לענין) — אָט דער „ווינט" פלאטערט עס אינעם „לויף" פון שאפירס בילדער און געשטאלטן, דאָס דרינגט דורכ די בעסערע לידער זייַנע פון דעם פע־ריאָד ארום 1905 י.

נ. אויסלענדער.

# I. אַרבעט- און פֿרײַהייט-לידער

ניט קיין שפּילן, ניט קיין זינגען,
ניט פֿון טעצעלאַך קיין קלינגען
מאַכן פֿריילעך מיר דאָס האַרץ;

ניט קיין זיפֿצן, ניט קיין טרערן
פֿון אַ לעבן, פֿון אַ שווערן
מאַכן טרויעריק מײַן האַרץ;

נאָר די ווערטער די געטרײַע,
וואָס איך הער פֿון מענטשן פֿרײַע,
מאַכן פֿריילעך מיר דאָס האַרץ.

נאָר די עלנטע, געפּלאָגטע,
מענטשן שוואַכינקע, פֿאַריאָגטע,
מאַכן טרויעריק מײַן האַרץ.

כ׳גיי ארויס מיר שטאָלץ אין דרויסן,
האלדזט די לופט מיר קושנדיק,
רוימט מיר איין א סאָד פון פרייהייט:
מ׳ארבעט, שוויס זיך ווישנדיק...

קומען וואָלקנס אף דעם הימל,
דאָרט די זון פארשטעלנדיק
גיי איך שטאָלץ מיט פולן גלויבן
באלד צו זען זי קוועלנדיק.

בלאָזט א ווינט און שמייסט אין פּאָנעם,
מאך איך מיך ניט וויסנדיק:
און איך גיי מיר שטאָלץ און פריילעך,
האלט דעם קאָפּ פאריסנדיק.

גיט א בליץ, א טראך א דונער,
קייקלט זיך שטארק שרעקנדיק.
און איך גיי מיר שטאָלץ און קלער מיר:
יעדער טראך איז וועקנדיק...

גיט א שיט א שווערער האָגל,
פון אים קלעפּ דערפילנדיק,
גיי איך ווייטער שטאָלץ און שאר אים,
ווי מיט אים זיך שפּילנדיק...

און איך פיל מיך גרינג און לופטיק,
ווי א פויגל פליִענדיק,

און דאָס האַרץ מײַנס װאַקסט און קװעלט אָן,
װי אַ רױזל בלײַענדיק.

און כ׳פֿאַרצי אַ ליד פֿון פֿרײַהײַט
מיט אַ קאָל אַ קלינגענדיקס,
און איך גײ און זוך כאַװײרים
מיט אַ האַרץ אַ זינגענדיקס...

און מײַן קאָל פֿאַרטױבט דעם דונער —
מײַנע פֿױסטן קלעמען זיך...
פֿאַר דעם בליץ פֿון מײַנע אױגן
הימל-בליצן שעמען זיך...

געווג, מײַן פרײַנט, ניט זיפּצ, ניט וויינ,
איכ קענ די וועלט, ווי זי איז שיינ,
ווי אלעס שײַנט אונ קוועלט, אונ לעבט.
דעם מענטשנ זע: ער שטרײַט אונ שטרעבט.
אימ פעלט קיינ טרערנ, ניינ!.. דו ווייסט?
א וואָרט אימ זאָג, וואָס פרייט אונ טרייסט...
א וואָרט א פרײַס! קיינ זיפּצ ניט מער!
א שמייכל גיב, וויש אָפּ דײַנ טרער!
אונ וואַרפ דײַנ קוק אי ברייט, אי טיפ.
דײַנ האנט שטרעק אויס — צומ מענטשנ רופ.
נאָר רופ!.. ניט בעט, ניט זיפּצ, ניט קרעכצ!
הויכ ווערטער רעד פונ פרײַענ הארצ,
אונ וועק, אונ רופ, ניט שרעק, ניט שעלט,
די שיינהײַט ווײַז אימ פונ דער וועלט!...
אונ זינג, אונ ליב, אונ פריילאכ זײַ,
אונ לאכ, דײַנ קאָל זאָל קלינגענ פרײַ,
גלײַכ ווי א דונער שטארק אונ ווײַט,
אז וועקנ זאָל עס צו דעמ שטרײַט —
אינ שטרײַט פאר מענטשנ-רעכט פאָרויס
דו מיט דײַנ וואָרט שטאָלצ גיי ארויס.
פאָרויס!.. געבענטשט זאָל זײַנ דײַנ וועג
אונ מיט ניצאָכנ דאָס געשלעג!..

# הערשל

(צווי ליסינגערג)

1

כ׳האָב געהאַט אַ כאַוואַר הערשל.
יאָרנ לאַנג איז ער געוועזנ
אי מײַנ מאַדריכ, אי מײַנ לערער.
ביכלעכ פלעגט ער מיר פאָרלעזנ,
מײַסעס פלעגט ער מיר דערציילנ,
פונ אַ לעצ מיט „וואָלקעלאַקנ״,
פונ דעמ גענעמ אונ גאַניידנ,
פונ אַ פאָרעצ מיט קאָזאַקנ...

אוי, איז דאָס געוועזנ אַ הערשל!
אַכ, אַ שייגעצ, גאָר אַ פײַער,
גאָר אַ כאַוואַר אַ געטרײַער...
אוי, איז דאָס געװעזנ אַ הערשל!..

2

ר׳פלעגט אינ וואַלד אַרײַנ מיכ רופנ
כאַפנ פייגעלעכ דאָרט קליינע,
אונ ניט איינמאָל האָט דער היטער
קלעפ געגעבנ אונדז גאַנצ שיינע...

און ער פֿלעגט מיך ווידער פֿירן
בארלעך רײַסן פֿון די סעדער
און נאָכהענגעגן זיך אַף וועגן,
און פֿארפּלאָנטן זיך אין רעדער!...

אוי, איז דאָס געווען אַ הערשל!
אָך, אַ שייגעץ, גאָר אַ פֿײַער,
נאָר אַ כּאוועך אַ געטרײַער...
אוי, איז דאָס געווען אַ הערשל!..

3

ר'פֿלעגט צום טײַך מיך זומער שלעפּן,
מיך געלערנט ווי צו שווימען,
און ניט איינמאָל איבער הערשלען
בין איך שיר ניט אומגעקומען.
ווינטער: — „ברודער, קום זיך גליטשן!
זעסט אַ שניי? מיר מאכן מענטשן!"
און האָב שאבעס נאָך דעם עסן
טאָמער אָפּגעקירצט דאָס בענטשן...

ווער איז שולדיק אז ניט הערשל?
אָט דער קונדעס, אָט דער קליינער,
וואָס פֿון טויזנט איז ער איינער..
אוי, איז דאָס געווען אַ הערשל!..

4

אין שול דער אוילעם זאָגט אַ טפֿילע
און מען וויינט — ס'איז ראָשעשאָנע.
הערשל שלעפּט מיך: — „קום אין דרויסן!
נא דיר, זאָגט ער, אַ מאַטאָנע!
זעסט אַ קנעפּל? זעסט אַ פּיקער?

צום געווינס די בעסטע פולע.
ער איז מאזלדיק זיס-צוקער!״
כ׳גיי און ווייס ניט פון קיין טפּילע.

ווער איז שולדיק אז ניט הערשל,
אָט דער קליינער, דאכט זיך, שטילער,
נאָר דער גרויסער קנעפּל-שפּילער?..
אוי, איז דאָס געווען א הערשל!..

5

הערשל לערנט זיך שוין שרייַבן,
גייט אין שולע מיט א ראניעץ,
רופט די שילער: „כעוורע, בארלעך!״
און דעם לערער: „לאָבּאָדראניעץ״.
נאָר אוראָקן מאכט מייַן הערשל...
אָ, ער כאפּט די גרעסטע באלן!
און איך טאנץ נאָך הערשלען טאָמער —
וואָס מע טוט אָפּ איז פארפאלן!..

אוי, איז דאָס געווען א הערשל!
צו קרילאָוון, אָך, א ברענער —
אלע „באסניעס״ זייַנע קען ער...
אוי, איז דאָס געווען א הערשל!..

שפּעטער: הערשל האָט שוין מיידלעך
און ער גייט מיט זיי שפּאצירן
און מיט זיי מיך לערנט הערשל,
ווי א ליבע אויסצופירן.
און ער לייענט מיר שאָמערס ביכלעך,
און ער גיט מיר צו דערקלערן:

„זעסט? די ליבע איז גוט צו שפּילן,
ווען די מאַמע וויל דיר שטערן!"

אַלץ געלערנט האָט מיך הערשל,
אָט דער הייסער פּרויען-שעצער
און צו „דראַמעלעכ" אַ העצער...
אוי, איז דאָס געווען אַ הערשל!..

7

שפּעטער: הערשל ווערט אַ מאַסקל,
האַלט פון ביאַליקן און פרוגן,
אים נאָר איינס אין זיי געפעלט ניט,
וואָס זיי יאָמערן און קלאָגן.
„— הײַנט — שרײַט ער — איז ניט די צײַטן
פון צו זיפצן, גיסן טרערן.
ווילט איר היילן, זײַן דאָקטוירים?
ווייסט: הײַנט פרייילעכס ווילט זיך הערן!"

און איך לערן זיך פון הערשלען,
פון דעם קריטיק, פון דעם שרײַער,
וואָס נאָר פרייילעכס איז אים טײַער...
אוי, איז דאָס געווען אַ הערשל!..

8

הערשל ווערט, דאָס הייסט, אַ „רויטער",
יעדעס וואָרט איז אָפּגעוואויגן:
רעדט פון „ברודערשאַפט און ליבע"
מיט פאַרקלערטע, טיפע אויגן.
און ער לייענט שוין קאַרל מאַרקסן,
האַלט פון גאָרקין, פון טאָלסטאָיען,

אנערקענט שוין ניט קיין אייגנס,
כוץ, פארשטייט זיך, שיינע פרויען...

אוי, איז דאָס געווען א הערשל!
אך, א ריידער, אוי א שרייער,
און א „רויטער" ווי א פייער...
אוי, איז דאָס געווען א הערשל!..

9

הערשל ווערט... דאָ מוז איך שווייגן...
נו, א לערער מיט א קנעפל...
און ער שלייפט די קינדער-מויכעס,
שטאָפּט זיין „טוירע" אין קינדערס קעפּל.
דען א מאזיק איז דאָך הערשל
נאָך פון לאנגע, לאנגע יאָרן.
און דערפאר איז הערשל... שטילער!
קיין אמעריקע געפאָרן.

אוי, איז דאָס געווען א הערשל...
דאָ געלערנט, דאָרט... געשטאָכן...
ווו מע הייסט אים ניט... געקראָכן...
אוי, איז דאָס געווען א הערשל!..

10

היינט פון דאָרטן שרייבט מיר הערשל,
אז ער נייט פאר „יאנקע" הויזן
און ער בעט מיר: — „שיק מיר, ברודער,
כאָטש טורגענעווס „פרישע רויזן".
ווייסט? מיט זיי וועל איך באפוצן
מיידלעך „אונדזערע", וואָס גייען

אין די „שאָפּן“ לאַנגע יאָרן,
און קיין ליכטיקייט ניט זעען“.

אָך, מײַן גאָט, איז דאָס אַ הערשל!
נייט גאָר הויזן און וויל שטרײַטן,
וויל פֿון דראַבעס מאַכן לײַטן...
אָ, מײַן ליבער, גוטער הערשל!..

1905 12/IX

## „פערגיס־מײַנ־ניכט״*

עס זיצט א מײדעלע באם טיש
מיט א טרויריק-בלאס געזיכט,
בינדט א צװײַגעלע א שײנס,
א צװײַגעלע „פארגיס-מײַנ-ניכט״...

גרעזלעכ, בלעטלעכ צוגעגעבנ
אונ עס שפּראָצט א בלימל אויס.
גלײַכ עס װאָלט בא איר געװאָקסנ
פונ די הענטעלעכ ארויס.

אונ אלצ שענער װערט דאָס בלימל,
אונ עס ציטערט אונ עס שװעבט.
אונ עס דאכט זיכ, אז עס שמעקט שוינ,
אז עס עטעמט, אז עס לעבט!

אָבער מידער אלצ אונ בלאסער
װערט דאָס מײדעלע דאָס שײנס;
אונ אלצ שטילער, אונ אלצ שװאכער
שלאָגט דאָס הערצעלע דאָס רײנס.

אונ פונ טויטנ װאקסט א בלימל,
שפּראָצט אויס לעבעדיק אונ פריש:
אונ דאָס לעבעדיקע בלימל
װעלקט אָפּ, זיצנדיק באם טיש.

* א בלימל; אינ רוסיש: незабудка.

# די ליד פון דער קונסטרויז

די פינגער פארטרוקנט, דעם רוקן געבויגן
און הינגעריק, שלעפעריק, בלייך, אָפּגעצויגן
זיצט טרויריק דאָס מיידל, פארמאטערט און מיד,
און קלעפּט לאנג די קונסטרויז און זינגט זיך א ליד,
א ליד פון א קונסטרויז, זי וויל אים צוגעבן
אי שיינקייט, אי פרישקייט, אי אָטעם, אי לעבן.
זי פארבט זי און קלעפּט זי און בינדט זי שיין אויס —
און גלייך ווי זי וואקסט פון איר הארצן ארויס...

„לעב, זינגט זי, לעב!"

„איך גיי צו דער ארבעט פארטאָג מיט באגינען,
די זון וועט מיך קיינמאָל אין דער היים ניט געפינען,
זי טרעפט מיך באשטענדיק באם טיש שוין לאנג זיצן
און קלעפּן, און בינדן, און הונגעריק שוויצן...
איך קארג ניט קיין קויכעס, מיין זאפט פון די ביינער,
די פארב פון מיין יוגנט, אָ, גיב איך איר איינער,
יאָ! איינער א קונסטרויז, זי מוז בא מיר שוועבן,
איך וויל זי זאָל ציטערן, שמעקן און לעבן...

„לעב, זינגט זי, לעב!"

„איך שנייד אָן פיל בלעטלעך און גלייך זיי, און פארב זיי,
און טריקן אפ פייער, און פרעס זיי, און קארב זיי,

ביז אָדערלעך ווערן, דאַן נעם איך אַ דרעטל,
אַ הערצל און קלעפּעכץ, קלעפּ בלעטל צו בלעטל,
און טערפּנען די פינגער און ציִען און שמאַרצן,
איך קלעפּ אַלץ די בלעטלעך מיט קליי פון מײַן האַרצן,
אָ, פאַר אײַך, רײַכע פרײַלנס, אַף אײַערע בריסט
ווען שווערבן מײַנע קונסטרויז, מײַן מי איז אומזיסט...
פאַר גראָשנס, פאַר גראָשנס, פאַר גראָשנס"!

„לעב, זינגט זי, לעב"!

עס גייט אוף גאַנצפרי דאָרט די זון אַזוי שיין...
קלעפּ, קלעפּ, קלעפּ!
די לופט איז אין גאָרטנס פאַרנאַכט אַזוי ריין...
בינד, בינד, בינד...
עס רופט די לעוואָנע, עס ווינקען די שטערן —
אַרבעט, אַרבעט, אַרבעט...
אַף כאַסענעס, בעלער, אָוונט מיט טענץ
מוז מען דאָך האָבן פון רויזן פיל קרענץ...
קלעפּ, קלעפּ, קלעפּ!..
שטאַרבט זיך אַ גוויר, צי זײַן פרוי ווען אַוועק,
מוז מען דאָך לייגן אַ קראַנץ אַף דער דעק...
בינד, בינד, בינד...
און זי בינדט, און זי קלעפּט, ווערט פאַרמאַטערט און מיד
און עס לאָזט זיך ניט אויס פון איר קונסטרויז דאָס ליד.

„לעב, זינגט זי, לעב!"

„אָ, לעב אוף, מײַן קונסטרויז, איך וועל דיר אָפּגעבן
מײַן ליבע פון האַרצן, מײַן יוגנט, מײַן לעבן,
אבי דו זאָלסט ווערן, ווי לעבעדיק, פריש.
און ווען איך וועל שטאַרבן אָט דאָ בא דעם טיש,
מיט דיר אין די הענט, פון קיין פרײַנט ניט באַוויינט
און ניט מיט קיין סטענגעס צי בלומען באַשײַנט —

אָ, דעמלט, מײַנ קונסטרויז, אינ קאסטנ אינ שווארצנ
דו קײַקל אראָפּ זיכ צו מיר אפ מײַנ הארצנ".

„לעב, זינגט זי, לעב!"

די פינגער פארטרוקנט, דעם רוקנ געבויגנ
אונ הונגעריק, שלעפעריק, בלייכ, אָפּגעצויגנ
זיצט טרויעריק דאָס מיידל, פארמאטערט אונ מיד
אונ קלעפּט לאנג א קונסטרויז, אונ זינגט זיכ א ליד,
א ליד פונ א קונסטרויז, זי וויל זי זאָל לעבנ,
זי פארבט זי אונ קלעפּט זי, אונ בינדט זי שיינ אויס,
אונ גלײַכ ווי זי וואקסט פונ איר הארצנ ארויס...

1906 18/IV

## די ליד פון א שטריק

באָרוועס, האלב-נאקעט, פארברענט פון דער זון,
געגארטלט מיט פלאקס, דעם רוקן געבויגן,
דער שווייס פון אים רינט, די הענט אויסגעצויגן,
און דוכט זיך, פון הארצן ער ציט אויס דאָס פלאקס
און זעט אויס א שאָטן און געל ווי א וואקס,
ער גייט און ער שפּינט, גייט הין און צוריק
און זינגט זיך דערביי א ליד פון א שטריק:
„היי, גיכער, נו, דריי, דער שטריק איז נאָך דין,

דריי, דריי, דריי,
פייגעלעך פליען,
דו קוק ניט אהין.
דריי, דריי, דריי...
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי.
דער שטריק איז נאָך דין,
צי ווייסטו דערפון?
דריי, דריי, דריי...

און פלעגט ער אמאָל אין כיידער ניט קומען,
א יינגל א שייגעץ, וואָס אים גאָר זיך גלוסט:
א פייגעלע כאפּן, צעווארפן א נעסט,
אין וואלד אריין גיין — ניס דאָרטן רייסן,

דערפאר האָט דער רעבע געשראָקן מיט שמײַסן
און טאקע געשמיסן, דערצו נאָך גענומען
דעם שייגעץ געבונדן צום טיש מיט א שטריק:
— „איצט גיי נאָר, נו, פרווו נאָר, דו מאמזער, דו, זניק!
שטיי, שטיי, שטיי!"

איצט? דריי, דריי, דריי,
פייגעלעך פליִען,
דו קוק ניט אהין.
דריי, דריי, דריי.
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי.
דער שטריק איז נאָך דין,
צי ווייסטו דערפון?
דריי, דריי, דריי...

אים ווילט זיך שוין לערנען, א לערער אים פעלט
און פידל צו שפילן אים האָט זיך פארגלוסט.
דער טאטע שרײַט: „בּאָכער! וואָס גייסטו אום פוסט?
אָט נא דיר א שטריק, גיי ארויס אפן מארק!
נישקאָשע, גיי, גיי, דו טראָג אפן קארק
א זעקל, א קעסטל, פארדינ דיר אפ ברויט,
דו ביסט מיר צו שווער, דו מאכסט מיר דעם טויט,
דו האָסט מיר די הויט שוין פון לײַב אָפּגעשיילט!
גיי, גיי, גיי"...

איצט? דריי. דריי, דריי...
בלימעלעך בליִען —
דו קוק ניט ארײַן.
דריי, דריי, דריי.
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי.
דער שטריק איז נאָך דין —

צי ווייסטו דערפון?
דריי, דריי, דריי...

אָט ליבט ער א מיידל, אָ, ליידט ער דערפון!
זי איז דאָך דעם שוסטערס... זיין טאַטע איז פרום.
און זוכט ער זי אָפּ, רעדט אויס נאָר איין וואָרט,
וואַקסט אויס די מאַמע דאָ באַלד אַפן אָרט:
— „אוי, וויי, דו פאַרשעמסט מיך, דו מאַכסט מיר צום נאַר!
א שוסטער! איך וויל ניט, וואָס קומט מיר דערפאַר?
גיי, האָרעווע אַפּ קינדער... אָט האָסטו א זון!
וויי, וויי, וויי".

נו, דאָרטן, דריי, דריי, דריי...
און שיינט שוין די זון —
וואָס האָב איך דערפון?
דריי, דריי, דריי.
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי.
דער שטריק איז נאָך דין,
צי ווייסטו דערפון?
דריי, דריי, דריי...

און פרווט ער זיך האַנדלען, און האַנדלט מיט פלאַקס
„וואָס דען איז דער טאַכלעס, דער טאַטע ז'געקרעכט.
ער מיינט דאָך מיין טויווע. צי איז עס דען שלעכט?"
דאָס טראַכט זיך מיין באָכער און האַנדלט און לויפט.
דערזעט ער גאָר טויבן, פאַרווילט זיך, ער קויפט,
„אוי, באָכער, דו טויגסט ניט פון דאַנען אַהין,
צעשרייט זיך דער טאַטע — וואָס טויג דיר דאָס טון?
דו מאַכסט מיר, שלימאַזל, אָט זע, ווי א וואַקס
נו, זע, זע, זע"?

היי, דאָרטן, דריי, דריי, דריי...
טייבעלעך פליִען,

זיי רופן און ציִען
דריי, דריי, דריי...
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי...
דער שטריק איז נאָך דין —
צי ווייסטו דערפון?
דריי, דריי, דריי...

נעטריבן, געיאָגט אזוי לאנג, אזוי ברייט,
געפּייניקט מיט קלאָלעס, מיט דאכקעס, מיט נויט.
און ווערט ער א דרייער בא שטריק פאר ברויט,
און ארבעט און ארבעט און דרייט אָן א סאָף,
ווען גאָט אליינ שלאָפט נאָך, פון שלאָף שטייט ער אויף
און ארבעט, און ארבעט, גייט הין און צוריק.
אָט קלאפּט ער דאָס פלאקס, אָט שפינט ער דעם שטריק,
עס בינדט זיך דער טאָג מיט דער נאכט און ער דרייט,

דריי, דריי, דריי!
די יאָרן גיך פליִען,
עס ווילט זיך אָפּרוען,
דריי, דריי, דריי...
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי ...
דער שטריק איז נאָך דין —
צי ווייסטו דערפון?...

באָרוועס, האלב-נאקעט, פארברענט פון דער זון,
געגארטלט מיט פלאקס, דעם רוקן געבויגן,
דער שוויס פון אים רינט, די הענט אויסגעצויגן,
גייט ער און שפינט ער, גייט הין און צוריק
און זינגט זיך דערביי א ליד פון א שטריק...

היי, גיכער, נו דריי, ווען לאָזט זיך עס אויס?
דריי, דריי, דריי!..

ביז די נעשאָמע פון מיר וועט ארויס,
דריי, דריי, דריי...
זאָלן פייגעלעך פליִען,
זאָל שײַנען די זון,
זאָלן בלימעלעך בליִען,
זאָל קרייען דער האָן,
זאָל קומען די נאכט,
זאָלן בלישטשען די שטערן —
דער שטריק מוז דאָך ווערן
וואָס גיכער געמאכט!
דריי, דריי, דריי.
נאָך א סטאָלקע
און נאָך צוויי...
דער שטריק איז נאָך דין —
צי ווייסטו דערפון?
דריי, דריי, דריי!..

# אין טאָקאַרניע

(געווידמעט יוינע ראָזענפעלדן)

אין טאָקאַרניע, אין דער ענגער,
וו עס שמעקט מיט פּאָליטור,
בא דעם וואַרשטאַט, אין די סטרוזשקעס
ציט דער טאָג זיך ווי א יאָר...

ס'לויפט דאָס רעדל און עס זשומעט,
כ'שניץ א העלצל אין מאַשין,
און די סטרוזשקעס, ווי די לענטעס,
ציִען, שלענגלען זיך און פליִען...

און דער אײַזן רײַסט דאָס העלצל,
און עס ווערט ווי פײַער הייס,
און עס קאַפּעט אף דעם אײַזן
פון דעם פּאָנעם טראָפּן שווייס.

דושנע, ענג איז אין טאָקאַרניע,
דושנע, ענג איז מיר אין האַרץ,
און דער שטויב באַדעקט דאָס פּאָנעם,
און ער מאַכט דעם שווייס מיר שוואַרץ...

צוגעקאָוועט צו דעם וואַרשטאַט,
שטיי איך אין דער שווערער לופט

און דער שײנער, ליבער דרויסן
רײצט מיך, װינקט צו מיר און רופט...

כ׳דרײ און דרײ מיט אלע קױכעס,
און דאָס רעדל לױפט פארשײַט,
און דער אײַזן רײַסט דאָס העלצל,
און די סטרוזשקעס פליִען װײַט...

איך כאפּ א קוק צום בלױען הימל —
אך, װי שײן איז איצט די װעלט!
איך זע די זון, װי שײן זי בלישטשעט,
װי זי שמײכלט און זי קװעלט.

אוי, די זון, זי קוקט אין פענצטער,
װי זי רעדט צו מיר און לאכט:
איך שטײ אין אנגסטן בא דעם װארשטאַט
ביז דער זינקנדיקער נאכט!..

גיכער, רעדל, גיכער דרײ זיך!
גיך, די זון װעט באלד פארגײן!
העכער זשומע, שטארקער דרײ זיך,
זאָל מײַן פוס ניט בלײַבן שטײן!

גיכער רעדל, גיכער דרײ זיך!
צי דעם מארך פון מיר ארױס!
כ׳װעל דיר געבן שװײס און קױכעס
און דו צי זײ, זױג זײ אױס!..

גיכער, רעדל, לױף-זשע גיכער,
יאָרן לױפן גיך מיט דיר,׳—
מײַנע יונגע, בעסטע יאָרן,
פרישע קױכעס אָן א שיר...

היי, דו, רעדל, זשומע העכער,
שפּריץ מיט ברעקלעכ, שלענגלעכ שפּײַ,
לויפּ און פּלאַצ אינמיטנ לויפנ,
ווען איכ עפּשער ווערנ פרײַ !..

ווען איך גיב אַ קוק אין פענצטער,
זע איך דאָרט אַ בלומען-טאָפּ
און אַ פּאָנעם פון אַ מיידל,
מיט אַ שוואַרץ-געקרויזטן קאָפּ.

ווען איך גיב אַ קוק אין פענצטער,
זע איך רויט און ווײַס און גרין —
לײַוונט, בלומען און אַ פּאָנעם,
און צוויי הענט אַף ניי-מאַשין.

לײַוונט ווײַסע, ווײַסע פעדעם,
הײַנט, ווי נעכטן, פרי ביז שפּעט,
בלומען רויטע, ליפּן בלאַסע
און זי נייט אַלץ און זי נייט...

ווער קאָן מעסטן אויס די פאָדעם —
וויפל האַלטן זיי אַרשין,
וואָס זי האָט שוין אין איר לעבן
אויסגעניייט אַף דער מאַשין?

ווער קאָן מעסטן אויס די לײַוונט —
וויפל לענג און וויפל ברייט! —
וויפל העמדער האָט דאָס מיידל
זינט זי אַרבעט אופגענייט?

וויפל זיפצן פונעם האַרצן,
וויפל טרערן גיסט זי אויס,

ווי פֿל טראָפּנס בלוט די נאָדל
פֿון די פֿינגער צאַפּט אַרויס ?...

ווען איך גיב אַ קוק אין פֿענצטער,
זע איך דאָרט אַ בלומען-טאָפּ
און אַ פּאָנעם פֿון אַ מיידל,
מיט אַ שוואַרץ-געקרויזטן קאָפּ...

## פרומעלע

1

כ'האָב געקענט א מיידל פרומע,
שאָמערס ביכלעך פלעגט זי לעזן,
און דערפאר דער טאטע אירער
האָט געקוקט אפ איר מיט בייזן.
פאר א לאך — פלעגט ער זי קלאָלען,
פאר א זינג — פון שטוב געטריבן.
און פון ד'רהיים אוועקצופאָרן
איז בא פרומעלן געבליבן.

און זי קלערט, מײַן מיידעלע:
אָ, ווו ז'דאָס מענטשן איידעלע?
אָ, ווו?.. אָ, ווו.. אָ, ווו?..

2

פרומע האָט צוויי באקן — רויזן,
און צוויי אויגן—גאָר ווי שטערן,
און די יונגעלײַט פון שטעטל
די קאפּאָרע נאָך איר ווערן...
און איר פרומער טאטע טרײַבט זי:
„גיי צו אלדי שווארצע יאָרן
מיט די באָכערים און ביכלעך!"
פרומע איז אוועקגעפאָרן.

און זי פאָרט, מײַן מיידעלע,
זוכן מענטשן איידעלע...
זי פאָרט... זי פאָרט,., זי פאָרט...

3

קיין אָדעס איז זי געקומען,
דאנקען גאָט: זי האָט געפונען
באלד א שטעלע בא א נאָגיד—
קליינע קינדער צו באדינען.
נאָר א זונדל האָט דער נאָגיד,
האָט ער אויגן קוילן-פײַער
און מיט זיי פארברענט ער מיידלעך.
פרומען שאצט ער אָפּ גאָר טײַער.

„וואָן!"—אים שרײַט מײַן מיידעלע—
„דאָס הייסט מענטשן איידעלע?!"
זי שרײַט... זי שרײַט... זי שרײַט...

4

פרומע גייט אום שטארק פארטרויערט
און זי זוכט זיך נײַע שטעלן,
אזא אומגליק: וווהין זי קומט ניט,
באלד ווערט זי דעם ווירט געפעלן.
דאכט, א פרומער ייִד דער שויכעט,
פרוווט דעם כאלעף מיטן צינגל
און צו פרומען ווינקט ער מאמזערש,
ווי א גימנאזיסט א ייִנגל.

און זי טראכט, מײַן מיידעלע:
„פרום איז ניט וואָס איידעלע"...
זי טראכט... זי טראכט... זי טראכט...

5

פרומע איז פריילעך: צו א דאָקטער
איז זי דינען אָנגעקומען,

נאָר דער דאָקטער זוכט דאָך פּראַקטיק,
האָט ער פרומען באַלד גענומען...
„זאָג נאָר, פרײַלן, ווייסט מײַן נאָמען?
אָקושאָר און מעדיצינע...
קום, דיך מוז איך גלײַך באַקוקן:
צי דו האָסט ניט סקאַרלאַטינע.״

און זי גייט, מײַן מיידעלע,
דינען מענטשן איידעלע...
זי גייט... זי גייט... זי גייט...

6

שטאַרק באַצאָרנט איז מײַן פרומע,
שטילערהייט פאַרגיסט זי טרערן,
און זי קוקט קרום אַפן דאָקטער...
און ער גיט איר צו דערקלערן,
אַז זי זאָל אַן אָרט זיך זוכן,
דען ער פאָרט אָפּ „זאַגראַניצע״,
און איבּ וואָס... וועט שוין פאַרזאָרגן
זײַן באַקאַנטע רײַכע פריצע...

און זי שווײַגט, מײַן מיידעלע—
ס'איז דאָך מענטשן איידעלע!—
זי שווײַגט... זי שווײַגט... זי שווײַגט...

7

דינען קאָן שוין ניט מײַן פרומע—
מיט אַ קינד איז זי געבונדן,—
און דער דאָקטער, ווי אַ כאָלעם,
מיט איר יוגנט וועט פאַרשווונדן,
און איר האַרץ וועט אויסגעטריקנט,
און כאַדאָשים לויפן, פליִען—
אַזוי וועט אַ בלום פאַרוויאַניעט,
ווען מע לאָזט זי ניט אופבליִען.

און זי וועלקט, מײַן מיידעלע,
אדאנק מענטשן איידעלע...
זי וועלקט... זי וועלקט... זי וועלקט...

8

אָן דער היים דערמאָנט זיך פרומע,
אָן די יאָרן, אָן די יונגע,
נאָר זיי ווערן באלד פארשווונדן
פונקט ווי נאכט-כאלומעס גרינגע...
און זי פילט, אז פון איר הארצן
קאָן דאָס קינד איר בלוט נאָר זויגן,
און זי זעט נאָר טאָמעד מענטשן
שלעכטע, בייזע פאר די אויגן...

און זי וויינט, מײַן מיידעלע,
וויינט אפ מענטשן איידעלע.
זי וויינט... זי וויינט... זי וויינט...

9

„מאמע, מאמע"—שעפטשעט פרומע,
גלײַך זי שטייט איר פאר די אויגן,
כאָטש זי איז שוין לאנג געשטאָרבן,—
פופצן יאָר אוועקגעפלויגן...
און איר טאטע זי דערמאָנט ניט,
ריידן וויל זי ניט מיט קיינעם,
נאָר צום הימל רעדט זי טאָמעד
און צום יונגן קינד דעם קליינעם...

יאָ, זי רעדט, מײַן מיידעלע,
זי פרעגט אפ מענטשן איידעלע...
זי פרעגט... זי פרעגט... זי פרעגט...

# באַ גאָט אַפּ קעסט

זיצנ זיכ צוויי פייגעלעכ
שטיל אינ זייער נעסט.
זיצט די „זי” אפּ אייעלעכ,
„ער”—באַ גאָט אַפּ קעסט.

וואַקסנ אויס די קינדערלעכ,
בויענ זיי אַ נעסט.
זיצט די „זי” אפּ אייעלעכ,
„ער”—באַ גאָט אַפּ קעסט.

וואַקסנ אויס די אייניקלעכ,
בויענ זיי אַ נעסט.
זיצט די „זי” אפּ אייעלעכ,
„ער”—באַ גאָט אַפּ קעסט.

## צווײ כאַווײרים אינ אײנ טאָג

1

ס'איז געווענ א מאָל א נײדגאַרדט—
האָבנ זאָל ער דעם גאנײדנ —
שרויט מיט שוועבל פֿלעגט זיכ שיטנ
פֿונ זײַנ מויל, ווענ ער פֿלעגט רײדנ,
אונ א כאַווער האָט דער נײדגאַרדט
א געטרײַענ זיכ דערוואָרבנ.
קרעפּס זײַנ נאָמענ איז געוועזנ—
בײדע זײַנענ אָפּגעשטאָרבנ.

אוי, א יאָמער, אוי, א קלאָג —
צווײ כאַווײרים אינ אײנ טאָג.

2

קרעפּס געוועזנ איז א דאָקטער
אונ מיט קוויטלעכ פֿלעגט ער הײלנ,
אונ בא נײדגאַרדטנ געבעטנ:
ער זאָל קײנעם ניט דער־צײלנ.
נײדגאַרדט האָט דאָס אים פֿאַרשפּראָכנ
נאָר ביטנײַ ער זאָל אים שווערנ:
ווי־פֿל קינדער ער וועט טויטנ,
זאָל קײנ קלאַנג דערפֿונ ניט ווערנ.

צווײ כאַװײרים — אַזאַ קלאָג! —
אָפּגעשטאָרבן אין אײן טאָג.

3

אפּ א שטריק איז קרעפּס געגאַנגען,
נײדגאַרדס פּלעגט אים אונטערהאַלטן
און װען נײדגאַרדט האָט געװינדיקט...
האָט גיך קרעפּס זײַן זינד באַהאַלטן.
—„אָך, א דאַנק דיר, קרעפּס, זשידיוגאַ!"
—„אָ, גאָט אַטעם, נײדגאַרדט סראָרע!"
פּלעגן בײדע זיך באַדאַנקען.
הײַנט װאָס זאָגט איר אפּ דער צאָרע?

אזא יאָמער, אזא קלאָג! —
צװײ כאַװײרים אין אײן טאָג.

4

נײדגאַרדט האָט געהאַרגעט מענטשן,
קרעפּס האָט זײ באַלד אױסגעשריבן
און געװיזן אים די ביכער,
װיפל נאָך סע איז געבליבן.
—„שװײַג מײַן כאַװער! — זאָגט אים נײדגאַרדט. —
— כ'נעם זיך װידער... שרײַב, מײַן לעבן".
דאָ גאָר פּלוצעם האָבן בײדע
די נעשאָמע אָפּגעגעבן...

אזא יאָמער, אזא קלאָג! —
צװײ כאַװײרים אין אײן טאָג.

טרעפּאָוו פּאָרט אַפּ ניידגאַרדטן,
אַפּ זײַנ האַלדז אונ נאַקן,
ניידגאַרדט הירזשעט, בריקעוועט,
אוש די שויבנ קנאַקנ.

וויטע, וויטע ברידערט זיך
מיטנ אַרבעטאָרער,
אונ ער שאַפּט אָפּ טרעפּאָוונ,
מאַכט אים גאַר אויס פּאָרער.

אַפּ זײַנ אָרט קומט דורנאָוואָ!
דורנאָוואָ ז'מערוצע,
אונ ער רופט אויך ניידגאַרדטן —
ניידגאַרדט — „זאַגראַניצע“!..

לאָז זיך וויטע, וואָס וויל קלערן
און זיך רײַבן שטארק דעם שטערן,
לאָז ער פּלענער נײַע מאכן
און מיר וועלן פון אים לאכן:
כא, כא, כא, כא, כא, כא!..

לאָז זיך טרעפּאָוו מאכן קוילן
און אויך שרײַבן פיל באַפוילן,
זאָל ער שטעלן גרויסע וואכן,
נאָר מיר מעגן פון אים לאכן:
כא, כא, כא, כא, כא, כא!..

לאָז מען שטעלן פּולעמיאָטן
און פאַרווערן די סאָלדאטן
אפ די שיפן בונטן מאכן,
נאָר מאטראָסן פון דעם לאכן:
כא, כא, כא, כא, כא, כא!..

לאָז מען צומאכן גאזעטן,
פרײַע אוניווערסיטעטן,
לאָז דער צענזאָר פינטלען מאכן,
ווער זשע האלט דען אָפּ פון לאכן:
כא, כא, כא, כא, כא, כא!..

ס׳איז ווידער פארוואָלקנט דער הימל,
די זון איז שוין ווידער פארשטעלט,
עס ציטערט שוין ווידער אין דרימל
פאר דונער און בליצן די וועלט.

עס שושקען זיך ביימער אין וועלדער,
עס דרייט זיך דער שטויב אָפ דער ערד
און לויפט איבער שטעט, איבער פעלדער,
ווי רוכעס אויף שיידים אָפ פערד...

אָ, צי ניט און שרעק ניט, דו, הימל,
א בליץ און א טראַך מאַך דערפון!
א גאָס און א שווענק אָפ דעם שימל —
און גיכער באַווייַז אונדז די זון!

★

אָ, שטאַרקער דרייט אַרויס דעם לאָמפּ —
עס שווינדלט אין די אויגן,
עס שלאָגט מיט פאַרבן אָפּ פון אים,
ווי פון אַ רעגן-בויגן...

נאָך שטאַרקער דרייט אַרויס דעם לאָמפּ —
די שאָטנס — שוואַרצע וואָלקן,
זעט, קריכן שטיל אום אַף די ווענט,
ווי רוכעס—גאַנצע פאָלקן... —

נאָך שטאַרקער דרייט אַרויס דעם לאָמפּ —
אַ זילבער-שײַן זאָל בליצן!
נאָך, נאָך מאַכט, ווי אַ זונען־שײַן,
און שטראַלן זאָלן שפּריצן.

און יעדער שטראַל זאָל טרעפן דאָרט,
דאָרט, וווּ עס איז נאָך טונקל.
נאָך שטאַרקער דרייט אַרויס דעם לאָמפּ,
מאַכט ליכטיק יעדעס ווינקל!

ניט קאַרגט, ניט קאַרגט קיין נאַפט און קנויט,
נאָך גרעסער מאַכט דאָס פײַער
אַ בלינדער זאָל דערזען די שײַן,
די שײַן וואָס איז אים טײַער.

אָט דעמלט נעמט די קעסל-פּויק,
די פידלען און טרומייטן
און שפּילט דעם מאַרש פון ליכטיקייט,
דעם מאַזל-טאָוו דעם ברייטן!...

★

כאָטש אַלט בין איך מיט יאָרן,
מײַן האַרץ איז אָבער יונג
און טאָמער בין איך פֿריילעך:
כאַ, כאַ, איך לאַך און זינג.

איך לאַך פֿון נויט און הונגער,
איך לאַך פֿון געלט אַ סאַך
און ווען דער טויט נעמט שרעקן,
דאַן גיב איך אויך אַ לאַך...

איך האָב אַ האַרץ אַ פֿריילעכס,
אַ יאַם — אַ בריט, אַ טיף,
עס שווימט דאָרט אויף מיט ליבשאַפֿט,
מיט פֿריילעכקייט אַ שיף.

די שיף האָט אויך איר פֿירער,
און ער איז — מײַן געפֿיל,
דער קאַפּיטאַן — מײַן געלעכטער,
דאָס וואָרט מײַנס — פֿירט צום ציל...

די יאָרן מעגן לויפֿן
און מעג דער קאָפּ זײַן גרוי,
נאָר דו, מײַן האַרץ, זײַ פֿריילעך,
און ווען דו הערסט אַ „אוי".

פֿאַרגיס אים מיט דײַן ליבשאַפֿט,
דערטרינק אים אויפֿן אָרט,
און וועק צום פֿרײַען לעבן
נאָר מיט אַ פֿריילעך וואָרט.

# II. ליריק

כ׳האָב קיינ מאמענ ניט געוווּסט,
כ׳האָב קיינ טאטנ ניט געקענט,
אויסגעוויגט זיכ אפנ ווינט,
בא דעמ לעבנ אפ די הענט.

## א נײַער שטערן

כ'האָב דערזען א נײַעם שטערן,
ווי א העלן פונק,
און איך גיב צו אים א שמייכל,
ער צו מיר — א ווונק...

און ער שפּריצט אין אלע זײַטן
זילבער-שטראלן פּיל,
צו מיר טרעפט א שטראל אין הארצן
פלאמט אוף מײַן געפיל.

און א שטראָם פון הייסער ליבע
וויל פון האַרץ ארויס,
און איך לויף צו מײַן געליבטער —
ווארפ מיך אפ איר שויס...

אָ, מײַן נײַער, שיינער שטערן,
אייביק קוק אפ מיר.
אייביק וועל איך צו דיר שמייכלען,
אייביק ווינק צו מיר.

# באַם יאַם

1

באַטאָג. ס'איז הייס. די שאָטנס שלאָפֿן
פֿון דער היץ, ווי אָפּגעשוואַכט,
און דער ווינט איז אויך אַנטלאָפֿן
זוכן ווו די קילע נאַכט.

נאַקעט, ווײַס מיט שוואַרצע לאָקן,
שטייט אַ מיידל אויפֿן ברעג,
ס'וואַסער פּרוווט זי — קאַלט! — דערשראָקן
כאַפּט זי ס'פּיסל גיך אַוועק...

היי, איר כוואַליעס, ווײַסע בערן,
גנייוויש קושט איר אירע פֿיס,
נעמט מיך, כ'וועל אַ כוואַליע ווערן!
טרעט מיר אָפּ כאָטש נאָר איין קוש!..

כ'שפּרינג אין יאַם, אַ כוואַליע טראָגט מיך,
שלײַדערט מיך צוריק אַרויס.
לויפֿט אַ צווייטע אָן און שלאָגט מיך,
און דאָס מיידל לאַכט מיך אויס.

קום, דו יאַם, מיט מיר זיך שלאָגן,
ס'האַרץ מײַנס שטורעמט מיט פֿאַרדרוס.

ווער ס'וועט זיגן — דער וועט מעגן
קושן דאָ דעם מיידלס פוס!

2

ס'איז פארנאכט, דער יאם — א שפיגל
וויַיט אומענדלעך אויסגעשפרייט.
שיפלעך פול מיט וויַיסע פליגל
זיַינען איבער אים צעזייט.

גאָלד דער יאם און גאָלד דער הימל,
און די זון פארגייט און לאכט
און א גרויער, גרינער שימל
דעקט דעם יאם — דאָס איז די נאכט.

נאכט. די זון איז שוין פארגאנגען,
פיַיער ברענט שוין אומעטום,
שטיל געזאנג, געלעכטער-קלאנגען
טראָגן זיך אין לופט ארום.

שלאָפט דער יאם גלאט אויסגעצויגן,
די לעוואָנע שטאָלץ שפאצירט,
און מיט שטערן, ווי מיט אויגן,
איז דער הימל אויסגעצירט.

הימלען צוויי מיט שטערן-אויגן
האָבן זיך אפ זיך פארטראכט.
צווישן זיי בין איך געפלויגן
מיט מיַין ליבסטער אין דער נאכט...

אָדעס, 1907.

## נעבנ וועלדל שטייט א קרעטשמע

נעבנ וועלדל שטייט א קרעטשמע,
ס'פליסט א טייַכל נעבנ איר
אונ צוויי לינדנביימער שטייענ,
ווי צוויי היטער בא דער טיר.

אונ די קרעטשמע האָט צוויי פענצטער,
אונ דער קרעטשמער — טעכטער צוויי,
ביידע האָבנ איינס געליבטנ,
איכ, דער איינער בינ בא זיי...

איז אינ קרעטשמע דאָ אנ אלקער,
אינ דעמ אלקער זיצנ מיר,
איינע נייט מייַנ זייַדנ העמדל,
פלעכט די צווייטע מיר א שנור...

גייענ מיר אריַינ אינ וועלדל
אונ מיר זעצנ זיכ אוועק,
גראָז מיט בלומענ — וווּ דו קערסט זיכ,
אונ א הימל אָנ א ברעג.

ווענט פונ צווייַגנ אונ פונ שאָטנס
אויסגעפלאָכטנ א געצעלט,
ווייַסער לאנדיש, ווי מאלאָכימ,
בא די זייַטנ אויסגעשטעלט.


55—12

ביימער שיטן ווײַסע בלעטלעך
אף די יונגע, שיינע קעפ,
און מיט יוגנט און מיט ליבע
פינקלען אויגן, ווינקען צעפ.

און די אויגן צו מיר שמייכלען,
רײַס איך בלומען אָן א פּאַק,
פאר א שמייכל—א בינט בלומען,
פאר א לאַך — א קוש אין באַק...

פאר א וואָרט — איןביידע אויגן,
אין די ליפּן — פאר א זינג...
און די שיינע מיידלעך זינגען,
און עס עטעמט זיך מיר גרינג...

ווי גאנאָווים, זילבער-שטראַלן
בלאָנדזשען שטיל ארום אין וואלד,
און זיי העפטן אף די שאָטנס
זילבער-קווייטן און פון גאָלד.

זילבער-קווייטן, קעפ געגילטע,
ליפּן, אויגן פול מיט כיין,
פרישע בלומען, יונגע בריסטן —
און דאָס געהער נאָר מיר אליין!..

## צווישן שיינע פאלמען-ביימער

(פראגמענט)

צווישן שיינע פאלמען-ביימער
ציט זיך, ווי א שלאנג, א וועג.
דאָרטן האָט אמאָל מײַן זיידע
אויסגעשפּילט א גרויס געשלעג.

בא דעם וועג דאָרט שטייט א שטיבל
אין א טיפן גרינעם טאָל.
דאָרטן וווינט דאָס שיינע מיידל,
וואָס איך האָב געליבט אמאָל...

הײַנט נאָר זע איך זי אין חלום,
ווידער שיין און ווידער יונג,
און איך זע ווי אירע ליפּן
קושן מײַן געשענקטן רונג...

כ'וויל אמאָל אָן דיר פארגעסן
און איך גיי אוועק אין וואלד,
וואקסט דאָרט אָבער ווייַסער לאנדיש,
וואָס דערמאָנט מיר אָן דיר באלד...

לויף איך ווייַטער צווישן קאָרן,
כ'וויל דייַן בילד פאר מיר ניט זען —
וואקסן מאקעווקעס דאָרט רויטע,
וואָס דערמאָנען מיר דייַן ביין...

כ'וויל אמאָל אָן דיר פארגעסן,
כ'וויל שוין זיצן גאָר באם טייַך,
וואקסן דאָרטן ליליען ווייַסע,
ליליען שטאָלצע צו דיר גלייַך...

כ'וויל שוין קוקן גאָר צום הימל,
דאָרט וועל איך דיר שוין ניט זען,
איז ער אָבער בלוי און לויטער,
ווי די אויגן דייַנע שיין!..

פון מײַן שטעטל אַף די פעלדער
בין איך פרי ארויסגעגאנגען,
אָפּגעוואשן, אָפּגעצוואָגן
שטײען אויסגעשטעלט די זאנגען.

אויסגעשטעלט מיט דינע שפּיצן
גאנצע מאכנעס, ווי סאָלדאטן,
און מיט טוי — מיט זילבער-ארבעס —
האָט דער הימל זײ באַשאָטן.

כ׳גײ. עס פליסט א ווארעם לופטל,
לויפן כוואליעס, כוואליעס זאנגען,
און מיר לויפן נאָך פון שטעטל
מענטשן־שטימען, קלויסטער-קלאנגען.

און די זון פון בלויען הימל
גיסט איר שײַן אַף אלע זײַטן,
און דאָס טײַכל, ווי מיט זילבער,
בלישטשעט, פינקלט פון דער ווײַטן.

דאָרטן שטייט שוין ברייט א שיפל
און עס וויגט זיך, ווי א וויגל,
מיט צעלאָזטע שטיקער לײַוונט,
ווי מיט גרויסע אָדלער-פליגל.

זײַט געזונט מײַן היים, מײַן ליבסטע,
זײַט געזונט! איך לאָז מיך פאָרן:
איבער טײַכן, איבער יאמען —
זוכן מײַנע יונגע יאָרן...

## הארבסט

ווינטן בלאָזן, וואָלקנס לויפן,
בלעטער טראָגן זיך און פאלן,
טיף אין הארצן וואקסט א טרויער
און דער הימל עפנט קוואלן.

טראָפּן, טראָפּן אין די פענצטער
און פון ווינקל סווישטשען גרילן,
און דער טרויער פון די אויגן
קוקט ארויסעט, ווי דורך ברילן.

הארבסט אין דרויסן, הארבסט אין הארצן
און אין קאָפּ געדאנקען טריבע,
אוי, עס בענקט זיך, אוי, עס בענקט זיך
נאָך דעם זומער און נאָך ליבע...

עס לויפן די כוואליעס, ווי בערן,
די וואָלקן זיך שפּיגלען אין זיי,
זיי לויפן צום ברעג און זיי ווערן
צעשלאָגן, צערונען, ווי שניי...

עס לויפן די כוואליעס אין הארצן
א טרויער זיך שפּיגלט אין זיי,
און יאָרן, געוויקלט אין שווארצן,
גיך לויפן. אן ענדע! איך גיי!

## III. פֿאָלקלאָר־מאָטיוון

אפֿן בוידעם שלאָפֿט דער דאַך,
צוגעדעקט מיט שינדעלעך,
און מײַן קינד אין וויגל שלאָפֿט,
נאַקעט, גאָר אָן ווינדעלעך...
האָפּ, האָפּ — אָט אַזוי
עסט די ציג פֿון דאַך די שטרוי...

אפֿן בוידעם הענגט אַ וויג,
וויגט זיך דאָרט אַ שפּין אין איר,
נעמט ער מײַן כאַיונע צו
און דעם דאַלעס לאָזט ער מיר...
האָפּ, האָפּ — אָט אַזוי
עסט די ציג פֿון דאַך די שטרוי...

אפֿן בוידעם זיצט אַ האָן,
איז זײַן קאַם גאָר פֿײַער־רויט...
ווען מײַן ווײַב וואָלט װעלן גיין
ערגעץ באָרגן אַ לאַבן ברויט...
האָפּ, האָפּ — אָט אַזוי
עסט די ציג פֿון דאַך די שטרוי...

אין אָדעס בין איך געווען,
פיל כּידושים דאָרט געזען:
פון די ווענט דאָרט וואסער גיסט זיך
און מע דארף צום טײַך ניט גיין...
...דראָטן טויזנטער, ווי דראטחעס —
טעלעפאָן און טעלעגראַף;
שטיינער, פּליטקעס, ווי פּאָדעשוועס,
אף דער ערד מעכײַע שטײַף...
שטיבער גרויסע אין פיר גאָרן,
קליינע קעלערלעך א סאך;
אויבן ווינט א פאן קארטאָפל,
אונטן — יודקע שטיוולמאכ...

קלאפּ-זשע, העמערל מײַנס, שלאָג
א פלעקל נאָך א פלעקל גיך,
זאָג זשע, העמערל מײַנס, זאָג,
אז א שוסטער גייט אָן שיך...

ליכט, ווי שטערן, ברענען אויבן
און מע מאכט זיך דאָרט קוראזש,
פּיאָטער מיט זײַן פאניע יענטע
פאָרן צו אין עקיפּאזש...
„באָרעך האבאָ, ווי אָפּאָזדאלי,
„לאָקשן-טאָפּ אז נאס אוזש יעסט..."
זאָגט די פרײַלן עמא-כאנצע
צו די ליבע, רײַכע געסט...
און בא יודקען, ווי א מיזמער,

לויפֿן צוועקלעך אין פּאָדבאָר,
און זײַן ווײַב און קינדער זינגען:
„עסן! עסן" — ווי א כאָר...

קלאפּ-זשע, העמערל מײַנס, שלאָג
א פלעקל נאָך א פלעקל גיך,
זאָג זשע, העמערל מײַנס, זאָג,
אז א שוסטער גייט אָן שיך...



לעבעדיק און פריילעך,
אַנגענעם און זיס,
די אַרבעט גייט פּאַמעלעך,
גייט נאָר ווי צופוס.

פריילעך בין איך טאָמער,
פריילעך וועל איך זײַן.
לויף זשע גיכער, פּלעקל,
אין פּאָדעשווע אַרײַן.

לויף זשע גיכער, פּלעקל,
איינס און צוויי און דרײַ,
פאַרטיק ווערט דער שטיוול
און איך בין מיר פרײַ.

לעכלעך אויסגעשטאָכן,
פּלעקלעך, קומט צום סמיק!
נאָר ניט ווערט צעבראָכן,
נו, מײַן האַמער, פּיק!

נו, מײַן גוטער ברודער,
קלאַפּ זשע גיך און גרינג,
ווי עס קלאַפּט דאָס הערצל
בײַ אַ שוסטער-יונג.

עך, ווו זײַט איר, יאָרן,
גיך פאַרפלויגן ווײַט?
גיכער, האַמער, קלאַפּ-זשע!
ס'איז ניטאָ קיין צײַט.

איך האָב א גאָלדן רינגעלע
געיארשנט פון מײַן מאמען,
אפ דעם האָב מיט א מעסערל
מיר אויסגעקריצט מײַן נאָמען.

באקום איך ליב א יונגערמאַן...
אוי, פלעגט מײַן הארץ מיר קלעמען!..
אוי, ווען ער האָט מיר הייס געקושט,
פאר אים פלעג איך זיך שעמען.

און פלעגן מיר שפּאצירן גיין
אוי, פלעגט מײַן הארץ זיך שלאָגן...
„איך ליב דיך, טײַער מיידעלע" —
אזוי פלעגט ער מיר זאָגן.

ער פלעגט אָנרײַסן בלימעלעך
און מיר זיי אונטערטראָגן.
„אָ פריש זײַ, טײַער מיידעלע,
ווי זיי" — פלעגט ער מיר זאָגן.

און ווען ער פלעגט, מײַן טײַערער,
מיר קוקן אין די אויגן,
אוי, פלעגט מיר ווערן ווארעם, זיס —
צו אים האָט מיך געצויגן.

איך האָב מײַן גאָלדן רינגעלע
מײַן טײַערן געגעבן.
דערבײַ ער האָט געשוואָרן מיר —
מיך אייביק וועט ער ליבן.

און פּלוצעם פאָרט ער גאָר אוועק,
אליינס בינ איכ געבליבנ.
— „איכ שיק דיר אָפּ דײַנ רינגעלע" —
מער האָט ער ניט געשריבנ.

איכ קוק אפ דיר, מײַנ רינגעלע,
מײַנ האָפענונג — צעשלאָגנ.
ווי איכ זשע, ווער צעבראָכנ באלד, —
איכ וויל דיכ מער ניט טראָגנ!..

כ׳פלעכט פון זײַד א שנירעלע,
בא מײַן פענצטער שטייענדיק.
קומט צו שטיל א מיידעלע,
ווי די זון אופגייענדיק.

„שענק מיר אָט דאָס שנירעלע!״ —
בעט זי בא מיר שעמעדיק,
גיב איך איר דאָס שנירעלע.
דאנקט זי מיר דאָס נעמענדיק.

זי פלעכט עס אין די צעפּ אַרײַן,
לאכנדיק און שפּרינגענדיק,
לויפט אוועק א פריילעכע,
טאנצנדיק און זינגענדיק.

אָן דעם זײַדן שנירעלע,
בא דעם פענצטער שטייענדיק,
ציט דאָס הארץ צום מיידעלע,
ציט דאָס הארץ צעגייענדיק...

איך זאָל זײַן דאָס שנירעלע
אין די צעפּ די שיינינקע,
אוי, וואָלט איך ארומגעכאפּט
איר קעפּעלע דאָס קליינינקע!

דאָס שוועלבל קומט אין אפּרעל,
דער סאָלאָוויי — אין מײַ.
ווען זשע וועט מײַן ליבסטע קומען?
מײַן יוגנט גייט פאַרבײַ!

די פייגל בויען נעסטן,
דער שפּין וועבט זײַן געוועב —
איך נאָר איינע אָן מײַן ליבסטן
ווייס ניט צו וואָס איך לעב...

א וואָלקנדל אין הימל
האָט די זון פאַרשטעלט;
כ׳האָב מײַן האָפענונג אָנגעוואָרן —
כ׳האָב פאַרשפּילט מײַן וועלט!..

# IV. פּרוּוון אוּן אָנהייבן

## זומער-לידער

1

אין א דאָרף א שטילן
שטייט א שטרוי-געצעלט,
ווינט זיך דאָרט א מיידל,
איינע אף דער וועלט.

אויגן האָט זי בלויע,
בעקלעך — רויזן צוויי,
און א האלדז — צום קושן,
ציינדעלעך, ווי שניי.

איינזאם איז דאָס מיידל,
זיצט זי שטיל באם טיש
מיט דער ווערעטענע,
ווי א בלימל פריש.

זינגט זי שטיל א לידל,
לאָזט דערביי א טרער...
עך, דו, אָרעם מיידל,
ביסט ניט עלנט מער!

איך, דער שיינער באָכער,
שטיי דאָ בא דער טיר...

װאַרט אװעק דאָס שפּינען,
קום אַרױס צו מיר!

קום! איך דאַרף, איך דרױסן
פֿרײלעך איז אַצינד:
פֿאַרלעך שפּילן, טאַנצן,
קום צו זײ, מײַן קינד!

קום! די זון פֿאַרענדיקט
באַלד איר װײַטן גאַנג,
טראָגט זיך אײַנדערלופֿטן
שטילעס נאַכט־געזאַנג.

טוי הײבט אָן צו פֿאַלן,
שמעקט מיט פֿרישן הײ,
גיט אַ װוּנק אַ שטערן,
קומען נאָך צו צװײ...

2

די זון איז שױן אַנטרונען,
עפֿנט זיך אַ טיר,
און אַ זון אַ צװײטע
קומט אַרױס צו מיר.

הײ, איר, כעװרע טענצער,
מאַכט אַ װאָרע ברײט!
קלעזמער שפּילט אַ פֿרײלעכס,
כאָסן־קאַלע גײט!

רימפּלט שטאַרק די פֿידל
און דער פּײַקל רופֿט,
פֿאַרטיכער מיט גאַרטלען
פֿלעכטן זיך אין לופֿט...

הײַ, נו, גיכער, שטאַרקער,
װאַסקע, פֿיר דעם סמיק!
פּיס מיט קנעכל קלאַפּן
טאַקטן דער מוזיק...

הענט מיט הענט געשלאָסן,
קעפּלעך אַף אַ זײַט,
שעלמישער געלעכטער
הילעכט ברייט און װײַט...

שאַ! דאָס לאַכט מײַן מיידל,
פֿריילעך איז איר בליק.
װער-זשע קאָן זיך גלײַכן
איצטער צו מײַן גליק?

# זומער־לעב פארנאכט

(קינדער־ליד)

1

גייען מיר שפאצירן
צווישן בארג און טאָל,
וווּ עס פלייצט א טײַכל,
קלאָרער פון קרישטאָל.

אָ, אין פעלד א כּיעס,
נאָר געזונטערהייט!
טרײַ־טא, טרײַ־טא, טרײַ־טא!
זעט, די זון פארגייט!

ברענט דער וואלד פון ווײַטן,
רויטלט זיך דער טײַך,
אונדזער בלויער הימל
איז מיט גינגאָלד רײַך.

בלישטשען גאָלדנע זאנגען,
בלישטשעט רויטער מאק.
ערגעץ קוואקען זשאבעס:
„קווי־קווי, קווי־קווי, קוואק!"

פייגעלעך־אין טשאטעס
פליִען היין צוריק —
זוכן, פאָרשן, זינגען:
„טשיק, טשיריק. טשיריק!"

הערט איר, ווי דער פאסטעך
אפ זיַין פיַיפל שפילט?
זעט, דער וואלד אין שאָטנס
ווערט שוין איַינגעהילט!

אוי, מיר דאכט זיך, כעוורע,
ס'ברומט דאָרט עמעץ ווער...
שאט, ניט שרעקט זיך, קינדער,
ס'קומט פון וואלד א בער!..

ווער דעם בער וועט כאפן
בא זיַין קורצן עק
דער באקומט צוקערקעס,
ניס צוויי גאנצע זעק.

אוי, איר האָט גאָר מוירע,
שקאָצים וואָס איר זענט!
קוקט זיך צו: דער בער איז
גאָר א מענטש מיט הענט...

2

גו, געשווינדער, קינדער,
אין איין אויגנבליק,
שטעלט זיך אויס אין פאָרלעך
און אהיים צוריק!

מארש! געשפאנט מיט פיסלעך,
איינ און צוויי און דריַי!

מוישע גערשנס, פויק נאָר:
טרײַ־טא, טרײַ־טא, טרײַ!

זומער־טאָג פארגאנגען
אין זײַן פולער פראכט;
אוי, א כּעס, קינדער,
זומער־לעב פארנאכט!..

# בער דעם רויפעס

(פראגמענט)

1

ס'איז געווען אינמיטן זומער,
ווען די היצן ברענען, בראָטן,
ווען דער כאזער ליגט אין בלאָטע
און דער נאָגיד ליגט אין שאָטן.

צווישן ביימער אין זײַן גאָרטן
ליגט ער שווער און קוקט צום הימל.
פויל פון הייסקײַט, מיד פון זאטקײַט,
זינקט ער אײַן אין זיסן דרימל.

ווען דער פויער שארפט זײַן קאָסע
און דאָס פעלד איז דאָרשטיק-טרוקן,
און די שניטערס מיט די סערפּן
נעמען זיך צו זאנגען בוקן.

ווען די שאָף פארשמאכט, אָן קויכעס,
ליגן מידע בא די טײַכלעך —
עסן ווילט זיך ניט פון פוילקײַט,
און זיי פאָכן מיט די בײַכלעך.

ס'איז געווען א הייסער זומער,
ווען סע קומען פאַר פיל סרייפעס,
און דער טײַך איז אויסגעטריקנט,
און מע שרעקט זיך פאר מאגייפעס.

2

דעמלט האָט זיך בער דעם רופעס
אײַנגעפאקט זײַן גאנצן פארמעגן.
וואָס פארמאָגט ער? — ווילט איר פרעגן.
ניט געכאפט, האָט צײַט א ביסל.
נאט, זײַט מוחל, אײַך דעם שליסל
פון זײַן רענצל — עפנט אויף עס...

שוין? אָט זעט איר: צוויי-דרײַ העמדער,
צוויי מאנישקעס, איין קראוואטל
און א שאבעסדיק כאלאטל,
אויך דעם טאלעס-זאק און טפילין,
וואָס ס'איז שלעכט, ווען דאָס וועט פעלן
דאָרטן, ווו ער איז א פרעמדער.

און אָט נאָך א קליינער פעקל:
דאָס איז קיכלעך, פריש-געבאקן —
הערט א רייעך, א געשמאקן!
„פאר דעם קייסער — טויג געווירן!״ —
האָט זײַן ווײַבל זיך געשווירן,
זיי פארבינדנדיק אין זעקל...

א, וואָס נאָך? עט, קלייניקײַטן:
קנאָבל און כאלאָשעס-טראָפן,
און א צענדליק האָניק-קראָפן,
און א באנד צו ביידע זײַטן,
צוויי פאָר שקארפעטקעס צום בײַטן
און א לײַבסערדאק א ברייטן...

אָנגעקוקט? איר זײַט צופרידן?
וווהין ער פֿאָרט? — נאָר ווילט איר וויסן.
וואַרט, זײַן רענצל לאָזט פֿאַרשליסן,
זאָל ער אונדז באַם האַנט ניט כאַפּן.
גלוסט איר פֿרעמדעס אויסצוטאַפּן —
האָט זשע סייכל, ליבע ייִדן.

3

בער דעם רויפֿעס, ווי איר זעט אים:
מיט די גוטע, בלויע אויגן,
דאַר — אַ באָקסער, אויסגעצויגן —
האָט אַ פֿרוי מיט זיבן קינדער,
כאָטש ניט אַלט איז ער — אַ וווּנדער! —
ס'פּיר און דרײַסיקסטע ערשט גייט אים...

בעהל גייט, דאָס ווײַב און קינדער
אים באַגלייטן ביז צום וואָגן,
און זיי בעטן אים און זאָגן:
„ניט אַף לאַנג זאָלסטו דאָרטן בלײַבן,
און פֿאַרגעס ניט בריוולעך שרײַבן,
גריס דאָרט יעדערן באַזונדער“!..

בערל פֿאָרט פֿאַרנאָסע זוכן
און דעם וועג קיין ווין גענומען,
און פֿון דאָרטן „וויאָ“ קיין ברעמען!...
— „אַף דער שיף אַרום און — פּאָטער! —
הער איך יעדן ווי דעם קאָטער!..
כ'וועל אַמעריקע אָפּזוכן!..“

אַזוי קלערט זיך בערל מײַנער,
ווען ער פֿאָרט נאָך אַף דעם וואָגן
מיט די ביינער שטאַרק צעשלאָגן...

. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .

# דער בריוו

(פראגמענטן)

1

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע מיט יאפאן און מע האָט אָנגעהויבן נעמען „זאפאסנע" סאָלדאטן, איז יאָסל געווען איינער פון די ערשטע, וואָס זײַנען אוועק אפ דער מילכאָמע. און אָט איז שוין צריבער א יאָר, א שווער, ביטער יאָר פאר מאָטלען מיט ביילען, זינט זייער יאָסל איז אפ מילכאָמע אוועק. אין דעם יאָר איז מאָטל, דער גויִישער שנײַדער, נאָך מער אײַנגעבויגן געוואָרן און האָט באַקומען רויטע, שלאפע אויגן פון ניט דערשלאָפן. ביילע האָט זיך פון וויינען און קרעכצן ארײַנגעלייגט אין בעט און מאָטל מוז אלץ אליין טאָן. ער שטייט אויף גאנץ פרי, לויפט צו „פאנטעלייעכן" נאָך מילך: אין דאָרף קאָסט מילך פינף גראָשן א קוואָרט — פארגינט זיך מאָטל צו נעמען אלע פרימאָרגן א האלבע קוואָרט פון ביילעס וועגן. און ביילע באוויינט די מילך איידער זי טרינקט זי...

— וואָס טויג מיר — זאָגט זי — די מילך? פולעוון דארף איך זיך? ווי און וויסט איז מיר, אז דאָס קינד איז אפ דער מילכאָמע און איך הער ניט, ווייס ניט; זאָל איך זיך נאָך פולעווען?

נאָר מאָטל בעט זי. רעדט זי אײַן און זי טרינקט. ער בריט אָפּ די מילך. און דערלאנגט איר אין בעט ארײַן.

פארן דאוונען ארבעט ער א ביסל. און ווען ער דאוונט אָפּ, שיילט ער אָפּ עטלעכע קארטאָפל, צעלייגט א פייער און שטעלט צו קאָכן זופּ פון קארטאָפל מיט גרויפּן. ווען עס ווערט פארטיק דער זופּ, טראָגט מאָטל צוביילען א לעפל זופּ צו פארזוכן.

קאָכן קאָן מאָטל. אפילו א יויך, זאָגט ער, קאָן ער אָפּקאָכן, ווייל ער איז אופגעוואָקסן אָן עלטערן. א יאָסעם, זאָגט ער, מוז אלץ קאָנען. ווען ער איז נאָך געווען א לערן-יינגל באַם אלטן לייבצע, בא וועלכן ער האָט געארבעט, ביז ער איז געוואָרן שניידער פאר זיך, פלעגט אים ליבע לייבצעס, די אלטע לייבצעכע, לטרנען ברויט פארקנעטן, אויס-שקראָבען די דייזשע. האָלץ אריינטראָגן צום אויוון און נאָך אזעלכע זאכן. פרייטיק פלעגט ער אויסוועלגערן א בלעטל לאָקשן „אויסגע-צייכנט", ווי ליבע פלעגט זאָגן; דערלאנגענע צום אויוון די כאלע, פאר-שמירן דאָס טשאָלנט-ברעטל און איינדעקן די ציקאָריע אפן אויוון איז שטענדיק געווען זיין ארבעט.

באנאכט קאָן מאָטל ניט שלאָפן, ווייל ביילע רעדט זייער אָפט פון שלאָף אזעלכע ניט פארשטענדיקע ווערטער מיט א וויינענדיק קאָל, אז מאָטל דערשרעקט זיך און הייבט זי אָן צו וועקן. זי כאַפּט זיך אוף מיט טרערן אין די אויגן און דערציילט מאָטלען, וואָס איר האָט זיך געכאָלעמט.

— שפּיי אויס דריי מאָל! — טרייסט ער זי — דו, נארעלע דו, וואָס איז א כאָלעם? טפו! א כאָלעם האָט קיין שטאָך ארבעט ניט די ווער-דע... נארישקייט. זאָלסט ניט זיין קיין נארישע יידענע, הערסטו, מאמע, וואָלסטו בעסער, זאָג איך, בעגלייבט, אז דער, וואָס איך האָב די הענט ניט געוואשן, וועט נאָך ברענגען אונדזער יאָסלען א געזונטן בעשאָלעם אהיים. זיי נאָר מיר געזונט, דו, מאמע מיינע, וועסטו זען. נו, שא שוין דו! אָט זע, איך בין טאקע קליגער פון דיר...

— ביסט קליגער... אוודע ביסטו קליגער, אז דו ביסט ניט קיין מאמע... — זאָגט ביילע כליפּענדיק.

— און אז איך בין דער טאטע? אוי, נארעלע, נארעלע! — זאָגט מאָטל און א זיפץ גאנוועט זיך ארויס בא אים פון הארצן.

אין דער גאנצער צייט, זינט זייער יאָסל איז אפּ דער מילכאָמע, האָבן זיי פון אים דריי בריוו דערהאלטן. די בריוו האלט ביילע אונטער דער קישן צוקאָפּנס. אָפט נעמט זי זיי ארויס און קוקט אף זיי. לייענען

קאָן זי ניט. זי באַקוקט זיי פֿון אַלע זײַטן, צעשמעקט זיי, לייגט זיי צו־נויף פּאַמעלעך צוריק, שפּיגלט זיך אין זיי, באַזיפֿצט זיי און באַקרעכצט זיי און לייגט זיי אַוועק צוריק אונטערן קישן.

און אַז כײַקע, יאָסלס קאַלע, קומט צו ביילען געוואָר ווערן, בעט זי ביילע:

— כײַקעניו, מאַמעניו, נעם, טאָכטערקע, לייען מיר איבער די בריוו...

— נאָך אַ מאָל?.. — פֿרעגט כײַקע.

— וואָס קאָן עס דיך אַרן? נעם, נעשאָמע, איך בעט דיך.

— אָבער צו וואָס? וויפֿל מאָל האָב איך זיי שוין געלייענט?...

— צו וואָס? אוי, קינדעניו, קינדעניו... — זאָגט ביילע און צע־וויינט זיך.

כײַקע לייענט נאָכאַמאָל אַלע דרײַ בריוו...

2

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

גאַנץ פֿרי, די זון גייט אויף און דער הימל איז באַגאָסן מיט גאָלד, די גראָז — מיט פֿרישן טוי און גלאַנצן, ווי באַשאָטענע מיט פּערל. די לופֿט איז גרינג, ווייך, עטוואָס קיל און וויגט, ווי אַ צערטלעכע מוטער איר שיין געראָטן קינד, דאָס שיינע געראָטענע פֿעלד.

די יונגע נאָך גרינע זאַנגען שטייען אין געדיכטע שורעס און צווישן זיי קוקן אַרויס רויטע בעכערלעך מאַק, אָנגעגאָסענע מיט הימל־טוי. עס שימערן קליינע הענטעלעך מיט גרינע מענטעלעך — וואַסילקעס און ווײַסע מיט געלע, שוואַרצע הערעלעך — ראָמאַשקעס שטייען נאָך ווי פֿאַרשלאָפֿענע, אַראָפּגעלאָזט די קעפּלעך. די הערעלעך זײַנען צע־באָרשטענע, שפּיצעכדיק אויפֿגעשטעלט. שלאָפֿן ווילן נאָך די זאַנגען, ס'איז נאָך פֿרי... נאָר די פֿייגעלעך זינגען שוין און לאָזן ניט שלאָפֿן.

און די זון קומט פֿריילעך און קיצלט מיט אירע שטראַלן דאָס ברייטע, שיינע פֿעלד...

דאָס פֿעלד שמייכלט, ווי אַ זאַט, געזונט קינד, ווען עס כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף... די פֿייגעלעך זינגען פֿריילעך, די לופֿט, די מאַמע, צעשפּילט זיך מיט די יונגע זאַנגען, קושט זיי אין די קעפּלעך, גלעט

זיי איבער די פולע בײַכלעך, שטיפט מיט זיי, און פון דעם שלאָפנדיקן פעלד ווערט א יאַם און ס'לויפן כוואַליעס...

און די פליגן בא מאָטלען אין קליינעם שטיבל שלאָפן שוין אויך ניט. פול איז מיט זיי דאָס שטיבל. זיי פליִען אום און זשומען און עס דאכט זיך עס זידט ערגעץ א קעסל וואסער. עס איז הייס, דושנע, אז ס'פארכאפט אזש דעם אָטעם. די סטעליע איז נידעריק, באזעצט מיט פליגן. פון איין וואנט צו דער צווייטער איז איבערגעצויגן א שטריק, אף וועלכן ס'הענגען עטלעכע גוויִשע, גראָבע בורקעס, פון וועלכע עס שמעקט, ווי פון צעפארעטן פלאקס און עס פילט זיך פון זיי עפּעס א מין היץ, ווי עס וואָלט דאָ געווען א קליינשטעטלדיק בעדל...

— שלאָפסט,ביילע? — פרעגט מאָטל, צוגייענדיק צו ביילעס געלעגער.

ביילע שווײַגט. דאָס מויל האלט זי אָפן און אָטעמט שווער.

מאָטל גיסט זיך אָפ די נעגל און נעמט זיך צו דער ארבעט דערווײַל, ביז ביילע וועט זיך אופכאפּן. אלע ווײַלע גיט ער א קוק אף איר און זיפצט אָפּ...

ער זעצט זיך אנידער בא א שמאָל טישל, ציט אראָפּ פון שטריק עפּעס א גראָב שטיק געוואנט, באקוקט עס פון אלע זײַטן, געפינט דעם אָרט, וווּ די נאָדל שטעקט. מיט ביידע הענט ווישט ער זיך אויס גוט די אויגן. נאָכדעם נעמט ער איין זײַט געוואנט און פארלייגט אונטער זיך; די אנדערע זײַט ציט ער אויס; ער גיט א וויש מיט צוויי פינגער איבער זײַנע ליפּן, גיט א רײַב מיט דער שפּיץ-נאָדל די האָר אפן קאָפּ און בייט...

נאָר באלד לייגט ער אוועק די ארבעט: דרייט זיך ארום, ווי ער וואָלט עפּעס זוכן, וואָס — ווייס ער אליין ניט. ער גייט ארויס אין דרויסן און באלד קומט ער צוריק ארײַן. דער ראבער קאָטער „וואסקע" ליגט שוין צעלייגט אפן פענצטערל, דורך וועלכן עס ציט זיך ארײַן אין שטיבל א מאטעווער פאס פון דער זון, ער ליגט מיטן בויך ארויף. דעם קאָפּ א ביסל אונטערגעהויבן און כאפּט פליגן. מאָטל גייט צו צום פענצטער, גיט מיט דער האנט א פאטש „וואסקען" איבערן בויך, זאָגנדיק דערבײַ:

„אראָפּ, אין דער ערד, דו קאָלבויניק, דו!"... און גייט אוועק, גלײַך ווי ער וואָלט עפּעס א נייטיקע ארבעט אָפּגעטאָן.

ביילע האָט א קרעכץ געטאָן.

— שלאָפסט שוין ניט, מאמע?.. — פרעגט מאָטל.

— ביסט נאָך ניט געגאנגען — מאָטיע? — ענטפערט ביילע און גיט ווידער א קרעכץ.

— ניין, אָט גיי איך שוין, וואָס זאָל איך דיר עפּעס געבן? וועסט נעמען א ביסל מילך אין מויל אריין, א, מאמע?

— כ׳וויל ניט. גיי פריער, וועסט קומען...

— גיי שוין, גיי, נארעלע. ביז איך וועל קומען, וועסטו הונגעריק ווערן, ווער וועט דיר דערלאנגען?...

— הערסט, מאָטל, הערסט? עפּעס האָב איך מוירע, זאָלסט היינט גיין אין שטאָט אריין...

— עט, דו ביסט א ייִדענע. וואָס פאר א מוירע?

— וואָס זאָגסטו, וואָס? האָסט ניט געהערט, וואָס איוואן האָט נעכטן געזאָגט?

— וואָס האָט ער געזאָגט, וואָס?

— וואָס, פרעגסטו?

— ווייס איך, נו... נא דיר א שטאָך ארבעט פאר זיינע רייד... ס׳וועט גאָרניט זיין...

— האלעוויי, זיסער פאָטער! — זאָגט ביילע מיט א זיפץ און פארגלאָצט די אויגן ארום — האלעוויי זאָל פון זיינע רייד ווערן א טייך!..

— עט, נארישקייטן, געפונען זיך פון וואָס צו מאכן. ער איז געווען שיקער — האָט ער געזאָגט. קענסט ניט איוואנען? דאָס ערשטע מאָל זאָגט ער? און פונדעסטוועגן הערסטו דאָך, ווי עס איז שטיל.

— הערסט? א ווייטעק איז מיר א גרויסער — זאָגט ביילע — אפשר דאָרף קאָנסטו וויסן, וואָס דאָרט טוט זיך... אז אָך און ווי איז די יאָרן מיינע סאָנים, דער איינונציקער בעניאָכעד איז דאָרט ערגעץ אין עק וועלט, אפּ דער מילכאָמע, הערסט ניט און ווייסט ניט... און דאָ האָט מוירע א פאָנעם ארויסצוּווייזן... צוגיין פרעגן אפּ א בריוול, צאָרעס מיינע גרויסע... ס׳איז שוין עפּעס עק וועלט „אין רחום בדין״ — וואָס וועט זיין, וואָס וועט זיין?... ס׳קומט אויס... כ׳ווייס... נעם לייג זיך אנידער, צי זיך אויס און שטארב, מיינע סאָנים... א קלאָג איז צו מיר א גרויסער...

— האָ, האָ, אָפּגעשטעפּט... מאַ שמעכאָ? וואָס נאָך וועסטו עפּעס זאָגן? אַ ייִדענע מאַכט זיך אַליין אַ מוירע. פֿון וואָס? איוואַן האָט גע-זאָגט: „זאַווטראַ נאַשי זשידיוו בודוט ריזאַטי"... הערסטו? און פּאָליציי איז שוין גאָר ניטאָ באַ דיר, אַ יאָ?... ווייניק סאָלדאַטן איז דאָ אין שטאָט? וואָס? איוואַן האָט געזאָגט... וואַרט, וועסטו זען, ווי איוואַן וועט דיר נאָך היינט ברענגען אַ מאַטאָנע, ער דאַרף אַ נייע סוויטע... איוואַן האָט געזאָגט... כע, כע, ער ווייסט, ווער ס'האָט אים פֿאַרסטריגעוועט... ווייס איך — גאָרניט... נאַ, נעם בעסער עפּעס אין מויל אַריין, און איך וועל אַ לויף טאָן צו כײַקעלען, עפּשער איז דאָ אַ בריוול, באַלד קום איך צוריק. טאָמער קומט פּאַנטעליי נאָך דער סוויטע, הערסט, מאַמע, זאָג אים, אַז אַפֿ דער נאַכט וועט זי זײַן פֿאַרטיק. אַ צענדליק אייער וועט ער ברענגען. נעכטן האָט ער מיר צוגעזאָגט צען אייער אַ מאַטאָ-נע. נאַ... אָט שטייט די מילך נעבן דיר. נעם זשע דיר עפּעס אין מויל אַרײַן, באַלד קום איך צוריק מיט אַ בריוועלע, אָט וועסטו זען...

און מיט האָפֿענונג אַפֿ אַ בריוועלע איז מאָטל אַרויס פֿון שטיבל.

3

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאָטלס שטיבל, פֿאַר וועלכן ער צאָלט צוואַנציק רובל אַ יאָר אין וואָלאָסט און דערצו זייער אָפֿט אַ מאַטאָנע דעם אוריאַדניק, שטייט אין עק דאָרף, וווּ דאָס ברייטע פֿעלד ליגט צעלייגט, ווי אַ שיין-אויסגעהעפֿ-טער קאָוויאָר מיט אַלערליי קווייטעלעך באַזעצט.

ערטערווײַז זעען זיך אַפֿ דעם פֿעלד געלע, גרינע, רויטע און שוואַרצע פּירעקיקע, לאַנגלעכע פּאַסן. אינמיטן פֿעלד ציט זיך דער שליאַך, וועלכער פֿירט אין שטאָט אַרײַן. אַפֿ דעם שליאַך גייט מאָטל אײַנגעבויגן דעם קאָפּ און רעדט עפּעס שטיל, ווי ער וואָלט זיך קלאָגן פֿאַרן פֿעלד...

— זי' זאָגט, אַז איך בין אַ טאַטע — שעפּטשעט ער — מם... ריבוי-נעשעלוילעם... — ער הייבט אויף די אויגן צום הימל — דו ווייסט, — זאָגט ער, אַ קנייטש געבנדיק דעם שטערן מיט דער נאָז און עס קוועטשן זיך אַרויס אַ פּאָר טרערן פֿון זײַנע רויטע אויגן — „נו, שאַ,

מאָטל, גיי גוטער ברודער!״ — גיט ער א זאָג, אויסווישנדיק זיך מיט ביידע הענט די אויגן.

— „ער איז גערעכט און שא! ניט געוויינט, פֿע!... א ייִדענע וויינט. אז „ער״ וועט וועלן, וועט זײַן רעכט״...

און מאָטלען קומט אפֿן געדאנק, ווי ער מיט ביילען האָבן ארויסבאגלייט יאָסלען, ווען מע האָט אים דאָס ערשטע מאָל פֿאר א סאָלדאט צוגענומען.

— אָט מיט דעם אייגענעם וועג זײַנען זיי געגאנגען. דעמלט איז ווינטער געווען, א שניי מיט א פֿראָסט. און דערפֿאר זײַנען זיי נאָר ביז דער ווינט-מיל געגאנגען. אָט איז זי די ווינט-מיל.

מאָטל שטעלט זיך אָפּ, קוקט אף איר, ווי ער וואָלט וועלן, אז די מיל זאָל אים אָן נאָך עפּעס דערמאָנען...

ער גייט ווײַטער. אין ביידע זײַטן שליאך אין גראָבן גייען אום, געפֿענטעט די פֿאָדערשטע פֿיס, עטלעכע פֿערדלעך. זיי צופּן דאָס גראָז און ס'הערט זיך כראָמקען פֿון זייערע ציין... וואָראָבייטשיקלעך פֿליִען אום איבער די זאנגען און זינגען, פּישטשען פֿריילעך. אָט גיט איינס א שטעל זיך אף א זאנג; דער זאנג גיט זיך א בייג, א וויג אהין און צוריק און דאָס פֿויגעלע שטייט, ווי עס וואקסט אף דעם זאנג...

און אָט גיט עס א פֿלי, א טראָג זיך אין דער לופֿט מיט א פֿריילעכן טיאָפּ, טיאָפּ, טיאָפּ... ווי עס וואָלט דערציילן פֿון דעם פֿארגעניגן, וואָס עס האָט געהאט פֿון דעם וויגן זיך אף דער זאנג.

און אָט ווײַטער אף א בערגל שטייט א בושל אף איין פֿוס פֿארטראכט און קוקט, ווי ער וואָלט זיך וועלן אָן עפּעס דערמאָנען. עפּשער טראכט ער וועגן זײַן נעסט, וווּ ער האָט געלאָזט די „זי״ זיצן אף אייער?...

די גראָזן שאָקלען זיך און שמעקן. צווישן זיי גרילצט עפּעס און זיי בלישטשען קעגן דער זון ווי גרין-זײַדענע הערעלעך... א ווייך, וואַרעם ווינטל סוידעט זיך מיט די זאנגען און די זאנגען צווישן זיך שושקען זיך שטיל...

און מאָטל גייט זיך בא דער זײַט שליאך אף א געלער, אויסגעטראָטענער סטעזשקע און טראכט פֿון ביילען, ווי זי ליגט נעבעך אליין אין שטוב. זי מוז איצט וויינען — קלערט ער. טאָמער וויינט זי, אז ער גייט ערגעץ אוועק. ער ווייסט עס, ער דערקאָנט עס אף איר

פאָנעמ. אז ער איז אינדערהיימ, וויינט זי ניט פיל, ער לאָזט איר ניט, רעדט איר אויס דאָס האַרצ, כאָטש אימ אליינ גלוסט זיכ דעמלט וויינענ. נאָר זי טאָר ניט זענ, ווי ער גיט אמאָל א וויינ... אונ דערפאַר זאָגט אימ ביילע, אז ער האָט א האַרצ פונ א טאָטער...

אונ מאָטלענ שטעלט זיכ פאָר ביילעס צעקנייטשטע, פאַרוויינטע פּאָנעמ, ווענ זי זאָגט אימ, אז ער האָט א האַרצ פונ א טאָטער. „אזוי אראָפּ" — טראַכט מאָטל — שוינ גאָר אנ אלטע יידענע.. דאַכט זיכ ערשט ניט לאַנג איז זי געווענ יונג אונ שיינ...

אונ מאָטל דערמאָנט זיכ אָנ דער צײַט, ווענ ער איז געווענ נאָכ א כאָסנ פאַר ביילענ. ער האָט דעמלט געאַרבעט באַמ אלטנ לייבצענ. דער אלטער לייבצע איז אויכ געווענ א גויִשער שנײַדער, נאָר גע-ווינט האָט ער אינ שטאָט, אונ ווענ ס'פלעגט זיכ מאַכנ א סאַכ אַרבעט אפנ דאָרפ, פלעגט מאָטל מיט לייבצענ זונטיק גאַנצ פרי אוועקגיינ אינ דאָרפ נייענ אונ פרײַטיק פאַרנאַכט פלעגנ זיי גיינ צוריק אינ שטאָט, אהיימ אפ שאַבעס.

אונ מאָטל דערמאָנט זיכ יענע פרײַטיקנ, ווענ ער פלעגט גיינ מיט לייבצענ פונ דאָרפ אפ דער זעלבער סטעזשקע אונ טראַכטנ פונ ביילענ, ווי זי וועט אימ אַרויסגיינ אנטקעגנ מיט דעמ נײַעמ שאַבעסדיקנ קליידל, מיט א לאַנג, פאַרפלאָכטנ צעפּל אפ דער פלייצע, אינ דעמ ציצענעמ קליידל מיט די שוואַרצע אויגעלעכ, אינ וועלכנ ער האָט זי ליב געהאַט עפּעס בעסער, ווי אז זי איז געגאַנגענ אָנגעטאָנ אינ אנ אנדער קליידל. זי האָט אימ דעמלט אויסגעוויזנ פיל שענער אונ שלאַנקער...

אָט גייט ער זיכ אזוי, טראַכט ער, אונ פונווײַטנ זעט ער שוינ, ווי ביילע גייט פאַמעלעכ אונ דרייט איבערנ קאָפּ מיט דעמ אָפּענעמ שירעמל... דאָס האַרצ הייבט אימ עפּעס אָנ צו קלאַפּנ. ער פילט, ווי די פאַרב קומט אימ אינ פּאָנעמ אַרײַנ אונ ער הייבט אָנ ניט ווילנדיק גיינ גיכער...

— אהא! — גיט דער אלטער לייבצע א מאַכ, באַמערקנדיק, ווי מאָטל האָט פלוצעמ פאַרגרעסערט די טריט.

— נו, גיי שוינ, גיי! דײַנ שירעמל דרייט זיכ שוינ! גיי שוינ, זאָג איר: לייכאָ דוידי ליקראַס קאַלאָ... זעסט אפ איר, זי מאַכט זיכ קלוימערשט, ווי זי זעט דיכ גאָרניט.

און מאָטל גייט גיכער. און ביילע שטייט פונוויַטן און קוקט, קוקט אָפּ אים און שמייכלט עפּעס אַזוי זיס, מעכיַיעדיק, אַז מאָטלען צעגייט זיך עפּעס אַזאַ מין פּיבער איבער די אייוורים, פון וואָס ער ווערט גרינג ווי אַ פייגעלע און גייט לופטיק, און דאָס האַרץ זיַינס ציט זיך, ציט זיך...

— וואָס מאַכסטו גוטס? — פרעגט אים ביילע, ווען ער קומט צו צו איר. און זי פאַרשעמט זיך, די אויגן בלאָנדזשען, די באַקן ווערן רויטלעך...

— וואָס זאָל מען מאַכן?... — ענטפערט מאָטל און ווערט אויך רויטלעך. זיַין האַרץ קלאַפּט, קלאַפּט און ער קאָן ניט ריידן. זיי גייען אין שטאָט אריַין איינס נעבן אַנדערן, שוויַיגנדיק, קוקן ביידע פאַר זיך, ווי פאַרטראַכט, און נאָר זייערע הערצער ריידן צווישן זיך, און זיי אַליין הערן זיך צו. און ס'איז עפּעס אַזוי גוט, מעכיַיעדיק, אַז לאַנג, לאַנג וואָלטן זיי אַזוי שוויַיגנדיק געוואָלט גיין, לאַנג, אייביק...

— דאָברע אוטראָ, מאָטיע! — שלאָגט פּלוצעם איבער אַ קאָל מאָטלען די געדאַנקען.

— דאָברע אוטראָ, דיַי באָזשע זדאָראָוויע! — גיט מאָטל זיך אַ כאַפּ, אופהייבנדיק דעם קאָפּ. דריַי שקאָצים פאָרן ריַיטנדיק אָפּ פערד מיט פאַרשלאָפענע, קויטיקע פּנעמער, די גרויסע היטלען אָנגערוקט איבער די אויגן. די פערד גייען פּאַמעלעך, טריט בא טריט, אויך עפּעס ווי פאַרשלאָזענע און די שקאָצים אָפּ זיי וויגן זיך אַהין-אַהער.

— קודי, מאָטקע, טאַק ראַנאָ? — פרעגט איינער.

— דאָ מיסטאַ, כלאָפּצי, אידעמ דאָ מיסטאַ — ענטפערט מאָטל.

— אוי, מאָטיע, נע כאָדי, זאַביוט... איי, איי... — זאָגט אַ צווייטער און שמייכלט נאַריש.

— כטאָ, כטאָ? זאַ שטאָ?

— אַ טאַם זשידי בונטויוטסיאַ...

— אַ יאַקטאָ?

אַ טאַק. בונטויוטסיאַ, טאַ ווסע...

— כיבע טי נע טשווו, מאָטיע? — גיט איינער אַ פרעג.

— ניע, נע טשווו... נע מאָזשע צע בוטי... ברעשעש... — גיט מאָטל אַ זאָג, אַ מאַך געבנדיק דערביַי מיט דער האַנט און ער גייט זיך וויַיטער זיַין וועג.

נאָר ביסלעכווײַז פֿאַרגאַנגעט זיך צו אים אין האַרצן עפּעס א מוירע:

— עפּשער ?... — טראַכט ער און קוקט פֿונוויַיטנס אַף דער שטאָט מיט שרעק.

און אַנטקעגן קומט די שטאָט אַלץ נעענטער, נעענטער, אָט זעט ער זי, די שפּיצן פֿון די קלויסטערס בלישטשען, פֿינקלען זיך, טוקן זיך אין דער שײַן פֿון דער זון און שטייען מיט גרויסקייט אינדער־הויך, ווי זיי וואָלטן זאָגן:

— מיר שפּאַרן אונטער דעם הימל!

די גרינע דעכער פֿון די הויכע הײַזער גלאַנצן און ווײַזן אויס פֿון־ווײַטנס ווי טײַכלעך...

און מאָטל קוקט אַף דער שטאָט מיט מוירע, מיט א ראַכמאָנעס־פּאָנעם.

טאַמער, ווען ער דערזעט די שטאָט פֿונוויַיטנס, דערמאָנט זיך אים אָן די יאָרן, ווען ער איז נאָך געווען א קליין ייִנגל, און די גוטע יונגע יאָרן, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין דער שטאָט... דאָ האָט ער זיך מיט ביילען באַקאַנט... אַך, וואָס פֿאַר א גוטע, גליקלעכע צײַט!.. און איצט? וואָס דערמאָנט אים די שטאָט, וואָס ער קוקט אַזוי אַף איר מיט שרעק?..

ער וואָלט זיך שוין בעסער געוואָלט אומקערן צוריק. נאָר דער גע־דאַנק, עפּשער איז דאָ א בריוול בא כײַקען, ציט אים אין שטאָט, און ער גייט.

ס'זאָל זײַן א בריוול — וואָלט כײַקע עס געבראַכט... קומט פּלוצעם מאָטלען אַרויף אַף דעם געדאַנק. — א נאַרישקייט וואָס איך בין גע־גאַנגען און געלאָזט ביילען אַליין... און עפּשער — כ'ווייס?.. — טראַכט ער און גייט ווײַטער.

IV

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָט איז שוין מאָטל אין שטאָט. ס'איז שטיל, ווי עס וואָלט הײַנט שאַבעס געווען. די קלייטן זײַנען צוגעמאַכט און נעבן די מויערן שטייען די באַלעבאַטים מיט דערשראָקענע פּענעמער. ערטערווײַז שטייען

רעדלעך מענטשן און מע רעדט שטיל. פּאָליצייסקע שרײַען, טרײַבן, לאָזן ניט שטיין אַפן איין אָרט. אָט גייען עטלעכע סאָלדאַטן מיט ביקסן און יעדערער קוקט זיי נאָך...

מאָטל קוקט אין אַלע זײַטן, ווי אַ זײַטיקער מענטש, וואָס געהערט זיך גאָרניט אָן מיט דער שטאָט. און דאָך פרעגן זײַנע אויגן מיט שרעק: „וואָס איז דאָס?.. וואָס וועט דאָ זײַן?..״

ער קוקט אַף די מענטשן, ווי ער וואָלט עפּעס איבערלייענען אַף זייערע פּנימער, און ער באַגעגנט זיך מיט די אויגן, וואָס פרעגן אויך דערשראָקן:

— וואָס וועט דאָ זײַן?..

און מאָטלען קומט אַפן געדאַנק דעם שייגעצס ווערטער: „זשידי בונטוויוטסיא״ און ער קוקט אַף די ייִדן, ווי ער וואָלט זיי וועלן פרעגן: „איז עס פּאַקע עמעס?״ ער האַלט זיך ניט אײַן און גיט איינעם אַ פרעג:

— וואָס איז דאָ?—

— איר זײַט קיין היגער ניט? וואָס פרעגט איר? — ענטפערט אים דער ייִד — איר זעט ניט, וואָס? מע ריכט זיך, אַז אָט-אָט...

און מאָטל פרעגט שוין ניט אַף וואָס „אָט-אָט״... ער פאַרשטייט שוין, ווײַזט אויס, ער גייט גיך אַוועק ווײַטער...

אין שטאָט איז שטיל און ס'דאַכט זיך, אַז דאָ איז אָנגעצויגן עפּעס אַזוינס וועלכעס פאַרהאַלט דאָס לעבן און לאָזט עס ניט גייך ווי געוויינלעך, פאַרהאַלט דעם אָטעם פון די לעבעדיקע מענטשן און ס'איז שאַ, שטיל, מוירעדיק. און די לופט איז שווער, צונויפגעצויגן האַרט, ווי ס'וואָלט הענגען איבער דער שטאָט אַ געדיכטע שוואַרצע כמאַרע און מע שרעקט זיך פאַר אַ שטאַרקן דונער, נאָך וועלכן עס קאָן אַ גאָס טאָן אַ שלאַקס-רעגן און דערטרינקען די קליינע נידעריקע שטיבלעך... נאָר ניט קיין שוואַרצע כמאַרע זעט מען, ניט קיין דונער קלאַפּן הערט מען, פאַרקערט, די זון שײַנט און וואַרעמט, די ביימער זײַנען גרין, שיין צעוואַקסן און דער פרימאָרגן גריסט יעדערן מיט אַ שמייכל... נאָר דאָך איז עפּעס אַזוי שרעקלעך מאָרעשכוירעדיק אין שטאָט...

## 5

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— אוי, אוי! מעכוטנ, וויאַזוי זײַט איר געגאַנגען? איר האָט קיין מוירע ניט געהאַט? ס'איז דאָ אַ בריוו, מעכוטנ! אַ בריוו פֿון יאָסלען!.. יאָסל איז געזונט! איך האָב געוואָלט גיין צו אײַך, האָט מיך די מאַמע ניט געלאָזט — מיט די ווערטער איז כײַקע געלאָפֿן אַנטקעגן מאָטלען, ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין שטוב.

מאָטל האָט זיך אַזוי דערפֿרייט, אַז ער האָט אַזש אָנגעהויבן צו ציטערן און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן, ער האָט זיך ווי פֿאַרלאָרן און האָט ניט געקאָנט אַרויסריידן קיין וואָרט; און נאָכדעם, ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט ער אופֿגעהויבן ביידע הענט אַרופֿ און אויסגעשריען: — אַ דאַנק דיר, ריבוינעשעלוילעם, אַ דאַנק דיר, פֿאָטער זיסער!..״

און מיט אַ פֿריילעכן געלעכטער האָט ער כײַקען אַ קוש געטאָן אין שטערן. כײַקען האָט זײַן פֿרייד גערירט און זי האָט אָנגעהויבן וויינען.

— אוי, דו נאַריש קינד, דו, איצט וויינסטו?... טאַנצן, טאַנצן! פֿריילעך דאַרפֿן מיר זײַן... קום גיכער, טאָכטערקע, לאָמיר לויפֿן ביילן אָנזאָגן די פּסורע... לאָז זי וויסן... איך האָב איר געזאָגט, לאָז זי וויסן!..

— וואָס רעדט איר, וואָס, מעכוטנ! אַ מאַקע איז מיר אַ גרויסע! וואָס הייסט? אירווילט איצט גיין? אפֿ געהאַרגעט צו ווערן, מײַנע סאָנים — האָט פֿריידל, כײַקעס מוטער, געזאָגט, פֿאַרברעכנדיק מיט די הענט — זאָל מיר מײַן קאָפּ אַזוי ניט וויי טאָן, ווי איר וועט ביידע איצט ניט גיין. האָסטו געהערט אַ ביסל?.. — וועט די מעכוטענעסטע וויסן שפּעטער... נו שוין... נאַ דיר, נו...

— וועל איך אַליין גיין. שאַט, לייען מיר איבער, כײַקעניו, דאָס בריוול — זאָגט מאָטל.

— און אַליין וועל איך אײַך דען לאָזן? וואָס רעדט איר, וואָס? הערט, וואָס עס טוט זיך? אָט גייט בערל. נו, וואָס הערט זיך? — האָט פֿריידל אַ פֿרעג געטאָן איר מאַן, ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין שטוב מיט אַ דערשראָקן פּאָנעם.

— וואָס זאָל זיך הערן? עס איז ניט פריילעך — ענטפערט בערל, געבנדיק דערביי מאָטלען די האנט — עס איז ניט פריילעך און געווּנג... דער אוילעם רעדט...

מאָטל קוקט אפ דעם בריוו און עס ציט אים, ער קאָן ניט איינזיצן אפ אן אָרט.

— כע, כע. א בריוול... איך האָב אָבער געזאָגט... נו, איך גיי! א גוטן טאָג!.. — גיט ער א זאָג זיך לאָזנדיק צו דער טיר.

6

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„ניין, איך גיי אהיים!״ — גיט מאָטל א טראכט קומענדיק איינדרויסן און הייבט אָן גיין, ווי עמעצער וואָלט אים אונטערגעשטופּט. „זי וועט זיך עס דערפרייען, כע, כע, איך האָב איר אָבער געזאָגט... יאָסעלע וועט שוין קומען... אהא... דו, דארף ׳מען ווייגען, א? אז „ער״ וויל... שווייג!“ — רעדט מאָטל זיך אריין, זיך איבערטראַגנדיק מיט דעם געדאנק אהיים, ווי ער וואָלט שוין זען פאר זיך ביילע און רעדן מיט איר: „נא, זע! איך האָב דיר געזאָגט, וואָס שרייבט ער, א? נא, אראָפּ פון בעט גיך און קום א פריילעכס!“.

און פּלוצעם האָט זיך מאָטל א וואָרפּ געטאָן און זיך געלאָזט לויפן צוריק דערשראָקן און מיט אים לויפן נאָך מענטשן. ער הערט געשרייען, טירן פּאַרמאַכן זיך גיך און מאָטל ווייסט ניט, ווו ער איז אין דער וועלט, ער לויפט עפּעס, ווי ניט ווילנדיק, ווי א כוואליע טראָגט אים, אָט זיינען מענטשן געבליבן שטיין און מאָטל בלייבט אויך שטיין.

— נו, וואָס זייט איר אנטלאָפן, נאראָנים, פאר צוויי שיקערע גוים. א בושע כ׳לעבן. אזוי פיל ייִדן... — רופט זיך אָפּ איינער.

— טאָ וואָס זייט איר געלאָפן, אז איר זייט אזא „בעריע״, א?

— איך? וואָס הייסט? אלע אנטלאָפן, זאָל איך מיך אָפּשטעלן?

— א קלוגער... — האָט איינער א מאך געטאָן מיטן קאָפּ.

— אָט, אָט האָבן זיי איינעם באפאלן, זיי שלאָגן אים, אי, אי!.. קומט, וואָס שטייט איר?...

און אלע האָבן זיך געלאָזט לויפן ראַטעווען דעם ייִדן. די גויִים זײַנען אַוועק. מע לויפט זיי נאָך. ס'איז געוואָרן אַ פּײַפערײַ, אַ טאַרעראַם, די גאַס איז געוואָרן פול מיט מענטשן. מאָטל האָט זיך אין דער צײַט פאַרגאַנוועט דורך אַ הינטער-געסל און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז ער געלאָפן גיך, גיך אומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן; ס'האָט אים, ווי מיט צוואַנגען געצויגן אַהיים און ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

אָט איז ער שוין אויף דער בריק, אָט איז ער שוין אין דער גויִישער גאַס. זײַן האַרץ שפּרינגט שיר ניט אַרויס פון שרעק, ער לויפט, ס'פאַרכאַפּט אים דער אָטעם, ער סאָפּעט, ווי אַ גאַנדז. דער קאָפּ דרייט זיך, אין די אויגן שווינדלט אים און ער לויפט, לויפט, האָט מוירע זיך אומצוקוקן. פּלוצעם האָבן אים דרײַ גויִים דעם וועג פאַרשטעלט. איינעם פון זיי האָט ער דערקענט:

— איוואַן, איוואַן! שטשאָ טי ראָביש? באָיסיאַ באָהאַ! נע פּאָזנאַוו טי?

— יאַ מאָטיאַ! — האָט מאָטל אויסגעשריִען דערפילנדיק אַ קלאַפּ אויף זײַן פּלייצע.

— אַ טי זשיד, זשיד פּאַרכאַטי! — האָט איוואַן אויסגעשריִען אויסגלאָצנדיק ווי אַ בייזער וואָלף זײַנע בייזע, פאַרשיקערטע אויגן. און דערבײַ האָט ער דערלאַנגט מאָטלען מיט אַ גראָבן שטעקן אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ, אַז מאָטל האָט אַרויסגעלאָזט ווי ניט מיט זײַן קאָל אַ געשריי און איז געפאַלן צו דער ערד.

7

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס דאָרף איז געבליבן אָן אַ שנײַדער. מאָטל טראָגט זיך אַרום מיט דער פאַרשוואָלענער האַנט און קאָן ניט אַרבעטן. פּאַנטעלייעכע גיט מאָטלען אַלע מאָל אַנדערע מיטלען, זי שפּרעכט אים די האַנט און שילט דערבײַ איוואַנען. אַלע טאָג ברענגט אַן אַנדער גוי מאָטלען אַ מאַטאָנע, ווי זיי וואָלטן געוואָלט מיט די מאַטאָנעס מאָטלען געזונט מאַכן. ביילע האָט זיך אַראָפּגעשלעפּט פון בעט און ווען זי גייט אַרויס אין דרויסן, נעמען זיך צונויף אַ רעדל גויעס און ביילע דערציילט זיי, ווי מען האָט פאַרנומען זייער יאָסקען אין פּלען אַרײַן, און אַז ער

שרײַבט, אז דאָרט איז אים גוט, און וואָס ער עסט און וואָס ער טרינקט און וויאַזוי ער בענקט אהיים.

די גויעס קוקן איר אין מויל ארײַן און שאָקלען צו נאַיִו מיט די קעפּ. זיי הייבן אָן ריידן פון מאָטלס האנט און דערבײַ שילטן אלע איוואנען, גיבן ביילען אייצעס וואָס צו לייגן צו דער האנט.

איוואן איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. ער ווײַזט זיך ניט פאר די אויגן. איינמאָל באדערנאכט, ווען ביילע איז געזעסן נעבן מאָטלען און האָט אים צוגעלייגט א נײַע רעפּוע צו דער האנט, האָט זיך איוואן ארומגעדרייט נעבן מאָטלס שטיבל. אלע ווײַלע האָט ער געכאפּט א קוק אין פענצטער, ער האָט געוואָלט ארײַנגיין, נאָר ער האָט ניט געקאָנט פּויעלן בא זיך. נאָר אָט האָט ער זיך א קראץ געגעבן אין קאָפּ, עפּעס א ברומקע געטאָן צו זיך אליין — און איז ארײַן.

אין טיר איז ער געבליבן שטיין, האָט ארויפגעלאָזט דעם קאָפּ און קוקנדיק אראָפּ אף דער ערד, האָט ער שטיל „דאָברע וועטשער" געזאָגט, ווי פארשטומט.

מאָטל מיט ביילען האָבן זיך ווי דערשראָקן, דערזעענדיק איוואנען און האָבן זיך מיט א קוק איבערגעוואָרפן.

— מאָטיא!.. — האָט איוואן שטיל ווי מיט געבעט, א זאָג געטאָן.

מאָטל האָט אף אים ווי בייזלעך א קוק געטאָן און האָט אים ניט געענטפערט.

— מאָטיא, — זאָגט נאָכאמאָל איוואן, אראָפּנעמענדיק דאָס היטל און קראצט זיך אין קאָפּ.

מאָטל קוקט אף אים. איוואן האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. ס'איז שטיל. ביילע האָט א זיפץ געטאָן און דער זיפץ איז זיך אין דער שטיל-קײַט צעגאנגען.

— מאָטיא!.. — זאָגט ווידער איוואן מיט א קאָל, ווי ער וואָלט וועלן וויינען — מאָטיא.. .פּראָסטי!... ראדי כריסטא... יא... מאָטיא...

ער ענדיקט ניט און דרייט זיך אף איין אָרט.

— איוואן, איוואן! — זאָגט מאָטל מיט א זיפץ און שאָקלט מיטן קאָפּ — שטשאָ טי, איוואן, מעני זראָביוו? א?

— מאָטיא!... — זאָגט איוואן, א קוק געבנדיק אף מאָטלס האנט, און איבער זײַן גראָב-נאריש פארקרימט פּאָנעם האָט א ריס געטאָן א פּאָר טרערן — נע יא צע... מאָטיא...

ער קאָנ ווײַטער ניט ריידנ. ער ציילעמט זיכ אונ וויינט.

— נו, שא, שא, איוואנ, סידײַ טראָכע — זאָגט מאָטלס ווײַב, קוקנדיק אפ איוואנענ — זנאיעש, איוואנ, מי יאָסקע פרידע...

— אָט פיסמאָ יע — כאפט ביילע אונטער אונ ווײַזט דעמ בריוו, ווי זי וואָלט וועלנ, אז איוואנ זאָל גלייבנ, אז יאָסקע וועט קומענ...

— מאָטיא, יא טיבע, מאָטיא... — זאָגט איוואנ א ביסל פריילעכער — טשטאָ כאָטשעס פרינעסו — פראָסטי!.. טי הארני זשידאָק, יעי באָגו פרינעסו, פראָסטי, מאָטיא!..

— נו, סידײַ, ניע טרעבא... טעבי איוואנ, סוויטי טרעבא, א? — גיט מאָטל פלוצעמ א פרעג.

— דוושי טרעבא, — מאָטיא, ענטפערט איוואנ.

— טרעבא — כאזערט איבער מאָטל — טא זא טשטאָ טי מענע...

— מאָטיא, מאָטיא!... נע האָוואָרי — שלאָגט איוואנ איבער — נע האָוואָרי! — זאפלאטשו! יעי באָגו זאפלאטשו... נע יא צע... שאָב וויג זדאָכ...

— כטאָ? — פרעגט מאָטל.

— א פיסאר, באָדײַ וויג...

— איכ האָב דיר געזאָגט... א, זעסט שויג... ער איז שולדיק, מיינסטו — האָט מאָטל א זאָג געטאָנ צו ביילענ.

— נו, איוואנ, פרינעסי, זראָבימאָ, יאק באָ דאסט...

— דײַ טעבע באָזשע זדאָראָוויא, מאָטיא! יעי באָהו, דאָברי טי טשאלאָוויק. פידו, פרינעסו, פראָשטשאווײַטע!..

אפנ צווייטנ טאָג אינדערפרי האָט איוואנ געבראכט געוואנט אפ א סוויטע אונ א פאָר קאטשקעס מיט א זאק קארטאָפל א מאטאָנע. אונ ווענ מאָטל האָט מיט דער פארבונדענער האנט איוואנענ א מאָס ארויפגענומענ, האָט איוואנ שאָקלענדיק מיטנ קאָפ עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט:

— דאָברי טי זשידאָק, יעי באָגו טי דאָברי, מאָטיא...

— א זנאיעש טי, איוואנ, מי יאָסקע פרידע... ווינ וופלענו — האָט מאָטל א זאָג געטאָנ פריילעכ, מאכנדיק א סימענ אפ דער מאָס.

— פיסמאָ יע!.. — האָט ביילע אונטערגעכאפט, ארויסנעמענדיק דעמ בריוו פונ בוזעמ.

# כאיִמ-בער

(פראגמענטן)

I

— אָבער זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס קענסטו דאָרט טאָן, פאָרט וואָס? לאָמיך אויך וויסן, א? — טײַנעט כאנע צו איר מאנ באנאכט, ליגנדיק אפנ געלעגער. — צי איך טאָר ניט וויסן, וואָס? כאיִמ־בער? וואָס שווײַגסטו, א? שלאָפסט כאיִמ־בער?

— ניין, איך שלאָפ ניט, — ענטפערט כאיִמ-בער פונ זײַנ געלעגער, וועלכער שטייט אנטקעגנ, ניט ווײַט פונ כאנעס בעט.

— שלאָפסט ניט, נו וואָס־זשע ענטפערסטו מיר ניט, א? איך פרעג דאָך דיך עפּעס, וואָס וועסטו טאָנ אינ אָדעס? אונ וואָס איז דיר גאָר עפּעס ארײַנ אינ קאָפּ גאָר אָדעס, האָסט דאָרט עמעצנ, וואָס? מיילע, דאָס בינ איך דיר שוינ מייכל, נאָר זאָג מיר, וואָס קענסטו דאָרט טאָנ? איך פארשטיי, א מענטש פאָרט אינ אָדעס, האָט ער עפּעס א מעלאָכע אינ די הענט, צי וואָס. אָבער דו? עמעס, ס׳איז זיכ טאקע שלעכט. ס׳איז טאקע ביטער אונ פינצטער, מײַנע סאָ־נים. דאָס קלייטל איז אָפּגעלאָזט, די פּאָליצעס זײַנעג ליידיק, נאָר ס׳איז אָבער פאָרט דאָ א שטיקל האָפענונג עס צו דערמונטערנ. עפּשער וועט דער, וואָס איך האָב די הענט ניט געוואשנ, פאָרט ראכמאָנעס האָבנ, זאָלסט ניט פאָרנ אינ דער וועלט ארײַנ אונ מיך איבערלאָזנ מיט די צוויי פּיצלעכ קינדער אפּ ליי־נא-באליי. כ׳וויים? נאָכ מײַנ ווײַבערשנ סייכל נאָכ, וואָלסטו געדארפט ארײַנגיינ נאָכאמאָל צו יאנקל פּראָצענטניק, עפּשער וועט ער דיר פאָרט געבנ א פינפ־ונצוואנציקער א וואָכער, וואָלט דאָך געוואָרנ ליכטיק אינ די אויגנ

וואָס ? לאָמיך האָבן אזא יאָר, ווי גוט איך ראט דיר. וואָלסט דערפרישט א ביסל די פּאָליצעס. וואָס, ניין, עפּשער ?

— כאנע ! — האָט זיך כאַיִמ־בער אָפּגערופן. — איך בעט דיך, כאנע, איך האָב גענוג... לאָז מיך כאָטש באנאכט אָפּרוען. ס׳קלעפּן זיך מיר די אויגן און איך הער ניט, וואָס דו רעדסט צו מיר. לאָז אָפּ, מאָרגן...

— אָבער פארוואָס ענטפערסטו מיר ניט, א ?

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערן, וואָס ווילסטו פון מיר ?

— הער נאָר, איך בעט דיך, וואָס זאָגסטו אפ אים ? א טאמ פון דער האגאָדע !..

— וואָס־זשע ווילסטו ?

— ווי הייסט, וואָס איך וויל, וואָס האָב איך מיט דיר גערעדט ?

— נא, האָב איך דיך געהערט, וואָס־זשע ווילסטו ?

— איך וויל, זאָלסט מאָרגן אריינגיין צו יאנקלען, עפּשער וועסטו פארשפּאָרן פאָרן קיין אָדעס.

— כאנע, כ׳וועל צו יאנקלען ניט גיין נאָכאמאָל און פאלן אים צו די פיס. דו ווייסט גוט, אז איך קאָן עס ניט און אפּן קלייטל איז ניטאָ וואָס צו האָפן, ס׳איז ליידיק און איך מוז פאָרן. אָדעס איז א גרויסע שטאָט, א סאָכרישע און איך האָף, אז דער אויבערשטער וועט מיך ניט פארלאָזן. איך וועל מיר אָפּזוכן, ווו צו פארדינען און דיר שיקן. אפ דער ערשטער צײַט וועסטו נאָך עפּעס ארויסשלעפּן פון קלייטל, און שפּעטער ? שפּעטער קאָן דער אויבער־שטער העלפן, אז איך זאָל דיך גאָר אינגאנצן ארויסנעמען מיט די קינדער און נישט אָנקוקן דאָס פארשיווע פּיסטעוווקע...

— יאָ, מיילע, ווי זאָגט מען, אלצדינג איז רעכט. אָבער זאָג מיר, כאַיִמ־בער, וואָס קענסטו דאָרטן טאָן ?

— וואָס ? איך וועל אלצדינג טאָן, וואָס עס וועט זיך מאכן. דאָרט איז קיין בושע ניט. איך וועל זיך פּרוּוון באמ ברויט אר־בעטן, מיט דער נאָז די ערד אקערן. איך וועל גיין אפ די גאסן מיט א לאָפּעטע שניי שארן, אבי פארדינען און ניט אָנקומען צו קיין יאנקלען, זיך פאר זיי בוקן... דו גלייבסט שוין גאָרניט אין זײַן ליבן נאָמען, אז ער קאָן העלפן. עפּשער איז באשערט דאָרטן אונדז צו זײַן ?

— מעשאנע מאָקעמ, מעשאנע מאזל. עפשער ביסטו טאקע גע־רעכט, — רופט זיך אָפּ כאנע. ווען־זשע רעכנסטו צו פאָרן, כאימ־בער?

ווען? האלעוויַ האָב איך מאָרגן געלט אפּ הויצאָעס, פאָר איך אוועק.

— ווו־זשע וועסטו טאקע נעמען; א?

— איך ווייס? איך מיין, מ׳דארפ פארקויפן עפעס פונ שטוב, וואָס עס איז ניט אזוי נייטיק.

— וויסט אונ פינצטער איז מיר, די סאָנימ אופרייַסן די אויגן, כאימ-בער, וואָס זאָגסטו?

— גיי שוין, גיי, נארעלע, ווער דארפ וויסן, ס׳איז קיין אנ־דער ברייררע ניטאָ. מ׳דארפ אריַינרופן עפעס א היימישן אזוי, אז ס׳זאָל קיינער ניט וויסן. מיילע, דאָס איז פונ די קליינע זאכן. — אך, איז מיר עפעס קאלט מוירעדיק. האָסט היַינט ניט געהייצט דאָס הרובקעלע, כאנע?

— ווו זאָל איך געוועגן נעמען מיט עפעס?

כאימ־בער האָט געשוויגן. כאנע איז אויך שטיל געבליבן. אינ דרויסן האָט דער ווינט געבלאָזן, געדרייט דעמ שניי אונ אינ די שויבן פונ די פענצטער האָט זיך א שאָט געטאָן ווי שטויב, אינ קוימען פונעמ אויוון האָט דער ווינט געווייט, געקרעכצט אונ געויקעט.

— וואָס זאָגסטו אפּ דעמ דרויסן, איך בעט דיך? האָט זיך כאנע אָפּגערופן.

כאימ־בער האָט ניט געענטפערט.

— שלאָפסט, כאימ? — האָט כאנע שטיל א פרעג געטאָן.

זי האָט קיין ענטפער ניט באקומען. אונ אינ שטוב איז גע־וואָרן שטיל.

II

כאימ־בער האָט געזאָגט א ליגן, ווען ער האָט געזאָגט כאנען, אז ער וועט צו יאנקלען ניט גיין נאָכאמאָל אונ אימ פאלן צו די פיס.

וואָרעמ אינ עמעסן איז ער אפילע איינמאָל אויך ניט געוועגן בא אימ אינדערהיימ.

ס'איז אזוי געווענ:

א דריטהאלבנ יאָר נאָכ דער כאסענע, ווענ בא כאיִמ־בערנ האָט זיכ דער נאדאנ, וועלכנ ער האָט גענומענ בא כאנענ אָנגע־הויבנ אויסלאָזנ, אונ אינ זייַנ קלייטל פונ שפּייַז, וועלכע ער האָט טאקע מיט דעמ נאדאנ געעפנט, זייַנענ די פּאָליצעס געוואָרנ קימאט ליידיק מיט עטלעכע ליידיקע פושקעס פונ צוקערקעס, עטלעכע פּור־דעלעכ גילזנ, מיט א ליידיק פּעסעלע פונ הערינג. אונ ווענ אינ זייַנ שטוב איז דאפּקע, פּארקערט, צוגעקומענ, געוואָרנ ענגער, פּריילעכער, דאָס הייסט, צוויי קינדערלעכ מיט קליינע שרייַענדיקע מייַלעכלעכ...

אונ ווענ כאיִמ־בער איז איינמאָל אהיימ געקומענ פונ קלייטל א הונ־געריקער, אנ אָנגעפּראָרענער, נאָר אָנ א קאָפּעקע לייזונג, האָט כאנע אימ אָנגעהובנ טרייַבנ, ער זאָל גייִנ צו יאנקלענ פּראָצענטניק בעטנ א פינפ אונ צוואנציקער אפ וואָכער. אונ נאָכ א לאנגנ שפּארנ זיכ, ווייַל כאיִמ־בער האָט געזאָגט, אז ער וועט בעסער ערגעצ אוועק־פּאָרנ אינ א פרעמדער שטאָט, וועט ער פארדינענ אונ זיכ ניט דארפנ פארבינדנ מיט יאנקל פּראָצענטניק, האָט כאיִמ־בער געזאָגט, אז מאָרגנ וועט ער גייִנ צו אימ. אפ מאָרגנ, ווענ כאיִמ־בער איז ארויס גייִנ אינ קלייטל ארייַנ (זייַנ קלייטל האָט זיכ געפונענ אינ מארק), האָט ער פונווייַטנ דערזענ יאנקל פּראָצענטניק אונ זייַנ הארצ האָט זיכ אימ אָנגעהויבנ שטארק צו קלאפּנ.. עפּעס אזוי קלאפּנ, ווי עס וואָלט זייַנ בא יאנקלענ אינ די הענט זייַנ גאנצ לעבנ...

פונקט ווי זייַנ לעבנ הענגט אָפּ פונ דעמ. ווענ יאנקל וועט זאָגנ איינ וואָרט: — „יאָ” — לעבט ער, אונ כאָלילע, זאָגט ער „ניינ” — שטארבט ער מיט דער ווייַב אונ מיט די קינדער...

באטאָג האָט כאיִמ־בער צוגעמאכט דאָס קלייטל אונ איז געגאנ־גענ צו יאנקלענ, מאכנדיק אפנ וועג רעפּעטיציעס, וויִאזוי אונ וואָס וועט ער זאָגנ יאנקלענ אונ וואָס יאנקל וועט אימ ענטפערנ, אונ וואָס ער, כאיִמ־בער, וועט אימ זאָגנ אפ זייַנ ענטפער אאוו.

אונ ווי ער איז נעענטער צוגעקומענ צו יאנקלס שטוב, האָט אימ זייַנ הארצ זיכ שטארקער צעקלאפּט... אָט איז ער בא דער שטוב, שטעלט זיכ אָפּ, טראכט א ביסל אונ גייט אוועק. אָט קערט ער זיכ אומ, שטייט א ביסל אונ גייט ווייַטער אוועק, קערט זיכ ווייַטער אומ... אונ אזוי גייט ער אוועק צוריק אינ קלייטל...

און ווי ער קומט אינ קלייטל, הייבט ער זיכ אָנ צו זידלענ, זיכ אליינ שילטנ — פארוואָס ער איז ניט קיינ מענטש, ווי אנדערע... פארוואָס ער האָט גאָר געדארפט איבערטראכטנ צי אזוי צי אזוי... בעסער וואָלט ער געווענ גלײַכ ארײַנגיינ... וואָלט איכ שוינ געווענ איצט געוווסט צי יאָ, צי ניינ — טײַנעט ער צו זיכ אליינ. ער פארמאכט ווידער דאָס קלייטל און גייט צו יאנקלענ. אפנ וועג סטארעט ער זיכ ניט צו טראכטנ צוליב וואָס ער גייט...

און שוינ קימאט בא דער שטוב באגעגנט ער זיכ מיט יאנקלענ... עס האָט אימ פארכאפט דער אָטעמ, זײַנ הארצ האָט זיכ אימ געטראָגנ אינדערלופטנ. „א גוט העלפ אײַכ" גיט ער מיטאמאָל א זאָג צו יאנקלענ און גייט אוועק מיט גיכע טריט, פונקט ווי ער וואָלט וועלנ, אז יאנקל זאָל זיכ ניט אָנשטייסנ, אז ער כאימ־בער איז געגאנגענ צו אימ און האָט געוואָלט אימ עפעס בעטנ...

III

שאבעס אפ דער נאכט. אײנציקווײַז האָבנ זיכ באוויזנ פײַערלעכ אינ די שטיבער, ווי די שטערנדלעכ אפנ הימל. און פונ די קוימענס האָט זיכ אָנגעהויבנ ציִענ א רויכ גלײַכ אפנ הימל ארופ. דער שניי האָט אפ דער ערד געגלאנצט און געבלישטשעט, ווי אנ אויסגעפרעסט העמד אנטקעגנ דער לעוואָנע, און די לעוואָנע האָט צעשפרייט אפנ בלאָענ ווײַטנ הימל א ווײַסע ליכטיקע שײַנ, ווי א ווײַס זײַדענע טוכ, און האָט מיט איר פארשטעלט די פינקלענדיקע בריליאנטענע שטערנדלעכ, און מיט אירע שטראלנ האָט זי געשטאָכנ דעמ ברענענדיקנ פראָסט.

כאנע זיצט אינ בעט א האלב צוגעדעקטע מיט א פערענע און קוקט אינ פענצטער, ווי דער פראָסט מאכט אויס אפ די שויבנ, ווי אפ א ווײַסער געדיכטער קאנווע, קווייטעלעכ, ביימעלעכ גרויסע און קליינע, אלעמאָל וואקסט צו א ווײַס צווײַגעלע און די ביימעלעכ ווערנ געדיכטער. אפ אייניקע שויבנ הייבנ זיכ די ביימעלעכ שוינ אָנ צונויפוואקסנ אזוי געדיכט, ווי א שאָטנ פונ א געדיכטנ וואלד... נאָר די שויבנ זעענ עפעס אויס, ווי די אויגנ בא א טויטער הונ, וועלכע ציִענ זיכ איבער מיט א ווײַס הײַטל...

אין שטוב איז עפּעס אזוי מאָרעשכיירעדיק און כאַנע גלוסט זיך וויינען.

די שיין פון דער לעוואָנע שלאָגט זיך קוים דורך די אָנגעפרוירענע שויבן און אפן פאָל ליגן זעקס פּירעקיקע מאַטעווע טאַפלעס. אין די טאַפלעס שפּיגלט זיך אָפּ כאַנעס פּאָנעם און ס'זעט אויס ווי בא א טויטער... אירע ליפּן שעפּטשען שטיל „גאָט פון אווראָם, יִיצכאָק און יאַנקעוו...‟ און פון איר שטילן שעפּטשען ווערט אין שטוב נאָך מער אומעטיקער, מאָרעשכוירעדיקער. און אין בעט לעבן כאַנען בא דער זייט שלאָפןביידע קינדערלעך, איינגעדעקט גוט מיט דער פּערענע און פּאָנפּען עטוואָס צו מיט די נעזלעך. צופוסנס ליגט איינגענורעט די קאַץ, און כראָפּעט, כאָרכלט ווי עס גאַלגעט זיך עפּעס בא איר אין האַלדז. און דאָס אַלץ גיסט זיך צונויף מיט דער שטילקייט און וואַרפט אף כאַנען א פּאַכעד און אף אירע אויגן ווייזן זיך טרערן...

— זע נאָר, האָסט ניט געטאָרט אָנצינדן ביז אהער א ליכט, זאָגט כאַיִם־בער, אריינקומענדיק אין שטוב אריין.

— איך האָב מוירע אראָפּצוגיין... ס'איז מיר קאַלט.

— ווו זיינען די שוועבעלעך?

— גיי אין קיך, אפן קוימען ליגן זיי.

— א גוטע וואָך! האָט כאַיִם-בער א זאָג געטאָן און האָט אָנגעצונדן א ליכטל.

— א גוט יאָר — האָט כאַנע געענטפערט מיט א זיפץ. — פאָרסט טאַקע היינט, כאַיִם־בער, אין אזא פראָסט?

— יאָ, איך פאָר טאַקע באַלד. אָט דאָס בין איך געוועז געווירע ווערן, צי עס גייט א פורל צום באַן. נעם, כאַנעלע, לייג מיר צונויף די זאכן, וואָס איך דאַרף מיטנעמען. יע, ס'איז דאָ איבער עפּעס, גיב וועל איך פריִער אָפּמאַכן האַוודאָלע.

כאַנע איז אראָפּגעקראָכן פון בעט און האָט דערלאַנגט א פלעשל מיט א ביסל ראָזינקעס־וויין.

— קאַלט וועט מיר ניט זיין, טאָמער דאַרף איך אָפּפאָרן דריי ווערסט צו דער באַן, וואָס איז דאָ? — האָט כאַיִם־בער זיך אָפּגערופן, ווען ער האָט אָפּגעמאַכט האַוודאָלע.

— כאַיִם־בער, עפּשער וואָלסטו בעסער געפאָרן מאָרגן?

— וואָס איז גאָר עפּעס מאָרגן, אַז איך קאָן היינט פאָרן.
פאָרן, זאָל זיין געפאָרן.

— כ׳ווייס... האָט כאַנע אַ זאָג געטאָן, און אירע אויגן האָבן גע־קוקט אַף כאַים־בערן עפּעס ווי מיט געבעט.

— זאָרג נישט, נאַרעלע, מיסטאַמע איז אַזוי באַשערט, אָט וועסטו זען, ווי דער, וואָס לעבט אייביק, וועט אונדז נאָך העלפן. איך האָב נאָך געוואָלט פאָרן קיין אָדעס נאָך פאַר דער כאַסענע און בין ניט געפאָרן. נו, זעסטו ווי עס איז אַ באַשערטע זאַך. כ׳האָב צו זיין ליבן נאָמען. איך וועל קומען קיין אָדעס, וועל איך פאַרדינען און דיר שיקן. וועסט ניט דאַרפן ליידן ווי איצטער. דו, נאַרעלע דו, בא גאָט איז אַלץ מעגלעך. נעם, כאַנעלע, לייג מיר צע־נויף די זאַכן, דאָס פורל וועט מיסטאַמע באַלד צופאָרן.

— וועסטו כאָטש אין זינען האָבן צו שרייבן אָפט, כאַים־בער?

— גיי שוין, גיי נאַר איינער, וואָס פרעגסטו אַזעלכע נאַרישקייטן, קענסט מיך גאָרניט, וואָס הייסט צי איך וועל שרייבן, אַ? איך פרעג דיך?..

— כ׳ווייס...

— נאַ, רעד זשע מער ניט אַזעלכע נאַרישקייטן.

— בא מוישען ביסטו געווען, כאַים־בער?

— יאָ, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, איבערמאָרגן וועסט אים איבערגעבן דאָס קליידל. ער האָט נאָך קיין געלט נישט, מיסטאַמע וועט ער מאָרגן ערגעץ קריגן, צוועלף קערבלעך דאַרפסטו נעמען בא אים.

— וואָס עפּעס אַזוי ווייניק, אַ?

— וואָס הייסט ווייניק, פינף האָב איך דאָך בא אים גענומען.

— יאָ, ער האָט דיר געגעבן? נו, וועסטו שוין האָבן גענוג אַף די הויצאָעס?

— ס׳וועט מיר נאָך בלייבן אַ דריי, פיר קערבלעך, אַזוי רעכן איך.

— נו, ווו זיינט איר דאָרט, ר׳ ייִד? איר זייט פאַרטיק, צי וואָס?— האָט זיך פלוצעם דערהערט אַ גראָבער קאָל אינדרויסן מיט אַ קלאַפּ אין פענצטער.

— אָט איז ער שוין דאָ, זאַראַז, זאַראַז! האָט כאַים־בער אויסגע־שריִען.

כאַים־בער האָט זיך אָנגעטאָן. ער איז צוגעגאַנגען צום בעט און האָט אָנגעהויבן קושן די קינדער און פון זײַנע אויגן האָבן זיך א פּאָר טרערן אַראָפּגעקײַקלט אף די קינדערס פּענעמלעך. די קינדער האָבן זיך אופגעכאַפּט מיט א געוויין. כאַנע האָט אויך אָנגעהויבן וויינען.

— נו, גיכער דאָרטן, וואָס צערעמאָניעט ער זיך דאָרט אַזוי לאַנג, האָט ווײַטער דאָס גראָבע קאָל זיך דערהערט אונטערן פענצטער.

— זײַ געזונט — האָט כאַים־בער א זאָג געטאָן און האָט געגנו־מען דעם קלומעק. כאַנע האָט זיך צעכליפּעט...

— זײַ געזונט!.. האָט ער נאָכאַמאָל א זאָג געטאָן און געקוקט כאַנען אין פּאָנעם אַרײַן, ווי ער וואָלט איר וועלן נאָך עפּעס זאָגן... נאָר ווי עס ווײַזט אויס, האָט ער ניט געקאָנט ריידן, ווײַל ער האָט נאָר א קנייטש געגעבן מיט דער נאָז, און מיט דעם קנייטש האָט זיך אַרויסגעקוועטשט פון זײַנע אויגן א פּאָר טרערן. און ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט: „זײַ געזונט". ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעקושט די קינדער און איז אַרויסגעגאַנגען. די קינדער האָבן גע־וויינט, כאַנע האָט געכאַפּט אף זיך א שאַל און איז נאָכגעגאַנגען אין דרויסן.

— נו, אַרופּ, דעם קלומעק ווײַזט אַהער אָ דאָ, האָט דער איזוואָז־טשיק א זאָג געטאָן, ווען כאַים־בער איז צוגעגאַנגען צום שליטן.

— זײַ געזונט, גיי אַרײַן אין שטוב, די קינדער וויינען, האָט כאַים־בער א זאָג געטאָן צו כאַנען, זיך אַרײַנזעצנדיק אין שליטן, ווי עס זײַנען געזעסן נאָך פיר מענטשן.

— וויאָ, קאַשטאַנקאַ, פּו!.. א... הא!.. האָט דער איזוואָזטשיק א געשריי געטאָן און דערבײַ אויסגעפײַפט ווי א באַן גייט אוועק.

דער שליטן האָט א סקריפּע געטאָן און זיך גיך אוועקגעגליטשט ווי אף גלאָז.

— זײַ געזונט, האָט כאַים־בער נאָכאַמאָל א געשריי געטאָן שוין פונווײַטנס.

— פאָר געזונטערהייט! האָט כאַנע וויינענדיק שטיל געענטפערט, און ווען דער שליטן איז אוועקגעפאָרן, איז נאָך כאַנע געשטאַנען אין דרויסן. ס'האָט זיך איר עפּעס ווי ניט געוואָלט אַרײַנגיין צוריק אין שטוב. און ווען די לעוואָנע האָט א קוק געטאָן כאַנען אין

פּאָנעם, האָט זי ווי א שמייכל געטאָן, ווײַזט אויס דערפון, וואָס זי האָט דערזען נאָך אזא בלאס פּאָנעם ווי זי איז, און עפּשער נאָך מער, וואָס אפ דעם צווייטן פּאָנעם בלישטשען טרערן אנטקעגן איר שײַנען ווי פּערל... כאנע האָט זיך דערמאָנט אָן די קינדער און איז ארײַנגעלאָפן אין שטוב, און ווי זי איז ארײַנגעקומען אין שטוב, איז זי ארופגעפאלן אפ ביידע קינדער מיט א געוויין...

— מײַנע טײַערע זיסע קינדערלעך, מײַנע לעבעדיקע יעסוימימ־לעך, — האָט זי געשריִען און געוויינט.

---

ווען כאִימ־בער איז צוגעפאָרן צום באן האָט מען געגעבן דעם ערשטן קלונג.

ער האָט גיך גענומען א בילעט גלײַך קיין אָדעס און איז ארײַן אין וואגאָן פון דריטן קלאס. און ווען עס האָט זיך דערהערט דער דריטער קלונג און באלד נאָך אים א סווישטש פון א פײַפעלע, א לאנגער צעצייגענער פײַפ פון דעם לאָקאָמאָטיוו און ער האָט זיך א ריר געטאָן, נאָכשלעפנדיק פיל וואגאָנעס ווי מיט א קרעכץ, מיט א אויקען, בלאָזנדיק פון זיך מיט פארע און ארויסווארפנדיק געדיכטן שווארצן רויך, ווי שטיקער שווארצע כמארע, פון וועלכע סהאָט זיך געשאָטן פונקען אין אלע זײַטן, האָט כאִימ־בערן אָנגעהויבן צו קלינגען און פײַפן אין די אויערן, און בא אים אין הארץ האָט זיך עפּעס ווי גערודערט, געקרעכצט, ווי עס וואָלט דאָרט ניט אופגעהערט דאָס פײַפן און קרעכצן פון דער באן... ס'האָט זיך אים שטארק פארוואָלט כאָטש נאָך איין קוק טאָן אפ כאנען, אפ די קינדער, אפ גאנץ פּיסטעוועקע... ס'דאכט זיך אים, אז ער האָט זיך מיט זיי ווייניק געזעגנט, ווייניק אָנגעטישעט פאר דעם אוועקפאָרן אזוי ווײַט. און ווער ווייסט אפ וויפל צײַט?.. ער פּרוווט זיך פאָרשטעלן דאָס געשטאלט פון זײַן כאנען און ס'גיט זיך אים אײַן אין דער מינוט שווער, ווי ער וואָלט זי שוין לאנג ניט געזען... און זײַן הארץ וויינט און ציט זיך צוריק, צוריק... נאָר דער באן מיט א קרעכצן און בלאָזן פון זיך, ווי ער זאָל אָנווענדן אלע קויכעס צו לייפן גיכער, לויפט גיך, גיך און פארשלעפּט אפ הונדערטער מײַלן ווײַט, ווײַט פון דער היימ...

ס׳לויפן די שאָען, די טעג און די וואָכן, נאָך גיכער פון דעם באן, און ניט אָפּשטעלנדיק זיך, נאָר אויך ווי דער באן, מיט א קרעכצן, מיט א בלאָזן פון זיך...

שוין זעקס וואָכן אריבער זינט כאַיִם־בער איז אָנגעקומען קיין אָדעס, און ער קאָן נאָך אלץ ניט שיקן זײַן כאנען קיין געלט, ווי ער האָט געמיינט און איר צוגעזאָגט. און שיקן ווילט זיך אים אזוי שטארק, אזוי שטארק...

קיין אָדעס איז כאַיִם־בער אָנגעקומען גאנץ פרי, און ווען ער איז אראָפּ פון דעם וואגאָן אין דעם וואָקזאל, ווו מע קומט אָן, איז ער אזוי איבערראשט געוואָרן פון די געשרייען, פון דעם יאָגן און כאפּן זיך פון די מענטשן, וועלכע זוכן צווישן די אָנגעקומענע באַ־קענטע, אז ער האָט זיך ווי פארלאָרן. אָן א זײַט, ווי אין א שטײַג שטייען עפּעס מענטשן מיט בלעכלעך אפ די היטלען און מיט אזוינע אופשריפטן, ווי בא מאטראָסן און שרײַען עפּעס אזוי מעשונע, אז ס׳דאכט זיך, אז הינט האווקען ערגעץ... איזוואָזטשיקעס מיט די בײַטשלעך אין די הענט רײַסן בא די פּאָלעס און שרײַען אויס די פּרײַזן און קריגן זיך צווישן זיך. כאַיִם-בער מיטן קלומעק אין די הענט איז איבערראשט און פּלאָנטערט זיך צווישן די פיס, אין דער זײַט כאפּט ער אלע מאָל א שטופּ, א וואָרף, א קלאַפּ פון אן עלנבויגן...

און ווען דער אוילעם איז זיך צעפאָרן און דער וואָקזאל איז געוואָרן פוסט, איז נאָך כאַיִם־בער געשטאנען אפ דער פּלאטפאָרמע און געקוקט אין אלע זײַטן עפּעס ווי א פארווונדערטער, ווי א צע־מישטער... אין דרויסן איז געגאנגען א שיטערער נעבל, און כאַיִם־בער זעט נאָר ארום זיך א צוויי גרויסע הויכע מויערן מיט א גרויס אומגעלומפערטן קלויסטער, די שפּיצן שטעקן ערגעץ אין הימל און מע זעט זיי ניט ארויס, און וואָס ווײַטער טוט זיך, זעט ער גאָר־ניט. ער הערט נאָר עפּעס פּײַפן, טראכקען, שטארקע געשרייען, און כאַיִם־בערן דאכט זיך, אז ער שלאָפט און דאָס אלץ כאָלעמט זיך אים...

אין מעשעך פון די זעקס וואָכן האָט כאַיִם-בער איבערגעלעבט קאַלטס און ווארעמס. די ערשטע אכט טעג איז ער ארומגעגאנגען

לײדיק מיט א דערשלאָגענעם קאָפּ. קײנמאָל איז זײַן לעבן האָט זיך כאַיִם־בער נאָך אַזוי ניט געזאָרגט, װען ער האָט ניט פאַרדינט. אין אָדעס איז ער עפּעס מיטאַמאָל װי אַן אַנדער מענטש געװאָרן... און דערצו פילט ער זיך נאָך אַזוי עלנט, אַז װען ס׳טרעפט זיך אים שױן מיט עמעצן צו רײדן, ערשט ער קען נישט רײדן... דאָס האַרץ הײבט זיך אָן פּעסטען, װײנען, װי אַ קלײן קינד, און ער קאָן ניט אַרױס־רײדן קײן אײנציק װאָרט...

ער זעט זיך יעדן טאָג מיט דעם מעקלער, װעלכער נאַרײַעט שטעלעס און דער מעקלער פירט אים פון אײן טאָג אויף דעם צװײטן. נאָר סאָפּקאָלסאָף האָט ער אים אויפגעזוכט אַ פּלאַץ װוּ צו אַרבעטן. דאָס איז אַ קלײן פאַבריגל, װוּ מע מאַכט פּראָסטע זײף און כאַיִם־בערס אַרבעט איז: טראָגן מיט נאָך אײנעם אַ גוי, װעלכער אַרבעט שױן דאָרט לאַנג, פון דעם סאַרײַ, װוּ עס קאָכט זיך די זײף, אין אַ צװײטן, װוּ מע גיסט די זײף אין פורעמס. אַ גרױסן אושאַט אויף אַ דרענגעל מיט צעקאָכטער זײף. פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ער אַזוי געדאַרפט טראָגן אויף די אַקסלען דעם אושאַט, נאָכלױפנדיק דעם גוי, װײַל דער גוי איז אַ גיכער אַרבעטער און האָט ליב געהאַט מיט דעם אושאַט זײף אויף זײַן אַקסל צו לױפן און זיך צו זינגען אַ לידל אונטער דער נאָז... און פאַר דער אַרבעט האָט כאַיִם־בער באַקומען זעכציק קאָפּעקעס אַ טאָג.

פינף טעג האָט כאַיִם־בער אַזוי געאַרבעט. און אויף דעם זעקסטן טאָג האָט ער שױן ניט געקאָנט גײן. זײַנע אַקסלען זײַנען אים אַזוי געשװאָלן געװאָרן, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט אַ ריר טאָן... און ניט נאָר די אַקסלען, די פיס און די הענט זײַנען װי פרעמדע געװאָרן און אים אויפגעהערט צו דינען... אין אײניקע טעג אַרום, װען כאַיִם־בער האָט זיך שױן װידער געפילט אין קױעך צו גײן אַרבעטן און װען ער איז געקומען גאַנץ פרי, האָט ער אויף זײַן אָרט אַ צװײטן געטראָפן, און דער באַלעבאָס האָט אים געענטפערט, װען כאַיִם־בער האָט אים געפרעגט, צי זאָל ער זיך שטעלן אַר־בעטן:

— נײן, יונגערמאַן, בײַ מיר פירט זיך ניט אַזוי. דרײַ טעג אַרבעטן און פיר פּראַזדנעװען.

— איכ בינ נאָכ ניט געווינט, איכ וועל... האָט כאַימ־בער שוינ געהאלטנ די ווערטער אינ מויל... נאָר ער האָט זיי ניט ארויס־ געזאָגט אונ האָט נאָר א זיפּצ געטאָג אונ אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ, דער באלעבאָס זאָגט ווײַטער:

— איכ, פארשטייט איר מיכ, דארפ האָבנ א מענטשנ, ער זאָל ארבעטנ, ס'הייסט מיט פּלייצעס, איר פארשטייט?.. ס'הייסט טאקע געארבעט „פּאָדיאָנע", איכ האָב צו אײַכ כאסוועשאָלעמ קיינ טײַנעס ניט, וואָס איר זײַט געבליבנ אינדערהיימ. נאָר איינס מיטנ דריטנ איז ניט קיינ מעכוטנ, ארבעטנ — זאָל זײַנ געארבעט. איכ קאָנ זיכ ניט אָפּגעבנ אלע ווײַלע זוכנ נײַע מענטשנ. ניינ, בא מיר פירט זיכ ניט אזוי!..

בא די ווערטער איז ער ארײַנגעגאנגענ אינ שטוב, איבערלאָזנ־ דיק כאַימ־בערנ שטיינ אינ דרויסנ... אונ מיט אנ אראָפּגעלאָזט קאָפּ איז כאַימ־בער אוועקגעגאנגענ אפ זײַנ סטאנציע „פּראזדנעוונ", ווי זײַנ באלעבאָס האָט געזאָגט...

אונ ווידער האָט ער צו טאָנ מיט דעמ מעקלער, ווידער גייט ער ארומ פונ איינ גאס אפ דער צווייטער, קוקט אינ די פענצטער פונ די קלייטנ, לייענט די טאבליצעס אונ ס'קומט אימ אפנ געדאנק זײַנ קלייטל, ווו עס איז אויכ געהאנגענ א טאבליצע מיט א אופשריפט.

אונ ער טראָגט זיכ איבער מיטנ געדאנק אהינ קיינ פּיסטעווקע ווו ער, כאַימ־בער, זיצט אינ קלייטל, ס'קומט ארײַנ א קוינע, נאָכ איינער... אָט זעט ער באקאנטע מענטשנ, מע זאָגט אימ „גוט מאָרגנ" אונ ער ענטפערט פרײַנטלעכ „א גוט יאָר"... אונ ס'דאכט זיכ אימ איצט, ווענ ער טראכט אזוי, אז אינדערהיימ איז אימ געווענ גאָר ניט אזוי שלעכט... נאָר באלד שווימט ארויס כאנע מיט די קינדער פאר זײַנע אויגנ אונ ער דערמאָנט זיכ אָנ דעמ שאבעס צו נאכט, ווענ ער איז אוועקגעפאָרנ פונ דער היימ אונ א שוידער לויפט אימ דורכ די ביינער... ער דערפילט זיכ עפּעס ווי זינדיק קעגנ כאנענ אונ ער הייבט אָנ גיינ גיכער, ווי ער זאָל לויפנ ערגעצ וואָס גיכער קריגנ ווו צו פארדינענ אונ אוועקשיקנ כאנענ דאָס פארדינטע...

## V

ארומגייענדיק אינ גאס, האָט כאַימ-בער באמערקט, ווי אפ די אוגאָלנ שטייענ ייִנגלעכ מיט קוישלעכ קאראמעלעס אונ שרײַענ אויס „פארא קאָפּייקא“, פּארא קאָפּייקא“ אונ ער האָט א טראכט געטאָנ, ער וועט אויכ פּרוּוונ. עפּשער וועט ער עפּעס פארדינענ.

אונ כאַימ־בער האָט זיכ אָנגעפרעגט, ווו מע קויפט די קאראמעלס אונ וויאַזוי קויפט מענ זיי, צי אפ דעמ טוצ צי אפ דער מאָס ?.. געלט האָט ער נאָכ געהאט אקעגנ א רובל מיט פופציק קאָפּעקעס. אונ פאר די פופציק קאָפּ. האָט ער געקויפט קאראמעלעס. א קוישל האָט ער אפ זײַנ סטאנציע געליִענ. אונ ווענ ער האָט זיכ מיט דעמ קוישל קאראמעלעס אנידערגעשטעלט אפ אנ אוגאָל, האָט זיכ אימ עטלעכע מאָל געעפנט דאָס מויל אפ אויסצושרײַענ „פארא קאָפּייקא“ אונ ער האָט עפּעס ניט געקאָנט, ווי די צוויי ווערטער וואָלטנ אימ זײַנ צומ גומענ צוגעקלעפּט... ס'האָט זיכ אימ אָנגעהויבנ אויסוויַיזנ, אז יעדער פארבײַגייענדער קענ אימ אונ קוקט אפ אימ... אונ ער האָט זיכ עפּעס געשעמט אפילע די אויגנ אופצוהייבנ... אונ ס'דאכט זיכ אימ, אז ווײַטער דאָרט אפנ צווייטנ אוגאָל קענ אימ געוויס קיינער ניט אונ ער וועט זיכ ניט שעמענ צו שרײַענ. אונ ווי ער קומט אהינ איז ווידער דאָס זעלבע... אונ ער ווערט אינ קאס אפ זיכ אליינ אונ זידלט זיכ... ער נעמט זיכ אָנ מיט הארצ אונ גיט א געשריי „פארא קאָפּייקא“!.. אונ ער פארשעמט זיכ פאר זײַנ אייגנ קאָל אונ קוקט זיכ ארומ אינ אלע זײַטנ... „קאָפּייקא שטוקא“ „פארא קאָפּייקא“ גיט א פארבײַגייענדער קונדעס א געשריי, אונ כאַימ-בערנ קומט די פארב אינ פּאָנעמ ארײַנ.

„אז אפ'לע אזא קונדעס מאכט פונ אימ כייזעק“... גיט ער זיכ א טראכט... אונ ער גייט אוועק ווײַטער אונ ווײַטער אונ אזוי טראָגט ער זיכ ארומ פונ איינ אָרט אפ דעמ צווייטנ מיט דעמ קוישל אונ פארנ גאנצנ טאָג האָט ער מיט מאטערניש קאמ אָפּגעלייזט צוואנציק קאָפּעקעס. אפנ צווייטנ טאָג איז ער ארויסגעגאנגענ מיט די איבעריקע קאראמעלעס. אונ ווײַטער דאָס זעלבע, נאָכ מערער, ער שעמט זיכ שוינ אפילע צו גיינ מיטנ קוישל אפ דער האנט. ס'ווײַזט זיכ אימ אויס, אז מע קוקט אימ נאָכ אונ מ'שאָקלט מיט די קעפּ... אונ ער קערט זיכ אומ אפ דער סטאנציע..

איינמאָל, דאָס איז געווען עטלעכע טעג נאָך דער פּראָבע מיט די קאראמעלעס, איז כאַיִם-בער ארומגעגאנגען שטארק פארזאָרגט. פון דער היים האָט ער דערהאלטן א בריוו, ווו כאנע שרײַבט אים, אז מוישע האָט איר נאָך ניט אָפּגעגעבן אײנגאנצן דאָס געלט און זי גייט מאמעש אויס מיט די קינדער פון הונגער. זי בעט אים אין דעם בריוו, ער זאָל זען עפּעס אַן אייצע געבן זיך און איר ארויסשיקן כאָטש א פּאָר קערבּלעך. עלע ניט, ווייסט זי ניט וואָס עס וועט איר אויסקומען צו טאָן...

די בריוו האָט כאַיִם-בערן דעם קאָפּ פארשלאָגן. און דאָ האָט ער שוין ניט קיין צוויי גראָשן אין קעשענע... ער האָט זיך געזען מיט דעם מעקלער, און דער מעקלער האָט אים געענטפערט, אז דערווײַל האָט ער פארזײַנטוועגן גאָרניט... אז עס וועט זיך מאכן, וועט ער אים אין זינען האָבן.

און כאַיִם-בער גייט אום ניט צו וויסן, אף וואָס פאר א וועלט ער איז און זײַן הארץ ווערט שיר ניט צעפּלאצט פון ווייטעק און יעסורים.

גייענדיק אזוי, דערהערט ער, ווי עמעצער האָט אים א רוף געטאָן בא זײַן נאָמען, ער האָט זיך אומגעקוקט און אף זײַן פּאָנעם האָט זיך א פרייד צעגאָסן, גלײַך ווי מע וואָלט אים עפּעס א פריילעכע בסורע אָנגעזאָגט. ער האָט דערזען נעבן זיך זעליקן, זײַנער א באקאנטער פון פיסטעוווקע.

— זע נאָר, ווי קומסטו אהער?.. האָט זעליק אויסגעשריִען פריילעך, געבנדיק כאַיִם-בערן די האנט — שוין לאנג ביסטו דאָ?

— יאָ, שוין אריבער דרײַ וואָכן, האָט כאַיִם-בער אים געענטפערט און אים באטראכט פון קאָפּ ביז די פיס.

— הערסט, זעליק, ווען איך זע דיר און דו רופסט זיך ניט אָפּ צו מיר, וואָלט איך דיר ניט דערקענט, עפּעס ביסטו ניט דער זעליק, וואָס אינדערהיים...

— אזוי! ? כע, כע, כע, ווי דען מיינסטו, ברודער? אָדעס אנדערשט איבער! ס'איז אָדעס!.. האָט זעליק מיט א מאָדנעם מין טאָן ארויסגעזאָגט די ווערטער „ס'איז אָדעס!..״ — וואָס הערט זיך בעסער אינדערהיים, א, כאַיִם? שוין פיר יאָר, זאָגט ווײַטער זעליק, — פיר יאָר שוין, אז איך בין פון דער היים. אי וואָלט איך זיך שוין געוואָלט דורכפּאָרן. כאָטש ווען האָב איך דאָרט? גאָרנישט... עפּעס ווילט זיך... שוין

פיר יאָר האָב איך דאָס פרײַע פעלד ניט אָנגעקוקט... א, וואָס זאָגסטו כאַים? דו בענקסט נאָך ניט, וואָס?.. אַפ פײסעך מירצעשעם דארפ מען זיך דורכפאָרן, פאָרסט אהיים, א? עפּעס ציט...

— מיט וואָס-זשע פארנעמסטו זיך דאָ, זעליק? האָט כאַים-בער איבערגעשלאָגן.

— מיט וואָס? איך ארבעט בא ברויט... עט, ניט אזוי פויגלדיק, נאָר גאָרנישט...

— נו, און דו?—רעדט ווײַטער זעליק.—האָסט שוין עפּעס וואָס צו טאָן, כאַים?

— איך האָב שוין אוספּעיעט צו האָבן און האָב שוין ניט. אין דער שפּיץ איז: ס'איז שלעכט, שלעכט וואָס שלעכט הייסט.

— אזוי!? נאָר פונדעסטוועגן זאָרג ניט, מיסטאמע וועט גאָט העלפן. קום! וואָס שטייען מיר, לאָמיר ארײַנגיין אין טראַקטיר.

אין טראַקטיר האָט זעליק געהייסן דערלאנגען „אפּ צווייען", ער האָט געקויפט עטלעכע בייגל, א צוויי אייער און אָנגיסנדיק אין די גלעזער טיי, האָט זעליק ווײַטער אָנגעהויבן ריידן.

— הײַנט, זאָגט ער, ארבעט איך ניט. ס'איז אפּ הײַנטיקן טאָג קיין ארבעט ניט געווען. מאָרגן, דאכט זיך, וועל איך ארבעטן. עט, כאַים-בער. הערסט, ברודער, דו קענסט גאָרניט וויסן, ווי מיר בענקט זיך אהיים... אז מען ארבעט איז גאָרניט... נאָר אז ס'מאכט זיך אָט אזוי, אז מע גייט ארום א פּאָר טעג ליידיק, וווהין צו גיין האָסטו ניט, האָסט ניט קיינעם... ווער בין איך דאָ? א?.. אין עמעסן א טשאָר-נעראבאָטשע. אין טעאטער קאָן איך גיין? נייןג. „גאש בראט" קאָן זיך עס ניט פארגינען... וווהין-זשע דען גייט מען, מ'איז דאָך א מענטש מיט א נעשאָמע. א, ניט אזוי? א סעמיינער מענטש איז עפּעס אנדערש, ווי ס'איז דאָרט... דו קומסט אהיים צו זיך, צום ווײַב, צו קינדער, האָסט מיט וועמען אויסצוריידן א וואָרט, מיט וועמען צו פארברענגען. אָבער אז דו האָסט ניט קיינעם, ביסט איינער, פרעמד... וווהין-זשע גייט מען, זאָג איך, א? אין טראַקטיר! דאָ זעצסטו זיך אנידער בא א טישל, נעמסט דיר א פּאָר טיי און זיצסט, די מאשין שפּילט, זי פּײַקלט, א ליארעם, א געפּילדער, דאָ קושט מען זיך, דאָרט פּאטשט מען זיך, דאָ זידלערײַען, דאָרט געשרייען, עפּעס איך ווייס וואָס?.. א יאריד אין בויבעריק... נאָר וואָס גייט עס דיר אָן, א? זיצסטו זיך בא דער

טיי און טראכסט, טראכסט... פון וואָס, א, טראכט א ייִד? פרעג מיך. פון דער היים! וועל איך דיר ענטפערן... עפּעס איז דערנסטמאָל א מע-כאיע צו טראכטן פון דער היים... דערמאָנסט זיך אָן דעם, אָן יענעם... און ס'ווייזט זיך דיר אויס, דו ביסט דאָרט און גייסט זיך וווהין דו ווילסט, שפּאצירסט זיך אפ די הילצערנע בריקלעך. א, כאיִם, האָסטו עפּעס ליב צו גיין אפ די הילצערנע בריקלעך גלאט אזוי... דאָ זעט מען זיי ניט... וואָס?

און בא די ווערטער האָט זעליק אופגעשטעלט אפ כאיִם-בערן די אויגן און האָט עפּעס אזוי גענקוקט אפ אים, ווי מיט געבעט... ווי ער וואָלט וועלן אויסבעטן בא אים די ווערטער: יאָ, מײַן עלנטער ברודער, יאָ, איך פארשטיי דיך גאנץ גוט...

— ס'איז אָדעס!.. אָדעס בעס, ווי זאָגט מען דאָ א ווערטל... הא! מטא, א, דערצייל עפּעס כאיִם פון דער היים, דערצייל, לאָמיר א ביסל פארברענגען, זאָגט זעליק א קנאק געבנדיק מיטן צונג.—איך בין זיך מעכאיע, וואָס איך האָב דיך דערזען, ווי איך בין א ייִד, ווי מײַן אייגענעם ברודער.

— וואָס זאָל איך דיר דערציילן?—האָט כאיִם-בער א זאָג געטאָן מיט א זיפץ.

— ע, ניט געזאָרגט! דו, וואָס פאר א זיפצן? וואָס, גאָט וועט העלפן, דו וועסט ניט פארפאלן ווערן. אויב דו ווילסט, נאָר הערסט כאיִם? קענסט מיט מיר מאָרגן גיין ארבעטן. אכציק קאָפּעקעס א טאָג. און וואָס? מיסטאמע וועל איך שוין זען דיך ארײַנדרייען, ווילסט?

— וואָס פרעגסטו, מענטש איינער, דארפסט נאָך פרעגן. איך בין געקומען אהער זיך בענטשן? איך גיי אום אָן א קאָפּעקע אין קעשע-נע, דאָס ווײַב מיט די קינדער גייען דאָרט אויס פון הונגער און ער פרעגט מיר גאָר צי איך וויל. האָט אים כאיִם-בער געענטפערט שוין גאָר מיט אן אנדער מין טאָן, אין וועלכן ס'האָט זיך פרייד און דאנק-בארקייט צוזאמען אויסגעמישט.

— אזוי, זאָגט זעליק, האָסטו שוין א ווײַב מיט קינדער. א סאך?

— צוויי, — האָט כאיִם-בער געענטפערט.

— שוין לאנג האָסטו כאסענע געהאט?

— דאָס דריטע יאָר.

— אזוי! אָ, ווי עס לויפן די יאָרן. דאכט זיך ערשט-אָ כאיִם,

דאכט זיך, ערשט ניט לאנג זײַנען מיר געווען קינדער, וואָס? ווי א כאָלעם, ניינ?..

— ווי דען מיינסטו? די גאנצע וועלט איז א כאָלעם.

— אוי, אוי, אוי! האָט זעליק א זיפצ געטאָנ — כאַים, דערציייל מיר עפּעס, וואָס הערט זיך בא אונדז?!

— ווארט, האָט כאַים-בער זיך אָפּגערופנ — בלײַבט עס, אז איך גיי מיט דיר מאָרגנ ארבעטנ?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, מאָרגנ פארטאָג זאָלסטו ארויסקומענ אינ קאראנטינ...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

# א פרעמדער

פרי. אלע זײַנען שוין דאָ, ארום 50 מאַנסלײַט, מיידלעך שטייען בא דער פאבריק און ווארטן. דער קאָנטראָליאָר דארף קומען עפענען די פאבריק. מען רעדט, מען לאכט, אייניקע ציִען זיך נאָך פארשלאָפן, און די לופט איז נאָך פריש, כאָטש די זון ווארעמט שוין גוט און צענעמט מיט אירע שטראלן אָפּ די בלײַענדיקע אקאַציעס יעדעס בלעטעלע באַזונדער און לאָזט פון זיי ארויס דעם שמעקעדיקן רייעך אין דער לופט. דאָ און דאָרט הערט זיך נאָך דאָס פײַפן פון די פאבריקן. ארבעטער און ארבעטערנס אופגעוועקט פון דעם פײַפן, לויפן גיך, גיך ווי זיי וואָלטן זיך ניט געוואָלט צוגעווינען צו דער שמעקנדיקער לופט פון דעם פרימאָרגן. און קליינע פייגעלעך טראָגן זיך ארום אין דער פרײַער לופט צווישן די שמעקנדיקעביימער און ווארפן זיך איבער מיט א לאָשן פון פריילעכן געזאַנג, און עס דאכט זיך, אז זיי שפּאָטן און לאכן אויס די נארישע, „פארטאראראמטע" לויפנדיקע מענטשן...

ארום יאָנען שטייט א רעדל.

— א פרעמדער! — טוט איינער א זאָג, ארײַנקוקנדיק יאָנען אין פּאָנעם ארײַן — איר ווילט עפּשער אַן אוואנסל, יונגערמאן?..

— אוועק, דו באלבעסניק, אָט כאפּסטו אין באק — גיט איינער א געשריי, — אַן ארבעטער איז געקומען זוכן ארבעט, און ער...

— ווּ האָט איר געארבעט ביז אהער? — גיט ער א פרעג בא יאָנען, וואָס שטייט ווי צעמישט. יאָנע רופט אָן א פאבריק. יענער גיט א קנייטש מיטן שטערן און זאָגט: — ניט קיין באקאנטע פאבריק, ווּ איז דאָס ערגעץ? אין פּוילן?

— יאָ! ענטפערט יאָנע מיט א פארביטערט הארץ. די לעצטע האָפענונג איז די פאבריק. אומעטום איז ער שוין געווען, דאָ דארף מען ניט

קיינ ארבעטער, דאָרט נעמט מענ קיינ מאנסלײַט ניט צו, נאָר מיידלעכ, אונ דאָ דרייט ער זיכ שוינ ארום א פּאָר וואָכנ אָנ ארבעט, אונ אינ קעשענע טאָגט...

געקומענ איז ער פונ א קליינ שטעטל, ווו ער האָט געארבעט פּרוכטנ פונ גיפּס אונ צופעליק זיכ אויסגעלערנט מאכנ פּאפּיראָסנ, נאָר ניט ביידע מעלאָכעס איז אימ מיט זײַנ מוטער אויסגעקומענ צו הונגערנ אינ דעמ קליינעמ שטעטל, ווו די מעלאָכעס גייענ ווייניק וואָס אָנ, אונ געהערט האָט ער, אז אינ א גרויסער שטאָט נעמט מענ אינ א פּאפּיראָסנ-פאבריק 50 קאָפּעקעס פונ טויזנט אונ בא זיי — נאָר 20. דאָס האָט אימ א צי געטאָנ צו דער גרויסער שטאָט, אונ ער איז אוועק, צוזאָגנדיק דער מאמענ, אז ער וועט זי מיט גאָטס-הילפ ניט לאָזנ פאלנ. אונ אָט איצט, נאָכ א לאנגנ זוכנ אונ זיכ נאָכפרעגנ, האָט ער באקומענ א פרײַענ פּלאצ בא טאָפּטעמעיאָגלענ אינ פאבריק, ווו ער איז איצט געקומענ דאָס ערשטע מאָל צו דער ארבעט.

— בא אײַכ טרײַבט מענ איצט די טשערעדע אינ פעלד? א יאָ, פּוילישער? — גיט עמעצער פונ די ארבעטער א פרעג.

— אונ די גויִים טראָגנ גרינע ציבעלעס מיט רויטע מייערלעכ אינ מארק,— כאפּט אונטער א צווייטער.

יאָנע קוקט זיי אָנ מיט א שמייכלענדיק פּאָנעמ אונ טראכט בא זיכ: כעוורע לייצים!

— איר זאָלט נאָר זענ — באמערקט נאָכ איינער — ווי א באהעלפער שלעפּט אינ דער צײַט פּאמפּעשקעס אינ כיידער!

— כא-כא-כא! צעלאכט זיכ איינער אפנ קאָל, אונ פּלוצלינג פארגייט ער זיכ מיט א קינדעריש געוויינ: — אָי, מא-מאמע פכע-פכע, מא. פכע-פכע...

— קומ אינ כיידער, דו הונט, קומ! — ענטפערט איינער אָפּ מיט א גראָב קאָל, אימ שלעפּנדיק באמ ארבל. —

אלע לאכנ, די מיידלעכ קלאפּנ די צוויי לײַט איבער די פּלייצעס אונ פארגייענ זיכ מיט א פריילעכ געלעכטער.

דער מײַסטער קומט אָנ אונ טוט א ווונק צו יאָנענ, יאָנע גייט צו אימ צו אונ אלע קוקנ נאָכ...

— איר קומט ניט לאנג אָנ פונ פּוילנ? — פרעגט דער מײַסטער, עפּעס צושמייכלענדיק, אונ ווארפט א קוק אפ יאָנעס בגאָדימ.

— יאָ — ענטפערט יאָנע, בײַסנדיק דעם נאָגל פונעם גראָבן פינגער...

— נו, גוט, זאָגט דער מײַסטער, באמערקנדיק ווי אלע קוקן אפ יאָ־נען—דעם ערשטן טאָג וועל איך אײַך געבן א גרינגע פאָרמאט, נאָר זעט די ארבעט זאָל זײַן גוט. איר זײַט א פרעמדער, איר דארפט זיך צוסטארען...

— א דאנק, ענטפערט יאָנע, און פילט דערבײַ, אז ער דארף נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ער שווײַגט...

— דער קאָנטראָליאָר גייט! — גיט עמעצער א געשריי, אלע קוקן זיך אום און זעען ווי דער קאָנטראָליאָר גייט.

— גיין זאָל ער שוין אפ קוליעס — ווארפט עמעצער אונטער.

— ווייסט אים דער רוח — זאָגט נאָך איינער — ווי ליגט ער עס אויס אזא טאָג, ווי א הונט, בא דער טיר און טוט גאָרניט, מ׳קאָן דאָך מע־שוגע ווערן!

— הערסטו? זאָגט א דריטער: דערפאר זײַנען דאָך אלע קאָנטראָ־ליאָרן אָדער אויוואר-באָטלדיקע אָדער אזוי טויגעניכצן.

— מע וואָלט אים געדארפט עקספּראָפּריִירן, דעם אָנלעגער,—זאָגט א פערטער.

— ניין, ווארט בעסער, עפּשער וועט מען דעם טאכשיט מאכן פאר א נאטשאלניק, וועט זײַן מער אינטערעס אים צו נעמען...

דער קאָנטראָליאָר איז צוגעקומען, ניט קוקנדיק אפ די ארבעטער, האָט ער זיך געגריסט מיטן מײַסטער, וועלכער האָט גענומען אופשליסן די פאבריק.

ארופקומענדיק אין פאבריק איז יאָנע געבליבן שטיין, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. א נײַעס פאר אים, דאָס ערשטע מאָל איז ער אין א פאפּיראָסן-פאבריק. ער זעט א גרויס צימער, פענצטער מיט רעשאָטעס פון דראָט, טישן און בענק און טישן; יעדער באזונדער זעצט זיך אפ זײַן אָרט, נעמט זיך צו זײַן ארבעט; דער מײַסטער ווײַזט אָן, רעדט, אײַלט זיך און שאפט, און ער יאָנע האָט נאָך ניט קיין פלאץ, ניט קיין ארבעט, ער גייט צו צום מײַסטער.

— א! — גיט דער מײַסטער א מאך, דערזעענדיק יאָנען: — קומט, זעצט זיך אפ דעם אָרט און באלד גיב איך אײַך ארבעט.

יאָנע ווארפט אראָפּ דאָס רעקל, פאַרשארט די ארבל, ווי אנדערע האָבן געטאָן, און זעצט זיך אנידער.

באלד האָט אים דער מײַסטער צוגעטראָגן טאבעק מיט בילזן.

— הער-זשע, — זאָגט ער צו אים, — די ארבעט זאָל זײַן גוט.

יאָנע הייבט אוף די אויגן און זאָגט מיט א ווייך קאָל: — דעם פּאָר-מאט? אָט וועט איר זען!.. און דערבײַ טראכט ער: ער האָט מיר צו-געטראָפן. דעם פֿאָרמאט קאָן איך גוט... און, צעמישנדיק דעם טאבעק, נעמט ער זיך מיט כיישעק צו דער ארבעט...

גיך און גרינג ארבעט ער און ציילט די פּאפּיראָסן, וואָס פליִען בא אים פון די הענט, ער איז פארטיפט אין דער ארבעט און באמערקט ניט, ווי די מיידלעך וווארפן אָפּ אים אויגן און שושקען זיך וועגן אים,

— דו וואָלסט געוואָלט האָבן אזא כאָסן? — פרעגט איינע שנעל בא דער צווייטער.

— אוי, גאָטעניו, זע נאָר בעסער זײַן פּראָפיל — מאכט די צווייטע — האלעוואַי וויל ער מיך.

— טאקע נאָר אין פוילן זײַנען דאָ אזעלכע, רופט זיך אָן א דריטע.

— ווי מיינט איר, ער האָט שוין אמאָל א קוש געטאָן א מיידל?

— מע קאָן וויסן, מיינסטו? דוכט זיך גאָט די נעשאָמע שול-דיק און אין אים קאָן ליגן אכצן שאָק רוכעס.

— גיי, ביסט א נאר, באמערקט די ערשטע, דו האָסט ניט געזען, ווי ער גיט א שמייכל עפּעס אזוי נאִיוו... אוי, גאָטעניו, באשער מיר אזא כאָסן! ער איז דאָך בלוט און מילך, ריין, ווי א לעמעלע, זע נאָר זײַן פּאָנעם! זײַנע ברעמען! גאָטעניו! — טוט זי א ציטער, ווי פון קעלט, און צעלאכט זיך מיט א פריילעך געלעכטער.

— שא נאָר, כאשקע, — זאָגט איינע — דו ווייסט, די יונגעלײַט מוזן אויך נאָר ליב האָבן מיידלעך אזעלכע ווי ער...

— יאָ, וואָס דען? — זאָגט א צווייטע מיט אן ערנסטן פּאָנעם, — טאקע באם טאבעק קאָן מען זײַן אזוי ווי ער... ווי לאנג בין איך ערשט געווען אזוי? האָב צײַט, וועסט אים אָנקוקן שפּעטער. זעסט? קוק אָן! — גיט זי א ווונק אפּ די ארבעטער.

— עטי-פּעטיע, צוגעפּאסט... א גלײַכונג... זיי זײַנען דער רועך ווייסט וואָס און... טרינקען, אָבער ער? גיב א קוק אפּ אים, פארשעמט ער זיך, דו ווייסט וואָס דאָס הייסט?.. איך בין אויך אמאָל אזוי געווען,

ווייס איך, האלעוויי וואָלט איך די פאבריק מיט די קאדעטן ניט געוועג געקענט, אוי, אָ...

— אוי, טוט נאָך איינע אַן אויסגעצויגענעם זיפץ.

— פונוואַנען נעמט זיך א ליבע?.. הייבט אָן איינע טרויעריק צו זינגען.

— פון ריידן און פון שמועסן און פון לאַכן! — כאַפּט א צווייטע אונטער, באַלד פאלט צו א דריטע מיט אַן אנדער ליד, און פארקי־שעפּט די פערטע, די פינפטע, און דאָס ליד צעגיסט זיך איבער דער פאבריק און אָט רייסט זיך ארויס איינע פון דעם געזאַנג מיט א הויכן טרויעריקן קאָל:

אוי, ווער עס זאָגט... אז ליבע איז ניט קיין קרענק
אוי, אוי, אוי!.
פון א ליבע ווערט מען דאָך אָן אלע פארבן.
אוי, ווי, א ליבע איז אַן אומגליק אַף דער וועלט,
מע קאָן פון איר דאָך שטארבן...

דאָ מישן זיך ארײַן א פּאָר מאַנסלײַט און זינגען:

„מיר ווערן געהאסט און געטריבן"... עטלעכע מיידלעך זינגען מיט, נאָר יענץ קאָל זינגט זיך ווײַטער טרויעריק און פארטיפט:

אז מע וועט דיר קומען זאָגן, אז איך בין געשטאָרבן אוי, אוי, אוי,
זאָלסטו מיך מעכילע קומען בעטן,
איך האָב צו דיר ניט איך בין דיר מויכל,
צו א ליבע שפּילן קאָן איך דיך ניט נייטן.

און האסטיק און פריילעך קלאַפּן די שטעקלעך אָן די טישן, ווי זיי זינגען זייער ליד אַף זייער לאָשן.

יאָנע זיצט זיך פארטיפט אין דער ארבעט. דאָס געזאַנג מיט דער קלאפּערײַ ווירקן אַף אים, כאָטש ער האָט נאָך עפּעס אנדערש אין זינען, נאָר דאָס גיט אים צו כיישעק, און ער ארבעט געשמאַק, ציילנדיק די פאפּיראָסן, 300 האָט ער שוין, 12 קאָפּעקעס, — טראַכט ער און ער מאַכט א כעזשבן; — ווי באַלד אזוי, וועט ער מאַכן 1500 פּאפּיראָסן א טאָג, וועט ער האָבן אזוי גרויס ווי?.. 60 קאָפּעקעס, 26 טעג — וועט ער האָבן 15 רובל מיט 50 קאָפּעקעס א כוידעש... עס ווערט אים פריילעך אַפן הארצן, 10 רובל וועט ער פארלעבן... יאָ, ער וועט קאָנען שיקן דער מאַמען א 5 רובל דעם כוידעש... ער וועט נאָך צונעמען א

גוט מיידל, א שטעלערקע, טראכט ער זיך, וועט ער מאכן פיל מער...
ע... ע... און ער ארבעט נאָך מיט מער כיישעק...
— פּוילישער — גיט אים א רוף איינער, וואָס מע רופט אים דאָ יאָסעלע מארטשעק: איר ווייסט, אז בא אונדז דארף מען זיך פארשרייבן אין דער אָרגאניזאציע?
יאָנע קוקט זיך אום צו אים מיט א שמייכל אף די ליפּן. וואָס דאָס איז ווייסט ער ניט און איבערפרעגן שעמט ער זיך, און מיט זיין שמייכל פארענטפערט ערביידע זאכן.
די מיידלעך ווינקען זיך איבער און קוקן אף אים צעפרידן מיט דערעכערעץ. — ער ווייס מיסטאמע בעסער פון זיי, — זאָגט איינע צו דער צווייטער. נאָר א פרעמדער, פארשטייסט? מאכט ער זיך ניט ווייסנדיק...
— ער ווייזט אויס א געלערנטער, — באמערקט די צווייטע.
— בא אונדז, פארשטייט איר מיך, —זאָגט ווייטער יאָסעלע מארטשעק, ניט קיין פארשריבענער איז פונקט ווי א הונט אָן א בוזעמ-קע-שענע. און זייענט איר א פארשריבענער, איז דערזשי מאָרדו, בורזשוי! איר פארשטייט? און מען געטרויט אייך א שפּייער... בא אייך ווייסט מען דערפון, הא?
— ניין, ענטפערט יאָנע, בא אונדז רעדט מען אנדערש...
— נו, וואָס? פארשטייט איר מיך, זאָגט יאָסעלע, א ווייז געבנדיק מיטן שטעקעלע צו יאָנען...
— ווי דען, מאכט איינע פון די מיידלעך, ער ווייסט קלוימערש ניט! איר זעט ניט ווי ער מאכט זיך פאר א יאָלד.
— ער וועט זיי אלעמען פארשטעקן אונטערן גארטל, — מאכט א צווייטע.
— די אויגן זיינע ברענען, באמערקט נאָך איינע.
— אוי, ווי נעמט מען אזוינס! — גיט איינע א זיפץ.
— נו, וואָס הערט זיך? — גייט צו דער מייסטער צו יאָנען און בא-טראכט זיין ארבעט. יאָנע ווארט מיט א קלאַפּנדיק הארץ.
— איר ווייסט, איר ארבעט ניט שלעכט, — זאָגט אים דער מייס-טער — ווארט אויס, איך וועל אייך געבן א גוטע שטעלערקע, וועט איר זיך איינארבעטן און וועט פארדינען.
יאָנע דאנקט אים און טראכט זיך: גאָר א ווייל מענטשל...

ניט ווײַט פונ יאָנעג, זיצט א יונגערמאַנ, וואָס מע רופט אים דאָ זעליקל קאַדעט אונ רעדט עפּעס מיט א צווייטנ, כאַפּנדיק אַלע ווײַלע א קוק צו יאָנעג. יאָנע באַמערקט עס, פאַרשטייט, אז דאָס ריידנ זיי פונ אים, נאָר ער קוקט ניט צו זיי, אונ מאַכט זיכ גלײַכ ווי ער ווייס פונ גאָר ניט.

— עפּשער איז ער גאָר א שפּיק? הערט יאָנע, ווי יענער זאָגט צו זעליקנ: מע דאַרפ אים א טאַפּ טאָנ באַם דויפּעק.

— גיי, ביסט א נאַר, ענטפערט זעליק: מע דערקענט אינ א פּאָנעם, וואָס דאָס האַרצ פאַרמאָגט, אָט וועסטו זענ.

מיט די ווערטער הייבט ער זיכ אופ אונ רוקט זיכ צו צו יאָנענ. יענער קוקט נאָכ.

— זאָגט, איר ווייסט, וויַאזוי מע דערקענט א שפּיק!..—גיט ער מיט-אמאָל א זאָג צו יאָנענ אונ קוקט אים אַרײַנ אינ פּאָנעם. יאָנע שטעלט אָנ אפ אים צוויי נאַיווע שמייכלדיקע אויגנ אונ פרעגט פּאָשעט: וואָס הייסט?

זעליקל גיט א פיל באַדײַטנדיקנ קוק אפ יענעמ, יענער גיט א שמייכל אונ לאָזט אַראָפּ דעמ קאָפּ צו דער אַרבעט אונ זאָגט מיט אנ ערנסטנ פּאָנעמ:

— נאַט, וועט איר לייענענ! יאָנע נעמט דאָס פּאַפּיר אונ לייגט עס אַרײַנ אינ קעשענע.

— אפּדערנאָכט — זאָגט אים ווײַטער זעליקל,—גייט איר מיט אונדז אינ טראַקטיר, וועט איר זיכ באַקאָנענ מיט כעוורע פּונ דער אָרגאַניזאַציע.

— גוט, זאָגט יאָנע, אונ פאַרייכערט זײַנ פּאַפּיראָס. זעליקל לייגט אים אַרופ די האַנט אפנ אקסל, גיט אים א קוק אינ פּאָנעם אונ זאָגט מיט א ווייכנ פרײַנטלעכנ טאָנ: טאָוואַרישטש, וואָס זײַנט איר אזוי בלייכ? איר אַרבעט שוינ לאַנג באַם טאַבעק?

— ניט לאַנג — ענטפערט יאָנע, א קוק געבנדיק אים אינ די אויגנ מיט אזא מינ קוק, ווי ער האָט אמאָל געגעבנ אפ דער מאַמענ, ווענ זי האָט אים א קוש געטאָנ... זעליקל קאַדעטנ גיט ער א טראַכט אונ דער-פילט צו אים עפּעס א מאָדנע ליבשאַפט. „טאָוואַרישטש, וואָס זײַנט איר אזוי בלייכ"? כאַזערט ער אינ זיכ, ווי די ווערטער וואָלט אים זײַנ געליבטע געזאָגט... אונ דערבײַ בליצט אופ א געדאַנק: מע דאַרפ אָנהייבנ עסנ אַלע טאָג א שטיקל פלייש...

— זעליקל, גיט עפּעס א מיירל א געשריי, א קלאַפּ געבנדיק מיטן שטעקעלע אין טיש: קום א הער, מײַן טײַערס, זעצ זיך נעבן מיר...

— אפּדערנאַכט, הייסט עס, גייט איר מיט אונדז! — גיט זעליקל א קלאַפּ יאַנען אין פּלייצע און גייט צו צו דעם מיידל.

— רייד מיר אים פּאָר א כאָסן, — זאָגט זי צו זעליקן, א ווונק געבנדיק אָפּ יאַנען.

— נו, און מיך שיטסטו שוין ארויס, מײַן ברילִיאַנט? — זאָגט ער א קניפּ געבנדיק איר אין באַק.

— א, — גיט זי א געשריי, אים אָפּשטופּנדיק פון זיך.

— שטיל, דו כימיטשעסקע אָבסטרוקציע! — גיט איינער, וואָס מען רופט אים דאָ דאָווידל באַמביסט, א געשריי.

— און דו, מיש זיך ניט, ניט פון דײַן פּאַרטיי זײַנען מיר, — ענטפערט זי.

— זאָל זײַן שטיל, סאָרעלע! זע נאָר בעסער, די ארבעט זאָל זײַן גוט, — וואַרפט אונטער דער מײַסטער.

— שאַט, שאַט ר׳ יִדעלע, הײַנט שרײַט מען ניט אזוי הויך! הײַנט זײַנען מיר אויך מענטשן, נישטאָ אמאָליקע צײַטן! רעדט סאָרעלע, — הײַנט איז „סוואָבאָדא סלאָווא" וואָס איך וויל רייד איך און איר טאָרט מיר גאָרניט זאָגן!..

— נו, נו, מאַך צו דעם פּיסק — ענטפערט בייז דער מײַסטער.

— וואָס זאָגסטו?.. זאָגט סאָרעלע ברוגעז און ווערט רויטלעך...

— א קאָזאַצקע א מיידל: — גיט יאַנע א טראַכט, א קוק געבנדיק אָפּ סאָרעלען — זי האָט גאָרניט קיין מורע פאַר אים.

עס גיט א קלונג א גלעקל. דער מײַסטער גייט צו צו דער וואַנט און לייגט צו דעם אויער עפּעס צו א רערל.

— ווער דאַרף צום דאָקטער? דער דאָקטער איז געקומען! — שרײַט ער אויס.

— מען האָט אים אין דער ערד — גיט עפּעס איינער א ברום, צוויי מאַנסלײַט וואַרפן די ארבעט און גייען אראָפּ צום דאָקטער.

— כאַשקע, כאַשקע, — שרײַט איינע: — גיי אראָפּ, וועלן מיר זען, וואָס וועט ער דיר געבן, זאָג אים אז דער קאָפּ טוט דיר וויי.

כאַשקע, א געזונט יונג מיידל גיט זיך א הייב פון אָרט און מיט א פריילעך געלעכטער לויפט זי אראָפּ.

— וואָס גייסטו ניט, כאַים? ביסט שוין געזונט? — זאָגט דער מײַסטער.

— מע האָט אים אין דר'ערד — ענטפערט כאַים בייז.

— אזאַ שלאפער מענטש און וויל ניט גיין צום דאָקטער, — גיט יאָ-נע א טראכט, א קוק געבנדיק אפ כאַימענ מיט ראכמאָנעס.

אינ עטלעכע מינוט ארום קומענ ארופ די צוויי מאנסלײַט מיט צו-נויפגעלייגטע פאפירלעכ אינ די הענט.

— וואָס האָט ער אײַכ געגעבנ? — גיט כאַים א פרעג — ווײַזט נאָר! יענע צענעמענ די פאפירלעכ און ווײַזנ.

— ס'אייגענע, איטלעכנ ס'אייגענע, — רעדט כאַים — זאָג אים, אז דיר שטעקט א שפילקע אינ פופיק, וועט ער דיר אויכ געבנ פראָשקעס...

— ווייסט אים דער רועכ! ער באטראכט אפילע ניט — זאָגט איינער פונ די צוויי: איכ זאָג אים, אז ס'הארצ טוט מיר וויי, ענטפערט ער — איכ ווייס, — און גיט מיר פראָשקעס.

— מיר הייסט ער טרינקענ מילכ און עסנ א סאכ, — זאָגט דער צווייטער.

— און וואָס פעלט דיר? גיט כאַים א פרעג.

— ווייסט ניט וואָס? — „א טערקל מיט א רויטער פעסקע" פעלט מיר, און ער גיט מיר, זע: א ביסל מעל. וואָס טראכט ער זיכ, איכ בעט דיכ?

— באשפײַ אים מיט בלוט און וואַרפ אים ארויס פאר די הינט, ענט-פערט כאַים.

— ביסט טאקע באלד געטראָפן, — זאָגט יענער און צעשיט די פראָש-קעס אפ דער ערד...

כאשקע קומט ארופ מיט א געלעכטער, האַלטנדיק עטלעכע פראָש-קעס אינ דער האנט.

— נו, וואָס? — באפאלנ זי עטלעכע קוילעס.

— א ביסל פודרע האָט ער מיר געגעבנ, — איכ זאָג אים דער קאָפ טוט מיר שטארק וויי, — ענטפערט ער: — איכ ווייס און גיט מיר א ביסל פודרע. קוק איכ אים אָנ, זאָגט ער, — גיי, גיי, דרײַ מאָל אינ טאָג.

— כא, כא, כא! וואָס זאָגט איר צו זײַנ טאטנ! דרײַ מאָל אינ טאָג זאָל איכ זיכ פודרענ, וועט דער קאָפ ניט וויי טאָנ.

אלע שיסן אויס א געלעכטער.

— נאר דו! דאָס האָט ער דיר געגעבן אף אײַנעמען — באמערקט אײנע.

— איך האָב אים אין דער ערד, טאָמער דארף איך נאָך באקומען א בויך-ווייטעק — זאָגט כאשקע און צעשיט די פראָשקעס.

— פּוילישער, טוט כאַים א געשריי צו יאָנען, וועלכער זיצט די גאנצע צײַט און פארשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר: עפּשער גייט איר אין ענגע שיך, גייט אראָפּ צום דאָקטער וועט ער אײַך געבן א ביסל פּודרע.

— שאַט, דער אָנלייגער גייט! — גיט עמעצער א זאָג.

— נו, איז וואָס? — זאָגט דער צווייטער, און עס ווערט שטיל...

דער „אָנלייגער", ס'הייסט דער באַלעבאָס, קומט ארײַן ארויסשטעלנדיק דעם שפּיציקן בויך, די הענט פארלייגט א הינטער און ווארפט זײַנע באַלעבאַטישע בליק איבער די קעפּ, וואָס שאָקלען זיך איבער די טישן. ס'איז שטיל. נאָר די שטעקעלעך קלאַפּן און פּאַפּיראָסן, ווי הייזעריקע, פליִען פון די הענט. „ער" גייט צו צום מײַסטער און פרעגט אים עפּעס, אָנווײַזנדיק מיט א ווונק אף יאָנען. דער מײַסטער זאָגט אים עפּעס און שמייכלט צו. יאָנע באמערקט עס, דאָס ריידן זיי פון מיר, — גיט ער טראכט, און זײַן הארץ הייבט אים אָן שטארקער צו קלאַפּן. דער „אָנלעגער" גייט צו צו יאָנען.

— א סאך האָסטו שוין געמאכט? פרעגט ער, באטראכטנדיק זײַן ארבעט.

יאָנע זאָגט אים וויפל און דערפילט, אז די פארב קומט אים אין פּאָנעם ארײַן, לאָזט ער אראָפּ דעם קאָפּ צום טיש און ארבעט.

— צו וועלכער פּארטיי געהערסטו — גיט דער „אָנלייגער" א פרעג בא יאָנען מיט א שמייכעלע אף די זאַפטיקע ליפּן, — אוואדע א ציִעניסט? גיט ער צו איראָניש, א קוק געבנדיק אפן מײַסטער, יענער שמייכלט צו מיט כניפע.

— מײַן ארבעט געפעלט אים — טראכט זיך יאָנע, נאָך בעסער צובייגנדיק דעם קאָפּ צו דער ארבעט.

— אוי, ווען איך האָב איצט א „קאָשער-שטיין" (א באָמבע), דערלאנג איך אים גלײַך אין „טראכטער" (קאָפּ) ארײַן... — זאָגט זעליקל קאָרעט צו אײנעם אפן אויער...

— און איך זאָג, אז דו וואָלסט עס ניט געטאָן — ענטפערט אים יענער.

— פארוואָס מיינסטו אזוי? — זאָגט זעליקל: דו ווייסט ניט, וואָס פאר א הארץ איך טראָג אפּ אים.

— און פעלד-געריכט? — גיט יענער א זאָג, דו ווייסט וואָס דאָס הייסט?

— עך, ברודער! איינמאָל שטארבט מען און ניט לײַדן פון אזא הונט. וואָס מאכט ער נאָך כויזעק פון אונדז? וואָס? — זאָגט זעליקל אופגערעגט.

—ווארט, מיר וועלן אים אזוי דערציילן די מײַסע, מען דארף זיך נאָר סטארען פארשפּרייטן די „קוויטלעך" פון בויקאָט...

— דאָס איז סײַווי, נאָר אזא הונט דארף מען אנדערש געבן איבער די פיס, אז פון זײַן קוויטש זאָלן זיך אנדערע הינט דערשרעקן, — זאָגט זעליקל.

דער „אָנלייגער" איז אראָפּגעגאנגען און אין פאבריק איז מיט-אמאָל פריילעך געוואָרן. מען רעדט, מע ווערטלט זיך. א פּאָר מיידלעך צעקריגן זיך עפּעס, אייניקע הייבן אָן זינגען: „שלאָף מײַן קינד". אנדערע — „סאָלנצע ווסכאָדיט אי זאכאָדיט"... די שטעקעלעך באראבאנעווען צו און יאָנען קומט פלוצלינג אפּ געדאנק: „פּונקט ווי בא אונדז פאר פייסעך אין פּאָדריאד פון מאצעס"...

— וואָס האָט ער אײַך געזאָגט, פּוילישער? — גיט איינע א פרעג בא יאָנען.

— ער האָט אים געפרעגט צי איז ער א ציִעניסט — ענטפערט א צווייטער פאר אים.

— ווי קומט א כאזער צו וויסן דעם טאם פון בראנפן? — באמערקט דאָווידל באָמביסט. אלע צעלאכן זיך.

— איר האָט ניט קיין מוירע פאר אים, יונגערמאנן! — רופט זיך אָן איינע א מיידל, וואָס מע רופט זי דאָ „רייזעלע קאָנסטיטוציע", צו יאָנען — הײַנט איז ניט אמאָליקע צײַטן.

— איר הערט, טאָווארישטש? די קאָנסטיטוציע גיט אײַך פרײַהײַט, אָט דאָס איז זי, קוקט זי אָן, באקאָנט זיך מיט אונדזער קאָנסטי-טוציע.

— א ווייל מיידל, נאָר ניט קיין געזונטעס באמערקט נאָך איי-

נער, וואָס מע רופט אים דאָ „פּראַנץ-יאָסעפּ“, ווײַל ער טראָגט באַקנבאַרדן...

— א גאנצ שיינ מיידל,— גיט יאָנע א טראכט, קוקנדיק אפ „רייזעלע קאָנסטיטוציע“.

— כאווײרים! גיט זיכ זעליקל א שטעל אופ מיט אנ ערנסטנ פּאָנעם? — פארוואָס דערלויבנ מיר אים ער זאָל כויזעק מאכנ, ווענ עס קומט ארופ א נײַער ארבעטער? וואָס האָט עס צו זײַנ טאטנ, צו וואָס פאר א פארטיי ער געהערט? ער מיינט א פּאָנעם, אז ער האָט צו טאָנ מיט אמאָליקע שאָפּ...

— כאווײרים! מיר וועלנ הייסנ ניט-באוווסטזיניקע ארבעטער, אויב מיר וועלנ עס לאָזנ ווײַטער אזוי גיינ!

— פּראָטעסטירנ, פּראָטעסטירנ, — שרײַענ אלע אויס.

— כעוורע לייצים — גיט יאָנע א טראכט: וואָס א גרויסע שטאָט איז?..

— מע דארפ אויסארבעטנ א פּראָגראם פונ אונדזערע פּאָדערונגענ, — רעדט ווײַטער זעליקל — אפנ ערשנ פּלאנ דארפ זײַנ: אָפּשאפנ די אזיִאטישע באציִונגענ פונ דעם „אָנלייגער“. כאווײרים, ווי איינ מענטש דארפנ מיר פּראָטעסטירנ. נידער מיט דער גראָבקײַט, נידער דאָס באזוכנ! לעבע די פרײַהײַט אונ גערעכטיקײַט!

ער האָט זיכ אנידערגעזעצט אונ גענומענ זיכ צו דער ארבעט. אייניקע האָבנ אָנגעהויבנ צו פּאטשנ מיט די הענט.

— ש-ש-שא — האָט זיכ דער מײַסטער א כאפּ געטאָנ.

— אָט האָסטו א טאָרמאָז! — האָט איינער א ווונק געטאָנ אפנ מײַסטער.

עס איז געוואָרנ שטיל, אלע ארבעטנ מיט ערנסטע פּענעמער. פונעם צווייטנ צימער הערט זיכ, ווי עס קלאפּט א פּאפּיראָסנ-מאשינ, נעבנ וועלכער עס שטייט אנ ארבעטער אונ זינגט זיכ שטיל צום טאקט מיט ווערטער:

— טאק, נו גיכער, טאק, גיכער, גיכער, ארבעט גיכ —...

די לופט איז געדיכט מיט שטויב פונ טאבעק אונ ווערגט אינ האלדז...

פארנאכט. די זונ לאָזט זיכ אראָפּ צום האָריזאָנט פּאמעלעכ א רויטע, א פּארברענטע, רײַבנדיק זיכ אינ הימל, פונ וואָס דער הימל ארום

איך ווערט אויך רויט און טוליעט זיך צו דער ערד, ווי ער וואָלט וועלן דער זון דעם וועג פאַרשטעלן, זי זאָל אויסוואַרטן אַף די אַרבעטער, וועלכע דאַרפן באַלד אַרויסגיין פון די פאַבריקן אויסגעמוטשעטע, מידע און זיי זאָגן א גוטע נאַכט. נאָר, ווי עס ווײַזט אויס, איז די זון אַליין אויך פאַרמוטשעט, מיד פון איר לאַנגן טאָג-גאַנג און וויל אַף קיינעם ניט וואַרטן, זי שפּאַרט זיך צווישן הימל און ערד, ווי זי וואָלט זיי וועלן אָפּטיילן איינעם פון אַנדערן און זיך אַרויסכאַפּן ערגעץ אַהין פון יענער זײַט...
און פון דעם שפּאַרן זיך ווערט זי נאָך רויטער, אָנגעבלאָזן, בייז, און עס דוכט זיך, אַז עס גייט פון איר א פּאַרע, וועלכע צעגייט זיך אַרום איר און מאַכט דעם רויטן הימל פּיאָלעטעווע, און מיט די לאַנגע גאָלדענע שטראַלן ווינקט זי און ווינקט צו דער אָנקומענדיקער נאַכט, וואָס רוקט זיך פּאַמעלעך, ווי א גרויער לײַוונט איבער דער שטאָט מיט די הויכע קוימענס... נאָר אָט גיט די זון א שמייכל, ווי זי וואָלט זאָגן: „האָט אײַך און זײַט אײַך”... און ווערט פאַרשוווּנדן, און נאָר איר שמייכל בלײַבט איבער נאָך דאָ א ווײַלע.

פון די פאַבריקן דערהערט זיך א געפּײַפערײַ און מענטשן פאַרשמיר-טע, מידע מיט פריילעכע און טרויעריק-פאַרזאָרגטע פּנעמער שיטן זיך אַרויס אַף די גאַסן. יעדער באַזונדער כאַפּט א קוק אַפן הימל, ווי זיי וואָלטן זיך געיאָגט כאָטש נאָך דעם שמייכל, וואָס די זון האָט איבער-געלאָזט פאַר זיי...

פון טיאָפּטעמעיאָגלעס פאַבריק זײַנען די אַרבעטער אַרויס געלע, מידע, נאָר פריילעכע, שטיפנדיק מיט די מיידלעך.

— נו כאַשקע, רופֿ זשע אים, ער זאָל גיין מיט דיר אַפן בולוואַר! האָסט דאָך געזאָגט, אַז ער קוקט אַף דיר, — רופט זיך אָפּ א מיידל.

— סאַכאַקל האָט ער זי אַפילו אין דער לינקער פּיאַטע ניט, — זאָגט א צווייטע. — מיט וועמען ער וועט דאָ גיין שפּאַצירן...

— ווען איך וויל, גייט ער מיט מיר, ער האָט מיך באַטאָג געפרעגט, צי וויל איך מיט אים אַרבעטן בעשוטפעס! — זאָגט נאָך איינע.

— וואָס זאָגסטו צו איר — זאָגט רייזעלע „קאָנסטיטוציע” — ער האָט שוין, אַפּאָנעם, קיין שענערע פון דיר ניט געזען! הא, הא, הא! וואָס זאָגט איר? — גיט זי זיך קאָקעטיש א דריי...

— שא, שא, אָבער דו האָסט א גאַנצן טאָג געשטומט — ענטפערט יענע — האָסט זיך געשעמט פאַר אים צו ריידן דײַנע קלוגע ווערטעלעך...

— האָב איך געשטומט טאקע, נו, וואָס זשע ווילסטו? און איך ווי־טאקע פאר אים אין די אויגן ניט ריידן, און דו ווער צופיקעט!..

— אזא „אָנלייגער", ער וועט עס נאָך כויזעק מאכן! — שרייַט זעליקל צווישן א רעדל ארבעטער: — ער פארשטייט ניט, — ווייַזט ער אָן אָפּ יאָנען. ווען ער פרעגט מיך, צו וואָס פאר א פארטיי איך געהער, וואָלט איך אים אָנגעוויזן — ער ווייַזט א קולאַק.

— נו, קומט שוין אין טראקטיר, כעוורע, קומט!

— ווארט, עס דארף צוקומען איינער, וואָס וויל גיין צו אונדז אין טראקטיר דיסקוסירן.

מען רעדט ווייַטער, שטייענדיק באם טויער; די מיידלעך פון יאָנען און די מענער פונעם „אָנלייגער"...

און דער לעצטער זון־שטראַל שמייכלט, צעגייט זיך שוין אפן הימל ווי א רויך אפּ א גלאָז, און די גרויסע רוישנדיקע שטאָט מיט אירע פאב־ריקן, וועלכע ציִען אריַין אין זיך אזויפיל מענטשן-קויכעס און לאָזן זיי ארויס מיט רויך פון די הויכע קוימענס, — זיפצט, דוכט זיך, גרינג און שטיל אָפּ און עטעמט פריַיער אוף, צופרידן, וואָס זי האָט שוין געפּא־טערט די זון, וועלכע האָט זי דעם גאנצן טאָג אומראכמאָנעסדיק גע־שטאָכן מיט אירע ברענענדיקע פייַלן, וועלכע טריקענען איר אויס דעם זאפט פון די ביימער און גראָזן, און די מענטשן אין איר ציִען דעם אָטעם גרינגער, קוקן פריַיער מיט די אויגן, און מישן זיך אויס אפ די גאסן, וואָס ווערן וואָס אמאָל געדיכטער מיט זיי... רייַכע, פארפוצטע מיט פרישע אויסגערוטע זאטע פּענעמער, אָרעמע, פארשמירטע, אויסגע־מוטשעטע און הונגעריקע צעמישן זיך און לויפן, ווער אפן בולוואר, ווער אין זומער-טעאטער, ווער אהיים אָפּרוען די ביינער, ווער אין טראקטיר צו באקומען דאָס ביסל געלט פארן שווערן ארבעט-טאָג, אָדער אפּ א דיסקוסיע... מע גייט, מע לויפט יעדער מיט זיַין וועג, יעדער מיט זיַין געדאנק און די גאסן ווערן פולער און פולער... נאָר אָט גייט יענער, אז וועלכן מען ווארט.

— קומט, טאָווארישטש, — האָט זעליקל א נעם געטאָן יאָנען אונטער דער האנט.

— קומט, קומט, וועט איר הערן א גוט וואָרט פון א ס. ד. איר האָט שוין געהערט אמאָל? — האָט אים דאָווידל א נעם געטאָן פאר דער פלייצע.

— ער גייט מיט זיי — האָט כאשקע מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם זיפץ אַ זאָג געטאָן.

— יאָ, זיי וועלן אים אויסלערנען טרינקען, — האָט רייזעלע צוגעגעבן שטיל, טרויעריק, נאָכקוקנדיק דער כעוורע, וועלכע פירט יאָנען אינדער־מיט.

— ווי אַ שאָף צו דער שכיטע, — האָט נאָך איינע פארטראַכט אַ זאָג געטאָן — מיר האָט אָבער דאָס הארץ געזאָגט, אַז די קאַדעטן וועלן אים איבערמײַמערן...

— קומט, וואָס שטייט איר ווי געלײמטע? — האָט איינע אַ זאָג געטאָן, און די מיידלעך האָבן זיך געלאָזט גיין שווײַגנדיק, שטיל, ווי מע וואָלט בא זיי פּלוצלינג אויסגעכאַפּט אַ טײַערע געפונענע זאַך...

# ווידער אין פאבריק

I

זומער.

ווידער זיצט יאָסקע בא דער ארבעט אין דער טוטין-פאבריק, אין דעם כיידער, וואָס רופט זיך פאפיראָסנ-אָפּטיילונג, ווו עס ארבעטנ א פאָר צענדליק מאנסלײַט אונ אינ דעם ערעכ פרויענ — מיידלעכ אונ א פאָר ווײַבלעכ, וואָס די מאנענ האָבנ זיי פארלאָזט.

נעכטנ פארנאכט איז יאָסקע געקומענ פונ זײַנ קליינ שטעטל, פונ דער היים, ווו ער איז צוויי וואָכנ א גאסט געוועזנ בא זײַנ אלטנ פאָטער אונ בא פרײַנט. איצט זיצט ער ווידער אינ פאבריק.

אלט איז יאָסקע א יאָר אכצנ, נאָר אָנ וואָנצעס, מיט בלאָנדע האָר פארקעמט ארופ. זײַנ פּאָנעם איז פארביק, קײַלעכיק, קליינ, שיינ אונ כיינעוודיק. ווענ ער רעדט, שמייכלט ער שיינ; פארטראכט ער זיך—ווערנ זײַנע אויגנ גרויס, בלישטשענדיק, זײַנ פּאָנעם — ערנסט אונ פארזאָרגט..

ס'איז אָנפאנג טאמעז. אינ פאבריק איז הייס, דושנע, קוים וואָס מע עטעמט, ווי עס וואָלט ליגנ אפ די ארבעטער אונ ארבעטערנס א שווערע מאסע, וועלכע דריקט אונ קוועטשט ארויס פונ זייערע לײַבער הייסנ קויטיקנ שוויס...

די פענצטער, וועלכע זײַנענ באשלאָגנ פונ דרויסנ מיט דראָטענע רעשאָטקעס, אָנגעזשאווערטע, שטויביקע, באהאנגענע מיט שפּינוועבס — זײַנענ צוגעמאכט, ווײַל פונ דער דרויסנ-לופט טריקנט שטארקער דער טוטינ אונ דאָס ווילט זיך קיינעם ניט; ער איז אזוי אויך טרוקנ, קימאט צעריבנ אפ שטויב, אונ שווער צו דער ארבעט. אים פײַכט מאכנ מיט א ביסל וואסער — לאָזט דער „מײַסטער" ניט, ווײַל די פּאפּיראָסנ שימ-

לענ, זאָגט ער, נאכהער אינ די שאכטלענ. איבער דעמ איז אויבנ, אינ דער פאבריק, קיינ וואסער ניטאָ אונ ווענ עמעצער פונ די ארבעטער וויל א טרונק וואסער — דאָס מאכט זיכ פיל מאָל אינעמ הייסנ זומערטאָג — מוז ער אָפּציילנ הונדערט מיט צוועלפ טרעפ, אראָפּלויפנדיק פונעמ פערטנ שטאָק, אונטנ, דאָרט א טרונק צו טאָנ.

אלע ארבעטנ געשמאק. זייערע הענט, פארשארט די ארבל פונ די קויטיקע, שווייסיקע העמדער ביז ארופ — לויפנ, כאפנ זיכ, ציטערנ ווי פונ פיבער, פאטשנ אינ טיש, שארנ אלע ווײַלע צענויפ דעמ טוטינ אינ א בערגל, גיבנ אימ א קוועטש אונ לויפנ ווײַטער.

דער שטויב פונעמ טוטינ שפריצט אינ די אויגנ, אינ מויל, אינ האלדז, אפנ קאָפּ, אינ אלע זײַטנ; די שטעקעדיקע קלאַפּנ אינ די טישנ, די שטאָפּ-פאפירעלעכ סקריפּנ, די ביינער פינ די פינגער קנאקנ, די אקסלענ רודעווענ, די קעפּ שאָקלענ זיכ דאָס אהינ, דאָס אהער, אונ עס קײַקלענ זיכ פונ די געל-וועקסענע פענעמער טראָפּנס קויטיקער שווייס אפ די בערגלעכ צווישנ טוטינ...

נאָר בא אײנ יאָסקענ גייט עפּעס ניט די ארבעט ווי פריִער, ווי צוריק מיט צוויי וואָכנ, מיט א כוידעש, מיט א יאָר: ניטאָ דער כיישעק, ניטאָ די פריילעכקײַט, מיט וועלכער ס'פלעגנ בא אימ פליִענ די פאפיראָסנ פונ די הענט...

אויכ ניט אזוי קוקט איצט יאָסקע אפ כײַקע „ראניעצ", ווי ער פלעגט אפ איר קוקנ איידער ער איז אהיימ געפאָרנ — דעמ גאנצנ טאָג האָט ער געקאָנט אפ איר קוקנ אונ ניט מיד ווערנ. אונ ליב איז אימ געווענ צו הערנ, ווענ זי האָט גערעדט — איר קאָל האָט אימ דאָס הארצ געגלעט אונ ווארעמ געמאכט... אייביק וואָלט ער אפ איר שיינ פּאָנעמ געקוקט, אבי אייביק צו הערנ פונ איר, ווי זי פלעגט אזוי נאיִוו, אראָפּלאָזנדיק די אויגנ, א זאָג טאָנ:

— וואָס קוקט איר אפ מיר?..

ליב האָט ער זי געהאט, שטארק ליב... ניט איינמאָל פלעגט ער פאנטאזירנ, זיצנדיק בא דער ארבעט: ווי ער וואָלט כײַקענ ארויסגענומענ פונ דער פאבריק אונ אוועקגעפאָרנ מיט איר ערגעצ ווײַט, ווײַט... אימ האָט זיכ געדאכט, דאָ וואָלט זי גרישע אָדער אנ אנדערער צוגענומענ... ערגעצ ווײַט, — וואָלט זי זײַנ זײַנע, אונ גליקלעכ וואָלט ער מיט איר געווענ...

ער האָט זי ליב געהאַט... נאָר ער האָט עס איר ניט געזאָגט. און זי האָט אים ניט פֿאַרשטאַנען. און יאָסקע פֿלעגט, קוקנדיק אַף איר, אַמאָל אַ טראַכט טאָן: „ווען זי ווייסט, ווי איך האָב זי ליב!"...

און ווען מע פֿלעגט אין דער פֿאַבריק כּייַקען אָנרופֿן „ראַניעץ", מיט וואָס כּייַקע איז ניט געווען צופֿרידן — פֿלעגט עס יאָסקען פֿאַרקערט ניט אַרן, ווייַל ער האָט גוט געוווּסט, אַז „ראַניעץ" רופֿט מען זי דערפֿאַר, וואָס זי לייענט ביכלעך...

ווען יאָסקע איז גאַנץ פֿרי צו דער אַרבעט אַרייַן און דערזען כּייַקען, האָט אים אַ טיאָכקע געטאָן דאָס האַרץ... מיט פֿריִערדיקן זיך אָפּגערופֿן... נאָר באַלד איז אַן אַנדער בילד אַרויסגעשווומען פֿאַר זייַנע אויגן און האָט אײַנגאַנצן כּייַקען פֿאַרשטעלט פֿון אים, זי אָפּגעשטופּט פֿון אים ווייַטער... און אַף די אַלע פֿראַגן און ווערטלעך, מיט וועלכע די אַרבעטער האָבן אים באַשאָטן, האָט ער געענטפֿערט קאַלט, אָפּגעהאַקט, ווי ער וואָלט זיך איבער עפּעס מיט זיי פֿרעמד דערפֿילט.

ער זיצט בא דער אַרבעט, אַף דעם זעלבן פּלאַץ, ווו ער איז צוריק מיט צוויי וואָכן פֿריילעך געזעסן, זיך געוואָרטלט גלייַך מיט אַלע, אַף כּייַקען געקוקט און זי ליב געהאַט. און איצט איז אים אַלץ אַזוי ווילד־פֿרעמד. די אַרבעטער ווייַזן אים אויס ווילד, זייער פֿריילעכקייַט מיט זייערע ווערטלעך—עקלדיק און ער פֿילט זיך, ווי ניט אַף זייַן אָרט... אים דוכט זיך, אַז פֿון יענער זייַט וואַנט געפֿינט זיך זייַן קליין שטעטל, זייַן היים. דאָרט איז איצט זייַן קאָפּ, דאָרט שפּאַצירן, בלאָנדזשענדיק זייַנע געדאַנקען... און ווי פֿויל, יאָנטעוודיק רירן זיך בא אים די הענט, יאָנטעוודיק אין קאָפּ, אין האַרצן. יאָנטעוודיקע בילדער דרייען זיך אים פֿאַר די אויגן און לאָזן ניט אַרבעטן...

און טראַכטן ווילט זיך פֿון די בילדער און עס טראַכט זיך ווי ניט ווילנדיק... די הענט טוען זייערס, מאַכן פּאַפּיראָסן און אין קאָפּ מאָלן זיך אויס אַלערליי בילדער פֿונעם קליינעם שטעטל, ווו ער, יאָסקע, האָט אַף אַ קורצער צייַט די גרויסע רווישנדיקע שטאָט, די פֿאַבריק מיט די בלייכע פּענעמער פֿאַרגעסן, ווו ער איז אין דער צייַט, ווען דאָ גייט מען מיט דער קויטיקער בלוזע צו דער אַרבעט — אין פֿעלד געגאַנגען, מיט פֿרישער לופֿט געעטעמט, רויטע מאַקעווקעס מיט נאָך בלימעלעך אָנגעריסן...

איז ער צוריק פֿונעם פֿעלד געגאַנגען מיט אַ בינטל בלימעלעך אין

די הענט, זײַנען אים קינדערלעך נאָכגעלאָפן און געבעטן: „פאניטש, שענקט מיר א קווייטעלע״...

און ער האָט געטיילט.

איז ער אין שטוב ארײַן, האָט שוין דער אלטער טאטע א גלאָז פרישע מילך צוגעגרייט פון זײַנעטוועגן...

און אָט זײַנען שוין א פאָר כאווײרים געקומען, און באָדן גייט מען זיך, שווימט מען צום גרינעם קאמיש — „ווער גיכער״... זינגט א פייגעלע פון דאָרט ארויס... ווו איז דאָס — ווייסט מען ניט... נאָר דאָס געזאנג הערט זיך אי דאָ אי דאָרט און אזוי ליב איז צו הערן דאָס פריילעכע געזאנג...

און קריכט מען אפ דער וואנט פון דעם באָד-שטיבל ארוף אראָפ-שפרינגען — „ווער בעסער״... זעט מען דאָס פרײַע, גרינע פעלד, דעם גרינעם, געדיכטן וואלד, ווי די שפיצן פון די ביימער קיצלען דעם בלויען לויטערן הימל... די זון לאכט דערפון און א זילבערנע פארע שטראָמט פון איר מויל אפ די גראָזן, אפ דעם טײַך, אלץ איז מיט זילבער באגאָסן און עס גלאנצט, פינקלט זיך און בלישטשעט... פרײַ איז די לופט און פרײַ, גרינג אפן הארצן!..

„איינס, צוויי און דרײַ!״ — שרײַט אויס איינער פון די שפרינגערס — צעקושט מען זיך מיט דער לופט... ווערט מען ווי א פייגעלע... גיט מען א פלי און... פליוך אין וואסער ארײַן...

— זיצט אײַן שטיל א ביסל — האָט פלוצלינג דער „מײַסטער״ אויס-געשריִען. יאָסקע האָט זיך א כאפ געטאָן ווי פון שלאָף, זיך ארומגע-קוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ניט ווילנדיק א זיפץ געטאָן און האָט פארייכערט א פאפיראָס...

שווער גייט היינט בא אים די ארבעט. ארום אים רוישט, מע רעדט, מע לאכט, מע קלאפט מיט די שטעקעלעך, מע ווערטלט זיך און ער זיצט שטיל, פארטראכט, זײַנע הענט באוועגן זיך אָן זײַן ווילן און מיט דעם געדאנק טראָגט ער זיך ערגעץ ווײַט, ווײַט, אין אן אנדער וועלט, ווי אין כאָלעם...

II

— אך, איז הייס, הייס — שרײַט אויס גרישע דער שיינער, א יונגער-מאן מיט א בלייך פאָנעם, נאָר מיט צוויי שווארצע, לאנגע, פאר-דרייטע וואָנצעס. „נאָר א גרעק״ — ווי די מיידלעך זאָגן.

— הײ, — גיט ער א מאך, אופהײבנדיק זיך פון אָרט: — כאַפּט עס דער וואַטנ-מאכער... וועל איך האָבנ ווײניקער מיט א הויז... מע דאַרף בעסער גײנ א ביסל אפ דעם בולוואַר שפּאַצירנ. וואָס זאָגסטו, גאָלדעצ, הא, ניט אזוי?..

— אוואַדיטשקע. דאַרפסט נאָך פרעגנ — ענטפערט גאָלדע, אויסדרײענדיק דעם קאָפּ צו גרישענ און גיט דערבײַ א פינטל מיטנ לינקנ אויג...

און גרישע הײבט אָנ שפּאַצירנ צווישנ די טישנ, דאָס הײסט אפנ בולוואַר, ווי ער האָט געזאָגט, פּאָכט זיך מיט בײדע הענט איבערנ פּאָנעם, ווי א ייִדענע באַם ליכט-בענטשנ און מאַכט דערבײַ: או, הא, עס שמעקט... א מעכאַיעדיקע לופט...

— הערט, כאַווײרים און כאַווערטעס! — שרײַט ער פּלוצעם אויס, אָנעמענדיק א פּאָזע פונ א רעדנער. — מיר דאַרפנ זיך פאַרײניקנ אײנער פאַר אלע, אלע פאַר אײנעם, ווי אײנ מענטש דאַרפנ מיר אלע אופשטײנ און פּאָדערנ באַם „גראָבנ", ער זאָל אונדז אויסשטעלנ בײמער צווישנ די טישנ, ס'איז שוינ ניט אריבערצוטראָגנ די היצ...

— בראַוואָ, גרישע — האָבנ אײניקע אויסגעשריִענ, פּאַטשנדיק מיט די הענט. יאָסקע האָט א שמײכל געטאָנ און טראַכט: — אוי, ס'זאָל דיר אזוי גודנ ווי מיר, וואָלסטו ווערטלעך געזאָגט...

דערבײַ האָבנ זיך זײַנע אויגנ אָפּגעשטעלט אפ כײַקעס פּראָפיל. כײַקע האָט זיך אומגעקוקט, זײערע אויגנ האָבנ זיך באַגעגנט און גלײַך אראָפּגעלאָזט...

— נו, גערעדט און געטאָנ. אָט אזוי... קום, גאָלדע, מיט מיר א ביסל שפּאַצירנ. גענוג געאַרבעט!... — זאָגט ווײַטער גרישע, נעמענדיק גאָלדענ אונטער די אָרעם.

— אוועק פונ איר, דו, וואָס לאָזט איר ניט אַרבעטנ? — שרײַט סאָרקע די געשטופּלטע, גלײַך ס'וואָלט איר פאַרדראָסנ, וואָס גרישע לאָזט גאָלדענ ניט אַרבעטנ...

— קוקט זי נאָר אָנ די שײנהײַט... וואָס ווילסטו עס עפּעס אזוי ניט לײַדנ? — רופט זיך אָנ שלוימקע סאָלאָווײ, א יונגערמאַנ מיט א בראָדעווקע אפ דער שפּיצ נאָז.

— זע נאָר א נאָז מיט ווײַמפּערלעך... וואָס זאָגסטו אפ זײַנ טאַטנ... מיר זאָגט ער שײנהײַט... — ענטפערט אָפּ סאָרקע, אָנווײַזנדיק מיטנ פּאַפּיראָסנ-שטעקעלע אפ שלוימקעס נאָז.

— כאַ, כאַ, כאַ! — קוויטשען די מיידלעך פון געלעכטער, אוועקוואַרפנ־דיק די שטעקעלעך פון די הענט. פון אייניקע טישן האָבן אָנגעהויבן פליִען שטיקעלעך פּאַפּיר אַף גאָלדעס קאָפּ און פּלייצע.

— וואָרפן זאָל עס אײַך! — שרײַט גאָלדע, רײַסנדיק זיך פון גרישעס הענט, וועלכע האַלטן זי שטאַרק צו.

— שאַט, כעוורע קראַמאָלניקעס! שרײַט ער — אַרבעט, די פּאַרע זאָל פון אײַך גיין. קיין דוך זאָל מען פון אײַך ניט הערן!.. אַ גראַף מיט אַ גראַפינע גייען שפּאַצירן און זיי...

— קום, מײַן פּרינצעסן, זאָגט ער צו גאָלדען — קום, מיר מעגן זיך לוסטיק מאַכן. זעסט, וויפל הענט עס אַרבעטן אַף אונדז, זעסט!.. — און גרישע שפּאַצירט, פירנדיק גאָלדען געאַרעמט און פּאַכט אַף איר פּאָנעם מיט אַ שטיק גראָבן פּאַפּיר...

— הער, גראַף — רופט זיך אָן כאַיִמ פּופּיק, אַ ייִד פון אַ יאָר פינף און דרײַסיק, מיט אַ גלאַט-ווײַס קאָפּ, באַשאָטן מיט טוטין-שטויב: — עפּשער וואָלט איר באַ מיר אָפּגעקויפט מײַן האַרצ-ווייטעק.

— דאָס מעגט איר, זעער פּופּקעוויטש, פּאַרלייגן דעם „גראָבן" — ענטפערט גרישע מיט אַן ערנסט פּאָנעם — ער איז בילכער פאַר מיר, ער צאָלט אײַך דערפאַר דרײַ קאַרבן אַ וואָך...

— כאַ, כאַ, כאַ, האָבן אַלע אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

— קלוג, ווי דער טאָג. איך זאָל אַזוי מײַנע כופּע דערלעבן, — האָט גאָלדע צוגעגעבן.

פון אַ זײַטיקן טיש דערהערט זיך אַ דינ מיידלש קאָל, וואָס רײַסט זיך אַרויס פון די געשרייען און געלעכטערס, ווי אַ פידל פון אַ רוישנ־דיקן מאַרק... דאָס קאָל זינגט...

איך האָב געליבט אַ יינגעלע,
געווען איז ער אַ גלעזער —
ער איז אוועק, מײַן טײַערער...
אוי, מאַמעניו, ווו איז ער?..

„פינצטער, גליטשטיק איז געווען באַנאַכט" — הייבט אָן אַ צווייטע זינגען מיט אַ טרויעריקן קאָל, און אָט פאַלט צו אַ דריטע, אַ פערטע, איינער פון די מאַנסלײַט, נאָכ איינער... און אָט זינגען שוין קימאַט אַלע אינאיינעם. דאָס געזאַנג ציט זיך טרויעריק, טרויעריק שווימט עס אונ־טער דער סטעליע אויסגעמישט מיט רויך... אָט צערײַסט זיך עס אַף

שטיקלעך און גיסט זיך ווידער צונויף פון פארשיידענע הערצער אין איין ציטעריקן אקאָרד...

די שנייַד-מאשינעס אין צווייטן צימער הודזען, זשומען... די שטע-קעלעך קלאפן שטארקער אין די טישן... זאלמען דער לאנגער הוסט, כריפעט, ווי א נאָכגעלאָזטע פויק, ער כאָרכלט און כראקעט, ווי טאָמער בא דער ארבעט, זינט ער איז א „באס" געוואָרן, ווי די ארבע-טער זאָגן.

— „זי גייט אין ווילדן וואלד אריַין" — ציט זיך דאָס ליד... און אָט דערהערט זיך א אויסגעצויגענער „אוי" פון א מיידל... דער „אוי" קלינגט אָפּ בא יאָסקען אין הארצ. די לעצטע ווערטער מיט דעם „אוי" האָבן אים אָן עפּעס דערמאָנט... און א צי האָט געטאָן דאָס הארצ... און מיט וואלד האָט אים א שמעק געטאָן אין דער נאָז...

זיַי געזונט, מיַין בעסטער פריַינט,
איך זע דיך מער ניט נאָר ווי היַינט.

קלינגט אים אין די אויערן א באקאנטע, ליבע שטים...

„זיַי געזונט" — זינגט טרויעריק אין אים דאָס הארצ...

„דו ווערסט, מיַין קינד, דיַין טאטן ניט געפינען", — זינגען די מיידלעך אונטערגעהאלטן פון די מאנסליַיט.

„זיַי געזונט מיַין בעסטער פריַינט" — בלאָנדזען די ווערטער אום בא יאָסקען אין מויל... ראָכעלע... ראָכעלע... אין וואלד... יאָסקען דוכט זיך, ער איז אין וואלד... זיַין נעשאָמע שוועבט דאָרט צווישן די ביי-מער, נעבן ראָכעלען... און ער פילט ניט, ווי ער אקאָמפּאנירט מיט זיַין שטעקעלע, קלאפּנדיק פּאמעלעך אָן טיש, דאָ אין דער דושנער פאבריק...

ראָכעלע... וואלד... ליבע בילדער... ערשט צוריק מיט א וואָך... שא-בעס איז דאָס געוועזן, מיט דעם טאטן באם טיש. מיידעלעך קומען צו דער שוועסטער מינדלען. ער קוקט אף זיי, לאָזן זיי אראָפּ די אויגן, ווערן רויטלעך... די שענסטע איז ראָכעלע... לאנג קוקט ער אף איר.

שיינע ראָכעלע, טיַיערע ראָכעלע... אָט דערציילט ער פון זיַין גרוי-סער שטאָט — כידעשט זיך דער טאטע, פרעגט איבער נאָכאמאָל... די מיידעלעך קוקן אף אים היַנטערוויַילעכס און האָבן ליב מינדלען. „לי-בעטשקע מינדעלע" — רופן זיי זי אָן און קושן זי... און ראָכעלע... ראָכעלע הערט זיך צו, ווי ער דערציילט...

גייט דער טאטע שלאָפן, שאבעס נאָכן טיש, — קומען אלטע, פון פריִער באקאנטע כאוויירים, כאנפענען זיך צו אים... פרעגן ווי איז שאבעס בא אײַך אין דער גרויסער שטאָט... דערציילט ער... זײַנען זיי אים מעקאנע און ער בא זיך איז זיי מעקאנע, וואָס זיי דארפן צוריק ניט פאָרן. מע עסט קערלעך... מע לאכט, מע שטיפט און נאכהער גייט מען אין וואלד שפאצירן...

גייט מען דורך דאָס שטעטל. שטיל. שטיל... די זון הויך פונעם הימל קוקט אראָפּ און די שטיבעלעך שלאָפן זיך שאבעסדיק אונטער דער ליכטיקער שײַן פון דער זון... שאבעסדיק שטייט די גרויסע שול צו-געמאכט נאָכן דאווענען און שלאָפט... שאבעסדיק שטייען די ביימער פארן פריסטאווס פענצטער און שלאָפן, און דאָס טײַכל, וואָס ציט זיך, ווי א בלויע סטענגע דורכן שטעטל, ליגט שאבעסדיק, גלײַך אויסגעצויגן און שלאָפנדיק, עטעמט עס מיט פרישקײַט. און די ווערבעס באם טײַכל שטייען פארשלאָפן, אָנגעבויגן צום וואסער, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן צולייגן אפן טײַכל, ווי זייערע שאָטנס שלאָפן אין דעם ליגנדיק... אלץ זעט אויס שאבעסדיק, זאט און שלעפעריק. ס'איז הייס, די היץ שמעקט מיט שאבעס און עס איז שטיל, שטיל...

גייט מען ארויס פונעם שטעטל, איז נאָך שטילער. עפּעס גיט א שמעק מיט פרישן היי. עס דערפילט זיך אפן פּאָנעם א ווארעם, גרינג לופטעלע, — א מעכײַע!.. און עס עטעמט זיך פרײַ און גרינג אף דעם פרײַען, פרײַען פעלד.

אָט וואקסן בא די זײַטן אלערליי בלימעלעך — רײַסט מען אויס און מע באשיט מיט זיי די מיידלשע שיינע קעפּלעך און זיי לאכן הויך, קלינגענדיק... און קלינגענדיק זינגען די פייגעלעך!..

אָט קומט מען אין וואלד — זעצט מען זיך אפ דעם ווייכן, קילן גראָז, צווישן געדיכטע, צעוואקסענע ביימער... זיצט מען ווי אונטער א דאך פון גרינע בלעטער מיט שטיקלעך בלויע הימל אויסגעמישט...

און מיט פרישקײַט שמעקן די ביימער, די גראָזן, די בלימעלעך און די מיידעלעך...

אָט פון דעם אָרט טראכט איצט יאָסקע, פון דעם וואלד, ווו זיי זײַנען געזעסן, און ער פילט א רייעך פון אָנגעקראָכמעלטן ציץ, גלײַך ווי ערשט וואָלטן די מיידלעך דאָ נעבן אים געזעסן אין די שאבעסדי-קע קליידלעך... ראָכעלע, ראָכעלע...

III

— אוי, גוואלד, א ביסל לופט! — גיט פלוצלינג איינער א געשריי. — שטעקט כאָטש אָפּ דעם קוימענ פונ דער הרובע!..

— שטיל, דו, פילאָזאָפּ, דו, וואָס צעלייגסטו זיך אזוי! — ענטפערט גרישע מיט א הויכ קאָל. — גאָלדע וואָלט זיך געוווּנטשנ, אז בא איר אפ דער כאסענע זאָלנ אזוי די ענדיקעס געראָטנ, ווי דו, פילאָזאָפּ שיינער, ביסט אָפּגעבראָטנ...

— כא, כא, כא... הי, הי... צעלאכנ זיך אלע, כאפנדיק זיך בא די זײַטנ, אונ גרישע הייבט אופ שטאָלצער דעם קאָפּ אונ זאָגט: וואָס זאָגט איר עפּעס אפ דעם געלערנטנ איידל-מאנ! לופט דארפ ער... כע... כע...ע האָב צײַט, נארעלע, ווינטער וועט דיר זײַנ קיל אינ דײַנ יעדנ אייווער. מע לאכט נאָכ בעסער.

דער „פילאָזאָפּ", ווי מענ רופט אימ דאָ, שווײַגט. ער טוט זיך זײַנ ארבעט, גלײַכ ווי ניט אימ מיינט מענ אונ דערפאר טאקע, מעג זײַנ, רופנ זיי אימ „פילאָזאָפּ", וואָס ער איז א שווײַגנדער, א פארטראכטער, זאָגט נימ קיינ ווערטלעכ, ווי אנדערע, קיינמאָל לאכט ער ניט... נאָר זעלטנ ווענ מאכט זיך, ווענ ער גיט א געשריי:

— גוואלד, א ביסל לופט!..

אויכ מאכט זיך אמאָל באמ געלט-נעמענ, ווענ עמעצער פונ די אר-בעטער קערט אומ דעמ קאסיר א פאלשע מאטבייע אונ דער קאסיר זידלט דערפאר — ווערט ער אינ קאס, אָנגעצונדנ, שילט אונ קריצט מיט די ציינ. דעמלט זאָגנ אפ אימ אייניקע:

— די געבליטנ האָבנ זיך אינ אימ צעשפּילט...

ווענ גרישע האָט צו טאָנ מיט די מיידלעכ, קוקט דער „פילאָזאָפּ" אפ אימ קרומ אונ בורטשעט עפּעס אונטער דער נאָז.

גרישע באמערקט עס טאָמעד אונ הייבט אָנ צו זאָגנ שטעכווערטלעכ פונ זײַנעטוועגנ.

אייניקע פונ די ארבעטער העלפנ גרישענ אונטער אונ עס ווערט בא זיי ווי א שפּילכל, מיט וועלכנ מע קאָנ זיך לופטיק מאכנ...

אונ אָט איצט, ווענ אלע לאכנ פונ גרישעס ווערטלעכ, זיצט זאל-מענ דער לאנגער בא זײַנ טיש אונ פאָכט מיט דער געשאָמע... אָט נעמט ער זיך אָנ מיט דער לינקער האנט פארנ עק טיש אונ פארהוסט זיך

אפ לאנג, אונטערשטעלנדיק די רעכטע האנט אונטערן מויל און א טונקל-רויט שטיקל בלוט, ווי א שטיקל לעבער פון אן אָקס, פאלט ארויס אפ איר...

ער באקוקט עס, צובייגנדיק דעם קאָפּ גאָר נאָענט צו דער האנט, גיט א זיפצ — און טרייסלט אָפּ-דאָס בלוט אפ דער פּאָדלאָגע. ער צע-שארט עס מיטן פוס, ווישט אָפּ די נאסע האנט אָן א ברעג טיש און מיט ביידע הענט שארט ער צענויפּ דעם טוטין אין א בערגל, נעמט דאָס שטאָפּ-פּאפּירל, און ארבעט ווייטער, אָנשפּארנדיק די נאָז אינעם בערגל טוטין...

זאלמען דער לאנגער איז א קורצזיכטיקער, א הויכער, א דארער מיט אן אויסגעצויגן בלייך פּאָנעם, זיינע אויגן זיצן טיפ ארייַנגעקראָכן אין קאָפּ און לויפן דאָ אהין, דאָ אהער, גלייַך ווי זיי וואָלטן זיך וועלן באהאלטן פאר דער שייַן ערגעץ נאָך טיפער.

זייַנע באקן זייַנען איינגעפאלן, צוגעקלעפּט צו די קינבאקן, דער בויך איינגעשרומפּן. און איבער דעם גייט זאלמען איינגעבויגן, זייַן קערפּער דרייט זיך אפ די לאנגע, דארע פיס, ווי אפ ספּרעזשינעס...

אלט איז ער 37 יאָר, האָט א ווייַב מיט זיבן קינדער, בלויז מייד-לעך. אין דער פאבריק ארבעט ער שוין בא 20 יאָר.

---

אין דער פאבריק איז שטיל. אלע קוקן שוין ארויס אפ דעם קלונג, וועלכער הייסט גיין מיטאָגן, מע זיצט איינגעבויגן און פויל, פּאמעלעך ארבעטן די הענט. פון דער שרעקלעכער היץ זייַנען די הענט, דער גאנצער קערפּער ווי געלייטמט... אפ דעם הארצן נודעט, גאָר צום כאלעשן. די קאָלנערס פון די מענער-העמדלעך, פון די מיידלשע קאָפּטלעך זייַנען צעשפּיליעט, פארוואָרפן אפ דער זייַט, די הערצער קוקן ארויס קויטיק, פארשוויצט, דער שווייס פּילט זיך איבער דער פאבריק און אלע ווייַלע הערט זיך אן אנדער קאָל:

— אוי, ס'איז מיר ניט גוט, גאָר צום שטארבן!..

די העמדער זייַנען צוגעקלעפּט צום לייַב און שווער איז א ריר צו טאָן זיך פונעם אָרט... דער שטויב ווערגט, דרייט אין דער נאָז און אין מויל איז ביטער, ביטער...

— שווער זאָל „אים" אזוי זייַן דאָס לעבן, גאָטעניו, ווי מיר איז

שוועך דעם טוטינ צו ארבעטנ! — גיט איינע פונ די מיידלעכ א זאָג אונ קוקט זיכ ארום אינ אלע זייטנ...

זי מאַכט נאָכ די הענט מיט פּייכטקייט פונעם מויל אונ לייגט זיי צו צו דעם טוטינ, מיטנ מויל הויכט זי אפּ אים — דאָס מאַכט זי אים פּייַכט, ער זאָל זייַנ גרינגער צו דער ארבעט...

— אוי, אזוי הייס זאָל „אים", זייַנ! — רופט זיכ אָפּ נאָכ איינע אונ לייגט אוועק די ארבעט.

זי נעמט זיכ פארקעמענ די האָר אנטקעגנ שפּיגעלע, וואָס שטייט שטענדיק אפנ טיש, קעגנ איר פּאָנעם.

— קוק זי נאָר אָנ, ווי זי פּוצט זיכ עס א ביסל! — רופט זיכ אָנ איינע — אוי, ביסטו שיינ, אזא יאָר אפּ דייַנ „שיינעמ", דעם שוסטער!..

— וואָס זשע איז דיר אזא ווייטעק — ענטפערט א צווייטע. — דיכ וויל דאָכ אפילע קיינ שוסטער ניט אָנקוקנ!..

— אזא מאקע דיר, — זאָגט די ערשטע, — ווי מיר וויל א קומי. איכ בינ ערשט נעכטנ אפּדערנאכט ארומגעגאנגענ מיט אים...

— אָ, דו נאר, דו, — זאָגט א דריטע — א בוכהאלטער וויל דיכ גאָר, דו האָסט זיכ אלייַנ אָפּגעגנארט.

— וואָס זשע מיינט איר — רופט זיכ אָפּ א פערטע — אזא שיינקייַט, ווי זי איז, וועט טאקע נעמענ א וועגעלע-שטופּער...

— איכ האָב אייַכ אלע אינ דר'ערד! — זאָגט די ערשטע מיט פּאר-דרוס. — אייַכ אפּ צעפּיקעניש ווער איכ טאקע נעמענ נאָר א בוכהאל-טער...

כייַקע „ראניעצ" קוקט אפּ יאָסקענ. איר ווילט זיכ, ער זאָל זיכ אומקוקנ צו איר. עפּעס וויל זי אים זאָגנ מיט די אויגנ... נאָר יאָסקע זיצט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אונ פאנטאזירט פונ דער היים, פונ ראָ-כעלענ...

— שאט, שאט, פּאטשט זיכ בעסער... זאָל נאָר זייַנ שטיל. דאכט זיכ, „ער" גייט! — גיט פּלוצעם דער „מייַסטער" א זאָג.

אינ דער פאבריק איז מיט אמאָל געוואָרנ שטיל, ווי אפּ א בעסוי-לעמ. נאָר די שטעקעלעכ באראַבאניענ, ווי זיי וואָלטנ וועלנ אופוועקנ די מייסימ... דער באלעבאָס איז ארופגעקומענ אונ האָט אָנגעשטעלט די אויגנ אפּ די ארבעטער דורכ די ברילנ, גלייַכ ווי אנ אָקס, וואָס וויל עמעצנ א שטויס טאָנ.

ער איז נידעריק, גראָב און סאָפּעט ווי א גאנדז. דערבײַ הייבט זיך זײַן בויך אראָפּ און ארויף. ער גייט פון איין טיש צום צווייטן, באקוקט די ארבעט, זעצט אויס יעדן באזונדער אנדערע פעלערן און מיט א שמייכל זאָגט ער:

— בעסערע פּרײַזן ווילן זיי נאָך...

ער גייט צו צו זאלמענען דעם לאנגן, לייגט ארויף די האנט אף זײַן פּלייצע און זאָגט:

— נו, וואָס הערט זיך, זאלמען, ווילסט טאקע ניט פאָרן קיין אויסלאנד, זיך א ביסל „פּאָפּראוועז", א? ע, ביסט גאָרניט קיין לײַט. אָט פאָלג מיך, פאָר און דינג זיך דאָרט עפּעס א רעכטע דאטשע — וועסטו זען, ווי דו וועסט באלד ווערן א מענטש און וועסט קאָנען מאכן דרײַ טויזנט פּאפּיראָסן א טאָג... כע, כע, כע...

זאלמען שווײַגט.

דער פילאָזאָף האָט גיך אָנגעהויבן צו ארבעטן. קאָנטיק, אז ער איז שוין אין קאס...

אין דער צײַט לאָזט יאָסקע ניט אראָפּ די אויגן פונעם „גראָבן" און טראכט:

„אָ, דו גראָבער כאזער, דו!.. ווערטלעך מאכט ער נאָך מיט אים... די מאשין איז קאַליע געוואָרן, האָט ער באלד געשיקט רופן דעם מעכאניק, ער זאָל זי צערעכט מאכן... געלט קאָסט זי אים. און זאלמען איז א מאשין, וואָס קאָסט קיין געלט ניט, קאַליע געוואָרן — איז ארויסגעוואָרפן און געזוכט אַן אנדער לעבעדיקע מאשין אף זײַן אָרט. די אנדערע וועט קאַליע ווערן — איז א דריטע... קיין געלט קאָסט ניט. הא... און איך וועל אויך ווערן ווי זאלמען?..

בא דעם געדאנק האָט יאָסקע ווי א ציטער געטאָן. 18 יאָר איז ער ערשט אלט, נאָך פול מיט לעבן... ער פילט זיך נאָך אזוי פריש און דאָ זיצט זאלמען פאר די אויגן און ווײַזט, וואָס ס'קאָן דאָ פון אים ווערן... נאָכוואָס איז ער צוריקגעקומען אהער? ערשט צוריק מיט אייניקע טעג דאָרט, אין דער היים... אין וואלד געזעסן... כאוויירים... מיידלעך... ראָכעלע...

— „ראָכעלע, איך האָב דיך ליב!" — האָט ער איר דאָרט שטיל געזאָגט. זי האָט זיך פארשעמט, געשוויגן. די גרעזעלעך פון דער ערד געשטשיפּעט...

און שפּעטער, פֿאַרנאַכט אויפֿן שיפֿל, האָט זי געזונגען אַזוי מעכאַ-
יעדיק, זיס־טרויעריק.

זײַ געזונט, מײַן בעסטער פֿרײַנט —
איך זע דיך מער ניט, נאָר ווי הײַנט...

פֿאַרנאַכט איז דאָס געווען. מיט ראָכעלען צום טײַך. א שיפֿעלע
געדונגען און מע שיפֿט זיך. ס'וואַסער איז גלײַך, גלאַט ווי אַ שפּיגל
און דאָס שיפֿעלע רוקט זיך, רוקט זיך... שטיל, שטיל... און פֿון ביידע
זײַטן טײַך גרינ, גרינ... מיט קאַמיש שמעקט, מיט פֿײַכטקײַט. די לופֿט
איז ווייך און גרינג הייבט זיך דאָס האַרץ. גרינג. שטיל, שטיל. ווי דאָס
שיפֿעלע שווימט גרינג און שטיל.

און אָט נאָך אַ לאַנגער צײַט שווײַגן הייבט אָן ראָכעלע צו זינגען,
קוקנדיק אַראָפּ אין וואַסער. צאַרט, ווייך. זיס זינגט זי. און ליב האָבן
ווילט זיך, הערנדיק איר געזאַנג, און דאָס האַרץ ציט, ציט צו ראָכעלען
און גוט, מעכײַע, וואַרעם איז אין האַרצן.

און אָט לאָזט זיך די זון דאָרט אַראָפּ, אַראָפּ און באַגילדט די שפּיצן
פֿון די ביימער און צווישן זיי דאַכט — ס'ברענט... באַגילדט איז דער
הימל און מיט גאָלד גלאַנצט דער טײַך און דו שיפֿסט זיך אינעם צע-
שמאָלצענעם גאָלד... די געלינקע וואַסער־רויזעלעך קוקן אַרויס מיט
אָפֿענע מײַלעכלעך און שעפּן אין זיך די פֿײַכט־פֿרישע לופֿט...

אָט ליגן גרויסע בלעטער צעלייגט איבערן וואַסער, ווי הענט, וואָס
האַלטן צו דעם טײַך, ער זאָל ליגן שטיל. און שטיל רויִק ליגט דער
טײַך און נאָר זעלטן ווען גיט ער זיך אַ קנייטש, אַ ציטער... צי פֿונעם
לופֿטעלע, וואָס גיט אָפּ אים אַ גרינגגן הויך, צי די קאָמאַרן, וואָס פֿליִען
איבער אים, בײַסן...

און אָט איז שוין די זון פֿאַרגאַנגען... גייט אָפּ דאָס גאָלד פֿונעם
הימל, פֿונעם טײַך און טונקל ווערט... ווי מיט רויך רוקט זיך די נאַכט
איבערן הימל הערער, הערער, און ווי די זון איז פֿאַרגאַנגען איז נאָך...
ליכטיקער געוואָרן, ווי ערשט וואָלט דאָרט אָנגעהויבן טאָגן... און דער
צווינטער אַנטקעגן איז שוין פֿינצטערלעך און עפּעס אַ מוירע רוקט זיך
איבערן טײַך. שטערנדלעך הייבן אָן צו ווינקען, קומען צו נאָך און נאָך,
און זשאַבעס קוואַקען... ערגעץ שרײַט אַ פֿויגל. שטיל פֿון דער ווײַט
הערט זיך ווי די וואַסער־מיל רוישט.

ראָכעלע זינגט שטיל. די רודער קלאַפּן צו צום טאַקט. זיי הייבן

זיך גלײַכמעסיק און ס׳הערט זיך, ווי די שפּריצן פאַלן אַף דעם וואַסער. א שטילער פּליעסק—ערגעץ גיט זיך א פּישעלע א וואָרף. די לופט ווערט פײַכטער, קילער.

מע שיפט זיך צוריק. דאָס שיפעלע רוקט זיך שטיל, שטיל. און יאָס־קענ דאַכט זיך, זיצנדיק אין דער דושנער פאַבריק בא דער אַרבעט, אַז ער זיצט מיט ראָכעלען אין שיפל און זיי שיפן זיך ווײַט, ווײַט...

— זײַ געזונט — זינגט ראָכעלע און...

דזינ, דז-ז-זינ... האָט דאָס גלעקל פּלוצעם אָנגעהויבן קלינגען און אַלע מיטאַמאָל האָבן זיך אופגעהויבן פון די ערטער. רוישנדיק, איינער נאָכן צווייטן האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן פון די טרעפּ.

— היי, יאָסקע, עפּעס גייט הײַנט בא דיר שוואַכלעך די אַרבעט — האָט דער „מײַסטער״, דעריאָגנדיק יאָסקען אַף די טרעפּ א זאָג געטאָן.

— הא, יאָ, עפּעס שווער הײַנט... — האָט יאָסקע געענטפערט ווי צעטומלט.

— נו, דער ערשטער טאָג — זאָגט ווײַטער דער מײַסטער — דו ביסט ערשט געקומען פון דער היים... יאָ... פון דיר קומט נאָך הײַנט א ביסל בראָנפן... כע, כע, ווען הייסן געבן, א?

— הא, בראָנפן... קומט! —האָט יאָסקע געענטפערט, אַרויסגייענדיק מיטן „מײַסטער״ אין דרויסן.

# איך בין שוין מער ניט איך

— אן עק מיט א סאָף! איך בין שוין מער ניט איך!

— וואָס עפּעס פּלוצעם?

— איר הערט דאָך!

— וואָס הער איך?

— אז איך ארבעט אפּ א פאבריק, פארנעם א שטעלע פון א גע־הילף־מײַסטער און אלס אזעלכער בין איך מיר א גאנץ רויִקער, שטי־לער און פלײַסיקער מענטש. און ווײַל איך בין א שטילער, ס׳הייסט ניט אזא פרײַער, ניט אזא קײַסן, ניט אזא קאָלבויניק, ווי דער מײַסטער אונדזערער, טרעטן מיר דעריבער אלע ארבעטער אפּן קאָפּ, הערן מיך, ווי דעם פאראַיאָריקן שניי, מאכן זיך ביכלאל פון מיר א קליינעם צימעס.

מע קאָן ניט זאָגן, אז דאָס זאָל מיך ניט ארן. פארקערט, עס ארט מיך זייער שטארק און עס פארדריסט מיך אפילע נאָך שטארקער, נאָר איך קאָן דערצו גאָרניט העלפן, ווײַל איך בין טאָמער איך, ס׳הייסט א רויִקער, שטילער און פלײַסיקער מענטש.

דער מײַסטער, זעט איר, איז שוין גאָר אן אנדער מענטש. גיט ער אפּ עמעצן פון די ארבעטער א קוק, איז דאָס א קוק געטאָן... רעדט ער עפּעס, איז דאָס גערעדט; טוט ער עפּעס עמעצן, איז דאָס גע־טאָן...

איך מיין, אז זײַן קוק, זײַן ריידן, זײַן טאָן ווארפט אפּ אלעמען א מוירע, רופט ארויס דערעכערעץ און האלט אלעמען ווײַט אָפּגעשיידט פון אים...

דערוף בין איך אים טאקע טאָמער מעקאנע. איך וואָלט זיך שוין

געוואָלט אַמאָל פּילן אַ ביסעלע שטאַרקער באַ זיך, ס׳הייסט, זיי, ד אַרבעטער, זאָלן פּילן, אַז איך — בין איך, און זיי — זײַנען זיי.

בין איך אָבער צו מײַן אומגליק אַ שוואַך מענטשל, מיט אַ ווייך האַרץ און מיט אַ באַשטענדיקן שמייכל אַף די ליפּן... איך פאַרמאָג ניט, פאַרשטייט איר מיך, די פּוסטאָמקעלעך פון אונדזער מײַסטער, פאַר וועלכע אַלע האָבן דערעכערעץ.

מײַן ווײַב האָט שוין מיר אַפילו עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז איך זאָל ניט זײַן אַזאַ „טראַפּקע" און איך זאָל זיך נעמען אין די הענט אַרײַן, וואָלט גאָר אַנדערש געווען. זי ווייסט באַרניט, אַז ווען איך זאָל דאָס קאָנען טאָן, ס׳הייסט, אַז איך זאָל זיך קאָנען נעמען אין די הענט אַרײַן און יענעם צו פילן געבן, אַז איך — בין איך און זײַ מיט מיר ווייניקער פּאַני בראַט — וואָלט טאַקע זי אַליין אויך מער דערעכערעץ געהאַט פאַר מיר...

דאָס איז נאָך אָבער אַ האַלבע צאָרע. דעריקער — איך לײַד זייער דערפון, וואָס איך קאָן זיך ניט האַלטן, ווי אונדזער מײַסטער, כאָטש איך בין קימאַט דער זעלבער קנאַקער אין דער אַרבעט, ווי ער, און עפּשער נאָך מיט אַ סמיטשעק...

ווען איך זאָל ווערן מײַסטער, האָב איך מיר געטראַכט, וואָלט איך געוויס... וואָס וואָלט איך?.. יאָ, איך וואָלט זיי געוויזן, אַז איך — בין איך און זיי — זײַנען זיי...

וואָס זשע, מיינט איר, טוט גאָט? פאָרט אונדזער מײַסטער אוועק אַף אַ פּאָר וואָכן און מע גיט מיר איבער די קאָמאַנדע, ס׳הייסט, איך ווער פּאָלנער מײַסטער אַף זײַן אָרט... ע, ע, טראַכט איך מיר, איצט איז געקומען די צײַט, ברודער, האַלט פּאַסאָן!

און ווען איך האָב וועגן דעם מײַן ווײַב דערציילט, מאַכט זי צו מיר אַזוי:

— הער אויס, צעמעך, איצט דאַרפסטו זײַן אַ מענטש און זיך באַנוצן מיטן מאָמענט. דו מוזט גוט אײַנזינען האָבן, אַז דו ביסט איצט מײַסטער, און דו דאַרפסט איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סאָף מיט דער פּאַניבראַטסטווע צווישן דיר און זיי. דו דאַרפסט זיי דאָס געבן צו פילן אַזוי, אַז זיי זאָלן דאָס אויך אַף שפּעטער געדענקען...

איך האָב דערפילט, אַז זי האָט זייער רעכט, נאָר איך האָב פּלוצעם, אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין, אַ געשריי געטאָן צו איר:

— ווער פרעגט עס בא דיר אייצעס?!

און פלוצעם, גאָר אומדערוואַרט האָט זי זיך צוריקגעצויגן, פאַרביסן מיט די ליפּן, און מער מיט מיר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט דער־פון...

— ע, ע, טראַכט איך מיר, — ס'גייט אַפּ אַ לאַד; אין דער ריכטונג דאַרף מען פאָרן ווײַטער...

אַפּ מאָרגן, ווען איך בין געגאַנגען אין פאַבריק, האָב איך מיט זיך אַלייג אָפּגעמאַכט, אַז קעדיי איך זאָל זײַן אויסגעהאַלטן, ווי עס דאַרף צו זײַן, מוז איך צום אַלעם ערשטן זיך אַליין איבערצײַגן אין דעם, אַז „ער״ איז איצט ניטאָ און איך פאַרטרעט זײַן שטעל...

מיט דער איבערצײַגונג בין איך געוואָרן אַ ביסעלע פעסטער בא זיך. איך האָב זיך געסטאַרעט אָנצונעמען זײַן אויסזען, נאָכמאַכנדיק אים זײַנע געוויסע פּאָסטעמקעלעך, פאַר וועלכע כעוורע האָבן אַזוי דערע־כערעצט. און ווען דאָס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן, ווי מיר האָט זיך גע־דאַכט, בין איך אַ שטרענגער, אַ שטאָלצער, מיט דעם באַוווּסטזײַן, אַז איך בין איצט איך — אַרײַן אין פאַבריק, זאָגנדיק דעם „גוט מאָרגן״ אָבער פונקט, ווי ער וואָלט אים געזאָגט. ס'הייסט, קאַלט און ניט קוקנ־דיק דערבײַ אַפּ קיינעם.

דעם עמעס געזאָגט, האָב איך דאַפקע יאָ געכאַפּט אַ קוק אַפּ זיי, אַזוי ביגנייווע, קעדיי איך זאָל באַמערקן, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק מײַן „גוט מאָרגן״ האָט אַפּ זיי געמאַכט... — ווי געוווּנטשן!

נאָכדעם האָב איך שווײַגנדיק, בייז, מיט געהעריקן שטאָלץ אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דאָס רעקל — אַזוי טוט „ער״ קעסיידער — און האָב אָנגעטאָן דעם סאַראַטענעם פאַרטעך — אַזוי טוט קעסיידער „ער״ און האָב פאַרנומען דאָס אָרט פון מײַסטער...

— מאַלטשיק! — האָב איך אַ געשריי געטאָן קימאַט מיט זײַן קאָל. דאָס לערנ־ייִנגל איז צוגעלאָפן אָבער פונקט ווי צו „אים״...

— גיי, זאָג איך צו אים, ברענג מיר אַרײַן אַ פלעשל מיט פאַרבײַסן!

דער „מאַלטשיק״ האָט שוין געוווּסט, וואָס איך מיין.

„ער״ האָט אויך אַזוי געטאָן פאַר דער אַרבעט.

איבערגעכאַפּט, האָב איך זיך אופגעהויבן, אָפּגעווישט די הענט אין האַנטעך — אַזוי טוט „ער״ טאָמעד — און האָב זיך געלאָזט גיין צווישן די ווערקשטאַטן אַ קוק טאָן, ווי כעווירע אַרבעטן...

מײַן קוק האָט אַפּ זיי געווירקט, ווײַל איך האָב באלד באמערקט, ווי זיי האָבן זיך אָנגעהויבן איבערקוקן צווישן זיך...

דאָס האָט מיר, פארשטייט זיך, פארדראָסן, און איך האָב א מאך געטאָן „זײַנע" א מינע. איך ווייס אפילע ניט, צי די מינע האָט זיך מיר אײַנגעגעבן נאָכצומאכן פּינקטלעך, נאָר געדארפט האָט זי זײַן אזוי: דאָס פּאָנעם בייז, די אויגן שארף, די ברעמען אָנגעשפּיצט און די נאָזלעכער א ביסל צעשפּרייט... און ווי מיר האָט זיך געדאכט, האָב איך זי אזוי געמאכט און האָב געוויס געדארפט אויסזען אין דער מינוט ווי „ער"...

איך זע אָבער, ווי כעוורע שמייכלען, ווינקען זיך איבער און שמייכלען.

וואָס טויג אײַך — איך האָב א רייד געטאָן מיט „זײַן" טאָן: שארף, ענערגיש, און זייער שטרענג...

איך הער אָבער כעוורע לאכן אין די קולאקעס...

דעם עמעס געזאָגט האָב איך זיך אָפּגעהאלטן מיט אלע קויכעס, קע-דיי איך זאָל זיך אויך ניט צעלאכן, וואָרעם איך, בא זיך, האָב גוט גע-פילט, אז איך זע מיסטאמע אויס, ווי א רעכטער לעקעש אין דער מינוט...

בעקיצער, איך האָב דאָך איינמאָל פאר אלעמאָל געוואָלט זײַן אויס-געהאלטן, האָב איך וואָס ווײַטער, אלץ מער און מער געצויגן דעם בויגן, ס'הייסט „אים" אלץ נאָכגעמאכט, ביז איך האָב ענדלעך דעם בויגן איבערגעצויגן און ער האָט געפּלאצט...

גאָר פּאָשעט: כעוורע האָבן מיטאמאָל אויסגעשאָסן מיט א געלעכ-טער, שרײַענדיק איינער צום צווייטן.

— וואָס מאכט ער זיך נאריש? פון זינען אראָפּ, צו אלדי גוטע יאָר!

— אַן אקטיאָר זײַן דארף מען קאָנען, צעמעך!

דאָס האָט מיך שוין אזוי צעקאָכט, אז איך האָב זיך אָנגענומען מיט הארץ און שוין געוואָלט אויסשרײַען:

— דערעכערעצ, מערז...!

האָב איך זיך אָבער פּלוצעם, גאָר אומדערווארטנדיק פאר זיך אליין אויך צעלאכט...

פרעגט שוין ניט, וואָס ס'איז ווײַטער געוועזן...

און איבער דעם טאקע פיל איך זיך איצט, אז ניט נאָר „ער" קאָן איך ניט זײַן, נאָר אז איך — איך בין שוין מער ניט איך...

# „קינדער"

1

ווען די פאַבריקן הייבן אָן צו פײַפֿן און אין הויף קומט אַרײַן די אַלטע קוישן-טרעגערן מיט איר הייזעריקן אויסגעשריי: „קעז און פּו-טער! קעז און פּוטער! אייער, פרישע, פרישע!" — עפֿנט פײגע אירע אויגן אויף, כאַפּט אַ קוק אויפֿן „וועקער" און ציט אויס מיט אַ פֿאַרשלאָ-פֿענעם גענעץ: „זע-ע-קס".

און באַלד טאַקע הייבט דער וועקער אָן צו קלינגען און פֿונעם צווייטן צימער דערהערט זיך אַ קאָל:

— באַלעבאָסטע!

— וואָס, מײַן טײַערס? — ענטפֿערט פײגע, אַרופֿוואַרפֿנדיק אויף זיך די קליידער.

— וויפֿל האַלט דער זייגער? — פֿרעגט דאָס קאָל.

— איר מעגט שוין אויפֿשטיין — ענטפֿערט פײגע.

— נו, אויפֿגעשטאַנען זאָל ווערן! — שרײַט אויס דאָס קאָל און באַלד נאָכדעם דערהערט זיך אַ הייזעריקער סקריפּ פֿון אַ בעט, אַ גענעץ און אַן אויסגעשריי פֿון אַ צווייטן קאָל:

— באַלעבאָסטע!

— וואָס, מײַן טײַערס? — ענטפֿערט פײגע דעם צווייטן קאָל.

— טיי וויל איך.

— באַלד וועט זײַן דער סאַמאָוואַר.

און ווען פײגע האָט שוין דעם סאַמאָוואַר, טראָגט זי איבער פֿון איר געלעגער, וואָס שטייט אין פּאָדער-צימער בײַם פֿענצטער, אין קיך

אריַין א האָרבאַטע מיידעלע מיט דינע קרומע פיסלעך, ווי באַ א שפּין. דאָס מיידעלע צעוויינט זיך מיט א קאָל, וואָס גרילצט, ווי עמעצער וואָלט אין איר האלדז אײַזן געפּײַלט. דאָס גרילצן ציפּעט באַם הארצן און צערייצט די נערוון. פייגע נעמט זי אײַן:

— נו, שא! שלאָף. ס'איז נאָך פרי. די „קינדער" שלאָפן נאָך אויך.

נאָכדעם ווען פייגע האָט שוין אײַנגעשטילט און פארשלעפּערט דאָס מיידעלע, טראָגט זי אויך איבער דאָס געלעגער אין קיך אריַין, לייגט צונויף דאָס אײַזערנע בעטל אזוי, אז עס ווערט גלײַך דערפון א טיש. דעם טיש פארשפּרייט זי מיט א טישטעך און שטעלט ארויף אפ אים דעם קאָכעדיקן סאמאָוואר.

דער סאמאָוואר שפּריצט אין אלע זײַטן פון אונטערן דעקל ארויס מיט הייסע טראָפּן וואסער, קאָכט, בײַזערט זיך און בלאָזט מיט פארע דורכן לעכל פונעם דעקל. פאפ-פּ-פ... ארויף, ארויף צו דער סטעליע, וועלכע הייבט גלײַך אָן צו שוויצן.

— מע מעג אריַינגיין? — קלאפּט פייגע אָן אין טירל פון אירע קוואר-טיראנטנס צימער.

— אוי, זאָל אײַך גאָט אָפּהיטן! — דערהערט זיך א קאָל פון דאָרט.

— דער גוטער יאָר זאָל אײַך כאפּן — מאכט פייגע — שטייט שוין דאָרט אוף!

און אָט עפנט זיך דאָס טירל און עס באווײַזט זיך יוזעפל.

— גוט מאָרגן — זאָגט ער.

— א גוט יאָר זאָל אײַך זײַן — ענטפערט אים פייגע.

יוזעפל איז א נרויס קינד פון עטלעכע און צוואנציק יאָר, א קליי-נינקער, א דארער מיט קליינע הענט און פיסלעך, א קליין, בלייך פּע-נעמל געדיכט באשאָטן מיט קלײַען. א שפּיצעכיק לאנג נעזל און די נידעריק-געשוירענע, רויטע הארטע האָר אפ זײַן שפּיצעכיק קעפּל סטאָר-טשען ווי רויטע דינע שפּילקעלעך. איבער דעם רופן אים אייניקע: „דער רויטער יאָזש" — און אנדערע — „דאָס שטרויענע בערשטל". דער-פאר פארמאָגט אָבער יוזעפל א פּאָר פיש-אייגעלעך, וואָס האָבן ניט זיי-ער גלײַכן אפ דער גאָרער וועלט: קײַלעכיקע, קליינינקע פיאָלעטעווע „קוקערלעך", אײַנגעפּאסט אין גאָלד-רויטע האָריקע רעמלעך.

דאָס יוזעפל גייט איצט אין קיך אריַין זיך וואשן.

— א גוט מאָרגן אײַך, מאדאם פראנצעטייל, נו, — שרײַט אויס הערשל,

ווען פייגע נעמט ארויס בא זיי אין צימער טיי און צוקער פון איר בופעטל.

— גייט אײַך צו אלדי גוטע יאָר! — מאכט פייגע ניט קוקנדיק צו הערשלען.

— שעמט זיך ניט, באלעבאָסטע, מיר זײַנען דאָך עפּעס, ווי זאָגט מען, ניט קיין פרעמדע.

בא פייגען ווערן די באקן רויטלעך און ווארעם...

זי לויפט ארויס מיט א זײַטיקן, צעטומלטן בליק אף הערשלס בעט און זאָגט שוין פון דעם פּאָדערצימער ארויס:

—שטייט שוין דאָרט אוף, מעשומעד איינער... גיכער א ביסל...

הערשל בייגט זיך אראָפּ פונעם בעט, כאפּט פון דער ערד א שטעק-שיך און גיט אים א שמיץ צו אײַזנבערגן אפן בעט.

— צום טײַוול! — גיט אײַזנבערג א ברום און דעקט זיך אײַן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ.

אײַזנבערג איז אן עלטערער באָכער, מיט שווארצע, גלאטע האָר, מיט א רויט פּאסעקל אף דער נאָז צווישן ביידע אויגן און צוויי בלויע לענטעטשקעס אונטער זיי.

— נו, נו... — וואָרטשעט ער פון אונטער דער קאָלדרע ארויס, און פּלוצעם גיט ער זיך א דעק אָפּ, א ציִ אויס א נאקעטע האנט, באַ-וואָקסן מיט שווארצע האָר, צום טיש, נעמט זײַנע ברילן און זעצט זיי ארוף אף דער נאָז פּונקט אפן רויטן פּאסיקל און די צוויי בלויע לענטעטש-קעס פון אונטער די אויגן באקומען אונטער די גלעזלעך פון די ברילן אן אש-קאָליר.

— וואָס איז, ליטוואק, נאָך זײַט איר מיט מיר ניט צופרידן?

— צום טײַוול גייט! — זאָגט דער ליטוואק, ליגנדיק מיטן קאָפּ ארופּ און קוקט דורכ די ברילן אף דער סטעליע.

הערשל טוט זיך אָן און גייט צו צום ליטוואקס בעט און קוקט אף אים, ווארטנדיק אף עפּעס.

דער ליטוואק, פילנדיק הערשלען נעבן זיך, גיט באלד א כיינעוודיקן שמייכל און פרעגט האלב-כאָוועד, האלב נאָך ברויגעז:

— וואָס ווילט איר?

— וואָס הייסט, וואָס? איר האָט דאָך מיך געשיקט צום טײַוול...

און הערשל גיט פּלוצעם א נעם אראָפּ די קאָלדרע פון אים, גיט

זיך דער ליטוואק אַ צי צענויף און בלײַבט אַזוי זיצן אַ ווײַסער מיט די פּיס אונטער זיך.

הערשל שרײַט: — באַלעבאָסטע!

און פייגע ווייס שוין גוט, וואָס דאָ קומט פאָר, ענטפערט זי:

— גייט צו אַלדי גוטע יאָר! קומט שוין בעסער טיי טרינקען!..

יוזעפל קומט אַרײַן, ווישנדיק זיך מיט אַ האַנטעך דאָס געפלעקטע פּענעמל, כאַפּט אַ קוק אָפּ אײַזנבערגן און פאַרגייט זיך מיט אַ דראָב־נעם, קוויטשנדיקן געלעכטערל.

— אוי, אוי, אוי—ציקלט זיך זײַן קעלכל — ווי נאַריש ער זעט אויס!

— יוזעפעניו, קעצעלע! — שרײַט אויס הערשל צופרידן — קום, מײַן טײַערס!

און ער גיט אים אַ כאַפּ אָפּ די הענט און טראָגט אים צו אַנטקעגן שפּיגל.

יוזעפל דריגעט מיט די קליינע פּיסעלעך און הערשל טאַנצט מיט אים, ווי מיט אַ ליאַלקע, זינגענדיק דערבײַ אַ מאַרש.

דער ליטוואַק וואָרטשעט בייזלעך און שמייכלט דאָך מיט אַ קליין, קוים־קוים מערקנדיק שמייכעלע.

פייגע שרײַט פון צווייטן צימער.

— מעשומאָדים! וואָס האָט איר צו מיר? איר וועט מיר דאָס קינד אופוועקן!

הערשל ענטפערט:

— מאַדאַם, פאַניע פראַנצענטייל, קומט זעט, ווי מײַן קינד טאַנצט
אוי, ווויל איז דער מאַמען און גוט איז איר.
זי האָט אַ זון — וועט זי האָבן אַ שנור...

זינגט הערשל מיט אַ ווײַבעריש קאָל.

פייגע איז שוין אויך דאָ. יוזעפל כאַפּט אַרום מיט זײַנע קליינע געפּינטלטע הענטלעך הערשלס האַלדז, טוליעט זיך צו צו אים און מאַכט „פּיסקעס", ווי אַ קינד. פייגע האַלט זיך שוין בא די זײַטן פון געלעכ־טער. ליטוואַק לאַכט שוין אויך.

הערשל גיט יוזעפן אַ שטעל אַראָפּ, גיט אַ פּאַטש מיט די הענט, אָנווײַזנדיק אָפּ ליטוואַקן:

— אוי, זעט, ער לאַכט דאָך! איך זאָל אַזוי לעבן, ווי ער לאַכט, לעבן מײַנס!..

און ער לויפט צו אײַזנבערגן, כאַפּט אים אַרום און רוימט אים עפּעס איין אַפּן אויער...

אײַזענבערג שפּרינגט אויף. ווי אַן אָפּגעבריטער.

— איך האָב אײַך געבעטן מיט מיר פון אַזעלכע...

— איר הערט?..

— קומט שוין בעסער טיי טרינקען, מעשומאָדים, איר דאַרפט דאָך שוין גיין — זאָגט פייגע, שטויסנדיק זיך אָפּ דעם, וואָס הערשל האָט ליטוואַקן געזאָגט, זי גייט אַרויס.

— יוזעפל, וואָס האָט דיר ליטוואַק דערציילט! — פרעגט הערשל אַ פינטל געבנדיק מיטן לינקן אויג צו יוזעפלען.

— אַז ער האָט שוין אָפּ זײַן לעבן צוויי טעג נאָכאַנאַנד ליב געהאַט אַ מיידל, שטאַרק ליב געהאַט...

— נו, און זי אים?

— נו, זי האָט דערפון גאָרניט געוווּסט.

— און וואָס זשע איז געוואָרן פון דער ליבע?

— אַ טיפער קנייטש אין זײַן ברייטער נעשאָמע, זאָגט ער.

— זאָלן מיר אים גלייבן, אַז דאָס איז עמעס, האַ, יוזעפל?

— אַז אַ מענטש זאָגט...

— גייט אײַך דאָרט ביידע „קטשאָרטו״!.. — מאַכט דער ליטוואַק שוין טאַקע עמעס בייזלעך און גייט אין קיך זיך וואַשן.

הערשל גייט זיך אויך וואַשן, און באַלד טאַקע ווערט דאָרט באַם קראַן אַ שפּארעניש, אַ געשלעגערײַ און מע שפּריצט זיך מיט וואַסער. דאָס קינד כאַפּט זיך אויף מיט איר גרילצן און פייגע בייזערט זיך שוין. יוזעפל לויפט קויפן ברויט צו דער טיי.

שפּעטער אַ ביסל זיצן שוין אַלע באַם טיש, גלײַך ווי עס איז גאָרניט געווען, און טרינקען טיי. ליטוואַק קוקט אַרײַן אין אַ צײַטונג, - ווי אַלע פרימאָרגן, לייענט שטיקלעכווײַז הויך, אַלע זאָלן הערן.

דער ערשטער הייבט זיך אויף הערשל, כאַפּט אַ קוק אָפּן וועקער און מיט אַן ערנסט פּאָנעם זאָגט ער „אַ גוטן טאָג״ און גייט אַוועק אין קאָנטאָר.

נאָך אים הייבט זיך אויף יוזעפל און גייט אַוועק אָפּ זײַנע אורעקן. אײַזנבערג בלײַבט נאָך דאָ אַ ווײַלע זיצן, ביז פייגע קלײַבט דאָרט צו דעם צימער, נאָכדעם גייט ער אַרײַן צו זיך, צומאַכנדיק גוט דאָס טירל און נעמט זיך מאַכן זײַנע אורעקן מיט אַ געמאָרע-ניגון.

פייגע איז אנ אלמאָנע פונ א יאָר דרײַסיק. דער מאַנ אירער, וועלכער איז פיל עלטער געווענ פונ איר, האָט געארבעט א לענגערע צײַט אפ א באוווסטער טיי-פאבריק, באקומענדיק דאָרט דרײַסיק רובל א כוידעש. דערצו האָט ער דאָרט מיט דער צײַט דערוואָרבנ שווינד-זוכט, פונ וואָס ער איז טאקע מיט א פּאָר יאָר שפּעטער געשטאָרבנ.

נאָכנ מאנס טויט איז פייגע מיט איר „קאליקע“ געבליבנ ווי אפנ וואסער.

איצט באקומט פייגע פּענסיע פונ דער טיי-פאבריק, פופצנ רובל א כוידעש. זײַנענ די פופצנ רובל אָבער ווייניק. האלט זי קווארטי-ראנטנ אונ שפּאָרט זיכ אײַנ דערמיט כאָטש דאָס דירע-געלט.

---

דעם גאנצנ טאָג איז בא פייגענ אינ שטוב שטיל אונ אומעטיק.

די „קאליקע“ שפּילט זיכ אינ הויפ, פייגע זיצט אייגע אליינ אינ פּאָדער-צימער אונ טוט עפּעס אנ ארבעט, זי הערט, ווי דער ליטוואק לערנט אונ זינגט אונ איר דאכט זיכ, אז דאָס צימער, אינ וועלכנ דער פרעמדער זיצט — איז ניט איר'ס... אונ איבער דעם גייט זי דעם גאנצנ טאָג ניט ארײַנ אינ דעם צימער.

פארנאכט, ווענ די ווײַזער פונעם וועקער ווײַזנ, אז ס'איז 8 אזייגער, באגעגענענ זיכ אפ דער שוועל פונ פייגעס וווינונג אומעט מיט פריילעכקײַט.

ווי אנ עמעסע מאמע דערפרייט זיכ פייגע מיט אירע „קינדער“, וואָס קומענ זיכ צונויפ אינ דער היימ, ווי פונ א כיידער.

דאָס „פרעמדע“ ווערט מיטאמאָל צוריק אירס.

ליטוואק ווערט מיטאמאָל אויס פרעמדער, אויס קאלטער, ערנסטער מענטש, פאר וועלכנ זי האָט דעם גאנצנ טאָג אָפּשײַ אונ גרויס דע-רעכערעצ. איצט ווערט ער צוריק איר קווארטיראנט, איר „קינד“ אונ זי הערט זיכ אופ שעמענ צו ריידנ מיט אימ אויג אפ אויג... איצט ווערט זי שוינ ניט רויט, ווענ זי זעט, אז ליטוואק קאָנ איר איבער עפּעס ניט קוקנ גלײַכ אינ די אויגנ אונ פינטלט מיט זיי.

דעם גאנצנ טאָג פילט זי זיכ אזוי, ווי זי וואָלט זײַנ אנ עלנטע שכיינע

בא יענעם אין א קליין צימערל, אָבער איצט פילט זי זיך שוין ווידער, אַז זי איז די באַלעבאָסטע איבער איר שטוב.

די „קינדער" זײַנען „אינדערהיים".

דעם גאַנצן טאָג טראַכט זי מיט שרעק און ווייטעק אין האַרצן פון דעם טאָג, ווען זי וועט פלוצעם בלײַבן אָן קוואַרטיראַנטן, אָבער איצט פילט זי, אַז זי האָט קוואַרטיראַנטן — גוטע, היימישע, אייגענע, וועלכע האָבן זי טאַמער אין זינען און וועלן זי געוויס פאַרזאָרגן מיט קוואַרטיראַנטן אויך אַף שפּעטער; און יענע ווידער וועלן ווײַטער זאָרגן פאַר איר ביז גאָט וועט איר העלפן...

און אַז גאָט וועט איר אַמאָל העלפן „קומען צו א ברעג" — גלייבט זי מיטן גאַנצן האַרצן.

ניין, איצט, ווען אַלע „קינדער" זײַנען „אין דער היים", איז איר ניט אומעטיק. איצט איז זי זייער פריילעך געשטימט און שוועבנדיק גרינג און גיך פון איין אָרט צום צווייטן, פון איין צימער אין צווייטן — וואַרפט זי איר פריילעך געשטימט קאָל דורכן אָפענעם פענצטער אין הויף אַרויס:

— כאַנעלע! כאַנעלע! — און דערבײַ טוט זי איר אַרבעט גיך, גרינג און מיט פאַרגעניגן.

— וויפל האַלט אײַער זייגער? — ווענדט זי זיך פלוצעם צו ליטוואַקן.

ליטוואַק, וועלכער האָט צונויפגעלייגט זײַנע ביכער און גייט איצט אום א פאַרטראַכטער הין און צוריק איבערן צימער, נעמט פאַמעלעך אַרויס פון וועסט-קעשענע דעם זייגער, לייגט אים פריִער פאַמעלעכן צו צום אויער און נאָכדעם ערשט, ווען ער האָט א לענגערע צײַט גע-קוקט דורך די ברילן אַפן ציפערבלאַט, זאָגט ער, ניט קוקנדיק אַף פייגען:

— דרײַצן מינוט אַף נײַן.

— דרײַצן מינוט אַף נײַן?! — גיט זיך פייגע א כאַפּ.

— קינדער, גייט זיך שוין אַרומוואַשן, דער סאַמאָוואַר זינגט שוין.

די „קינדער" גייען אין קיך זיך אַרומוואַשן.

פייגע נעמט אָנגיסן טיי אין די גלעזער.

— יאָזשעק, דאָס איז מײַן האַנטעך! — שרײַט הערשל.

— קליינער מעשומער, גיט אים אָפּ זײַן האַנטעך! נאַט אײַך אײַערן! — שרײַט פייגע.

ליטוואַק קומט אַרײַן און זעצט זיך שטיל, מיט פאַרמאַכטע ליפּן צום טיש.

אף דער שוועל באַוויַיזט זיך כאַנעלע אף צוויי קוליעס מיט א גרויסן קאָפּ, וואָס איז טיף אַרײַנגעזעצט צווישן צוויי דאַרע שפּיצעכיקע אַקסלען.

די שטוב הייבט אָן אופלעבן. דרויסן הייבט אָן פאמעלעכן צופאַלן די נאַכט.

III

און עס איז געקומען דער טאָג, פאַר וועלכן פייגע האָט זיך טאָמער אַזוי שטאַרק געשראָקן.

די „קינדער" האָבן זייער „מאַמען" פאַרלאָזט.

פייגע האָט אַרויסגעהאַנגען א קוויטל אפן טויער און פרעמדע, ניט באַקאַנטע קוואַרטיראַנטן האָבן זיך אַרײַנגעצויגן צו איר אין שטוב.

צווישן די פרעמדע איז איַיזנבערג געווען דער לעצטער „אייגענער". און ווען ער האָט זיך אויך אַרויסגעצויגן פון „דערהיים", איז פייגע מיטאַמאָל געוואָרן אויס באַלעבאָסטע-מאַמע. א שטיפמאַמע איז זי געוואָרן. און פרעמד און וויַיט אָפּגעשיידט האָט זי זיך פון אירע קוואַרטיראַנטן געהאַלטן.

מיט דער צײַט האָבן זיך די קוואַרטיראַנטן אָנגעהויבן זייער אָפּט צו בײַטן און אָפט האָט דאָס צימער אָנגעהויבן צו וואַרטן וואָכנווײַז אף קוואַרטיראַנטן.

און עס איז געקומען דער טאָג, פאַר וועלכן פייגע האָט זיך טאָמער אַזוי שטאַרק געשראָקן.

זי האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער דירע און זיך אַרײַנציִען צו „יענעמ" אין א קליין וואָלול צימערל.

אין דעם צימערל, אלס „שכיינע בא יענעמ" האָט זי זיך דערפילט אַזוי שלעכט, אַזוי פאַרלאָרן, ווי א מוטער, בא וועלכער עס זײַנען איינציקווײַז אויסגעשטאָרבן אַלע אירע קינדער.

אין די שלעכטע, טרויעריקע מינוטן, ווען פייגע פלעגט א טראַכט טאָן פון איר צוקינפטיקן לעבן, פלעגט פאַר איר אופלעבן ווי א טרייסט די פאַרגאַנגענהײַט. ווען זי האָט געהאַט איר שטוב מיט אירע „קינדער" - קוואַרטיראַנטן. דאָס ליכטיקע ווינקל פלעגט זי אַרויסנעמען, אויסטיילן עס פון איר גאַנצן לעבן. און דאָס אויסגעטיילטע, אַרויסגענומענע פון איר לעבן ליכטיק ווינקל, האָט זי געקאָנט

מיט די אויגן זען, מיט די אויגן אָנטאַפּן און נאָכאַמאָל עס מיטן גע־דאַנק איבערלעבן...

דאָס איז געווען דער אַלבאָם מיט אירע קוואַרטיראַנטן־„קינדערס" בילדער, כוץ איין איינ לײדיק אָרט. און דאָס לײדיק אָרט איז פאַרבונדן מיט א סאָד, וועלכן פייגע וועט קיינמאָל פאַר קיינעם אין דער וועלט ניט דערציילן...

אַף דעם ליידיקן אָרט פעלט אויס דעם ליטוואַקס בילד...

און ווען פייגענ ווערט שלעכט און טרויעריק אַפן האַרצן, נעמט זי דעם אַלבאָם מיט אירע „קינדערס" בילדער, זעצט זיך אַוועק מיט איר „קאַליקע" באַם טיש און הייבט אָן איבערקוקן דעם אַלבאָם.

אַף יעדן בילד באַזונדער שטעלט זי זיך אָפּ, לייענט מיט געדאַנק די אויפשריפטן, וואָס זי געדענקט שוין „אויסווייניק" און זיפצט.

די „קאַליקע" רעכנט דערבײַ אויס וועמען זי האָט ליב געהאַט און וועמען פײַנט.

און ווען פייגע קומט צום ליידיקן אָרט אין אַלבאָם, קוקט זי אַף דעם אָרט מער ווי אַף אַלע בילדער.

די „קאַליקע", זעענדיק, אַז די מוטער קוקט אַזוי לאַנג אַף דעם אָרט, זאָגט זי:

— וואָס קוקסטו אַזוי לאַנג, מאַמע?

— גאָרניט — ענטפערט פייגע מיט א זיפץ און מישט איבער דעם בלאַט, לאָזנדיק צוגעבונדן אירע געדאַנקען פון יענער זײַט, אַפן ליי־דיקן אָרט.

און נאָכדעם, ווי פייגע האָט שוין איבערגעקוקט דעם גאַנצן אַל־באָם, שטייט נאָך א לאַנגע צײַט פאַר אירע אויגן דאָס ליידיקע אָר און רייצט זי מיט עפּעס — רייצט אירע ווײַבלעכע געפילן און איר דאַכט זיך, אַז פונעם ליידיקן אָרט קוקט אַף איר אײַזנבערג, דער ליט־וואַק, דורך זײַנע ברילן און לאַכט פון איר...

---

ב: שאפיר.

# קעלער=שטיבער.







פערלאג ,בינשטאק".

פרייז 1 רובל.



אדעסא
דרוק פון געזעלשאפט ,בנרתי
תרע"ט

# א וואָלפֿן-בערלאָגע

ניט אין וואַלד, ניט אין פעלד, ניט אין דער וויסטע, נאָר אפ דער מאָלדאַוואַנקע, אין א הויף, ווו עס וווינען פיל לעבעדיקע מענטשן, איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אין א וואָלפֿן-בערלאָגע.

צווישן צוויי הויכע בערג שניי גיי איך מיט א שמאָל-פריש-אויסגע-טראָטענער סטעזשקע, וואָס פירט מיך בארג אראָפּ.

איך קום צו צו אן אָנגעפרוירנ, מיט שניי באשאָטנ טירל. דאָס טירל עפנט זיך מיט א סקריפּ און איך פאל ארײַן אין א פינצטערער קאלטער בערלאָגע.

— איז עמעצער דאָ פאראן? — פרעג איך.

— יאָ, פאראן, וואָס דארפט איר, וואָס? — ענטפערט פון ערגעץ א בייז פארדומפּט קאָל פון אן אלטער פרוי.

— באָבע, דאכט זיך דער „אופּראוווליאיעשטשע"... — הער איך ווי א קינדער-שטימע רוימט אײַן א סאָד דער אלטער.

— וואָס איז ווײַטער, א? — פרעגט די אלטע מיט א בייז איבער-געשראָקן קאָל.

איך נעם זיך באַרויִקן די איבערגעשראָקענע פרוי, כאָטש איך זע זי ניט.

— איך בין געקומען צו אײַך, זאָג איך אין דער לופט ארײַן... פארשרײַבן... פרעגן וויַאזוי איר לעבט... —

— נו, נו, וואָס זשע ווילט איר פון אונדז — לאָזט מיך די אלטע ניט ריידן.

א ביסל אײַנגעשטאנענ זיך אין דער פינצטערער בערלאָגע הייבן אָן ארויסשווימען פאר מיר שטוב-זאכן און לעבעדיקע פיגורן: אָט

זע איך שוין די אלטע: זי ליגט אפ א שטריק-בעטל אין שמאטעס איינגעהילט. בא איר צוקאָפּנס זיצן צוויי ייִנגעלעך מיט א מיידעלע, האלב נאקעטע, מיט צעשויבערטע קעפּ און זײַנען מיט זייערע בליצנדע אייגעלעך מער ענלעך אפ ציגײַנער-קינדער ווי אפ ייִדישע. קוקנדיק אפ דער אלטער מיט איר צעקרימט איינגעשרומפּן פּאָנעם און גרויען קאָפּ האָר, אפ די קינדער בא איר בעט, האָט עס געמאכט אפ מיר דעם איינ-דרוק, אז בא מײַן ארײַנקומען צו זיי האָט די אלטע דערציילט פאר די קינדער א מײַסע פון גאזלאָנים אָדער פון שיידים און קישעפ... די קינדער האָבן זיך געטוליעט איינס צום אנדערן און האָבן געקוקט אפ מיר מיט דערשראָקענע ווילדע אייגלעך...

— ווו איז אײַער טאטע, די מאמע? — פרעג איך. די קינדער קוקן זיך איבער איינס מיט אן אנדער און טוליען זיך צו דער אלטערס צו-קאָפּנס. די אלטע וואָרטשעט, וואָרטשעט, עפּנט דאָס מויל אָן ציין און ענטפערט בייז:

— צו וואָס דארפט איר דאָס אלץ וויסן? וואָס ווילט איר פון אונדז?

— איר נייטיקט זיך עפּשער אין א דאָקטער... אין שטיצע...—הייב איך ווידער אָן, אָבער די אלטע לאָזט מיך ווײַטער ניט ריידן און צעבייזערט זיך: „ווער בעט אײַך?! גייט אײַך געזונטערהייט און לאָזט אונדז צורו!"

— אָבער?..

— אָבער, אָבער! מיר זײַנען אײַך גאָר ניט שולדיק, מיר... מיר... און גייט אײַך געזונטערהייט.

אונטער דער טיר האָבן זיך פּלוצעם שווערע סקריפּנדיקע טריט דערהערט.

— דער זיידע! — האָט איינס קינד א שעפּטשע געטאָן בעסאָד.

גייט, גייט אײַך! — האָט די אלטע בייז מיך געטריבן. עס האָט זיך דערהערט א שטארקער שטויס אין טיר און גלײַך נאָך דעם איז אין בערלאָגע ארײַן אין נעפּל איינגעהילט אן אלטער מאן אין א קורצן פעלצ מיט א זאק אפ די פּלייצעס. דערזעענדיק מיך האָט ער א שמיצ געטאָן דעם זאק אין ווינקל און זיך א שטעל געטאָן פאר מיר מיט אָנגעשטרענגטע בייזע רויטלעכע אויגן. „ווער זײַנט איר? וואָס דארפט איר דאָ?"

— איך...—האָב איך אָנגעהויבן... אָבער דער אלטער גרײַז האָט א קלאפּ געטאָן דעם שנײַ פון די שטיוול, מיט דער גאנצער האנט א נעם געטאָן זײַן ווײַסע אָנגעפרוירענע וואָנצ און געזאָגט קורצ און שארפ:

— עכ, וואָס דולט איר אונדז א קאָפּ! מיר ווילן ניט וויסן פון אײַך און לאָזט אונדז געמאַך!

בא די ווערטער האָט ער א שווערן שפּרײַז געטאָן צו דער טיר און זי שווײַגנדיק בײַז אופגעפּראַלט... דאָ האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען, אז איך מוז דעם וועג נעמען. בא מײַנע ערשטע טריט ארויסצוגיין האָב איך באַמערקט, ווי די קינדער האָבן זיך ווי הונגעריקע וועלפעלעך צום געבראַכטן זאַק געוואָרפן...

# פאַר אנדערע די גליקן

אין דוריאַנס פּערעוּלאָק.

איך קום אַראָפּ אין אַ קעלער און טרעף אַ ייִדן פון מיטעלע יאָרן, וואָס זיצט אויף אַ פּעקל אינמיטן שטוב אויף דער ערד. קיין סימען פון מעבל, פון עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל דערמאָנען, אַז דאָ וווינען מענטשן.

— איר ציט זיך אַרויס פון דאַנען, צי אַרײַן אַהער? — פרעג איך באַם ייִדן, וואָס קוקט אויף מיר מיט טרויעריקע פאַרוווּנדערטע אויגן.

— איך פאָר קיין אַמעריקע! — האָט דער ייִד געענטפערט מיט אַ ביסל גאַדלעס.

— און ווו איז אײַער פאַמיליע? — פרעג איך בײַ אים.

— ס'איז אַ סאַך צו דערציילן — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

אָבער איך האָב אים אַ צי געטאָן פאַר דער צונג און דער ייִד האָט זיך פון זײַן פּעקל אופגעהייבן און דערציילט.

ער האָט געהאַט אַ ווײַב מיט פיר קינדער: צוויי ייִנגלעך און צוויי דערוואָקסענע מיידלעך. ער האָט אליין אַ צײַט מיט יאָרן געאַרבעט אויפן ברויט-האויפן און פלעגט פאַרדינען אויף לעבנס-מיטלען. אָבער די לעצטע יאָרן איז שלעכט געוואָרן, אַזוי שלעכט, אַז מע פלעגט אַלע, די גאַנצע פאַמיליע וואָכנווײַז הונגערן.

בעקיצער: צוריק מיט אַ פאָר יאָר האָט ער די פרוי פאַרלאָרן. די מוטער האָט אין אַ צײַט אַרום די ייִנגלעך צוגענומען צו זיך: פון שווינד-זוכט געשטאָרבן.

די עלטערע מיידלעך האָבן ביידע שווער און ביטער אויף אַ פאַבריק געאַרבעט, זיך אָפּגעזאָגט פון עסן, פון טרינקען, פון אַ קליידל, — און

האָבנ צוזאמענגעלייגט 100 רובל. מיט די הונדערט רובל איז איינע פונ זיי קיינ אמעריקע אוועק...

— שטעלט אײַך פאָר — זאָגט דער ייִד — אז אינ מעשעכ פונ א האלב יאָר האָט זי די ייִנגערע שוועסטער ארויסגענומענ. אונ אָט איצט האָבנ ביידע מיר מיט מײַנ ייִנגל אפ הויצאָעס מיט שיפקארטעס צוגעשיקט.

— ווענ זשע פאָרט איר? אונ ווו איז אײַער ייִנגל?

— מיר וואָלטנ געפאָרנ אפילע שוינ, נאָר עס פעלט אונדז עטלעכע רובל אפ הויצאָעס. די קינדער האָבנ אפילע געשיקט, וויפל מיר האָבנ נייטיק, אָבער איר פארשטייט דאָכ אליינ, אז איידער וואָס, ווענ, האָבנ מיר אופגעגעסנ עטלעכע רובל פונ דעמ געלט. שוינ אלצ אויספארקויפט, אָבער עס פעלט נאָכ פאָרט. איכ רעכנ אָט דאָס ביסל בעטגעוואנט, וואָס איר זעט, אויכ פארקויפנ אונ צוליב דעמ איז דאָס מײַנ ייִנגל אוועק זוכנ א־באלנ אפ דער סכוירע.

— איר וואָלט זיכ עפשער ווענדנ צו דער היגער געזעלשאפט „גמי־לעס כעסעד״ — גיב איכ דעמ ייִדנ אנ אייצע.

— עט, פאר אנדערע די גליקנ! — האָט דער ייִד א מאכ געטאָנ מיט דער האנט.

— איכ וועל זיכ שוינ אנ אייצע געבנ אָנ זיי...

ער האָט זיכ מיט א זיפצ צוריק ארופגעלאָזט אפ זײַנ פעקל. איכ האָב אימ א גליקלעכע רײַזע געווינטשנ אונ בינ אוועק אינ א צווייטנ צימער.

# א פארפוצטער דאַטעס

אפ גאָספיטאלנע גאס.

א גרויסער הויף מיט א סאך אונטערערדישע ווינונגען. איך קום אריין אין ערשטן קעלער: א צימערל מיט א קיך; קויטיקע נאסע ווענט, אפ די ווענט א סאך פאָטאָגראפישע בילדער, מיט נאָך מער פאפירענע בלומען.

אין צימער איז פארהעלטניסמעסיק ריין.

— וואָס ווילט איר עפעס זאָגן? — פרעגט מיך א יונג ווייבל, וועלכע זיצט מיט צוויי קינדער אפן בעט און נייט עפעס.

— די צייטונג „אונדזער לעבן"— הייב איך אָן.

אָבער זי לאָזט מיך ניט ענדיקן און זאָגט:

— א, א, איך ווייס שוין... אָט קוקט זי אָן!..— שפרינגט זי אוף פון בעט, ווי זי וואָלט זיך מיט עפעס שטארק דערפרייען.

— ווער זאָל איך אָנקוקן? — פרעג איך א ביסל פארוואונדערט.

— וואָס הייסט ווער? איר זייט ניט געקומען קויפן אונדזער „סטאנאָק"? מיין מאן האָט געלאָזט דרוקן אין דער גאזעטע, אז ער פארקויפט דעם טאָקארסקע „סטאנאָק"... אָט די מאשין! — ווייזט זי.

אפ מיין פראגע: פארוואָס זיי פארקויפן די מאשין, האָט דאָס ווייבל אָנגעהויבן ריידן מיט א טרויעריקן, צוטרוילעכן טאָן:

— אוי, מיין פריינט, קיינער ווייסט ניט ווער דער שוך קוועטשט. איר קוקט און זעט, אז בא מיר אין קעלער איז ניט אזוי שמוציק און אומריין, ווי בא אנדערע, און איר טראכט זיך אוואדע, אז אונדז לעבט זיך גאָרניט אזוי שלעכט אין פארגלייך מיט אנדערע. אָבער אין עמעסן איז אונדז עפשער פיל ערגער פון אנדערע אָרעמעלייט. ניט מער איך

האָב ליב צו פאַרפּוצן דעם דאָלעס; אז ער זאָל אזוי ניט אויסזען נאַ־קעט ווי בא אנדערע...

— מײַן מאַן איז נאָך גאָר א יונגער מאַן, מיר האָבן ערשט מיט פיר יאָר צוריק כאַסענע געהאַט. ביז דער כאַסענע האָט ער געאַרבעט בא יענעם. איך בין אַלע מײַנע יאָרן געווען אַן אַרבעט־מיידל, בא גילזן האָב איך געאַרבעט.

צו דער כאַסענע האָב איך געהאַט אָנגעקליבן מיטן שווייס עטלעכע רובל. פאַר דעם געלט האָבן מיר זיך א „סטאַנאָק" געקויפט און ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן בא זיך. שטעקלעך פאַר די קליידן האָט ער געאַרבעט.

א פיר יאָר האָבן מיר זיך ווי־ניט־איז געמוטשעט. איין קינד געווען, מיט איינעם איז אפילע אין אָרעמקײַט אויך שווער, אָבער ניט אזוי ווי מיט צוויי. דערצו איז די לעצטע פאַר יאָר אזוי שלעכט גע־וואָרן מיט דעם מין סכוירע, מיט שטעקלעך, אז ס'איז פּאָשעט ניטאָ פונוואַנען א טאָג איבערצוקומען.

— און וואָס טוט איצט אײַער מאַן?

— וואָס זאָל ער נעבעך טאָן? א טאָג צוויי אין וואָך אַרבעט ער בא יענעם. די איבעריקע צײַט גייט ער אום און זוכט דעם נעכטיקן טאָג. יענע אליין, בא וועמען ער זוכט אַרבעט, האָבן אליין ניט פון־וואַנעט צו לעבן...

איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס: די מאַשין איז שוין אויך ניט אונדזערע. מיר זײַנען שוין שולדיק אפ איר נאָך עפּשער מער, וויפל זי האָט די ווערט... נאָר גאָרניט, מען זוכט א קונע. עפּשער וועט בלײַבן א פּאָר רובל אפ צו דערהאַלטן מײַנע קליינע אויפעלעך...

— אוי, פרײַנט, איז ניט גוט דער מאַמען, וואָס מוז צוזען, ווי אירע קינדערלעך בעטן עסן מיט טרערן אין די אויגעלעך...

דאָ האָט זיך דאָס ווײַבל ביטער פאַנאַנדערגעוויינט.

מיט וואָס האָב איך זי געקאָנט טרייסטן?..

## וואָס וועט פֿון אונדז ווערן?

אַפֿ מיאַסאָיעדאָווקע גאַס.

אַ קעלער — איין צימערל מיט אַ פּאָדער-הײַזל. גלײַך ווי מע קומט נאָר אַרײַן אין דעם פּאָדערהײַזל, דערפֿילט מען באַלד מיט וואָס אין צימער „שמעקט”. אין דעם צימער וווינט אַ פּאַרפֿאָלק, מיטעלע יאָרן מיט פֿיר קינדער, איינס קלענער פֿון דעם אַנדערן.

— די צײַטונג „אונדזער לעבן” האָט מיך געשיקט... — הייב איך זיך אָן מעלדעווען, אָבער ווי איך האָב נאָר אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „צײַטונג”, האָט דער ייִד מיר גלײַך איבערגעשלאָגן מיט אַ ניט צעפֿרידענעם, קימאַט בייזן טאָן:

— מיר דאַרפֿן ניט אײַערע צײַטונגען! לאָזט אונדז צורו! איך בעט אײַך.

— מיר האָבן גענוג אָן אײַערע צײַטונגען! — האָט זיך אַרײַנגעמישט זיין ווײַב — עס פֿעלט אונדז טאַקע מער ניט.

— ניט קיין צײַטונגען אײַך פֿאָרלייגן בין איך געקומען, נאָר פֿרעגן בא אײַך, ווי עס לעבט זיך אײַך? מיר דאַרפֿן עס וויסן צו דער פֿראַגע וועגן ביליקע דירעס אַפֿ דער מאָלדאַוואַנקע. איר האָט מיסטאָמע געהערט?

— דאַכט זיך עפּעס שמועסט דער אוילעם. זיצט, איך בעט אײַך, גיטל, גיב אַ בענקל.

גיטל האָט מיר אונטערגעטראָגן אַ בענקל. נאָכדעם האָט זי אַ נעם געטאָן אַפֿ די הענט דאָס וויינענדיקע קינד פֿון וויגל און געזאָגט צו מיר:

— מע דאַרף אײַך דען אַ סאַך דערציילן? דעם ערגסטן סוינע אונדזערן וואָלט איך ניט געוווּנטשן אַזאַ לעבן, ווי אונדזערס.

— איך בין א מאליער — מישט זיך אריין דער מאן — זומער שלאָגט מען זיך ווי־עס־איז דורך, נאָר ווינטער... עך, וואָס איז דאָ פיל צו ריידן.

— פאַרוואָס ציט איר זיך ניט ארויס פונדאנען? — זאָג איך צו זיי — עס גיסט דאָך בא אייך פון די ווענט. די לופט איז אזוי שווער... עס איז ענג פאר אייך...

— אָט אזוי לעבן מיר שוין דאָ אכט יאָר. זעקס רובל צאָלן מיר און ווו וועט איר פאר דעם געלט בעסער געפינען? — זאָגט ער.

— אָט איבער דער נאסקייט, איבער דער ענגשאפט האָט אונדז טא־קע דאָס גרויסע אומגליק געטראָפן — האָט זי אָנגעהויבן וויינען מיט דעם געוויסן ווייבערשן ניגן און צושאָקלען מיטן קאָפּ — ווי איז דער מאמען! מיין סאָרעלע ערשט צוריק מיט זעקס וואָכן אוועקגעלייגט אין דער ערד. א מויד — א בריליאנט. שוין דאָס פינפטע יאָר אלט גע־ווען. און נאָך איר ערשט פאר צוויי וואָכן, האָט די סקארלאטינע אויך מיין פייגעלע פון דער מאמעס הענט ארויסגעריסן, ווי איז דער מא־מען! פינצטער איז דער מאמען!

— אָט הייבט אָן ריידן מיט א ייִדענע... — מאכט דער מאן צו מיר און גיט דערביי אליין נעבעך א קוועטש מיט די אויגן — גענוג זאָל זיין! הער אוף, איך בעט דיך! — שרייט ער אף איר מיט א פארשטיקט קאָל און דרייט זיך אוועק מיטן פּנים צום פענצטער.

א שווערע, שווערע מינוט.

— און איצט איז דאָס אויך ניט מיט אלעמען — ווייזט זי מיר דאָס בלייכע אויסגעדארטע קינד, וואָס זי האלט אף די הענט — זייט און־דזער פריינט און גיט אן אייצע וואָס צו טאָן, ווו זאָלן מיר זיך אהינ־טאָן? ווו זאָלן מיר זיך באהאלטן פון דעם מאלכאמאָוועס, וואָס לאָ־קערט איבער מיין שטוב?

— וואָס רעדסטו, נארעלע! וואָס קאָנען זיי אונדז העלפן? גאָט זאָל ראכמאָנעס האָבן און שוין... — זאָגט דער מאן.

— אוי, איידער „ער" וועט ראכמאָנעס האָבן, וואָס וועט פון אונדז דערווייל ווערן? — האָט געוויינט די מאמע פון די צוויי טויטע און פיר לעבעדיקע קינדער.

# ניט געוואָלט לעבן

אפ גאָספּיטאַלנע 36 בין איך אַרײַנגעגאַנגען אין א וווינונג, וווּ איך האָב געטראָפן פינף קינדער, פון וועלכע דאָס עלטסטע איז אלט 11 יאָר.

ווּ איז אײַער מאַמע? — האָב איך געפרעגט בא דעם מיידעלע.

די מאַמע איז געגאַנגען זוכן ברויט... מיר ווילן עסן... — האָט זי געענטפערט.

— און אײַער טאַטע ווּ איז?

— דער טאַטע, נישטאָ דער טאַטע! — האָט אויסגעשריִען א ייִנגעלע פון די קינדער.

— גיי, דו ווייסט ניט! — האָט זיך אָנגעבייזערט אפ אים דאָס מיי-דעלע און ווענדנדיק זיך צו מיר געזאָגט:

— דער טאַטע האָט זיך דערשטאָכן... מע האָט אים פאַרנייט דעם בויך מיט א פאָדעם...

— אָבער ער לעבט דער טאַטע? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, איצט איז ער אוועקגעפאָרן צו דער באָבע און מיר מיט דער מאַמען האָבן ניט וואָס צו עסן...

— פאַר וואָס האָט זיך דער טאַטע דערשטאָכן?

— ער האָט ניט געוואָלט לעבן, האָט ער געזאָגט, די מאַמע האָט אַזוי געוויינט! און מיר האָבן טאַקע אויך געוויינט.

— וווּהין איז דאָס אײַער מאַמע געגאַנגען זוכן ברויט?

— מיר ווייסן ניט, מיר האָבן געוויינט, אז מיר ווילן עסן, האָט זי געזאָגט, אז זי גייט ערגעץ זוכן ברויט. ס'איז אונדז אַזוי שלעכט אָן דעם טאַטן...

* * *

אפּ דער פּאמיליע האָב איך זיך נאָכדעם נאָכגעפרעגט דאָ בא די שכיינים פונ הויפ, וועלכע האָבנ מיר געזאָגט, אז קיינער ווייס ניט ביז היינטיקנ טאָג די ריכטיקע סיבע, איבער וועלכע דער פאָטער פונ די פינפ קינדער האָט זיך דערשטאָכנ.

ער אליינ האָט די גאנצע צייט געטיינעט, אז ער האָט עס געטאָנ דערפאר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט לעבנ.

## וואָס ווייַנט די מאַמע?

קאַסטעצקע נומ. 11, ווילנע 31.

איינע נאַס צימער מיט אַ קיך, וואָס קאָסט אַכט רובל אַ חודש. אין דער דירע וווינט אַ שטיוול-פּוצער מיט זײַן פרוי און מיט דרײַ קליינע קינדער.

געטראָפן האָב איך אין שטוב די מוטער מיט די קינדער. ווי עס ווײַזט אויס, האָט די יונגע פרוי שוין געוווּסט, אַז איך געפין זיך אין דעם הויף און וועל מיסטאָמע איר שטוב ניט מײַדן: זי האָט מיך באַ-געגנט אויף דער שוועל מיט טרערן אין די אויגן און גלײַך אָנגעהויבן פאַר מיר איר אָנגעווייטיקט האַרץ אויסגיסן.

איר מאַן הייסט בערל, אַ שטיוול-פּוצער, וואָס שטייט מיט זײַן קעסטל אויפן ראָג יעקאַטערינינסקע און יידישע גאַס. אַ קוק געבנדיק אויף אים וועט קיינער ניט זאָגן, אַז אָט דער יונגער, שיינער און געזונטער יונג איז אַן אומגליקלעכער און קראַנקער מענטש.

— אָט קוקט אָן אונדזער שטוב — האָט זי געקלאָגט — קימאַט אַ ליי-דיקע, בישלעכווײַז אַלץ אויסגעפאַרקויפט פאַר גראָשנס. אַזוי פיל קויכעס, אַזוי פיל מי אוועקגעלייגט איידער מע האָט אַ ביסל באַלעבאַטישקײַט זיך „דעראָבערט“ און צום סאָף...

ביז מע האָט אים ניט געטשעפּעט, פון אָרט ניט געטריבן, פלעגט ער נאָך אויסאַרבעטן אויפן שטיקל ברויט, אָבער זינט דער „באַזאַרנער“ האָט זיך אין דעם ראַיאָן געביטן — יאָגט מען אים, ווי מע יאָגט גיט קיין בייזן הונט. און אַז איינער פון אונדזער פאַך האָט ניט קיין באַ-שטימטן, אײַנגעזעסענעם פּלאַץ איז אַוואַדע ביטער און פינצטער.

— ער האָט זיך שוין איינמאָל געפּרוווט אַוועקוואַרפן די שיינע פּאַר-נאָסע, וואָרעם איר דאַרפט וויסן, אַז מײַן מאַן איז ניט קיין גראָבער

יונג, ווי עס גיט זיך אויס. ער איז א מענטש, וואָס קאָן אין א סייפער אריינקוקן, אָבער די נויט ברענגט צו אלץ...

— ווי צו מיין מאזל — האָט זי העכער אָנגעהויבן קלאָגן — מע האָט דאָך מיר מעקאנע געווען אפ אים — אזא שיינער יונג איז ער. קיינער ווייסט ניט, אז דער זעלבער שיינער יונג האָט פאר צאָרעס, פאר גריזאָ-טע אָנגעהויבן די לעצטע צייט מיט בלוט פון האלדז אָפגיין...

— וואָס וויינט די מאמע? — האָט פלוצלינג איין קינד באם צווייטן מיט שרעק און פארוווּנדערונג אין די אייגעלעך געפרעגט.

— קינדערלעך מיינע! אומגליקלעכע קינדער מיינע! — האָט די מו-טער אויסגערופן און איינס פון זיי אפ די הענט גענומען און צום הארצן צוגעדריקט.

— די מאמע וויינט, ווייל דער מאמען איז אפן הארצן שווער... זעסט, קינד מיינס, דער דיאדיע וויל דיך אין כיידער נעמען... וועסט גיין אין כיידער, א?

דאָס קינד האָט א קוק געטאָן אפ מיר און פארשעמט דאָס גע-קרייזלטע קעפל אפ דער מוטערס אקסל באהאלטן.

— אָט האָבן מיר ניט קיין דירע-געלט צו באצאָלן און מע וויל אונדז פון דירע ארויסוואַרפן. דאָס וועט מיסטאמע געשען היינט-מאָרגן, וואָ-רעם די שכיינים אין הויף ריידן שוין דערפון. ווען איך הער עמעצן גיין פון יענער זייט טיר, פאלט מיר די נעשאָמע ארויס... מיר דאכט אלץ, אז אָט-אָט גייט מען אונדז ארויסוואַרפן... וווּהין וועלן מיר זיך אהינטאָן?.. וואָס וועט פון אונדז ווערן...

— איר מעגט מיר זיכער גלייבן, אז איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיי לעבן פאר קיינעם זיך ניט געקלאָגט. מיר זיינען כאָלילע ניט אָנגעקו-מען צו אנדערע, אָבער איצט איז שוין געקומען אזוי ווייס, אז עס איז שוין ניט אויסצוהאלטן... ווי איז מיר, ווי איז צו מיין מאזל!.. — האָט זי זיך פלוצלינג א כאַפ געטאָן — וואָס איך ברענג פון מיין מויל ארויס!.. ווי זאָגט מען אָבער; אז דאָס הארץ איז פול, גייען די אויגן אריבער...

— וואָס וויינט די מאמע? — האָט דאָס קינד נאָכאמאָל איבערגעפרעגט און האָט דער מוטערס פיס מיט די קליינע הענטלעך ארומגעכאַפּט.

— שא, מאמע, וויין ניט! — האָט זיך דאָס קינד געבעטן...

און גלייך טאקע אליין אָנגעהויבן וויינען.

# אפּ דער עלטער

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ער, אווראָם ליסאַק, איז אַלט אַכציק יאָר. זײַן ווײַב מאַטיע — זיבעציק יאָר.

אָנווײַזנדיק אפּ א לײדיק אײַזערן בעטל, וואָס שטײט אין דער שמוציקער קיך באַם באַק-אויוון, האָט די אַלטע מאַטיע מיר געזאָגט:

— אָט אפּ דעם בעטל אָן א קישן צוקאָפּנס ברעכט ער געבעך זײַנע אַלטע בײנער... מײלע איך — איך בין געזינטער פון אים, ייִנגער, קאָן איך אפּ דער הוילער פּאָדלאָגע שלאָפן, אָבער ער...

— און אַמאָל, מאַטיע?.. — האָט דער אַלטער גרײַז א זאָג געטאָן ניט קוקנדיק אפּ קײנעם.

— אַמאָל? — האָט מאַטיע איבערגעפּרעגט — וואָס קומט אַרויס, וואָס אַמאָל איז געווען, אַז מיר האָבן איצט, אפּ די עלטערע יאָרן ניט פונוואַנען איבערצוקומען.

— ניין, דערצײל טאַקע, דערצײל!

— אַמאָליקע יאָרן — האָט מאַטיע אָנגעהויבן דערצײלן — נאָך אײדער ס'איז געוואָרן די קאָנקע אין אָדעס, האָבן מיר געהאַט אײגענע דראָזשקעס, פערד ווי די לײבן... ער אַלײן איז געווען א איזוואָזשטשיק, אָבער טאַקע, ווי זאָגט מען, א פאַרפונדעוועטער מיט אַלעם גוטס: אין א שײנער דירע געוווינט, קינדער דערצויגן — צוויי קינדער האָבן מיר, אין אַמעריקע זײַנען זײ הײַנט: פלעגן שיקן בריוו, געלט און אָט שוין פון עטלעכע יאָר, אַז מיר הערן פון זײ ניט, ווײסן ניט, צי זײ לעבן נאָך ערגעץ אפּ דער וועלט, ווײ איז צו דער מאַמען!.. אײניקלעך מיס-

טאמע פאראן, ווי איז צו דער באָבען!.. ווער האָט זיי אָנגעקוקט? ווער ווייס פון זיי?

דאָ האָט זיך די אלטע פלוצעם פאנאנדערגעוויינט.

— עט, טע, טע, טע! שוין אוועקגעפאָרן!..— האָט דער אלטער א מאך געטאָן, דרייענדיק הין און צוריק מיטן ווייסן קאָפּ און האָט אליין דערביי אופגעהויבן די האנט מיטן ארבל צו די אויגן.

— זעט דעם קאָזאק! — האָט די אלטע דורך טרערן, שוין א ביסל א בארויקטע, געזאָגט ווינקנדיק מיטן קאָפּ צום אלטן. — יאָ, וואָס-זשע, נעשאָמע מיינע, האָב איך געוואָלט דערציילן? ווו האלט איך, אווראָם?

— דערצייל, דערצייל, מאטיע! — האָט ער געענטפערט.

— מיר זיינען טאקע ביידע אין אָדעס געבאָרן געוואָרן. אמאָליקע יאָרן איז אָדעס גאָר אן אנדער שטאָט געווען. די קאָנקע מיט פערד איז נאָך ניט געווען, מענטשן האָבן פארדינט שטיקער גאָלד און דער איזוואָשטשיק איז געווען א מענטש מיט לייטן גלייך. געדענקסט, אווראָם?..

— הא, הא! צי איך געדענק!.. מען פלעגט קומען באנאכט פון שטאָט מיט פולע קעשענעס, אויסשפאנען, פארלייגן עסן די פערד, נאָכדעם אליין גוט אריינעסן און אריינטרינקען און ערשט נאָך דעם אלעמען זיך נעמען ציילן די גראָבע קלינגערס... געדענקסט, מאטיע?..

— וואָס קומט ארויס דערפון וואָס אמאָל איז געווען? היינט וועל איך דיר ניט קאָכן קיין ווארעניקעס מיט קעז, וואָס זאָלן ארומשווימען, ווי די קאטשקעלעך, אין פוטער.

— דערצייל, מאטיע, דערצייל!..

— צו וואָס דארף עס דער יונגערמאן וויסן? דו, אווראָם, דערצייל זיי בעסער דערפון, אז מיר האָבן איצט ניט וואָס אין מויל אריין צו נעמען, אז מיר קאָנען קיין דירע-געלט ניט צאָלן, אז מיר האָבן ניט ווו און אף וואָס דעם קאָפּ צוצושפארן און ברעכן זיך די ביינער אף דער עלטער.

— דערצייל דו, מאטיע, דערצייל!..

— איר זעט, איך בין נאָך א געזונטע ייִדענע, איך האָב נאָך אלע ציין אין מויל, איך בין ייִנגער פון אים. און איך וואָלט נאָך זייער גוט טראָגן אף מיינע הענט א פּאָר קוישן מיט קעז און פוטער און פארדינען אפן לעבן... האָב איך אָבער ניט קיין געלט מיט וואָס צו האנדלען. אלץ שוין אויספארקויפט און אופגעגעסן, אנומלטן, מיט א יאָר

8—10 צוריק דאָס לעצטע קישן פארקויפט און אָט אזוי מוטשעט מען זיך אפן טויט...

— פע, מאטיע, פע!.. דערציילן בעסער פון אמאָל...

— ער האָט זייער מוירע פארן טויט, דער אלטער מײַנער! — האָט די אלטע אים פארענטפערט.

ווען איך האָב זיך געלאָזט אוועקגיין, האָט מיר די אלטע אײַנגעווימט א סאָד:

— עפשער קאָנט איר אונדז לאָזן אפּ א ברויט? ער האָט נאָך היינט, נעבעך, אין מויל ניט געהאט, דער אלטער מײַנער...

— נו, און איר?..

— איך? איך בין ייִנגער פון אים. איך קאָן נאָך צופאסטן א טאָג. אָבער ער? ווײ צו מײַן עלטער!..

## פון היימלעכקייט וועגן

אפ קאַסטעצקע גאַס, נומ. 11, וווינונג 10.

די וווינונג באַשטייט פון צוויי צימערן מיט אַ קיך און קאַסט דרייַצן רובל אַ כוידעש.

די באַלעבאָסטע פון דער דירע הייסט מאַמציע. דאָס איז אַן אַלטע ייִדענע פון אַריבער זעכציק יאָר. אַן אַלמאָנע און האַנדלט מיט פּרוכט.

— מיר וואָלט עפּשער ניט שלעכט געווען — האָט מאַמציע זיך אָנגעהויבן קלאָגן פאַר מיר — אַפ לעבנס-מיטל פאַרדינ איך מיר. די שכיינים פון הויפ זאָגן אַפילע, אַז איך האָב לעגער-געלט, אַז מיר איז גאָר גוט. מיילע, זאָל זיין אַזוי. פון אַזעלכע „זאָגעכצן" ווערט מען ניט בעדאַלעס. אָבער אין עמעסן — הערט אויס, מיין פריינט, וועט איר שוין אַליין פאַרשטיין, ווי מיר איז גוט.

— איר זעט אָט די אַלטע פאָטאָגראַפישע בילדער אַפ דער וואַנט? — האָט מיר די ייִדענע אָנגעוויזן אַפ אַ וואַנט — דאָס זיינען מיינע אַכט קינדער, און דאָס איז מיין מאַן! אָבער די אַלע מיינע ליבע, וואָס איר זעט, זיינען אַפ די בילדער געבליבן... און אַפן בעסוילעם געפינען זיך זייערע קוואָרים, צו וועלכע איך קום מיין האַרץ אויסוויינען און אַפ מיין ביטערן עלנט זיך קלאָגן...

דאָ האָט די ייִדענע אָנגעהויבן וויינען, ווי זי וואָלט מיט אַן עמעס אין דער מינוט נעבן די קוואָרים פון אירע ליבע געשטאַנען.

— וואָס נאָך זאָל איך אייַך זאָגן? זייט איר מיר איצט עפּשער מעקאַנע אַפ מיין „גוט" לעבן?..

— איך האָב אַרייַנגעלאָזט אין מיין שטוב דרייַ שכיינים. ניט אַזוי צוליב דעם דירע-געלט — וואָרעם זיי צאָלן סיי ווי ניט — נאָר פון היימלעכקייט וועגן...

— איך בין א מענטש... און ווען איך קום פון מארק און טרעף א פּאָר לעבעדיקע מענטשן אין שטוב, פארגעס איך א ביסל אין מײַן אומגליק, כאָטש אז אָך און ווי איז צו דעם פארגעסן...

און אָט זײַנען די „לעבעדיקע מענטשן" — אירע שכיינים.

אין איין צימערל וווינט אן אלט פּאָרפאָלק, וואָס ניט נאָר זיי קאָנען קיין דירע-געלט ניט צאָלן, נאָר זיי גייען מאמעש אויס פון הונגער.

אויסער דעם איז ער, דער שאָכן סימכע, שלאָף געוואָרן און געפינט זיך איצט אין שטאָטישן שפּיטאָל.

די אלטע, נעבעך, האָט שוין אויך א פּאָנעם פון א מעס.

גרויס איז די נויט און נאָך גרעסער איז דער ראכמאָנעס אף איר... אָבער מיט וואָס קאָנען איר די אָרעמע שכיינים העלפן? וואָלטן זיך גוטע מענטשן א פּאָר אומגעקוקט, וואָלטן זיי זי עפּשער פון א הונגערטויט אָפּגעראטעוועט...

בא דער באלעבאָסטע אין צימער וווינט אויך א שכיינע, אן עלטער מיידל, א פּרעסערן, וואָס האָרעוועט, נעבעך, מיט דעם ביטערן שווייס און פארדינט קוים אף א שטיקל ברויט.

און אָט איז די קיך — אן ענגע, א פינצטערע.

אין דער קיך וווינט נאָך א פּאָרפאָלק, אָן קינדער. ערשט דאָס אנדערע יאָר נאָך דער כאסענע און זייער דאלעס האָט שוין איינגיקלעך.

דער מאן איז א פּאָרט-ארבעטער. גייט שוין ארום א צײַט אָן ארבעט. דאָס ווײַב נאָך גאָר א יונגע, איז א היימישע און העלפט דעם מאן... הונגערן.

— איצט, זעט איר, — האָט געזאָגט צו מיר מאמציע, די באלעבאָסטע פון דער דירע — ווי גוט מיר איז שוין נאָר דערמיט אליין, וואָס איך האָב בא זיך אין שטוב אזעלכע „רײַכע" שכיינים? דאָס האָב איך זיי ארײַנגעלאָזט פון היימלעכקײַט וועגן... נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אף דער היימלעכקײַט?... עס איז מיר גוט, א? דאָ אף וואָס מעקאנע צו זײַן? נאָר דאנקען גאָט דערפאר, וואָס איך דארף כאָטש צו קיינעם ניט אָנקומען... אָבער די שכיינים מײַנע, איבערהויפּט דאָס אלטע פּאָרפאָלק, בעט איך אײַך זייער — האָט זיי אין זינען! העלפט זיי מיט וואָס נאָר איר קאָנט!..

## „ווייל איז דער מאמען און גוט איז איר"...

אף קאַסטעצקע גאַס נומ. 5.

אינ דעמ הויפ איז פאראנ א גאנצע ריי קליינע נידעריקע וווינונגען און אלע מיט פאַרהײַזלעכ.

איכ גיי אַרײַנ אינ ערשטנ פאַרהײַזל און וויל שוינ עפענענ די טיר אינ שטוב אַרײַנ, דערהער איכ אָבער א געזאנג פונ א פרויענ-שטימע, וועלכע האָט מיכ זייער פאראינטערעסירט.

איכ בינ אפ א ווײַלע געבליבנ שטיינ אונטער דער טיר און זיכ צוגעהערט צומ געזאנג, פונ וועלכנ איכ האָב באלד פארשטאנענ, אז דאָס זינגט א מאמע מיט א קינד אפ די הענט.

פונ דעמ געזאנג האָב איכ געכאפט און פארגעדענקט פאָלגנדעס:

„ווייל איז דער מאמענ און גוט איז איר,
זי האָט א זונ — וועט זי האָבנ א שניר,
וועט די שניר א גוטע זײַנ —
זאָל זי האָבנ יאָרנ.
וועט די שניר א שלעכטע זײַנ —
זאָל מענ זי פארשפאָרנ —
אוי, אוי, זונדעלע,
מאכ זשע מיר א כיינדעלע,
מיר פאר יעדנ אייווערל,
מיר פאר יעדנ ביינדעלע!"

דאָ האָב איכ דערהערט, ווי די מאמע קושט איר קינד.

שטייענדיק אזוי אונטער דער טיר, איז מיר געקומענ אפנ געדאנק, אז דאָ מוז וווינענ א יונגע מוטער, וואָס האָט דאָס ערשטע קינד און פילט זיכ דערמיט זייער גליקלעכ.

איך עפן די טיר און קום אריין אין א קליין צימערל. אין דעם צימערל טרעף איך ווירקלעך א מוטער מיט א קינד אפ די הענט און נאך צוויי קינדער, וועלכע זיצן אפ א באנק-בעטל מיט די פיסלעך אונטער זיך.

אויסער זיי זע איך נאך אן אלטע ייִדענע, וואס זיצט אפ א בעטל מיט האלב-צוגעמאכטע אויגן, ווי זי וואלט אזוי זיצנדיק א דרעמל געכאפט.

די מוטער פון די דריי קינדער הייסט ביילע און איז אלט אינגאנצן 27 יאר. איר מאן הייסט בערל, א סטאליער, וואס גייט ארום איבער די הויפן מעבל פאריכטן. אלט איז ער פופציק יאר.

— איך בין בא אים דאס צווייטע ווייב — האט ביילע מיר געזאגט — א מיידל האט ער מיך גענומען און זינט איך האב כאסענע געהאט, האב איך נאך קיין גוטן טאג ניט געהאט, קיין איין טאג ניט אפגעגעסן צו זאט.

— אט, זעט מיינע קינדער! — האט זי מיט טרויער אין קאל געזאגט — זיי זיצן נעבעך אפ איין ארט. איך לאז זיי אפ דער ערד ניט אראפ, ווייל זיי האבן ניט קיין שיכלעך אפ די פיס אנצושטעקן...

— און אט איז אונדזער וווינונג, מישטיינס געזאגט, דאס קליינע ציידערל איז אונדזער עס-צימער, שלאפ-צימער און אויך די קיך. אט האט איר באם צוקאפנס פון בעט די פליטע.

— די אלטע איז אייער מוטער?

— ניין, דאס איז מיריאם, אונדזער שכיינע... אט איז טאקע איר געלעגער. זי צאלט אונדז איין רובל דירע-געלט... די דירע גייט זיבן רובל, ווי זשע קאנען מיר אזויפיל צאלן אליין...

* * *

איך בין אוועק אין א צווייטער שטוב. האב אנדערע טיינעס פון אנדערע ארעמע מענטשן געהערט, אבער אין די אויערן האבן מיר נאך אלץ געקלונגען די ווערטער:

„ווייל איז דער מאמען און גוט איז איר"...

# א „גליקלעכע" פאמיליע

אפּ מאלאָראָסייסקע גאס.

א טיפער קעלער מיט צוויי קליינע פענצטערלעך. אינ דעם קעלער וווינט א פּאָרפאָלק מיט זעקס קינדער. ער איז א ווענעלע-שטופער. זי א היימישע.

— וויאזוי לעבט זיך אײַך? — פרעג איך באם באלעבאָס פונ דער דירע.

— דאנקנ גאָט! — ענטפערט ער מיר מיט א שמייכל — עס שלעפּט זיך דאָס שטיקל ברויט.

— נו, אונ צום ברויט?

— וואָס איז שײַעך צום ברויט... אז מע פארדינט אמאָל מער מיט עטלעכע קאָפּעקעס, עסט מענ א קרופּניק אויך.

— ניט צו פארזינדיקנ! — מישט זיך ארײַנ דאָס ווײַב — פאר הונגער שטארבט מענ ניט.

— שײַעך צו זאָגנ הונגער — זאָגט ער — קאָלזמאנ די הענט שלעפּנ, די פיס גייענ אונ די רעדער פונעם ווענעלע דרייענ זיך — לעבט מענ „יאקאָס"...

איך קוק אפּ דעם נאסנ, ענגנ קעלער, אפּ די בלייכע, האלב-נאקעטע קינדערלעך, וועלכע זיצנ אפּ דער פײַכטער פּאָדלאָגע, פלייצע צו פלייצע, אונ הערנ זיך צו, וואָס עלטערע ריידנ. איך קוק אפּ טאטע-מאמע אונ מיך וווּנדערט שטארק זייער ענטפער.

— אָט די קינדערלעך זײַנענ אלע אײַערע? — פרעג איך בא זיי.

— וועמעס דענ זאָלנ זיי זײַנ? — זאָגט דער פאָטער.

— פאַ זייערע ביינער זאָל מיר זײַנ! דאָס זיצנ זיי אזוי, ווײַל

ס'איז זיי נעבעך קאַלט, — וואָרעמען זיי זיך די פּלייצעלעך. נאָך היינט ניט געהייצט דאָס קעסעלע... — רופט זיך אָפּ די מוטער, קוקנדיק אָפּ די קינדער מיט ליבע.

— דאָווידל! — גיט דער פּאָטער אַ רוף — קום אַהער, זונע, גיב דעם פּעטער שאָלעם!

איינס פון די קינדער הייבט זיך אויף און טראָגט מיר אַנטקעגן דאָס הענטל.

— אוי, מיר איז קאַלט געוואָרן! קום אַהער, דאָוויד! — זאָגט אַ צווייט קינד שטילערהייט.

דאָווידל קערט זיך באַלד אום אויף זיין אָרט.

— מיר האָבן נאָך צוויי קינדער... — באַרימט זיך פאַר מיר דער פּאָטער.

— געקויפטע — גיט צו די מוטער.

— וואָס הייסט: געקויפטע? — פרעג איך בא איר.

— אָט דאָ אין הויף — גיט זי מיר צו פאַרשטיין — וויינט אַ שכיינע. האָט זי נעבעך אַ געבראָכן הארץ... פון זיבן בא צוויי געבליבן, ניט דאָ געדאַכט. איז אָט דאָ פאַר עטלעכע וואָכן בא איר דאָס מיידעלע קראַנק געוואָרן אויף סקאַרלאַטינע. אוי, ווי זי האָט עס נעבעך איינגעלייגט די וועלט! ציטעריקע נעבעך...

— ווי איך זיץ אַזוי איינמאָל און שייל קאַרטאָפל, פאַלט אַריין צו מיר די מוטער מיט אַ געוויין:

— אוי, קיילעניו, מאַמעניו, האַרצעניו! ראַטעוועט מיך! קויפט אוועק בא מיר מיינע קינדער, זאָלן זיי אייערע זיין. צווישן אייערע. איך בין אַ זינדיקע מאַמע. בא מיר ווילן זיי זיך ניט האַלטן...

— נו, וויאַזוי זאָגט מען עס אויף דער געפלאָגטער מאַמע אַזאַ טויווע? האָבן מיר איר באַצאָלט צו צוויי קאָפּעקעס פאַר אַ קינד און זיי זיינען אונדזערע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר...

— דאָס מיידעלע איז געזונט געוואָרן? — פרעג איך בא איר.

— אַ כידעש אַ ביסל... אַזויווי מיט די הענט צוגענומען. זי לויפט שוין אַפילע אַרום, ווי אַ שרעטעלע... — האָט די מאַמע פון די זעקס אייגענע און צוויי אָפּגעקויפטע קינדער מיט שטאָלץ אָפּגעענטפערט.

# א גרויסע פאמיליע מיט גרויסע צאָרעס

אפּ פּראָכאָראָווסקע גאַס.

איך קום אַרײַן אין א הויף און עפן א טיר אין א וווינונג אַרײַן. אין דער וווינונג, וואָס באַשטייט פון איין צימער מיט א פּליטע, האָב איך געטראָפן א גאַנצע היפּשע פאמיליע, וועלכע האָט מיר דערציילט פון אירע גרויסע צאָרעס.

אָט איז די מאמע פון דער גרויסער פאמיליע. א ייִדענע פון א יאָר פינף און פופציק, וואָס מוז גיין צו לײַטן פּאָדלאָגעס וואַשן און דער-מיט אירע קינדער מיטהעלפן, אַז זיי זאָלן פון הונגער ניט אויסגיין.

און אָט זײַנען זיי, די קינדער אירע, וועלכע האָבן שוין דער מו-טער אייניקלעך געשאָנקען. די עלטערע טאָכטער האָט פיר קינדער, פון וועלכע דאָס עלטסטע איז אַלט זיבן יאָר. און דאָס ייִנגסטע — פינף וואָכן. דער מאַן אירער, ס'הייסט דער פּאָטער פון פיר קינדער, איז א פּאָרט-אַרבעטער, וואָס גייט אַרום אָן אַרבעט, האָט ער, ניט קענענדיק צוזען דעם ראַכמאָנעס פון זײַן ווײַב און קינדער, — זיי גאָר אינגאַנצן אוועק-געוואָרפן.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס הייסט ער האָט אײַך אין אַזא לאַגע אוועקגעוואָרפן? — האָב איך צום ווײַבל געזאָגט — מיסטאָמע איז עפּעס געווען צווישן אײַך...

— ניין, ניין, קיין שום פאַרקומעניש! — האָט זי מיר איבערגעשלאָגן — איך וועל אײַך זאָגן דעם גאַנצן עמעס. ער האָט די לעצטע צײַט זיך גענומען צום „טרינקען" און מיט א שיקער קאָן איך ניט לעבן. ער זאָגט: פאַר צאָרעס. נו און איך — איך האָב ניט קיין צאָרעס? מיר מיט די קינדער איז, אפּאָנעם, בעסער, גרינגער, צו לעבן אפּ דער וועלט, ווי אים?.. אָט זעט, קוקט אָן אונדזער לעבן!..

און אָט איז אַ יִנגערע שוועסטער, אויך אַ מוטער פון צוויי קליי־נע קינדער, דער מאַן איר איז אפילע אַ שנײַדער, אָבער ער גייט שוין אַרום אַ צײַט אָן אַרבעט און די נויט איז גרויס, און דער ראַכ מאָנעס פון די קליינע הונגעריקע קינדער — איז נאָך גרעסער...

און אָט זיצן פאַר מיר נאָך צוויי טעכטער דער אַלטערס, צוויי מייד־לעך — איינע פון 15 און איינע פון 12 יאָר. ביידע מיידלעך זיצן און אַרבעטן, און אָט וואָס פאַר אַן אַרבעט דאָס איז:

עפּעס איינע אַן אומבאַוווּסטע טיי־פירמע גיט זיי אהיים פאַרמיסטיק־טע טיי און די טיי ווערט גערייניקט דורך די מיידלעכס הענט. ווי מע קלײַבט, לעמאָשל, אַרבעס, אַזוי קלײַבן זיי אויס דאָס מיסט פון דער טיי.

דער אָפּצאָל פון דער אַרבעט רעכנט זיך דרײַסיק קאָפּעקעס פון עדן ריינעם פונט טיי.

און אַז ביידע שוועסטער אַרבעטן פלײַסיק פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, מאַכן זיי, ס'הייסט, רייניקן זיי אויס איין פונט און פאַר־דינען ביידע גאַנצע דרײַסיק קאָפּעקעס.

די נויט פון דער פאַמיליע איז זייער גרויס.

די עלטערע טאָכטער, די מאַמע פון די פיר קליינע קינדער, האָט מיט טרערן אין די אויגן מיר געזאָגט:

— טוט עפּעס פאַר אונדז! רעדט, שרײַבט אין גאַזעטן פון אונדז, וואָרעם מיר וועלן אַזוי שטילערהייט אויסגיין. אַליין קאָנען מיר גאָר־ניט טאָן פאַר זיך. מיר זײַנען ניט פון די, וואָס קאָנען פאַר יעדן איי־נעם וויינען און בעטן. נאָר אײַך בעטן מיר: העלפט אונדז! אָבער זאָגט אונדז צו, אַז איר וועט אונדזער אַדרעס ניט אָנווײַזן און אונ־דזערע נעמען ניט דערמאָנען. מע קאָן אונדז, פאַרשטייט איר, ניט נאָר אין הויף באַ אונדז, נאָר אויך אַפן דער גאַס, ווו מיר וווינען. יונגע מיידלעך נאָך... איר דאַרפט שוין אַליין פאַרשטיין, אַז ס'פּאַסט ניט, אַז אַ מײַלע צו אַ שידעך איז עס ניט. ווי זאָגט מען: אַ קניפּ אין דער באַק און די פאַרב זאָל שטיין... זאָגט איר עס אונדז צו?

— ווי ווײַט נאָר מעגלעך וועט זײַן.

# און דאָך לעבן זיי און זיי האָפן

— און דאָך לעבן זיי און זיי האָפן !..

— וועמען מיינט איר ? פון וועמען רעדט איר ?

— פון לעבעדיקע מענטשן, וועמענס לעבן ס'איז עפּעס א מין עקסטראקט פון דער גרויסער נויט, פון דעם אונענדלעכן פּיַין, פון דעם שרעקלעכן ביטערן לעבן, וואָס קיין מענטשלעכע פאנטאזיע אין דער וועלט איז עפּשער ניט אימשטאנד אזעלכעס אויסטראכטן, אזעלכעס זיך פאָרשטעלן — און דאָך לעבן זיי און האָפן !..

— ווער זיַינען זיי, די מענטשן ?

— אפּ באָלגארסקע גאס, אין הויז נומ. 25, אין א ווינונג, וואָס האָט ניט קיין נומער, וויַיל דער באלעבאָס פון הויז רעכנט שוין אפּאָנעם פון לאנג די „דירע" צווישן יענע „סאראיעס", מיט וועלכע ס'איז שוין אומעגלעך זיך צו באנוצן... נאָר ווען עס קומען מענטשן און צאָלן אלע כוידעש א פּאָר רובל ?

אָט די ווינונג טיילט זיך אפּ א שטוב אָן א ביסל לופט און שיַין מיט א קיך. אין „שטוב" וווינט די באלעבאָסטע פון דער „דירע", אן אלטע, זייער אן אָרעמע ייִדענע מיט עטלעכע קינדער. אין דער קיך וווינט א שכיינע מיט דריַי קינדער.

די שכיינע, וועלכע מע רופט באסיע, איז אלט 36 יאָר. זי איז פּאראליזירט און ליגט צוגעקאָוועט צום בעט.

זי איז אליין פון א פּויליש שטעטל. צוריק מיט צוויי יאָר האָט איר מאן זי אוועקגעוואָרפן. זיַיענדיק נאָך דעמסטמאָל פאראליזירט, איז זי געפאָרן זוכן איר מאן און האָט אים געפונען א כאסענע געהאטן פאר אן אנדערער אין אָדעס. ער האָט זי דעמסטמאָל געוואָלט אָפּגעטן, נאָר זי האָט דערפאר בא אים געפאָדערט געלט אפּ די קינדער.

האָט ער איר ניט געגעבן קיין געלט און ניט קיין געט און איז פארשווונדן פון אָדעס.

פון דענסטמאָל אָן איז זי פארבליבן א היגע.

וויאַזוי זי האָט די גאנצע צײַט געלעבט מיט אירע קינדער ביז איצט קאָן מען זיך פאָרשטעלן, ווען מע גיט א קוק אף איר: ליגט אף א טאפטשאן א צעקרימטער סקעלעט, קאָן ניט א ריר טאָן מיט א גליד, און נאָר צוויי גרויסע אויסגעלאָשענע אויגן קוקן אף אײַך, ווי זיי וואָלטן פרעגן: וויפל איז דער שיר זיך צו מוטשען אף דער וועלט...

האָט זי נאָך פונדעסטוועגן געהאט מיט א צײַט פריִער „א שטיקעלע הילף" פון איר עלטסטן 17 יאָריקן זון. איז אָבער דער שפּײַזער — פון דעם גוטן לעבן אפּאָנעם — צוריק מיט א כוידעש געשטאָרבן אין שטאָטישן שפּיטאָל, און די מאמע מיט די קלענערע קינדער זײַנען אָן דעם „שטיקעלע הילף" געבליבן.

די לעצטע צײַט איז בא איר די עלטסטע טאָכטער, א מיידעלע פון 8 יאָר, קראנק געוואָרן אף טיפוס און געפינט זיך אין יידישן שפּיטאָל. די מוטער מיט די איבעריקע קינדער, וואָס זײַנען נאָך גאָר קליינע, ליגן אף דער ערד הונגעריקע, פארשמאכטע און פארפרוירענע.

אן אלטע יידענע פון דעם הויף נומ. 26, זעלבער גאס, וועלכע האָט ביז דער לעצטער צײַט געשטיצט מיט וויפל זי האָט געקאָנט די אומגליקלעכע פרוי מיט אירע קינדער, האָט צו מיר אזוי געטײַנעט: —

— ווען איר זאָלט אָנשרײַבן וועגן זיי אין אײַער צײַטונג, גלייב איך, אז יעדער מענטש, אז יעדער פאָטער, יעדע מוטער, וועלכע האָבן קליינע קינדער, וועלן זיי צו הילף קומען... איך גלייב אזוי, ווײַל איך פיל עס אין זיך אליין...

די אלטע 70-יאָריקע יידענע האָט מיט איר אויסגעדארטער, ציטערנדיקער האנט אָפּגעווישט א טרער פון אירע אלטע אויגן.

ווען איך בין ארויס פון קיך, איז מיר די אלטע נאָכגעגאנגען, צוגעשאָקלט מיטן אלטן קאָפּ און האָט פּלוצעם א פרעג געטאָן:

— נו, וואָס זאָגט איר צו אזא ביטער לעבן?

— שרעקלעך!

— איאָ? און דאָך לעבט מען און מע האָפט... — האָט די אלטע צוגעגעבן מיט א זיפץ.

## א „כאָסנ״

דער טאטע איז א צײַטונג־פארקויפער. די מאמע — גייט מיט קוישנ ארומ, צוויי יינגלעכ מיט א מיידל פונ א יאָר נײַנצנ — ארבעטנ אינ א פאפיראָסנ-פאבריק. דאָס איז א יידישע פאמיליע, וועלכע וווינט אינ א קליינ שטיבעלע אפ דער מאָלדאוואנקע אונ, ניט קוקנדיק אפ דעמ, וואָס אלע מיטגלידער פונ דער פאמיליע ארבעטנ אונ פארדינענ, לעבט מענ פונדעסטוועגנ אינ גרויס דאכקעס.

דאָס מיידל, וואָס פארמאָגט צוויי שיינע אויגנ מיט א לאנגנ שווארצנ צאָפּ, נאָר קיינ שיינע מאָדנע קליידער ניט — האָט פונדעסטוועגנ אינ-גאנצנ נאָר איינ יונגנמאנ, וואָס גייט שוינ ארײַנ פונ א צײַט „צו אי-רע עלטערנ אינ שטוב״, כאָטש אינעמעסנ „ארכאזשעוועני״ זי נאָכ אנ-דערע „שיינע״.

דער הויפ קאָנ שוינ גוט דעמ דאָזיקנ „שיינעמ״ פאר א „פארדינסטנ״ אונ „טעלעגענטנ״ יונגערמאנ; מע שמועסט דאָרט צווישנ זיכ, אז ער מיינט טאקע ערנסט מיט איר כאסענע צו האָבנ. אונ זאָל איר גאָט העלפנ: א פײַנ קינד, א שטילע טויב. גאָר ניט ווי אנדערע „פאפיראָס-ניצעס״.

טאטע-מאמע זײַנענ געוויס צופרידנ. א יונגערמאנ, וואָס האָט די גאנצע וואָכ אינ זינענ פארנאָסע אונ נאָר איינ מאָל אינ וואָכ קומט ער צו זיי אינ שטוב. אָבער ווי ליב האָט ער דאָס זייער קינד!

---

שאבעס פארנאכט ווערט דאָס מיידל פרײַ ביז מאָנטיק אינדערפרי, ארומ זעקס אזייגער גייט זי פונ דער ארבעט מיט דער „פאָלוטשקע״ פאר דער וואָכ.

אין דער זעלבער צײַט שטייט שוין אױפֿן ראָג פֿון דער גאַס אַ יונ־
גער באָכער גאַנץ עלעגאַנט פֿאַרפּוצט און מיט אַ שוואַרצן שטאָק, וואָס
האָט אַ ווײַסע ביינערנע גאַלקע, אין די הענט. ווען ער דערזעט פֿון־
ווײַטן דאָס מיידל פֿון דער אַרבעט גיין, ווערט ער אױף אַ ווײַלע אַנ־
טרונען אין אַ טויער פֿון אַ הויף. ווען אָבער דאָס מיידל קומט אונטער
גאָענט צו דעם הויף, אין וועלכן זי וווינט, כאַפּט דער באָכער אַ דראָ־
זשקע און „שמײַסט" צו מיט ראַש צו דעם זעלבן הויף... זי האָט אים
שוין באַמערקט. ער הייבט אונטער זײַן קאַפּעליוש, גריסט זיך צו איר
פֿון דער דראָזשקע אַראָפּ גאַנץ פֿײַן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ „דזשענטל־
מען" און באַצאָלנדיק מיט ברייטקײַט דעם דראָזשקאַר, גייט ער ראַ־
שיק צו צו איר, גיט איר די האַנט און גייט מיט איר „צו אירע על־
טערן אין שטוב".

מיט זײַן קומען הייבט אָן אױפֿלעבן די שטוב גאָר אױף אַן אַנדער
אופֿן: איינער פֿון די ייִנגלעך לויפֿט באַלד מיט אַ גרויסן טשײַניק אין
קלייטל טיי פֿאַרען, די מוטער לויפֿט איבערן וועג אין קאָנדיטערסקע.
דאָס מיידל וואַשט זיך אין קיך מיט פֿאַרפֿומען־זייף, און דערווײַל פֿאַר־
פֿירט דער פֿאָטער אַ געשפּרעך מיטן יונגנמאַן, פֿון הײמלעכקײַט
ווענן.

די אָרעמע שכנים פֿון הויף, וואָס האָבן אויך מיידלעך שוין צו
לײַטן, זײַנען מעקאַנע די אָרעמע טאַטע־מאַמע אױף זייער רײַכן מזל,
די מיידלעך אליין שטרײַכן זיך אָן דער „קאַלע", וועלכע איז פֿון איר
זײַט כוישעד די מיידלעך, אַז זיי ווילן אָפּשלאָגן בײַ איר דעם „שיי־
נעם". אַפּדערנאָכט, ווען די „כאָסן־קאַלע" קומען פֿון שפּאַציר, ווערט
ערשט אָפּסנײַ פֿריילעך אין שטוב. דער יונגערמאַן האָט אָנגעקויפֿט מיטג
וועג גוטע זאַכן און מע לאָזט זיך וווּיל גיין. אַזוי פֿאַרברענגט מען,
ביז מען פֿאַרמאַכט דערווײַל דעם טויער און דער יונגערמאַן, וואָס אײַלט
זיך קלוימערשט אוועקצוגיין, באַדויערט שטאַרק, וואָס ער וועט דאַרפֿן
קלאַפּן בײַ זיך אין דער היים, וווּ מע לייגט זיך פֿרי שלאָפֿן. ער בלײַבט
סאָפּקאָלסאָף נעכטיקן בײַ „אירע עלטערן אין שטוב".

זונטיק גאַנץ פֿרי באַווײַזט זיך דער „כאָסן" אין הויף, ווי אַ היימי־
שער מענטש אין די ווײַסע אַרבל, מיט אַ בלויזן צעשויבערטן קאָפּ און
מיט אַ ווײַסן האַנטעך אױפֿן אַקסל: ער גייט צום קראַן וואַשן זיך מיט זײַן
„געליבטעס פֿאַרפֿומען־זייף". נאָכדעם קויפֿט ער פֿרישע בייגל בײַ דער

יידנע, וואָס קומט אריַין אין הויף מיט א ליארעס: „בייגל, פרישע בייגל!..״

אין דעם טאָג קאָכט די מאמע א ברייטן ווארעמעס, פון וועלכן מע לאָזט דעם פאָטער זיַין כיילעק אפ דערנאכט.

מאָנטיק גאנץ פרי, ווען דאָס שיינע מיידל גייט אפ דער ארבעט, גייט מיט אן אנדער גאס אן אָפגעריסענער באָכער מיט א פוצער־קעסטל אפ איינ אקסל אופגעהאנגען און אפן צווייטן טראָגט ער א צוזאמענ־געלייגטן קאָסטיום, דעם קאָסטיום טראָגט ער אריַין אין איינעם פון די טאָלטשאָק־קלייטלעך, באצאָלט די לעצטע קאָפּעקעס פראָקאט פאר אים און גייט אוועק אפ איינע פון די צענטראלע גאסן; דאָרט זעצט ער זיך אוועק אפ א ראָג שטיוול פוצן, און הייבט ווידער אָן זאמלען א קאָפּעקע צו א קאָפּעקע, קעדיי ער זאָל דעם קומענדיקן שאבעס ווידער האָבן אפ א קאָסטיום צו נעמען, אפ א דראָזשקע און אפ די פרישע בייגל, וואָס די יידנע וועט אריַינברענגען אינעם הויף פון זיַין גע־ליבטער.

## „א קאלע"

איך קום אראָפּ אין א קעלער, וואָס באשטייט פון איין צימער. אין דעם איין צימער האָב איך בעמערקט: איין בעטל, איין טישל, צוויי בענקלעך און א מיידל פון א יאָר אכצן-ניינצן. דאָס מיידל איז א ביסל צוגעפּוצט, צוגעפארבט. און געטראָפן האָב איך זי שטיין פארן שפּיגל מיט צעלאָזטע האָר און מיט א קאַם אין דער האנט.

בא מײַן ארײַנקומען האָט דאָס מיידל מיך אָנגעקוקט א ביסל פאר-וואונדערט, א ביסל דערשראָקן און נאָכדעם געפרעגט:

— ועמען, צו וועמען דארפט איר?

— איר וווינט דאָ אליין, צי מיט עלטערן? — האָב איך א פרעג געטאָן.

— מיט... ע, ע... — האָט זי געשטאמלט מיט א שמייכל אף די ליפּן — מיט עלטערן.

— וווּ זײַנען אײַערע עלטערן?

— אין גאס אוועק האנדלען! — שיסט זי פלוצעם אויס מיט א געלעכטער.

— וואָס לאכט איר, פרײַלן? — פרעג איך און כאַפּ א זײַטיקן קוק אין א שפּיגל.

— כא, כא, כא! צו וואָס דארפט איר דאָס אלעס וויסן? — פרעגט זי. איך דערקלער איר די אורזאכע פון מײַן באזוך און פרעג: — מיט וואָס האנדלען אײַערע עלטערן?

— מיט סכוירע האנדלען זיי... — לאכט זי ווײַטער.

— וויאזוי לעבט זיך אײַך?

— אזא יאָר אף מײַן מאַמען! איר קאָנט מײַן מאַמען?

— ?...

— וואָס קוקט איר אזוי אפ מיר?

— ווער איז אײַער מאמע, אײַער טאטע?

— מײַן מאמע... א ווילדע יידענע די מאמע מײַנע, נאָר ניט קיינ געזונטע... — לאכט ווײַטער דאָס מיידל.

איך הייב אויך אָן ניט ווילנדיק שמייכלען, אָבער איך האלט זיך אָפּ און, באקוקנדיק קלוימערשט די שטוב, פרעג איך:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווער זײַנט איר און וואָס טוט איר דאָ?

— ווער איך בין? — ענטפערט זי און גיט דערבײַ א קנאק מיטן צונג — א קאלע בין איך... מײַן כאָסן איז א קומי... א שיינער, זאָל איך שוין האָבן אזא יאָר, אָבער זיי לאָזן מיך ניט כאסענע האָבן מיט אים.

— ווער זײַנען די „זיי"?

— מײַן טאטע-מאמע, פארכאפט זאָלן זיי ווערן!

— אנטשולדיקט, פרײַלן, איך הייב אײַך ניט אָן צו פארשטיין, — זאָג איך און בעט זי זאָל מיר דערציילן ווער זי איז.

אָבער דאָס „קאלע-מיידל" גיט פּלוצעם א פּאטש מיט די הענט, צעלאכט זיך און שרײַט אויס:

— אוי, זײַט איר א געבראָטענער יאָלד! צו וואָס, זאָגט מיר זײַנט איר געקומען אהער?..

איר געלעכטער האָט מיך באגלייט ביז א צווייטער טיר פון א קעלער-שטוב.

# צוויי מיידלעך

איך גיי אראָפּ עטלעכע טרעפּלעך און עפן א טיר. איין צימערל מיט א קיך. פון דער קיך זעצט א דויך מיט א משאד פון געקאָכטנ וואקס. אינ שטוב באַם טיר זיצט א יונג מיידל און פלעכט וואקסענע בלומענ-קרענצלעך. פון דער קיך קומט אריַינ א פרוי אינ מיטעלע יאָרנ, מיט אנ אויסגעמוטשעט בלייך פּאָנעם, זעט אויס אזוי, ווי זי וואָלט שוינ עטלעכע טעג אינ קייווער געלעגנ. אָט מיט דער פרוי פארפיר איך א שמועס. און עס וויַיזט זיך ארויס, אז זי איז נאָך א „פריַילנ". דאָס 37-טע גייט איר שוינ, האָט זי געזאָגט. און קיינ איינ גוטנ, ליכטיקנ טאָג האָט זי נאָך ניט געהאט אינ איר לעבנ. שוינ 25 יאָר ארבעט זי בא בלומענ. פופצנ יאָר אפ די פאבריקנ געארבעט, טאטע-מאמע מיט א ייִנגערנ ברודער געהאָדעוועט. און ווענ זי איז קראנק געוואָרנ „אפנ הארצנ" — האָט זי אָנגעהויבּנ ארבעטנ בא זיך, צענ יאָר ארבעט זי שוינ בא זיך. האלט אויס די אלטע מאמע מיטנ ברודער, וועלכער דינט איצט און מע מוז אים אָפּט א פּאָר רובל צושיקנ. דער פּאָטער איז מיט א יאָר זעקס צוריק געשטאָרבנ פונ שווינדזוכט, און די דאָקטוירים זאָגנ, אז די מוטער גייט איצט ארום מיט דער זעלבער שלאַפקיַיט. זי ארבעט אויס, צוזאמענ מיט דעם פרעמדנ מיידל, וואָס ארבעט בא איר שוינ א יאָר דריַי פונ דריַיסיק ביז פערציק רובל א כוידעש. פונ דעם געלט צאָלט זי דעם מיידל אכט רובל א כוידעש, דירע-געלט — אכט רובל, און מיטנ איבעריקנ לעבט זי מיט דער מוטער און האלט נאָך אונטער דעם ברודער.

פונ באַסענע האָבנ טראכט זי שוינ אפילע ניט...

וואָרעמ, וואָס זאָל מענ זיך נארנ, קיינ נאדאנ האָט זי ניט און אָנ

נאדאנ האָט זי אפילע אינ די ייִנגערע יאָרנ ניט געקאָנט קומענ צו קיינ „רעכטנ" שידעכ, נעמענ אבי וועמענ האָט זי ניט געוואָלט, ביפראט איצט, ווענ זי איז שוינ ניט קיינ יונג מיידעלע אונ דערצו מיט אנ אלטער, קראנקער מאמענ — ווער וועט זי וועלנ אָנ נאדאנ.

די גאנצע צײַט פונ דעמ געשפרעכ, איז דאָס יונגע מיידל, די ארבעטערנ, געזעסנ מיטנ קאָפ צוגעבויגנ צו דער ארבעט אונ אָפטמאָל, ווי איכ האָב באמערקט, געכאפט א קוק אינ שטיקל שפיגל, וואָס ליגט נעבנ איר אפנ טיש. זי האָט זיכ אלעמאָל אומגעקוקט צו אונדז מיט אירע גרויסע גלאנצנדע אויגנ אונ פארויטלטנ פּאָנעמ אונ פונ צײַט צו צײַט האָט זי פאר זיכ שטיל געזונגענ עפּעס א לידל, פונ וועלכנ איכ האָב געכאפט נאָר עטלעכע ווערטער:

„אוי, ווער ס'איז מיכ מעקאנע,
„זאָל ער אפ מײַנ שטייגער
„איבערקומענ באלד!
„איכ האָב געליבט א ייִנגעלע,
„האָט ער זיכ פארבלאָנדזשעט
"אינ א טיפנ וואלד..."

איכ פרעג דאָס מיידל ווי אלט זי איז.

— דאָס נײַנצנטע! — ענטפערט זי אונ פארשעמט זיכ.

— האָט איר שוינ א כאָסנ?

— נאָכ וואָס פאר א כאָסנ, — ענטפערט פאר איר די עלטערע — מײַנע א שוועגערנ וועט זי זײַנ, זי ווארט אפ מײַנ ברודער, ער וועט נאָכ אינגאנצנ צוויי יאָר דינענ.

איכ האָב די צוויי מיידלעכ אלעס בעסטע געווונטשנ אונ אוועק פונ זיי מיט טרויעריקע געדאנקענ.

## א פריילעכער קאַפּצן

א נידעריק צימער מיט צוויי קליינע פענצטערלעך, וואָס קוקן ווי צעטרערטע אויגן אין הויף אַרויס. אין דעם צימער געפינען זיך: א שטאָלן בעטל מיט א פּאָר קישנס, א טיש מיט א פּאָר בענקלעך, א ניי-מאַשין און פון לעבעדיקע נעפּאַשעס — א פּאָר פּאָלק מיט זיבן קינדער.

דער טאַטע פון די זיבן קינדער הייסט קאַלמענ און ער האַנדלט מיט אַלטוואַרג. די מאַמע הייסט פייגע-מירל און זי נייט טאַנדעטנע וועש אַפּן טאָלטשאָק.

אַפ מײַן פראַגע, וויאַזוי עס לעבט זיך זיי, האָט קאַלמענ מיט א וויציקן טאָן געענטפערט:

— אָ, זייער גוט! ס'הייסט ניט אַזוי גוט, ווי פריילעך. מיר ביידע, לע-באָשל, ס'הייסט איך מיט מײַנער — פאַרדינען מיר דורכן כּוידעש אַזוי-פיל, וויפל אָט די כאַליאַסטרע, זאָל לעבן, איז אימשטאַנד אופצועסן אין מעשעכ פון דרײַ טעג... הײַנט פאַרשטייט איר שוין, אַז ווען זיבן מײַ-לער, קיין בייז אויג, גיבן מיט איינמאָל א זאָג: עסן!

— אוי, וואָס מאַכסטו זיך נאַריש! — מישט זיך אַרײַן דאָס ווײַב — דער מענטש איז דאָך געקומען וועגן א וויכטיקער זאַך... און דו...

— מע פרעגט דיך ניט. טו דײַן אַרבעט און שווײַג! האָט קאַלמענ זיך א בייזער געטאָן אַפּן ווײַב.

די קינדער האָבן פּלוצעם אויסגעשאָסן מיט א געלעכטער און ווי די מײַז אין די ווינקעלעך זיך באַהאַלטן.

— איר הערט א כעוורע? — זאָגט ווײַטער קאַלמענ — און פונוואַנעט האָבן זיי זיך גענומען אַפּ מײַן קאָפּ? דאַכט זיך, איך ווייס פון גאָרניט.

מען קומט אַמאָל פון גאַס אַן אָנגעפרעָרענער... אין שטוב איז אויך ניט וואַרעם... דערלאַנגט מען די הענט דעם ווײַב זי זאָל אָפּ זיי אַ היצקע טאָן... דאַכט זיך וואָס... אָבער ווען איך גיי צו צום שאַפּקעלע אַ שטיקל ברייט זוכן, אָהאָ, דאָרט ליגט שוין אַ פּידסווינעק און נישטערט, זוכט שוין אויך ברויט... אָבער דאָס, ווי זאָגט איר, וואָלט נאָך געווען צו דער־לײַדן, ווען דער באַלעבאָס וואָלט אַזוי געזונט ניט געדענקט דעם טער־מין פון דירה־געלט און ווען די קעלט וואָלט אַזוי שטאַרק ניט ליב גע־האַט אונדזער שטוב.

— קאַלמען! — רופט זיך אָפּ דאָס ווײַב מיט געבעט.

— וואָס, ליובע, ס׳איז דיר קאַלט, אַ?

די קינדער פון די ווינקעלעך אַרויס בלישטשען מיט די אייגעלעך און שטיקן זיך פון געלעכטער.

— און פונוואַנען נעמט זיך דאָס צו אונדז אין שטוב אַרײַן אַזאַ קעלט? — זאָגט קאַלמען — עמעס מיר הייצן ניט דעם אויוון, אָבער שטעלט אײַך נאָר פאָר, מיר זײַנען קיין בייז אויג נײַן מײַלער, און אַז יעדער מויל גיט נאָר איין זיפץ, איין קרעכץ „אוי״ — וואָלט דאָך שוין פון דעם אַליין געדאַרפט זײַן וואַרעם בא אונדז אין שטוב... און דאָ איז אַזוי קאַלט, כאָטש קריך אונטער דער איבערבעט...

— איר הערט דאָך: הײַנטיקן זומער האָב איך זיך מעיאַשעוו געווען און האָב אַרײַנגעפּאַקט די זון אין שאַפּקעלע, וואָס געפינט זיך באַם אויוון, און האָב זי דאָרט גוט פאַרמאַכט. זאָל זי דאָרט ליגן, האָב איך געטראַכט. ווינטער, סע ווערט קאַלט אין שטוב, האָבן מיר די זון און וואַרעמען זיך נעבן איר, וויפל דײַן האַרץ גלוסט.

האָט מיר אָבער גאָט צוגעשיקט אַ כאָליאַסטרע, וואָס איז טאָמער הונגעריק, זײַנען זיי איינמאָל געקראָכן צום שאַפּקעלע זוכן ברויט און האָבן דערווײַל די זון דורכן קוימען אַרויסגעלאָזט... נו, נו פרעגט שוין נאָר ניט, ווי קאַלט עס איז אונדז אָן איר.

— הערט, יונגערמאַן? — האָט זיך פּלוצעם געווענדט צו מיר פייגע־מירל, — מיט אים וועט איר ניט אַרויס אַזוי גיך. הערט וואָס איך וועל אײַך זאָגן: אונדזער לאַנע זאָל נאָר פאַר גאָט קומען, איר זעט דאָך אַליין ווי מיר וווינען. נײַן מענטשן אין איין שטיבל. די קינדער לערנען זיך ניט אין ערגעץ. קוקנדיק אָפּ זיי, ווערט דער מאַמעס האַרץ מיט בלוט פאַרגאָסן, און ער... עט!

זי איז אנשוויגנ געוואָרנ אונ האָט צוגעטראָגנ א שטיקל לײַוונט צו די אויגנ.

— ס'איז א נייטיקע זאכ, איר מעגט עס פארשרײַבנ! — האָט קאַל-מענ א זאָג געטאָנ אָנווײַזנדיק אפנ ווײַב, — אונ אז איר וועט שוינ האלטנ אינ שרײַבנ, מעגט איר מיכ אויכ באשרײַבנ. וואָס ארט עס מיכ, ס'וועט מיר דענ כאָלילע שאטנ צו דער פארנאָסע...

## ער האָט געשפּילט...

אפֿ מאַלאָראָסייסקע גאַס נומ. 26, אין איין צימערל, אין וועלכן עס געפֿינט זיך ניט מער, ווי איין ליידיק אײַזערן בעטל, האָבן מיר געטראָפֿן א פֿאמיליע, וואָס באַשטייט פֿון א פֿאָטער מיט פֿינף קינדער. דער עלטס־טער פֿון די קינדער איז א סאָלדאַט, וואָס איז מיט א שטיקל צײַט צו־ריק געקומען א פֿאַרוווּנדעטער. מיט עטלעכע וואָכן צוריק זײַנען די קינ־דער אָן א מוטער געבליבן. אָן דער מוטער, וואָס האָט געשפּײַזט די גאַנצע פֿאַמיליע, מיט קוישן פֿלעגט זי אומגיין און דערמיט אפֿ ברויט פֿאַרדינט...

דער מאַן אידער, א געוועזענער באַלמעלאָכע איז הײַנט ניט מער ווי א „דערשלאָגענער פֿאָטער", ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט.

— ווען ער איז אין דער היים געווען, האָט ער אָנגעוויזן אפֿן סאָל־דאַט, וואָס איז געזעסן מיט א הארמאָניע אין די הענט אפֿן פֿענצטער, — פֿלעגט ער פֿאָרן מיט א פֿורגאָן און וואָס ער האָט פֿאַרדינט פֿלעגט ער אָפּגעבן אין שטוב אַרײַן. איצט אָבער דאַרף מען אים אויסהאַלטן.

ווען דער פֿאָטער האָט מיר דערציילט ווענגן זײַן טרויעריקער לאַגע, האָבן די קלענערע קינדער מיר געקוקט מיט דאָרשטיקע, הונגעריקע אוי־געלעך אין די הענט אַרײַן. ווען זיי האָבן זיך אָבער איבערצײַגט, ווי עס ווײַזט אויס, פֿון מײַן ענטפֿער, אז איצט אפֿן אָרט קאָן איך זיי מיט גאָרניט ניט העלפֿן, האָבן זיי זיך פּלוצעם געווענדט צום סאָלדאַט מיט א געבעט:

— שפּיל, כאַיִם!

— וואַרט, — האָט דער סאָלדאַט א זאָג געטאָן פֿאַרבײַסנדיק א ליפּ.

— שפּיל זיי, שפּיל, כאַיִם! — האָט דער פֿאָטער זיך אָנגערופֿן, — שפּיל זיי אַזוי, אַז זיי זאָלן אָן עסן פֿאַרגעסן.

— אָט דאָס האָט ער געבראַכט פֿון דער מילכאָמע — האָט זיך דער פֿאָטער געווענדט צו מיר. — אַן אָפּגעבראָכענעם פֿוס מיט אַ האַרמאָניע. גיין קאָן ער ניט — זיצט ער און שפּילט קעסיידער.

— שפּיל, כאַיִם!

דער סאָלדאַט האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר אַזוי, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „איר ווילט עפּשער אויך הערן?"

— שפּילט, שפּילט! — האָב איך צו אים אַ ווונק געטאָן און דער סאָלדאַט האָט אָנגעהויבן שפּילן. די קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט און געקוקט אויף אים מיט גרויס קינע.

דער פֿאָטער האָט אויפֿגעהויבן אַן אָרבל צו די אויגן און דערבײַ שטיל געזאָגט צו מיר:

— אָט אַזוי פּונקט זײַנען מיר צום ערשטן סײַדער געזעסן מיט טרוקענער מאַצע אין די הענט. זיי האָבן געוויינט... אַזאַ פּייסעך האָבן זיי נאָך ניט געהאַט בײַ מיר... יאָ, נאָר ער האָט געשפּילט און זיי האָבן אָן אַלץ פֿאַרגעסן...

— נאָר איך... שפּיל כאַיִם, שפּיל! — האָט ער ווידער פּלוצעם אַ זאָג געטאָן.

און כאַיִם דער פֿאַרווונדעטער סאָלדאַט האָט געשפּילט...

# קאָמעדיאַנטן

איך בין אַרײַנגעקומען אין איינעם פֿון די אַלטע הײַזער אַף דער מאָלדאַוואַנקע.

איך האָב מיר אופֿגעהייבן אַף די טרעפּ און בין אַרײַן אין אַ צימערל, וואָס געפֿינט זיך אונטערן דאַך. אין דעם צימערל האָב איך געטראָפֿן אַן אַלט פּאָרפֿאָלק מיט 4 קינדער: צוויי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך, וועלכע זײַנען אַלע געווען אָנגעטאָן ווי קאָמעדיאַנטן.

אַף מײַן פֿראַגע, ווער די דאָזיקע קינדער זײַנען, האָט מיר די אַלטע געענטפֿערט:

— אונדזערע...

דערבײַ האָט דער אַלטער קרום אַ קוק געטאָן אַף זײַן ווײַב און האָט אַ זאָג געטאָן:

— אונדזערע אייניקלעך...

— נו, יאָ, — האָט זיך פֿאַרכאַפּט די אַלטע — אונדזער טאָכטערס קינדער.

— און ווו איז אײַער טאָכטער?

— אונדזער טאָכטער? — האָט די אַלטע איבערגעפֿרעגט און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן און איבערקוקן זיך מיטן אַלטן געזאָגט: — אונדזער איידעם איז אוועק אַף דער מילכאָמע און זי איז געבליבן מיט די קינדער, ווי אַפֿן וואַסער. מיר, אַלטע לײַט, האָבן אַליין ניט פֿונוואַנען צו לעבן — וואָס זשע האָט זי נעבעך געקאָנט טאָן?..

— נו, איז זי אוועק דינען און אונדז די קינדער אָנגעוואָרפֿן... — האָט דער אַלטער זיך אַרײַנגעמישט — און אַזוי מוטשעט מען זיך מיט זיי אַף דער וועלט...

— וואָס גייען זיי עפּעס אזוי אָנגעטאָן, ווי קאָמעדיאַנטן?

— אָט, קינדער... שקאָצים... מאכן זיך נאריש... געווויינט בא אונדז אמאָל א קאָמעדיאַנט, וואָס האָט איבערגעלאָזט די זאכן, האָבן זיי עס אָנגעטאָן.

— ניע ברעשי, דיעדושקא! מיר זײַנען ארטיסטן!—האָט איינער פון די ייִנגלעך אויסגעשריִען און זיך א שטעל געטאָן מיט די הענטלעך „פּידבאָקאָם".

— מיר גייען איבער די הויפן זיך ברעכן! — האָט אויסגעשריִען א צווייטער ייִנגל — און זיי זינגען און טאנצן!—האָט ער אָנגעוויזן אף די מיידלעך, נאָך גאָר יונגע קינדער.

— מאָלטשי, באַנעווישטשע — האָט זיך דער אלטער צעבייזערט און געזאָגט:

— גיי האָדעווע אזעלכע מאמזיירים. איך וועל אײַך אָפּשיקן צו דער מאמע אײַערער. צום שווארצ-יאָר.

— קאקאיא מאמא? וואָסער מאמע? מיר האָבן ניט קיין מאמע און דו ביסט ניט אונדזער דעדושקע...

— דא, דא, דאדיא — האָט דאָס צווייטע ייִנגל אויסגעשריִען — מיר פארדינען און ער נעמט צו בא אונדז דעם זאראבאָטאָק. ער האָט אונדז נאָר געקויפט די אינסטרומענטן, אָט די באלעלײַקעס, אָבער קיין עסן גיט ער אונדז ניט.

— שטיל דו, מאמזער! וואָס שקאָצים קאָנען, אַ?—האָט דער אלטער מיט די ציין געקריצט—ווארט, ווארט נאָך הײַנטיקן טאָג וועל איך אײַך ארויסטרײַבן צו אײַער מאמען...

— גייט האָרעוועט הײַנטיקע צײַטן אף קינדער — האָט די אלטע אָנגעהויבן קלאָגן — דאָס גאנצע לעבן מיטן געזונט גיט מען זיי אוועק און זיי...

— שאַ, באבושקא, שא! — זײַנען ביידע מיידלעך צוגעפאלן צו דער אלטער און דערבײַ מיט פאראכטונג געקוקט אף די ייִנגלעך.

די ייִנגלעך האָבן זיך, ווי עס האָט אויסגעוויזן, פארשעמט און פאר שולדיקע דערפילט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פארענטפערן.

— פארוואָס זשע קויפט ער אונדז ניט קיין פאסקע מיט איזיום, ווי ער האָט אונדז צוגעזאָגט, אַ! טאָזשע דיעדושקא!..

— ווארט, ווארט! איך וועל אײַך שוין קויפן!—האָט דער אלטער געזאָגט.

— אי קופּיש!—האָט איין ייִנגל א טופּע געטאָן מיטן פּיסל און איז ארויס פונעם צימער.

— אז איך ווייס גאָרניט פונוואנען עס קומט צו אונדז אין דער מישפּאָכע אזא שמאדאָלניק?—האָט די אלטע געקלאָגט.

* * *

אין הויף בין איך נאָכדעם געווירע געוואָרן, אז די אלטע לײַט גיבן שארמאנקעס אפ פּראָקאט און מאכן געשעפט מיט די אומבאוווסטע קינדער, וואָס גייען אָפּט ארום מיט די שארמאנטשטשיקעס איבער די הויפן.

# אַן ענגלייגטער גאַסט

אַפ קאַמיטעטסקע גאַס, נומ. 5.

אינ דעמ הויפ, וואָס שטעט אפ דער מאָלדאַוואַנקע מיט זײַנ גרויס און אַלטקייט, נאָכמער—מיט זײַנע אָרעמע אײַנוווינער, און וואָס געהערט צו איינעם פונ די אָדעסער יידישע גווירים—געפינענ זיכ אַ גאַנצע ריי שטיבלעכ און אויבערשטיבלעכ, אינ וועלכע עס וווינענ און ווערנ קראַנק פונ ענגשאַפט, נאַסקייט, שטיקנדער לופט און גרויסער נויט—צענד-ליקער יידישע פאַמיליעס.

אָט איז די וווינונג נומ. 32. דאָס זײַנענ צוויי קליינע, נאַסע, האַלב-אײַנגעפאַלענע צימערלעכ, וואָס באַקומענ ביידע שײַנ דורכ אַ געגלאָזטער טיר. שטעלט אײַכ נאָר פאָר, ווי ליכטיק דאָרט קאָנ זײַנ, אַז פונ די פיר שײַבלעכ, וואָס די גלעזערנע טיר פאַרמאָגט, זײַנע צוויי מיט שמאַטעס פאַרשטעקט.

אינ דעמ דאָזיקנ „פּאַלעצ״ וווינט יעהודיס סקליאַר. אַ „זאַפּאַסניטש-קע״, ווי זי האָט זיכ אָנגערופנ.

באַ דער ערשטער מאָביליזאַציע איז איר מאַנ גענומענ געוואָרנ אַפ דער מילכאָמע און זי איז געבליבנ מיט פינפ קינדער און מיט אַנ אַל-טער קראַנקער מוטער אירער.

— אינ דער ערשטער צײַט—האָט זי דערציילט—ווענ מײַנ עלטסטע 17 יאָריקע טאָכטער האָט נאָכ געאַרבעט און האָט צוגעבראַכט צו די זעכצנ רובל פונ דער „פּײַקע״, וואָס איכ באַקומ, אויב איר פאַרדינסט, האָט שוינ קימאַט ניט קיינ סאַכ געפעלט, אַז מע זאָל קאָנענ עסנ אַ שטיקל טרוקנ ברויט. איצט אָבער, ווענ מײַנ טאָכטער פאַרדינט ניט, די מאַמע איז קראַנק, דער פאַרשפּעטיקטער ווינטער לאָזט ניט אָפּכאַפּנ דעמ אָטעמ

און צו דעם אלעמען גיט נאָך צו דאָס, וואָס איך האָב שוין א צײַט פון מײַן מאַן קיין בריוו ניט,—וועט איר שוין קאָנען פארשטיין, וויאזוי מיר לעבט זיך אין אלע אויפאנים.

אין דער ווינונג האָב איך געטראָפן א יונגן פארוואונדעטן סאָלדאט, וואָס איז די גאנצע צײַט פון אונדזער געשפרעך געזעסן אין א ווינקל, אײַנגעגנורעט אין זײַן אלטן שינעל און האָט זיך מיט קיין איין וואָרט ניט אָפגערופן. ווען איך האָב א פרעג געטאָן אף אים, ווער ער איז און וואָס ער טוט דאָ—האָט מיר די „זאפאסניטשקע" געענטפערט מיט א מער רויִקן, קימאט פריילעכן טאָן:

— דאָס איז מײַן ברודער. די טעג געקומען. א פארוואונדעטער סאָלדאט פון דער מילכאָמע. געקומען קיין בעלץ, ווו ער האָט פריִער געווינט, אין זײַן היים, הייסט עס. אמאָל האָבן מיר דאָרט אלע געווינט. נאָר ווען מיר זײַנען ארויסגעפאָרן קיין אָדעס, איז ער דאָרט פארבליבן, ווײַל ער האָט דאָרט זייער גוט פארדינט. א סטאָליער איז ער. איצט אָבער האָט ער שוין דאָרט קיינעם ניט, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ארבעטן קאָן ער שוין אויך ניט, ווײַל אויסער דעם פארוואונדעטן פוס איז אים אויך איין האנט ווי פאראליזירט. נו, וואָס זשע איז אים נעבעך געבליבן צו טאָן? איז ער טאַקע געקומען צו דער „רײַכער" שוועסטער, מישטיינס געזאָגט, אף „פאָפראוקע".

— ס׳מאכט ניט אויס—האָט זי זיך פלוצעם געווענדט צום סאָלדאט—ביסט בא מיר פונדעסטוועגן א זייער און זייער אָנגעלייגטער גאסט, ניט מער... וואָס ניט מער? גאָרניט. גאָט פירט די וועלט און ער איז גערעכט.

— וואָלט מיר כאָטש די האנט געדינט — האָט זיך ענדלעך פאר דער גאנצער צײַט אָפגערופן דער סאָלדאט—וואָלטן מיר ניט פארפאלן געוואָרן. איך וואָלט דיר נאָך, שוועסטער-לעבן, מיט עפעס מיטגעהאָלפן אף פייסעך. וואָס זאָל איך אָבער טאָן. ווי שווער עס איז מיר ניט, מוז איך דאָך פאָרט אָנקומען צו דיר נאָך א שטיקל ברויט, דערווײַל לעב איך נאָך און עס ווילט זיך עסן,—וואָס זאָל מען טאָן?..

— ברודער מײַנער! רייד ניט אזוי. גאָט וועט מיסטאמע ניט פארלאָזן. ס׳גייט צו פייסעך און לאָמ׳ר — נאָר קומען א ביסל צו די קויכעס, וועל איך גיין שטיבער שמירן, פאָלן וואשן—אלץ וועל איך טאָן און מיר וועלן נאָך פייסעך זיצן בא איין טיש. דו ביסט בא מיר זייער

אן אָנגעלייגטער גאסט און וויִאזוי גאָט וועט געבן, וועסטו בא מיר קיין איבעריקער ניט זיין...

באם סאָלדאט האָבן זיך באוויזן טרערן אין די אויגן. ער האָט זיך פארשעמט און האָט אָפּגעווענדט דאָס פּאָנעם אָן א זייט.

זיין שוועסטער האָט שוין אויך געשוויגן.

# הײַנטיקע צײַטן

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין שטוב צו דער ייִדענע, וואָס האָט זיך מיט אַ פּאָר טעג צוריק געווענדט צו אונדז אין רעדאַקציע נאָך הילף און דערבײַ געבעטן, מע זאָל קומען אין איר וווינונג אָנקוקן, וויאַזוי זי מיט איר קראַנקן מאַן און קינדער לעבן — בין איך שטאַרק איבעראַשט און פֿאַרווּנדערט געוואָרן, דערזעענדיק פֿאַר זיך אַ ריין צוגעקליבענע שטוב, אין וועלכער עס האָט געהערשט אַ יאָנטעוודיקע שטימונג.

אין אָנפֿאַנג האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב ניט געטראָפֿן לויטן אָפּגעגעבענעם אַדרעס, נאָר די ייִדענע האָט מיך גלײַך דערקענט און האָט מיט אַ שמייכל מיר געזאָגט:

— יאָ. יאָ. דאָס בין איך, וועלכע איז געווען בײַ אײַך. איר ווּנדערט זיך, דאַכט מיר?... ווי זאָגט מען עס: אַ קניפּ געטאָן די באַק, קעדיי די פֿאַרב זאָל שטייגן.

— און דאָס זײַנען אײַערע קינדער? — האָב איך זי געפֿרעגט, זעענדיק, ווי דרײַ דערוואַקסענע מיידלעך, שאַבעסדיק צוגעפּוצט דרייען זיך אַרום אין שטוב אַ ביסעלע צעטומלט.

— יאָ, דאָס זײַנען אונדזערע קינדער.

— און ווו איז אײַער מאַן? איר האָט דאַכט זיך געזאָגט, אַז ער ליגט קראַנק?

בײַ דער פֿראַגע האָט זיך די ייִדענע אַ ביסעלע פֿאַרשעמט, האָט אַ קוק געטאָן צו די מיידלעך און האָט מיר שטיל, זיי זאָלן ניט הערן, געזאָגט:

— איך וועל אײַך זאָגן דעם גאַנצן עמעס: וואָס איר זעט דאָ איצט

בא מיר אין שטוב — אפילע די קליידער, וואָס די קינדער טראָגן — איז גאָטס און פרעמדס... איר ווייסט דאָך מיסטאמע, ווי בא איצטיקער צײַט איז שווער א שידעך צו טאָן מיט א מיידל... און אז גאָט האָט מיר גע-האָלפן: ס'האָט זיך אָפּגעזוכט א כאָסן, וואָס וויל קומען אָנקוקן די על-טערע מײַנע, אָט יענע אין געקעסטלטן קליידל — טאָ ווי אזוי ברענגט מען אים ארײַן אין אזא אָרעמער שטוב? האָב איך, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, בא גוטע שכיינים אנטליען אפּ א פּאָר שאָ אָט דאָס אלץ, וואָס איר זעט...

— יאָ. איר פרעגט דאָך אפּ מײַן מאן... אָט אפּ דעם בעט ליגט ער קראנק שוין עטלעכע וואָכן, נאָר איצט האָבן זיי אים אין קיך ארײַן אריבערגעטראָגן, אויב איר ווילט, זײַט זיך מאטריעך, וועט איר זען...

איך בין ארײַן אין קיך. ווירקלעך: אפּ א שטריק-בעטל איז געלעגן דער טאטע פון די דרײַ קאַלעס און צוזאמען מיט אים האָט זיך דאָ גע-פונען דאָס גאנצע אָרעמקײַט, וואָס מע האָט אפּ א ווײַלע פון דער שטוב אין קיך ארויסגעמעשאַלייעכט.

— וואָס איז אײַך? — האָב איך א פרעג געטאָן באם קראנקן.

דער קראנקער האָט אָנגעשטעלט אפּ מיר א פּאָר גרויסע אויסגעלאָ-שענע אויגן און דערבײַ מיט דער האנט אָנגעוויזן אפּן ווײַב, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן דערמיט: זאָל זי אײַך זאָגן...

— ס'איז אים שווער צו ריידן. דאָס הארץ טומ אים נעבעך ווײ — האָט די ייִדענע געזאָגט מיט א זיפץ.

דער קראנקער האָט א ווונק געטאָן מיט די אויגן צום ווײַב. זי איז צוגעגאנגען צום בעט און האָט צוגעבויגן דעם אויער צום קראנקען.

— דאָס איז ער? — האָט ער שטיל ארויסגערעדט.

— ניין — האָט זי שטיל געענטפערט און נאָכדעם שוין העכער צוגעגעבן — דאָס איז דער יונגערמאן פון דער ייִדישער גאזעטע. ווייסט דו דאָך.

— הא! — האָט דער קראנקער אן עפן געטאָן דאָס מויל — כ'ווייס, כ'ווייס.

— גוט כאָטש וואָס דו ווייסט. אָפּטמאָל מיין איך, אז דו ווייסט שוין גאָרניט, וואָס מע רעדט צו דיר.

— אוי, אוי, אוי, — האָט דער קראנקער א פיל באדײַטנדן זיפץ אויס-געצויגן, דרייענדיק מיטן קאָפּ איבערן קישן.

— מעגסט נאָך שטארקער זיפצן, מײַן מאַן, אפֿן ביטערן מאזל אונדזערן, אז מיט צוויי יאָר צוריק האָבן מיר נאָך געהאט אונדזער אײגנס א שפּײַז־קלײטל, פּארנאָסע מיטן פֿולן מויל, אלע קינדער האָבן געארבעט בא די בלומענע און האָבן אויך פֿארדינט. און איצט? אלץ מיטן רויך אוועק: דו ביסט קוואנק, די קינדער האָבן, ווי עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבן די מילכאָמע, אָנגעוואָרן די ארבעט און אָט אזוי מוטשעט מען זיך אפֿן טויט, מײַנע סאָנים... א שטיקל גליק, וואָס רייזל פֿארדינט אמאָל עטלעכע קאָפּעקעס בא סאָלדאטסקע וועש. ווען ניט דאָס, איז כאָטש צי זיך אויס און שטארב.

— מאמע! — האָט זיך פּלוצעם דערהערט א קאָל פֿון שטוב.

— אוי, ווײ איז מיר! ער איז שוין, דאכט זיך, דאָ! — האָט די ייִדענע זיך א כאפּ געטאָן און איז ארויס פֿון דער קיך.

ס'האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז דאָס איז געקומען דער שאדכן, אן עלטערער ייִד, וועלכער האָט דערקלערט, אז דער כאָסן וועט אהער צו זיי אין שטוב ניט קומען. ער, דער שאדכן, האָט אָפּגעמאכט מיט אים, אז טאקע איצט, שוין די מינוט, וועט ער קומען מיט דער קאלע אין פּאסאזש, וווּ דער כאָסן וועט שוין ווארטן אף זיי. דאָרט, הייסט עס, וועלן זיי זיך אָנקוקן און נאָכדעם וועלן זיי שוין גיין צוזאמען צו אירע עלטערן.

— הערט, איך בעט אײַך, וואָס איז דאָס פֿאר א נײַער אופֿטו — האָט די ייִדענע געטײַנעט — זי האָט כאסוועשאָלעם קיין היים ניט. וואָס הייסט אפֿן גאס גאָר?

— איר זײַט א ייִדענע! ווען עס האנדלט זיך וועגן מאכן א געשעפֿט, פֿרעגט מען ניט ווו, וואָס, ווער, ווען... מיידל, טו זיך אָן און קום! — האָט דער שאדכן זיך געהיצט, ווי אן עמעסער סויכער.

— ווער איז דער? — האָט ער פּלוצעם א פֿרעג געטאָן, אָנווײַזנדיק מיטן שטעקן אף מיר.

— ס'איז... אונדזערער א באקאנטער... געקומען צום אלטן געוואָר ווערן...

— מעהייכע טייסע. געזונטערהייט. אָבער שטייט ניט! יענער ווארט דאָך!

די קאלע האָט זיך אָנגעטאָן.

די ייִדענע האָט מיך אָפּגערופֿן אין דער זײַט און אָנגעהויבן בעטן,

אז איך זאָל זען עפּעס טאָן פאַר זיי. ווײַל ס׳קומט שוין אויס כאָטש פון בריק אין וואַסער...

— נו, וואָס האָט איר זיך דאָרט אוועקגעשטעלט פּלאַפּלען! ווען מע גייט מאַכן אַ געשעפט, טאָר מען זיך ניט אָפּשטעלן ריידן פון זײַטיקע זאַכן, פון נאַרישקײַטן דאָרט. קומט! — האָט דער שאַדכן אויסגעשריִען אין איין אָטעם.

— קומט אַרײַן צו אונדז מאָרגן, איך בעט אײַך! — האָט די ייִדענע געבעטן, נעמענדיק אָפּ זיך די שאַל.

# אונטער איין דאַך

הערט מיך אויס!

איך וועל אײַך דערציילן א מעשׂה פון צוויי שכנים, וועלכע ווי־נען אונטער איין דאַך און זײַנען דאָך אַזוי ווײַט איינער פון צווייטן, ווי מיזרעך פון מײַרעוו.

אין אָדעס קאָן זיך עס טרעפן.

אַפּ פּושקינסקע גאַס קומט דאָס פאָר. איך אליין בין דאָרט געווען, אַלעס צוגעקוקט און געזען, ווי איך גיב עס אײַך איבער, ס'זאָל אַפּילע פעלן א האָר.

און אַזוי. איינע שאָכן באַוווינט א דירע פון ערשטן שטאָק, וואָס באַשטייט פון פינף גרויסע צימערן מיט א קיך און מיט א וואַנע־צימער, די דירע איז אויסגעמעבלירט אַפּן שענסטן אויפן, האָט פּאַרקעט און עלעקטרישע באַלויכטונג.

דער דאָזיקער שאָכן, א רײַכער ייִדישער סויכער, האָט א פרוי מיט דרײַ קינדער: צוויי גימנאַזיסטן מיט א גימנאַזיסטקע. אויסער דער פאַ־מיליע געפינען זיך אין דער וווינונג נאָך דרײַ באַשעפּענישן: א קעכן, א גאָרניטשנע און א הינטל, אַן עמעסע ענגלישע „פּאָראָדע", א גע־פלעקטס, מיט א קורץ עקעלע און מיטן נאָמען „דזשעק".

גאַנץ פרי, ווען דער צײַטונג־טרעגער וואַרפט ארײַן די צײַטונג אין בריוו־קאַסטן, וואָס הענגט אַפּ דער טיר פון דער וווינונג, כאַפּט זיך „דזשעק" אויף פון שלאָף, ציט זיך אויס אַפּ די הינטערשטע און פאָ־דערשטע פיס און גיט א גענעץ.

ווייך און זייבער איז דזשעקס ספּעציעלער געלעגער און אים ווילט זיך עס אָפּאָנעם אַזוי פרי ניט פאַרלאָזן — דרייט ער זיך אַזוי אַרום און

ארום אפ איין אָרט, שמעקט דאָס געלעגער און קנוילט זיך אזוי צוריק איַין מיט א קרעכץ, ווי אַן עמעסער פוילער הונט.

אין דער מינוט דערהערט זיך א צווייטער געגעץ — א מענטשלעכער געגעץ פון אנטריסאָל אראָפּ.

נאָך דעם געגעץ קומט די קעכן אליין און נעמט זיך גליַיך מאכן דעם סאמאָוואר.

דזשעק קען שוין אָבער ניט שלאָפן, ווען עמעצער פאָרעט זיך שוין אין קיך. שטייט ער אוף און שפּרינגט ארופּ צו דער גאָרניטשנע אפן בעט. ווייס שוין די גאָרניטשנע, אז ס'איז צײַט אופצושטיין. אז זי איז שוין אופגעשטאנען איז איר ערשטע ארבעט — אָנטאָן דזשעקן א רויטע פּליושן קאָלדרעכל אפן רוקן, א לאנג קייטל צוטשעפּען צו זײַן האלדז-באנד און אים פירן אינדרויסן.

האלב אכט אזייגער זיצט שוין די גאנצע פאמיליע ארום געדעקטן טיש, אפ וועלכן ס'איז אָנגעשטעלט פון הערן און געדענקען.

אין ווינקל אפ א ספּעציעלן טישעלע שטייט דער ניקל-סאמאָוואר און בלאָזט פון זיך מיט פּארע.

כאפּט דער פאָטער א קוק אין צײַטונג בא דער טיי, די קינדער שטיפן, ווערטלען זיך, ווי עס פּאסט פאר רײַכע קינדער, וואָס זיצן בא אזא טיש. די מאדאם האלט דזשעקן אפן שויס און גיט אים מילך טרינ-קען פון א שאָל.

ווי אָנשטענדיק און סאָליד דזשעק האלט זיך באם טיש!

— מישא! עס איז באלד אכט דער זייגער — זאָגט דער פאָ-טער.

— איר וועט נאָך פארשפּעטיקן אין גימנאזיע, — זאָגט די מו-טער.

גייען די קינדער אוועק זאטע, פריילעכע אין גימנאזיע. דער פאָטער גייט אוועק אפ דער בירזשע. די מאדאם מיט דער קעכן אין מארק. און די גאָרניטשנע נעמט זיך ברענגען אין אָרדענונג די צימערן.

ווערט דזשעקן אומעטיק, גייט ער אפ זײַן געלעגער און קנוילט זיך איַין, אופקרעכצנדיק מיט א זאטן פוילן קרעכץ...

דאָס וויַיטערדיקע לעבן פון דער פאמיליע איז שוין ניט שווער זיך פאָרצושטעלן, ווען איך וועל נאָך צוגעבן, אז דזשעק איז א הונט, וואָס עסט ניט אבי וואָס און אָפטמאָל האָט די מאדאם עמעסע יעסורים, ווען

דזשעק זאָגט זיך שוין אפילו אָפּ פון א הינערש קאָטלעטל. קעדיי צו דערוועקן אין אים מער אפעטיט, מאכט מען אים דריי מאָל אין וואָך ספּעציעלע וואנעס און מאסאזש, מע פירט אים אַפּ דער לופט און מע שפּילט זיך מיט אים, קעדיי ער זאָל זיך מער באַוועגן...

* * *

פונקט אונטער דער וווינונג פון דעם רייַכן סויכער געפינט זיך א קעלער מיט א טיר צום גאס, מיט איין קליין פענצטערל, וואָס איז באַשלאָגן מיט אייַזערנע גראטעס און קוקט מיט די שמוציקע שייַבלעך אפן טראָטואר.

אין דער וווינונג, וואָס באשטייט פון צוויי קליינע, פינצטערע, ווילגאָטנע צימערלעך, וווינט אן אָרעמער ייִד, א געוועזענער באַלמעלאָכע, איצט — א צעבראָכענער, קראנקער מענטש, וועלכער האָט פארלאָרן די ארבעטפייִיקייַט.

אָט דער דאָזיקער ייִד האָט א ווייַב מיט עטלעכע קינדער, וועלכע לערנען זיך ניט אינערגעץ, האָבן ניט אין וואָס אפּ דער ליכטיקער שייַן ארויסצוגיין און זיצן דעריבער קעסיידער אין פינצטערן קעלער ארום דער מוטער, בא וועלכער עס גייט אויס דאָס כּיעס קוקנדיק אפּ זיי.

גאנץ כּרי, ווען עס הייבט זיך אָן די באַוועגונג אין דער אויבערשטער דירע, ד. ה. ווען די סטעליע אין קעלער הייבט אָן צו „ריידן ווערטער", קאָנען שוין די אייַנוווינער פון קעלער ניט שלאָפן און מוזן אופשטיין, כאָטש ס'איז ניטאָ צו וואָס זיך צו אייַלן...

הייבן די קינדער אָן צו וויינען און בעטן עסן; הייבט די מוטער אָן צו שעלטן די „סאָנים" און נאָכמער זיך אליין.

דער קראנקער פאָטער הייבט אָן איבערקלייַבן בא זיך אין קאָפּ די אלע באקאַנטע ארבעטער, בא וועלכע ער האָט שוין געליִען גמילעסכאסאָדים...

אלע זייַנע באקאנטע זייַנען אָרעמע. ער ווייסט זייער גוט. נאָר ער גייט פונדעסטוועגן אין טראקטיר מיט דער האָפענונג צו באקומען בא עמעצן עטלעכע קאָפּעקעס.

דאָס ווייַטערדיקע לעבן פון דער פאמיליע איז שוין ניט שווער זיך פאָרצושטעלן ווען מע דערוויסט זיך נאָך, אז זי האָט שוין א צייַט קיין

דירע-געלט ניט אײַנגעצאָלט און דער באַלעבאָס פון הויז קלײַבט זיך די פאמיליע ארויסצוווארפן פון דעם קעלער.

ווי מע האָט מיר איבערגעגעבן, האָט דער אויבערשטער שאָכן שוין גערעדט מיטן באלעבאָס פון הויז וועגן א „סארײַ" אפ האָלץ אָפּלייגן און דער באַלעבאָס האָט אים פארשפּראָכן אָפּצוגעבן א קעלער, וועלכער וועט זיך די טעג באפרײַען...

---

# אורעמל דער שוסטער גייט מיט די האקאָפּעס

(א לעבנס־בילד אין איין אקט)

## די פּאַרשוינען:

א ו ר ע מ ל דער שוסטער,
ג י ט ל זײַן פרוי.
ס אָ ר ק ע, 18 יאָר אלט.
י אָ ס ע ל ע, 10 יאָר אלט.
נ אָ כ ע מ צ ע, 8 יאָר אלט.
ז ע ל י ק ל, 7 יאָר אלט.
ש מ ע ל ק ע, 5 יאָר אלט.
פײַוול, א יונגער באָכער.

א גרויס צימער, איין טיר רעכטס אין דרויסן ארויס; א צווייטע, לינקס, פירט אין צווייטן צימער. אין הינטערגרונט א גרויס פענצטער, פאר וועלכן עס שטייט דער שוסטערשער ווארשטאט. בא דער לינקער וואנט שטייט א בעט, נעבן דעם, בא דער וואנט שטייט א באנק־בעטל, אף וועלכן עס איז אָנגעוואָרפן אלערליי אלטע זאכן. אינמיטן צימער שטייט א ווײַס, הילצערן טישל, ארום דעם עטלעכע בענקלעך. גיטל זיצט אפן בעט און נייט עפּעס. די קינדער, כוץ סאָרקען, שטייען נעבן גיטלען, בעטן עסן און וויינען.

ס׳קומט פאָר אין א פּראָווינציעלן שטעטל. הארבסט־צייט. באטאָג.

**ג י ט ל :** (אופגערעגט) **וואָס ווילט איר האָבן פון מיר, מאזיקים, וואָס זאָל איך אײַך געבן, די נעשאָמע מײַנע?**

**י אָ ס ע ל ע :** (האלב־וויינענדיק) **האָסט דאָך געזאָגט, אז דו וועסט גיין, קויפן ברויט...**

**ג י ט ל :** (ווייכער) **נו, האָט זשע צײַט, זאָל דער טאטע פריִער קומען מען מען דען קויפן ברויט, איידער דער טאטע קומט, א?** (צו יאָסעלען) **איך פרעג דאָך דיך, דו ביסט דאָך שוין עפּעס א גרויסער באָכער...**

יאָסעלע: אי, שא! דערצייל זשע אונדז פון די פיר גאזלאָנים.

גיטל: אז איר וועט מיר צורו לאָזן, וועל איך אײַך שפּעטער דערציילן. דערווײַל גייט אין אלקער און שפּילט זיך דאָרט.

נאָכעמצע: (פּלוצעם), אי, בין איך אָבער הונגעריק...

גיטל: ווידער? (פאַרבײַ די פענצטער גייט עמעצער דורך)

יאָסעלע: (יאָסעלע לאָזט זיך צו דער דרויסן־טיר, פריילעך) אוי, דער טאַטע גייט, דער טאַטע גייט!

גיטל: קוים אמאָל...

(אופטריט אוורעמל)

אוורעמל: (קומט ארײַן) א גדולע אַף אײַער באָבען. זינגט, זינגט, קינדערלעך: דער טאַטע גייט! (וואַרפט אראָפּ פון זיך די פּאַלטאָ).

גיטל: (לייגט אוועק די ארבעט) נו, וואָס הערט זיך עפּעס, מײַן מאַן?

אוורעמל: ס'הערט זיך... וואָס ווילסטו, אשטייגער, זאָל זיך הערן?

גיטל: האָסט עפּשער אָנגענומען עפּעס ארבעט, א, וואָס שמייכלסטו?

אוורעמל: ווער, איך שמייכל? ס'דאַכט זיך דיר נאָר אזוי... עס איז גאָר געוואָרן א נײַער קנייטש אַף מײַן פּאָנעם, און דעריבער דאַכט זיך דיר, אז איך שמייכל...

גיטל: (מיט א זיפץ) מע קאָן אײַנגעדארט און אײַנגעקוואַרט ווערן פון אזא לעבן...

אוורעמל: נאָך נימער ערגער, מײַן ווײַב, דו זינדיקסט... נאָר ניט געזאָרגט! זאָלסט בעסער געוועזן הערן, וואָס פאַר א רעדע איך האָב געהאַלטן אַף דער פאַרזאַמלונג, וואָלסטו מיר געפּאַטשט בראַוואָ... איך זאָג דיר, גיטל, ס'האָט אזש אין די אויערן געקלונגען. קעץ אַפן דאַך האָבן זיך פון געלעכטער געריסן, א קלייניקייט, וועט הערן זיי עס?...

גיטל: און מיר גרימט אזש אין בויך פון דײַן רעדע. אז אָך און וויי מײַנע סאָנים! פאַרזאַמלונגען ליגן דיר אין זינען... אָט האָסטו דיר דײַן אייגענע פאַרזאַמלונג, האָב זיי בעסער אין זינען! זיי שינדן פון מיר די הויט לעבעדיקערהייט, ווײ איז צו מײַן מאַזל אַף דער וועלט (ווישט זיך די אויגן).

אוורעמל: ווי אין נעסאַנע-טייקעס שטייט: מי במאיִם אומי באָייש, דאָס הייסט, פון וועמען די הויט און פון וועמען דאָס פלייש... א, גיטל? נאָר גאָרנ׳ט, שא! און ניט געקלאָגט אַף כורבן בייסאַמיקדעש — דאָס איז

פאר גוטע ייִדן אַן אַרבעט. און מיר, פּאַשעטער אוילעם, דאַרפֿן טאָ-מעד זײַן, ווי זאָגט ער:

לעבעדיק און פריילעך,
ניט וויסן פֿון געוויינ.
דערפֿאַר וועט גאָט אונדז געבן
אַרבעט פֿאַר די ציינ...

גיטל: אוי, גיט ער (די קינדער שלעפּן גיטלען באַ דעם קליידל און בעטן עסן).

אוורעמל: מען דאַרף זיך טאָרבעס אופנייען — אין די קעשענעס קאָן שוין ניט אַרײַן, אַ, מײַן ווײַב? ע, איך זאָג דיר, אַז גאָט איז גאָר קיין מענטש ניט: האָט אונדז אַרײַנגעזעצט אין שטוב דעם דאַ-לעס פֿאַר אַ קוואַרטיראַנט און צאָלט ניט קיין דירע-געלט... מע וואָלט אים געדאַרפֿט אָנקלאָגן, מיין איך, צום נעסאַנע-טייקעס...

גיטל: (וואַרפֿט ס'געניי אופּגערעגט) גוואַלד, וואָס האָבן זיי צו מיר? נעם זיי דיר צו פֿון מיר!

אוורעמל: שאַט, קינדער, ווער וויל מאַכן אַ שטרײַק?

די קינדער: (לאָזן זיך צום פֿאָטער) איך, טאַטע, איך!

אוורעמל (זעצט זיי אַפּן טיש), הײַדאַ, קומט אַהער, מײַנע אַרבע-טער! מיינט איר, עפּשער, וועווריקעס, אַ שטרײַק איז כיידער ניט צו גיין? ניין, גוטע ברידער, דאָס ניט. דער מאַמען וועלן מיר מאַכן אַ שטרײַק: הײַנטיקן טאָג ניט עסן... וואָס זי זאָל אײַך ניט געבן, זאָלט איר שרײַען: דאָלאָי, דאָלאָי!.. נו, שרײַט זשע קינדערלעך, דער מאַ-מען: דאָלאָי מיטן עסן!

די קינדער: (צו דער מוטער) דאָלאָי מיטן עסן, דאָלאָי!..

יאָסעלע: (פּלוצעם) מאַמע, דער רעבע האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל געלט ברענגען, ס'קומט אים שוין, זאָגט ער אַ סאַך...

אוורעמל: (מיט אַ באַהאַלטענעם זיפֿץ) נו, נו... זאָגט דעם רעבן, אַז איך וועל זיך מיט אים אַליין זען... זאָל ער זיך ניט זאָרגן פֿאַר זײַן געלט, ווײַל באַלד וועל איך באַקומען... נו, נו, שרײַט בעסער, קינ-דערלעך: דאָלאָי!..

די קינדער: דאָלאָי מיטן עסן!

גיטל: (מיט אַ זיפֿץ) שרײַט, שרײַט... (צו אוורעמלען) דיר דאַכט זיך, אַז מיט דעם וועסטו אָפּקומען...

יאָסעלע: (פּלוצעם) אי, איך בין אָבער הונגעריק!..

אוורעמל: דו ביסט דאָך גאָר, ווי זאָגט ער, א שטרײַק-ברעכער!.. שיין, שיין... (צו די איבעריקע קינדער) וואָס קומט אים דערפאר?

קינדער: (הויך) שמײַסן!

אוורעמל: וואָס נאָך?

קינדער. שיסן!

אוורעמל: וווּ זשע איז ערגעץ דער פּיסטויל? גיטל, גיב אהער דעם פּיסטויל!

גיטל: גיי, גיי. פון מיר טריפט זיך ריקעס בלוט און ער...

אוורעמל: ע, מײַן ווײַב!... שאט, קינדער, ווער וויל זינגען ליד-לעך, ווי סאָלדאטן, א?

קינדער. איך! — איך! — איך!

יאָסעלע: (בעט) טאטע, פונעם בוידעם!

אוורעמל: נו, שטעלט זיך אויס! פונעם בוידעם — איז פונעם בוידעם! (שטעלט אויס די קינדער, מאכט מיט די הענט, ווי ער דיריזשירט און זינגט מיט זיי).

אפּן בוידעם שלאָפט דער דאך,
צוגעדעקט מיט שינדעלעך,
און מײַן קינד אין וויגל שלאָפט,
נאקעט גאָר אָן ווינדעלעך...
האָפּ, האָפּ, האָפּ, האָפּ!

נו, נו, פריילעכער, קינדער, קומט א קײַלעכיקס! (שפּרינגט אראָפּ פונעם טיש, טאנצט קלוימערשט מיט די קינדער, נאָר זיין פּאָנעם דריקט אויס טיפן טרויער). אוי, ווי אזוי זשע, קינדער, מעקען ציגעלעך?

קינדער: מע-ע-ע.

אוורעמל: (מיט א ניגון) ווי אזוי-זשע מאכן שעפעלעך?

קינדער: בע-ע-ע!..

יאָסעלע: (בעט) טאטע, פונעם בוידעם בעסער!

אוורעמל: נו, נו, לעבעדיק, פריילעך, מאכט פריילעך דער מאמען!

גיטל: (מיט א שמייכל) צו דײַן קאָפּ!

אוורעמל: קוק און שווײַג. טו דײַן ארבעט! (טאנצט מיט די קינ-דער און זאָגט)

אפֿן בוידעם זיצט א האָן
איז זײַן קאַם ווי פֿײַער רויט...

(ווינקט צו גיטלען)

ווען מײַן ווײַב זאָל וועלן גיין
ערגעץ ווו אויסלײַען ברויט...
האָפּ, האָפּ, וואָלט געווען גוט
אַך, אַך, צוקער־זיס...

(צו די קינדער)

נו־זשע, קינדער, טאַנצט־זשע שיין,
טופּעט שטאַרקער מיט די פֿיס

(די קינדער טופּען)

האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי
עסט די ציג פֿון דאַך די שטרוי...

גיטל: (שאָקלט צו מיטן קאָפּ און זיפֿצט) גענוג דיר שוין, גענוג, לאָז אָפּ א צווייטן מאָל, כאָכעם מײַנער, וואָס וועט בעסער זײַן?

אוורעמל: פֿרעג ניט, מײַן ווײַב, האָסט דאַכט זיך, געהערט וואָס איך האָב געזונגען?.. גיי, גאָט וועט מיסטאַמע העלפֿן. דו ווייסט דאָך, אַז ער שפּײַזט אַפֿילע א קליינע ווערעמל אונטער דער ערד, בײַפּראַט אונדז, וואָס מיר זײַנען אַזעלכע גרויסע — וועט ער דאָך מוזן שפּײַזן. (צו די קינדער) קומט, קינדער, אין אַלקער שפּילן זיך! נו, גייט און זינגט! (גייט מיט זיי און זינגט)

קליינע קינדער ווערן גרויס —
גרעסער ווערט מיט זיי די נויט.

(צו גיטלען)

גיי־זשע, גיי־זשע, גיטעלע,
און באַקום א האַלבן ברויט!

פֿאַרשטייסט? גיי און גאָט וועט מיסטאַמע ניט פֿאַרלאָזן! (צו די קינדער) גייט, קינדער, און שפּילט זיך דערווײַל אַליין, באַלד וועל איך אָנקומען אַליין. נאָר שלאָגט זיך ניט דאָרט, וועל איך אײַך קויפֿן פּיסטערנע לאָשעקלעך (די קינדער אָפּ. אוורעמל מאַכט צו די אַלקער־טיר, קערט זיך אום צו גיטלען, קוקט איר אין פּאָנעם) נו, מײַן ווײַב?

גיטל: וואָס ווילסטו פֿון מיר? דו גייסט זיך אַרום, זינגסט לידלעך און מיך שיקסטו ס׳פּאָנעם שוואַרצן, בא דיר וואָלט געווען רעכט, איך זאָל נעמען א טאָרבע און גיין איבער די הײַזער, אַ?

אורעמל: (ווייך) א, דו נאריש קעצל דו, אפ וועמען ביסטו ברויגעז? מײַן מאשינ ארבעט דען? זע, ווי זי שטייט פונ נעכטנ אָנ ניט געשמירט! (ווייזט צו זיך אינ מויל) וואָס זאָל מענ טאָנ, אז מיר לעבנ אינ אזא צײַט, ווענ ס'וואקסנ ניט קיינ גרייטע קוילעטשנ... מוז מענ, ווי זאָגסטו, האָפּנ אפ בעסערע צײַטנ... אי, ווערסטו דאָך זאָגנ, דערווײַל וואָס טוט מענ? ביסטו טאקע גערעכט! אָבער מיט וואָס, זאָג מיר, בינ איך אומגערעכט! צי וויל איך דענ ניט ארבעטנ? קאָנסטו מיר דענ ניט פונ די צײַטנ, ווענ ס'איז געווענ ארבעט — האָב איך זיך דענ געפוילט? א, זאָג מיר.

גיטל: גוט, גוט. אלצדינג איז עמעס. אָבער צו וואָס טויג מיר דײַנע פארזאמלונגענ מיט דײַנע רעדעס? האָב איך דענ פונ זיי ברויט? בעסער וואָלסטו געגאנגענ נאָכפרעגנ ארבעט. איז שוינ דענ עק-וועלט, קיינ „נאפראווקע” אפילע זאָל מענ שוינ ניט קאָנענ קריגנ? ריבוינע-שעלוילעם, וואָס איז דאָס?! אזא צײַט אָנ ארבעט... די קינדער ווערנ, מײַנע סאָנים, אײַנגעדארט אונ אײַנגעשרומפּנ. פונ אונדז רייד איך שוינ גאָר ניט. נייג, אָבער זיי? קאָנ מענ לעבנ מיט דעמ, וואָס סאָרקע פארדינט? קאָנ מענ דענ צונעמענ בא איר די לעצטע קאָפּעקע, וואָס זי פארהאָרעוועט נעבעכ מיטנ בלוטיקנ שווייס? וויי איז מיר אונ וויסט!.

אורעמל: רעכט, רעכט, מײַנ ווײַב. רעדסט, קיינ בייז אויג, ווי א געניטע — פונ דעמ עמעס קאָנ מענ ניט אוועקגיינ, נאָר דאָס איז אָבער אויכ עמעס: איכ דערקענ אָנ דײַנ שפּיצ נאָז, אז דיר פארדריסט שטארק, וואָס איכ האָב נאָכ א שטיקל גאָלדענעמ זייגער, נו, מיילע... זײַ זשע א בעריע אונ זוכ מיר הײַנטיקע צײַטנ אָפּ א קוינע, וועל איכ אימ פארקויפנ.

גיטל: אָט דאָס קאָנסטו! אבי דו ווערטלסט זיכ — בינ איכ שוינ מיט די קינדער זאט. שוינ וויפל? נײַנצנ יאָר, דאכט זיכ, א? אונ איכ בינ נאָכ ניט אופגעקומענ פונ דײַנע כאָכמעס...

אורעמל: אוי, גיטעלע, גיטעלע, דו האָסט גאָר קיינ סייכל ניט, דו ווייסט גאָרניט, וואָס א גרויסער כאָכעמ האָט אמאָל געזאָגט. געזאָגט האָט ער אזוי: האָסטו פּארנאָסע מעגסטו זײַנ א שלימאזל, א נאר אונ שלאָפנ אינ דער יארמלקע, נאָר קוים האָסטו קיינ ברויט ניט — מוזטו זײַנ א כאָכעמ, א ווערטלזאָגער, קעדיי דו זאָלסט קאָנענ אָפּנארנ אונ ארומשטעקנ מיט פּעדערנ דעמ דאלעס. אויב ניט, — ליגסטו אינ קעלערל

בא דער מומע יענטל, מיטן מויל אונטערן קרענטל... היינט פארשטייסטו שוין, מײַן ווײַב, אז גאָט ווייסט, וואָס ער טוט...

גיטל: פארשטייט זיך, אז דו ביסט גערעכט. טאָמער בלײַבסטו גע-רעכט. פארעקעסט און פארפעקעסט מיר — און בלײַבסט גערעכט. ווי דען?

אורעמל: אָבער, אָבער... זאָגט דאָך די וועלט: אז אָך און ווײ איז דעם גערעכטן... היינט פרעג איך דיר — וואָס זשע האָסטו נאָך צו מיר, וואָס?

גיטל: וואָס איך האָב צו דיר, פרעגסטו? טאקע, וואָס האָב איך צו דיר? דו גיי דיר אפ דײַנע פארזאמלונגען, און איך וועל שוין דאָ, אפ דײַן אָרט, אליין זיננען מיט די קינדער, נאָך וואָס דארפסטו נאָך פאר-ברענגען צײַט מיט זיי?

אורעמל: גיטל, אָט ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן: עפשער וואָלסטו מיר צוליב געטאָן און געוואָרן גוט און פרום ווי די לעוואָנע; באנאכט זאָלסטו אופגיין און באטאָג פארגיין... וואָס זאָגסטו?..

גיטל: גוט, גוט, רייד ווײַטער!

אורעמל: דיר דאכט זיך, אפאָנעם, אז איך גיי ארום אין קאָרטן שפילן. דו ווייסט גאָרניט, אז איך בין ניט איינער, וואָס זיצט היינט אָן ארבעט. גיי זשע און זע — וועסטו טרעפן א גאנצן בינטל מיטן דאָברי-מאזל אין די הענט... ע, מײַן ווײַב, גענוג, ניט געזאָרגט, וועסטו זען, ווי גאָט וועט אמאָל העלפן. נאָר דערווײַל מוזן מיר זיך אליין העלפן, גיי שוין און קריג ערגעץ א ברויט, צי כאָטש א האלבן, מע מוז דאָך, וואָס זאָל מען טאָן... שא, אָט גייט שוין סאָרקע אויך, גיי שוין נו!..

גיטל: (לייגט אוועק די ארבעט, נעמט אפ זיך די שאל) מאָל דיר, אז איך וועל שוין עפשער קריגן, איך גיי זיך שווארצן ס'פּאָנים, אָבער וואָס וועט זײַן שפּעטער, מאָרגן? דו גייסט דען ערגעץ זוכן ארבעט?

אורעמל: גיי, פאר מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן און פאר היינט דו — וועט שוין זײַן רעכט.

גיטל: יאָ, ווען מײַן זאָרג זאָל העלפן... נאָר נימער ערגער. (אָפּ)

(אופטריט סאָרקע)

סאָרקע: (אָרעם געקליידט מיט א בלאָס, קרענקלעך געזיכט, רעדט שטיל)

וווהין איז דאָס געגאַנגען די מאַמע? (טוט זיך אויס) איך האָב זי געפרעגט און זי האָט מיר ניט געענטפערט, וואָס איז עפּעס, טאַטע?

אורעמל: א גוט זכוס בעטן איז זי געגאַנגען — וויל זי אפּאָנעם ניט אויסריידן...

סאָרקע: און ווו זײַנען די קינדער? (וויל גיין אין אַלקער)

אורעמל: גיי ניט! לאָז זיי! (פּלוצעם) קום נאָר אהער, טאָכטערל.

(נעמט זי אָן פאַר דער האַנט, קוקט איר אין פּאָנעם אַרײַן) וואָס האָסטו געוויינט?

סאָרקע: (מיט א געמאַכטן, א פרייַלעכן טאָן) ווער? איך? כ'האָב ניט געוויינט... וואָס דאַכט זיך דיר?

אורעמל: כ'זע, פאַרוויינטע רויטע אויגן האָסטו...

סאָרקע: (פאַרשטיקט אין זיך געוויין) ס'איז פון... פונעם טאַבעק... יאָ, און עס איז א ווינט אין דרויסן...

אורעמל: (נאָכגעבנדיק) פונעם טאַבעק... ס'א ווינט? קאָן זײַן. אז דו ווילסט ניט זאָגן, דאַרף איך דאָך מיסטאָמע ניט וויסן. ווו איז פײַוול? פאַרוואָס איז ער ניט געקומען מיט דיר? ער אַרבעט הײַנט ניט?

סאָרקע: יאָ, ער וועט באַלד נאָכן עסן אַרײַן נאָך מיר.

אורעמל: (נאָכדענקנדיק) האָב איך, הייסט עס, ניט געטראָפן, וואָס זײַע פאָרט האָסטו...

סאָרקע: (רייסט אים איבער) טאַטע... איך בעט דיך!

אורעמל: נו, נו, איך שווײַג שוין... (פויזע)

סאָרקע: (לאָזט זיך צום אַלקער, פּלוצעם דערמאָנט זי זיך אָן עפּעס און גייט ארויס אין קיך).

אורעמל: (קוקט איר נאָך, דרייט מיטן קאָפּ) דאָ איז עפּעס... זי וועט אומזיסט ניט וויינען... פונעם טאַבעק! זאָגט זי, פונעם ווינט. ניין! דאָ איז עפּעס ניט קיין איינפאַכער ווינט!..

(אופטריט יאָסעלע)

יאָסעלע: (לויפט אַרײַן) קום זשע שוין, האָסט דאָך געזאָגט...

אורעמל: גיי, גיי, זונו, באַלד קום איך! (יאָסעלע אָפּ) אי, געפעלט מיר ניט דער באָכער...

(אופטריט פײַוול, סאָרקע)

פײַוול: (אין טיר) ניין — איז ניין! כאָטש גלײַכער וואָלט געווען זאָגן און טאַקע גלײַך פרעגן בא א דאָק... (מערקט אורעמלען) א, רעב אוו-ראָם, וואָס הערט מען עפּעס?

אווּרעמל: (איראָניש) וואָס זאָל מען הערן? ניין איז ניין. יאָ איז יאָ. צוויי און צוויי איז פיר. פיר און פיר איז אכט. אָבער א גוטן פּאַפּיראָס פון דער פאבריק האָסטו געבראכט?

פייוול: אָך, אפילע צוויי גוטע (גיט פּאַפּיראָסן)

אווּרעמל: נו, זיץ, פייוול. (פייוול זעצט זיך) דערצייל, וואָס הערט זיך עפּעס נייעס בא אייך אין פאבריק? זי (ווייזט אף סאָרקען) וויל מיר קיינמאָל ניט דערציילן, זאָגט ניט אויס פונעם כיידער... טאָ דערצייל דו, איז עפּעס היינט קיין שום נייעס ניט פאָרגעקומען דאָרט?

פייוול (כאפּט א קוק אף סאָרקען) נייעס?

סאָרקע: וואָס זאָל פאָרקומען?

אווּרעמל: מיך פרעגסטו? כ׳ווייס... אָט, לעמאָשל...

סאָרקע: טאטע!

אווּרעמל: כ׳מיין, לעמאָשל, ווי האלט איר מיט אייער ברויטגע-בער?

פייוול: (א מאך מיט דער האנט) רעדט בעסער ניט פון אים, זאָל ער אייך מיטן קאָפּ אָנלייגן.

אווּרעמל: אך, מיטן בעסטן קאָוועד. אפילע שוין ווינטש איך אים, ווי איך בין א ייִד. און פארוואָס דען ניט? ער האָט דען מיר כאסווע-שאָלעם שלעכטס געטאָן? כ׳האָב נאָר מוירע, אז ער וועט מיט זיך באגראָבן מיין טאָכטערס געזונט פון עטלעכע יאָר... (פויזע. סאָרקע מיט פייוולען קוקן זיך איבער)

סאָרקע: (גייט צו צום שאפקעלע, זוכט עפּעס).

אווּרעמל: (מערקט עס) זוך ניט, טאָכטער, האָב צייט א ביסל...

סאָרקע: פאָלג איך דיר און האָב צייט (זעצט זיך באַם טיש).

אווּרעמל: הער אויס, פייוול, כ׳האָב געוואָלט מיט דיר עפּעס ריידן... (צו סאָרקען) וועסט עפּשער ארייַנגיין אף א מינוט אין אל-קער...

סאָרקע: טאטע, איך ווייס, וואָס דו ווילסט ריידן! דו ווילסט דערוויסן זיך בא אים, וואָס איך בין געקומען פארווײנט. יאָ, איך האָב געוויינט און פארשפּאָרסט פרעגן בא אים, ווייל איך וועל דיר אליין זאָגן: שוין פון עטלעכע טעג, אז איך פיל זיך עפּעס ניט געזונט, און אָט היינט איז מיר ווידער בא דער ארבעט ניט גוט געוואָרן...

אווּרעמל: (דערשראָקן) וואָס זשע שווייַגסטו? וואָס באהאלסטו זיך?

פאר וועמען? וואָס איז דיר? פּאַרוואָס האָסטו ביז היינט ניט געזאָגט? עפּשער דאַרף מען אַריינגיין צו אַ דאָקטער...

פּייוול: יאָ, יאָ, רעב אווראָם, עס וואָלט ניט געשאַדט, כ׳לעבן.

אווראָמל: נו, יאָ, כ׳האָב דאָך געהערט, וואָס דו האָסט פריער געזאָגט. נאָר אַפּ אַזויפיל האָב איך ניט פאַרשטאַנען. אָ, דו, נאַרישער פּאָנעם, דו.

סאָרקע: ניט געפּערלעך... וואָלט איך נאָר געקאָנט בלייבן אַפּ אַ פּאָר טעג אין דער היים. וועט אָבער די מאַמע פרעגן, וואָס פּלוצעם אין דער היים. איך וועל איר מוזן זאָגן און זי וועט דערווייל יעסורים האָבן. קאָנסט זי דען ניט? דו ביסט עפּעס אַנדערש... אָבער זי... זי האָט נעבעך אַזוי אויך גענוג.

אווראָמל: ביסטו דאָך טאַקע גאָר אַ נאַר. אָבער זאָג מיר נאָר וואָס טוט דיר וויי?

סאָרקע: ניין, גאָרניט. כ׳האָב עפּעס גלאַט אַזוי קיין קויעך ניט. ס׳וועט איבערגיין.

אווראָמל: מיילע, דערווייל זיי נאָר אין דער היים, מיר וועלן שוין זען. סוידעס גאָר! צופּיל, טאָכטער, ביסטו אונדז געטריי און דער־פאַר קומט דיר, וואָס איך וויס. נאָר גאָרניט, איך בין דיר מויכל. מיר וועלן אַריינגיין צום דאָקטער און גאָט וועט העלפן... אויב דו ווילסט אַזוי, קאָנען מיר פאַר דער מאַמען דערווייל מאַכן אַ שוויַיג. אי, טאָ־מער וועט זי פרעגן, פאַרוואָס דו ביסט אין דער היים געבליבן, איז אַ ליגן אַ גוטער ברודער און העלפט אַרויס: מיר שטרייקן, מאַמע, און שוין! זעסט, דאָס ווייס איך שוין ניט, צי וועט זי אַליין דעם עמעס ניט אָנשמעקן. ווייסט דאָך, אַז אַ מאַמע האָט אַ גוטן „ניוך".

סאָרקע: אַך, טאַטעניו, גוטער טאַטע מיינער, פון דיינע רייד אַליין... (זי וויינט)

אווראָמל: נו, נאַריש קינד מיינס, וואָס ווידער?.. גענוג, גענוג, זאָג איך, נעם און וויש אויס די אויגן, די מאַמע וועט באַלד אַריינ־קומען, שאַ און זיי אַ מענטש.

סאָרקע: (באַרויִקט) ניין, טאַטע, איצט איז מיר גרינגער, גרינג און גוט אָפּן האַרצן. איך וועל זיך נאָר אַ פּאָר טעג אויסרוען, וועסטו זען ווי מיר וועט גאָרניט זיין, גאָרניט.. (פּלוצעם) פּייוול. וואָס זיצסטו עפּעס אַזוי, ווי אַפּ אַ פרעמדער פור?

פײַוול: איך דארף שוין, דאכט זיך, גיין אף דער ארבעט.

סאָרקע: זע נאָר, זיץ נאָך א ווײַלע, וועסטו הײַנט מאכן ווייני-קער מיט א מייע פאפיראָסן, זאָל זײַן איבער מיר... צוליב מיר... נו, ווי דו ווילסט זיך.

א קאָל פון יענער זײַט פענצטער: (שרײַט) אווראָם, אוו-ראָם, קום נאָר ארויס.

אוורעמל: (צום פענצטער) ווער איז דאָרט?

דאָס קאָל פון פענצטער: קום נאָר, איך דארף דיך האָבן!

אוורעמל: א, א, ס'איז לאמפּיצקע מיט די גלעקלעך (שרײַט) זא-ראז, זאראז! אוואדע כוידעש-געלט געקומען מאָנען פאר וואסער (אָפּ).

פײַוול: (נאָך א ווײַלע שווייגן) דו האָסט מיר הײַנט אינגאנצן מײַן קאָפּ אראָפּגענומען...

סאָרקע: זאָגסט עמעס, פײַוול? דו לײַזסט איבער מיר, פאר מיר! דו האָסט מיר ליב, ניט קוקנדיק דערויף?

פײַוול: וואָס דו ביסט קראנק, ווילסטו זאָגן?

סאָרקע: נו, יאָ, וואָס איך האָב... וואָס מיר האָט זיך הײַנט בלויז פון האלדז געוויזן?..

פײַוול: איז נאָך וואָס, זאָג מיר, רעדסטו אזוי?

סאָרקע: פײַוול, איך בלײַב הײַנט אין דער היים.

פײַוול: נו, איז וואָס?

סאָרקע: און דו וועסט דאָרט זיצן מיט גאָלדען בא איין טיש... פארשטייסט מיך, פײַוול...

פײַוול: איך פארשטיי ניט און וויל ניט פארשטיין דײַנע נאריש-קײַטן. איך וועל זיצן מיט גאָלדען בא איין טיש. ווי איז דען טאָמער?

סאָרקע: טאָמער, פײַוול, זיץ איך צווישן אײַך ביידן...

פײַוול: ביסט א נאר און איך האָב מיט דיר ניט וואָס צו ריידן.

סאָרקע: רוף מיך נאר, רייד מיט מיר ניט, נאָר איך בעט דיך, זײַ מיט מיר די פאָר טעג אין דער היים. האָב ראכמאָנעס אף מיר, אויב דו האָסט מיך נאָר מיט אן עמעס ליב.

פײַוול: וואָס קאָן איך דיר העלפן, אז דיר דאכט זיך אלץ... ביסט נערוועז — כאָלעמט זיך דיר גאָלדע... און צו דער ארבעט מוז איך גיין, דו ווייסט עס אליין אויך זייער גוט.

סאָרקע: אויב דו גייסט, גיי איך אויך. איך קאָן ניט אנדערש פארשטייסט. איך קאָן ניט!

פײַוול: ביסט משוגע? דו טאָרסט ניט גיין צו דער ארבעט!

סאָרקע: פונוואַנען ווייסטו עס, אז איך טאָר ניט? ווער האָט עס דיר געזאָגט? ניין, איך מעג! מיר איז גאָרניט!... איך בין געזונט נא, זע. (הייבט אוף א בענקל מיטביידע הענט. הייבט אָן פלוצעם צו שפּרינגען, טאנצן, אָטעמענדיק שווער)

פײַוול: וואָס טוסטו, משוגענע? סאָרקע, זע, איך בעט דיך!

סאָרקע: (טאנצט) זע!.. קוק אף מיר! נו? (זי פאלט ענדלעך א מידע, א פארמאטערטע און א בלאסע צוריק אפן בענקל, אָטעמט שווער און קוקט מיט ברייט געעפנטע, ברענענדיקע אויגן אף פײַוולען)

פײַוול: (ווייך) נו, פרעג איך דיר אליין, איז דאָס ניט קיין משוגאס? קוק דיך נאָר אָן.

סאָרקע: (שטיל און מיד) מיר איז גאָרניט, עס מאכט זיך... מיט קאלמענען האָט זיך דאָס אויך עטלעכע מאָל געטראָפן, איז ער דען ניט געזונט? ארבעט ער דען ניט?

פײַוול: בארויִק זיך, איך בעט דיך, קוק ווי דו זעסט אויס, געבן דיר עפּשער א ביסל וואסער?

סאָרקע: (נאָך מער אופגערעגט) איך וויל ניט קיין וואסער, איך דארף ניט... און דו גיי דיר צו דײַן ארבעט... גיי! איך טאָר ניט, אזוי האָסטו געזאָגט?

פײַוול: און איך זאָג דיר טאקע נאָכאמאָל, אז דו טאָרסט ניט און צו אנדערע האָסטו זיך ניט וואָס צו גלײַכן...

סאָרקע: (שטארק אופגערעגט) דו ווילסט אזוי, דו ווילסט איך זאָל ניט גיין? גוט, איך גיי ניט, איך וועל דיר ניט שטערן!...

פײַוול: (בייז) ע, דו ביסט טאקע מיט אן עמעס ניט באם זינען, א גוטן טאָג. (לאָזט זיך גיין)

סאָרקע: (כאפּט זיך אוף, פארהאלט אים) און דו וועסט שוין אף דער-נאכט צו מיר ניט קומען?..

פײַוול: איך וועל קומען!

סאָרקע: איך בעט דיך!

פײַוול: (ווייכער) דו ביסט א נאר, וואָס הייסט איך וועל ניט קו-מען? מיינסט טאקע מיט אן עמעס...

סאָרקע: (פאַלט צו אים אפן האַלדז) פּײַוול !...

פּײַוול: נו, נו, באַרויִק זיך. א גוטן טאָג דיר! (קושט איר אפן שטערן זי ציטערט אוּף, זוכט זײַנע ליפּן צו קושן. ער ווערט זיך אָבער, מײַדט אויס איר אָטעם, באַפרײַט זיך אינגאַנצן פון איר, גייט ארויס. זי קוקט אים נאָך א ווײַלע, קערט זיך אום צום בעט און פאַלט אפן קישן מיט א שטיל שטיקנדיקן געוויין).

(אופטריט אוּורעמל)

אוּורעמל: (קומט אַרײַן אופגעלייגט) זעסט, טאָכטער, אַ? גאָט פאַרלאָזט פאָרט ניט. (זעט ניט פּײַוולען) אוועקגעגאַנגען שוין...

סאָרקע: (ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ) ווער האָט דיך געררופן, טאַטע?

אוּורעמל: שווײַג טאָכטער! זאָלסט גאָרניט זאָגן דער מאַמען. כ'האָב א פּאָוועסטקע פון זײַן ליבן נאָמען אין דײַן זכוס. עך, ווע̇ל איך עס איצט דײַן מאַמען א שפּיל טאָן, אז זי וועט אַזש ניט וויסן, פון וואָס עס איז איר געקומען.

סאָרקע: (זעצט זיך אוּף) וואָס איז עפּעס? איך פאַרשטײ גאָרניט, וואָס דו רעדסט!...

אוּורעמל: (פריילעך) אַרבעט אָנגענומען, אַרבעט! דו, נאַריש פּויגעלע מײַנס. וואַרט, מאָרגן גאַנצפרי, אז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועל איך מיט דיר אַרײַנגיין צום דאָקטער. וועסט קאָנען זײַן עטלעכע טעג אין דער היים און וועסט ווידער ווערן א „קאַזאַק". דו האָסט זיך פּאָשעט אויסגעהונגערט, מײַן קינד, — האָסטו קיין קויעך ניט. וואַרט, באַלד קומט אַרײַן די מאַמע — וועט זײַן רעכט...

סאָרקע: נאָך וואָס איז זי דען געגאַנגען? און וואָס זאַמט זי זיך אַזוי?

אוּורעמל: זי איז געגאַנגען נאָך דעם, וואָס דיר פעלט איצט — פּאָשעט נאָך ברויט, הייסט עס.

סאָרקע: און די קינדער האָבן נאָך אויך גאָרניט געגעסן?

אוּורעמל: יאָ... געגעסן: איך האָב זיי געגעבן צו שטיקלעך לונג און לעבער און די מאַמע — א שטיקל געפּרעגלט האַרצ... עך, טאָכטער מײַנע, אין א שלעכטע פינפ און צוואַנציק יאָר ביסטו אַרײַנגעפאַלן צו מיר... נאָר וואָס זאָגסטו, מע דאַרף זיך זאָרגן צי ניין?

סאָרקע: ניין, טאַטע! אז מע קאָן נאָר אויספירן זיך ניט זאָרגן, דאַרף מען זיך ניט זאָרגן, צי קאָן מען דאָס אָבער?

**אוורעמל:** כע, כע, ס׳הייסט, ווי איינער רעדט: ווען איך זאָל קיין צאָרעס ניט האָבן, וואָלט איך מיר גאָרניט געזאָרגט...

(אופטריט גיטל)

**גיטל:** (קומט אריַין) זאָרג זיך ניט — כ׳האָב דיר שוין פארזאָרגט, נא!

(גיט אוורעמלען א האלבן ברויט)

**אוורעמל:** (כאפּט מיט פרייד דאָס ברויט און זינגט)

איך גאנײדן שטייט א שטול
מיט א גאָלדן טײַבעלע
און דערפאר וועט זיין די שטול (ווייזט אפן ברויט)
טאקע פאר מײַן ווײַבעלע (פּלוצעמ)

ווייסט, מײַן ווײַב, באלד ווער איך ראָטשילד און דו ראָטשילדעכע, נאָר שווײַג. פרעג ניט, זאָלסט קיין גוט אויג ניט געבן!

(אופטריט קינדער)

**די קינדער:** (לויפן אריַין, דערזעען דאָס ברויט, הייבן אָן פּליעסקען מיט די הענט) אוי, ברויט! ברויט! ברויט!

**אוורעמל:** זעסט קלאָווים, ווי מע האָט עס פארשמעקט... ברויט, ברויט!

**גיטל:** פאר זייערע ביינער זאָל מיר זײַן... וואָס-זשע, מײַן מאן, עפּעס נײַעס, וואָס דו ווערסט שוין ראָטשילד?

**אוורעמל:** שווײַג, האָב איך געזאָגט. ס׳וועט שוין זײַן רעכט...

**סאָרקע:** (הייבט זיך אוף און וויל אוועקגיין) איך גיי אוועק, טאטע, איך האָב דיר געוואָלט עפּעס זאָגן.

**אוורעמל:** האָב צײַט, זיצ (סאָרקע זעצט זיך נעבן דער מוטער, זיי ריידן צווישן זיך שטיל)

**די קינדער:** גיב-זשע שוין, טאטע.

**אוורעמל:** כאפּט ניט. ווארט, פריִער דארף מען גיין א טרעפּאק, עס איז דאָך עפּעס ערעוו יאָנטעוו!

**גיטל:** וואָס מאכסטו זיך נאריש? גיב זיי צו שטיקלעך און לאָז זיי גיין צוריק אין בײדער.

**אוורעמל:** האָט צײַט א ביסל! נאָך אזא מיטיק מעגן זיי שוין בלײַבן אין דער היים. וועסט זיך דאָ א ביסל מיט זיי לוסטיק מאכן.

**גיטל:** דיר איז גוט און גרינג צו ריידן. דו וועסט זיך אוועקגיין און מיר וועלן זיי דאָ דעם קאָפּ אראָפּדרייען.

**אורעמל:** קינדער, איר וועט ניט דערקוטשען דער מאמען — וועט איר שוין הײַנט אין כיידער ניט גיין!
**די קינדער:** מיר וועלן זיך שפּילן אין אלקער.
**אורעמל:** הערסט, גיטל? נו, מײַן כאליאסטרע, נעמט זיך אָן פאר די הענט, וועלן מיר פארן עסן גיין א פריילעכס. (די קינדער נעמען זיך אָן פאר די הענטלעך. אורעמל טאנצט מיט זיי און זינגט)

אין איטאַליע זיצט א גוויר,
מוטשעט ער זיך אפן טויט.
אים צעלאָכעס טאנצן מיר
מיט א גאנצן האלבן ברויט.

האָפּ, האָפּ, גיטל, סאָרקע, קומט אינדערמיט ארײַן! העלפט פארטאנצן דעם דאלעס! האָפּ, האָפּ!
**גיטל:** הוליע, קאפּצן! (סאָרקע שמייכלט)
**אורעמל:** ששש! דערעכערעץ פאר סימכעסטוירע.
**יאָסעלע:** אוי, טאטע, פונעם בוידעם!
**אורעמל:** דאוואי לאָקש, בוי-דעם

אפן בוידעם הענגט א וויג,
וויגט זיך דאָרט א שפּין אין איר...
נעמט ער מיין פּארנאָסע צו
און דעם דאלעס לאָזט ער מיר...

**סאָרקע:** הער נאָר, הער!
**גיטל:** שפּילסט מיט אים! אלעמאָל ברענגט ער נײַעס, ווו נעמט זיך עס צו אים — וואָלט איך געוואָלט וויסן.
**אורעמל:** פרעג ניט, מײַן ווײַב, שאט, קינדער, לאָמיר א מאכ טאָן סימכעסטוירע און טאקע גיין מיט די האקאָפעס. איר ווילט?
**די קינדער:** יאָ, טאטעלע, יאָ.
**אורעמל:** נו, וואָרט אויס, ביז איך וועל אײַך אויסרופן צו די האקאָפעס, זעצט זיך דערווײַל אויס אפן סאָפקעלע. (זיי טוען עס) גיטל, גיב נאָר אהער א מעסער!
**סאָרקע:** אָט וועל איך דיר געבן! (דערלאנגט אים א מעסער)
**אורעמל:** (צעשנײַדט דאָס ברויט אף עטלעכע שטיקלעך, לייגט זיי ארײַן אין שאפקעלע שטעלט זיך אף א בענקל און הייבט אָן אויסרופן) ר' יויסעפ ברעב אוורא-האָם מעכאבעד לעקאָוועד א שטיקל לעכעם! קום א הערצו, באָכער!

**יאָסל:** (לויפט צו, נעמט דאָס ברויט און וויל עס עסן)

**אוורעמל:** וואַרט דו, וואָס זאָגסטו עפּעס אַפּ זײַן טאַטן! מען דאַרפּ פריִער גיין מיט האַקאָפּעס — און ער עסט שוין! (רופט ווייטער אויס) רעב זעליק ברעב אווראָהאָם מעכאַבעד לעקאָוועד אַ שטיק לעכעם! קום אַהער רעב פלעקל ברעב צוועקל... (זעליקל שטעלט זיך אַוועק נעבן יאָסעלען) גאַנוועגאַר דאָרט ניט אַראָפּ קיין שטיקל, דו!

**גיטל:** (לאַכט) וואָס זאָגסטו צו אים? מע קאָן מיט אַן עמעסן מיינען, אַז הײַנט איז סימכעס־טוירע. ראָטשילד מײַנער!

**אוורעמל:** פאַרשטייסט ניט, מײַן ווײַב, קיין יאָנטעוו! (רופט ווייטער אויס) נאַכעמציע ברעב אווראָהאָם לעקאָוועד אַ שטיק לעכעם, קום אַהער, דו וועוורִיק איינער (נעמט און שטעלט זיך אַוועק נעבן יאָסעלען און זעליקן, נאַ, און דו, שמעלקע, קום אַהער, דו, פּידסווינעק, נאַ דיר אויך אַ טוירעלע (נעמט און שטעלט זיך אויך אַוועק) און דיר, טאָכטער, אויך אַ ביילעך, האַלופ אַ ברויטעני. ר׳עכ, מעכ מיטן גאַנצן צעכ מעכאַבעד לעקאָוועד האַמעסער (מיטן מעסער אין האַנט שטעלט זיך אַנטקעגן די קינדער צו סאָרקען) רוק אַרויס דעם טיש אין דערמיט שטוב (זי טוט עס)

**גיטל:** און מיר, מײַן מאַן, האָסטו שוין גאָר פאַרגעסן?

**אוורעמל:** וואָס הייסט פאַרגעסן, מיר דאָס מעסער און דיר דאָס איבעריקע, נו, קינדער, שאַגאָם מאַרש! (גייט אַרום טיש מיט די קינדער, וואָס האַלטן אין זייערע הענט די שטיקלעך ברויט אויפגעהויבן אין דער הויך און זינגט מיט זיי)

אויזער דאַלעס טראָגט אַ טאַלעס,
לייגט ער טפילן אַפּ די ברילן
האָט צוויי נעזער, ווי די גלעזער,
און אַ קאָרעוו מיינער איז ער

**גיטל:** (הייבט אויף די הענט און די אויגן אַרויף צו דער סטעליע) גאָטעניו, פאָטער, וואָס וואָלט דיר געאַרט, ווען דאָס אייגענע אָבער אויך מיט פּאַרנאָסע?

**אוורעמל:** ניט געזאָרגט, מײַן ווײַב, הײַנט איז בא אונדז סימכעס־טוירע... טאַי־די־די־דאַם...

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)

# די אָפּעראַציע *

## פּאַרשוינען:

כאַיִם כאַימאָוויטש פּישמאַן — אייגנטימער פון א קאָנסערוון־פאַבריק — א דאַר, קליינוווקסיק יִידל, די באָרד און וואָנצן ראַזירט, גייט מיט גיכע, דריבנע טריט, איז טאָמער איבער עפּעס בייז, אופגערעגט און צעטראָגן.

אַנעטאַ מאַרקאָוונאַ — זײַן פרוי, א גאַנץ שיינע, רעדט מיט אויסגעצויגענע פעסטע ווערטער.

וואָלאָדיע און זינע — זייערע קינדער.

ווײַנער, א צאָן־דאָקטער }
וועראַ — זײַן פרוי } פּישמאַנס גוטע פרײַנט

ד״ר זומערמאַן — כירורג.

ד״ר ווינטערמאַן — האַלדז און אויער־דאָקטער.

יאָסל — יונגער ארבעטער.

זלאַטקין — עלטערער ארבעטער.

פרײַדע — א דינסט בא פּישמאַנען אין הויז.

סטודענט־אַסיסטענט.

(קומט פאָר אין אָדעס אין אונדזער צײַט.)

רייך מעבלירט עסצימער בא פּישמאַנען אין וווינונג. אין דער לינקער וואַנט געפינען זיך צוויי טירן: די ערשטע נאָענט צו דער סצענע — פירט אין שלאָף־צימער; די צווייטע דורך א קאָרידאָר — אין קיך אריין.

רעכטס: א טיר אין קאַבינעט. די צווייטע — פאָדערשטע ארײַנגאַנג־טיר. אין הינטערגרונט צוויי פענצטער מיט א טיר צווישן זיי. די טיר פירט אפן באַלקאָן צו דער גאַס. אף די פענצטער — פאָרהאַנגען. אף די טירן — גאַרדינען.

זומער־פרימאָרגן. טיר און פענצטער זיינען אופגעמאַכט און דאָס צימער איז באַגאָסן מיט זונענשיין. פרײַדע, א גאַנץ שיינע פרוי פון א יאָר עטלעכע און דרייסיק, אָנגעטאָן ווי א קעכן, גאָר ריין, זויבער, ווייס, פאַרקאָכט טיי אין סאַמאָוואַר, וואָס

---

* מיר דרוקן דאָ א טייל פון דער פּיעסע „די אָפּעראַציע" — דעם ערשטן אַקט — וועגן די איבעריקע אַקטן זע ווײַטער אין די „באַמערקונגען".

שטייט שוין אפן גרויסן ווייס־געשפרייטן עס־טיש. אן עלטערער ארבעטער זיצט אפ א בענקל בא דער ארייננאנג־טיר, דאָס היטל און די הענט הענגען בא אים אראָפּ צווישןביידע קני. פון דרויסן הערט מען ווי א מיליטער־אָרקעסטער שפּילט דעם „אינטערנאציאָנאל״. פון אָנפאנג — גאנץ ווייט, אלעמאָל נעענטער און נעענטער און קומענדיק פארביי דעם פענצטער ווערט דער מארש איבערגעריסן.

**פריידע:** ששש! (הערט זיך צו)

**זלאטקין:** דאָס גייט מען שוין אפ די פּונקטן.

**פריידע:** ששש! (שטיל) וואָסערע פּונקטן?

**זלאטקין:** פונוואנעט מען וועט זיך לאָזן איבער דער שטאָט אָפּנעמען בא דער בורזשואזיע די „איבעריקע זאכן״.

**פריידע:** אהא, היינט נאָך טאקע? (גייט אפן באלקאָן) צו זייער קאָפּ (אָפּ)

**זלאטקין:** (אופגעשטאנען) טפו, דער רוּעך זאָל דאָס נעמען. ווי א מאגנעט... אָבער טאקע גאָר ווי א מאגנעט ציט עס מיך, זינט איך האָב זי דערזען, האָב איך אָנגעהויבן ענערגישער לויפן אהער נאָך דער קאָמפּענסאציע... וואָס אַרט עס מיר?.. זאָל ער שלאָפן... (א ווונק צום שלאָף־צימער) ער שלאָפט און זיינס וואקסט צוריקוועגס... כע, כע... אז ווי איז צו דיינע יאָר און טעג! מירן זיך איניכן, דאכט זיך, ביי׳טן מיט די ראָלן... (גייט אפן באלקאָן. פּויזע)

**פריידע:** (קומט ארייַן בייז) פו, ווי שעמט איר זיך ניט! ששש!

**זלאטקין:** (קומט גלייך נאָך פריידען) אך, פריידע, פריידע, ווען איר זאָלט וויסן... וואָס בין איך שולדיק, אז ווען איך דערהער דעם מארש, ווערט מיר עפּעס אזוי גוט און פריילעך אפן הארצן.

**פריידע:** (שלאָגט אים איבער) ששש! שטילער א ביסל! און מיר — ווען איך הער שפּילן — ווערט מיר עפּעס אזוי טרויעריק, אז עס גלוסט זיך מיר אזש וויינען... אוי, אוי...

**זלאטקין:** מיסטאמע זייט איר פארליבט... אלע פארליבטע וויינען, ווען זיי הערן שפּילן.

**פריידע:** פארוואָס זשע זייט איר אזוי פריילעך... ליגנער!

**זלאטקין:** איך? ווייל איך בין א מאנספערשוין, א מאנס־פערשוין ווײנט ווען קיינער זעט ניט... אָבער ניט... ניט ווען איר שטייט פאר די אויגן... פריידע! (נעמט זי פאר א האנט)

פריידע: אָן הענט! זעצט זיך בעסער אוועק און דערציילט ווײַ־טער. דאָס ייִנגל האָט מיך אַזוי פּאַרינטערעסירט, אַז איך וואָלט אים שוין געוואָלט זען... אוי, אוי, אוי... (נעמט זיך צו דער אַרבעט)

זלאַטקין: (זעצט זיך אויפֿן זעלבן פּלאַץ וואָס פֿריִער) איך קאָן אַוועק־גיין און שיקן אָנשטאָט מיר דאָס ייִנגל. איר ווילט?

פריידע: אַך, איך וואָלט דאָס זייער געוואָלט, נאָר זיצט נאָך אַ ווײַלע... ער וועט מיסטאָמע באַלד אויפֿשטיין... ער וועט אײַך סײַווי ניט געבן איצט. איך ווייס עס, דערציילט.

זלאַטקין: ער וועט געבן. די נעשאָמע וועט ער לאָזן און וועט געבן, וואָס אַרט אײַך.

פריידע: ששש! דערציילט!

זלאַטקין: (פֿאַרטרייכערט) ווי זשע האַלט איך? יאָ: האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט אָנגעהויבן קריגן... איר ווייסט דאָך: אָן קינדער איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט. (פֿריידע זיפֿצט שטיל) איך האָב זי אָבער זייער ליב געהאַט. ביז איך געפֿאַלן אויף אַזאַ סייכל, איך האָב עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד „דע־זשורעט" באַם שטאָטישן געבורטהויז און איינמאָל האָב איך דערזען, ווי אַ ייִדיש קינד, אַ מיידל צי אַ ווײַבל, דאָס ווייס איך ניט — האָט אוועקגעלייגט בײַ דער וואַנט אַ קלימעקל און... קורץ: דאָס איז דאָס באָכערל מײַנס, פֿון וועלכן איך האָב אײַך דערציילט... וואָס איז מיט אײַך, פריידע?

פריידע: (ווישט זיך די אויגן) ניין... גאָרניט... און זי האָט אים אַזוי ליב געהאַט ווי איר?

זלאַטקין: וואָס פֿרעגט איר? וואָלט זי נאָר אַזוי געלעבט איצט, ווי זי האָט אים ליב געהאַט. עך, עך! דער געמיינער האָט קיין מאָל ניט — צו גאָרניט!

פריידע: (טרויעריק) וויפֿל יאָר איז ער אַלט, זאָל געזונט זײַן?

זלאַטקין: (פֿאַרטראַכט זיך) וויפֿל? פֿערצן — דאָס פֿופֿצנטע...

פריידע: (מיט טיפֿן טרויער) פֿערצן?.. און ווי אַזוי רופֿט איר אים מיטן נאָמען?

זלאַטקין: יאָסעלע. נאָך איר פֿאָטער, זאָל ער אַ גוטער מיילעץ זײַן. אַזוי האָט זי געוואָלט.

פריידע: (מיט טרערן אין קאָל) יאָסעלע... זי האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, זאָגט איר. אַ מאַמע... אַ מאַמע... אַ מאַמעס האַרץ (צעוויינט זיך שטיל)

ז ל א ט ק י נ: (דערשטוינט און דערשראָקן) פריידע! (גייט צו איר, נעמט זי פאַר א האַנט) פריידע! וואָס פּלוצעם? גאָט איז מיט אײַך?

פ ריי ד ע: אז וואָס קאָנט איר וויסן. איר האָט מיר מײַן אלטע ווונד אופגעוועקט אומגערן. איר זײַט ניט שולדיק... ניין, ניין. קוקט ניט אזוי אף מיר.

ז ל א ט ק י נ: (מיטפילנד) וואָס איז מיט אײַך, פריידע,? איר האָט מיר פריִער געזאָגט, אז איר זײַט נאָך א באַרישנע — און איצט...

פ ריי ד ע: (דעקט אים צו מיט דער האַנט דאָס מויל) שווײַגט, איך בעט אײַך! פון מיר אָפּגערעדט! זאָגט מיר: איר האָט דענסטמאָל...

ז ל א ט ק י נ: (שלאָגט איר איבער) ניין, איר האָט מיך פאַרינטערע־סירט און מוזט מיר זאָגן: איר האָט אמאָל געהאַט א קינד?

פ ריי ד ע: (פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס פּאָנעם) פרעגט מיר ניט, איך בעט אײַך!

ז ל א ט ק י נ: איך פאַרשטיי. און ווער איז דער פאָטער?

פ ריי ד ע: אן אויסוווּרף! א מערדער, אוי איך בעט אײַך!

ז ל א ט ק י נ: איר באַגעגנט אים אמאָל? שוין לאַנג אזוי!

פ ריי ד ע: אלע טאָג... אלע שאָ...

ז ל א ט ק י נ: מ.מ... אזוי... און איר שווײַגט אים?

פ ריי ד ע: ביז א צײַט. אַך, וואָס קאָנט איר וויסן? איר זײַט א מאַנספּערשוין. א מאַמע, א מאַמע. זי האָט ליב געהאַט א פרעמד קינד. און איך. (ווישט זיך די אויגן)

ז ל א ט ק י נ: אלץ הייסט ליב געהאַט. דאָס גאַנצע לעבן אירס... זי איז דורך אים קראַנק געוואָרן. מע קאָן זאָגן דורך אים. ווײַל זי האָט אים אזוי ליב געהאַט — פון דער וועלט געגאַנגען. א שלעכט קינד גע־ווען. א ביטערער אקשן. מיילע, אָבער איצט — א גאַנצער מענטש. א באָלשעוויק, א קאָמוניסט. פרעגט ניט. ער דערגייט אונדזערע (א ווונק אָבן שלאָף־צימער) די יאָרן און מער פון אלע. איר וועט אים זען, וועט איר שוין אליין זאָגן.

פ ריי ד ע: שיקט אים, איך בעט אײַך. הײַנט נאָך... איר האָט מיך אזוי פאַרינטערעסירט. כ'וואָלט אײַך געוואָלט פרעגן: איר האָט דענסט־מאָל, ווען איר האָט אים גענומען, געזען די מוטער אין פּאָנעם?

ז ל א ט ק י נ: געוויס, איך האָב דאָך געוואָלט וויסן צי איז עס א ייִדיש קינד. א שיינע מויד, ווי א טאָק.

**פריידע:** מם... (אנטשלאָסן) איר געדענקט עפּשער אויך, ווי זי האָט אײַך נאָכגעשריגן: „היט אים אָפּ, האָט ראַכמאָנעס אָפּ אים. היט אים אָפּ..."

**זלאַטקין:** (עפנט דאָס מויל פאַרווונדערט) אַ! דאַכט זיך... איך האָב זיך דערנסטמאָל געפילט. געמיינט, אַז עס דוכט זיך מיר אַזוי... אָבער איצט דערמאָן איך זיך. פונוואַנען ווייסט איר, פריידע? (מע קלינגט)

**פריידע:** (כאַפט זיך פאַרן האַרצן) אָי, פרײַנט מײַנער! שווײַגט, שווײַגט! גייט און שיקט מיר דאָס יינגל — איך בעט אײַך... די מאַדאַם...

(לויפט אַרויס)

**זלאַטקין:** (פאַרטראַכט. פאַר זיך) אַ שיינע כאַסענע. זיך דערעדט... דער רועך האָט מיר געטראָגן... אָבער ווער-זשע איז דער טאַטע זײַנער? ווער? מם... מם... (שפּאַנט) און וואָס וועט איצטער זײַן?

(אופטריט אַנעטאַ, פריידע)

**אַנעטאַ:** (לייגט אַוועק אַ קליינעם פּעקעלע אויפן טיש) נאָך זײַט איר ניט געגאַנגען אין מאַרק אַרײַן, פריידע? (מערקט זלאַטקינען, וועלכער באַגריסט זי) אַ, וואָס טוט איר דאָ אַזוי פרי, זלאַטקין?

**פריידע:** אָפּ צו גיין אין מאַרק דאַרף איך דאָך האָבן געלט...

**זלאַטקין:** איך...

**אַנעטאַ:** שלאָפט נאָך דער?

**פריידע:** ווי עס ווײַזט אויס...

**זלאַטקין:** וואָס איך...

**אַנעטאַ:** עפּעס האָט ער מיר אָנגעהויבן שלאָפן צו שפּעט...

**פריידע:** זינט מע האָט פאַרמאַכט די פאַבריק.

**זלאַטקין:** (קוקט אויף פריידען, זי ווינקט צו אים, ער זאָל האַלטן מויל) איך בין געקומען נאָך דעם, מאַדאַם פישמאַן, נאָך וואָס איך לויף שוין אַזאַ צײַט. איר ווייסט דאָך. ס'מוז דאָך נעמען אַמאָל אַן ענדע. באַ אַזאַ יאַקרעס — פאַרשטייט איר דאָך — אַז מײַן געדולד וועט פּלאַצן.

**אַנעטאַ:** ששש! איר האָט עפּשער רעכט, נאָר אײַער טאָן, כאַוועך זלאַטקין, וווּנדערט מיך אַ ביסל. אַזאַ טאָן פּאַסט פאַר אײַער זונדל, לויט מײַן מאַן האָט מיר אים אָפּגעמאָלט — אָבער ניט פאַר אײַך...

**פריידע:** אַך, מאַדאַם!... צו וואָס די רייד... אַ קינד ווי אַלע היינטיקע קינדער. (זי קוקט אויף זלאַטקינען, זיפצט)

**זלאַטקין:** נו, יאָ. זײַן אייגענעם זון מאָלט ער אויפן בעסער

פון פרעמדע. איך קאָן זייער גוט אײַער וואָלאָדיען. אנו, מיט וואָס פאר א טאָן רעדט ער עס מיט זײַן טאַטן? מיסטאָמע, ווי ער האָט די ווערט, ניט אומזיסט זאָגט מען...

**פריידע:** אך, ווער דארף עס וויסן, וואָס מע זאָגט דאָרט! צו וואָס די רייד?

**אנעטא:** (מיט א געמאכטן שמייכל) אינטערעסאנט צו וויסן: וואָס אזוינס זאָגט מען?

**זלאטקין:** (קוקט אף פריידען) זאָלן עס אײַך אײַערע אייגענע קינדער זאָגן, אויב זיי האלטן פון אײַך מער, ווי פונעם טאַטן.

**אנעטא:** אזוי גאָר!.. ווי קומט איר צו וויסן פון אזעלכע זאכן· (קוקט מיט כשאד אף פריידען)

**זלאטקין:** א וועלט שלאָפט ניט. הײַנט א צײַט פון פרײַען וואָרט.

**אנעטא:** אזוי... (קליינע פויזע) פריידע! טרינקט אָפּ טיי און גייט (קליינע פויזע) אין מארק, נעמט אין קיך ארײַן און זײַט מעכאבעד דעם כאווער זלאטקין אויך!

**זלאטקין:** אדאנק, איך בין איצט ניט בא טיי. (גייט ארויס)

**פריידע:** און געלט אין מארק ארײַן? (נעמט געלט)

**אנעטא:** נו, פריידע, וואָס וועט איר איצט זאָגן? איר נעמט זיך דאָך אָפּט אָן זײַן קריוודע. איר האָט געהערט א מיינונג וועגן אײַער באלעבאָס, א?

**פריידע:** אוי, אוי... ווער עס איז מיר א סוינע און ווער עס וויל אין מיר שלעכטס זען... עט, צו וואָס די רייד... פרויען זײַנען אָפּטמאָל, ניט צו אײַך גערעדט, ווי די הינט: לעקן די האנט, וואָס שלאָגט זיי.

**אנעטא:** אזא יאָר זאָל איך האָבן, ווי קלוג איר זאָגט. ווי קומט עס צו אײַך?

**פריידע:** עט! (לאָזט זיך ארויסגיין, מע קלינגט) ווער קאָן עס נאָך זײַן? (אָפּ)

(אופטריט ווערא)

**ווערא:** (אָנגעטאָן אין ווײַסן, א בלויע לענטע ארום די האָר) גוט מאָרגן! זע, אזוי פרי ביסטו שוין געקומען פון גאס? (צעקושט זיך).

**אנעטא:** גוט מאָרגן, גוט מאָרגן! אז דער נעכטן איז געווען אזוי ביטער און דער הײַנט — ווייסט גאָט ווי ער וועט זײַן — טאָ זאָל כאָטש

זײַן אַ גוטער מאָרגן. (לאַכט) זיץ! (ווערא זעצט זיך צום טיש, פאַרטראַכט) אוי, ווי קומסטו עפּעס אַזוי פרי, מײַן ליבער גאַסט? געוויס עפּעס וויכטיקע נײַעס געבראַכט, אַ? (זעצט זיך קעגן איר)

ווערא: אַזעלכע נײַעס... (קוקט זיך אום) אַזעלכע נײַעס — אַפּ זיי געזאָגט... דער אוילעם טראָגט און איך מיט זיי...

אַנעטאַ: איך אַ מאַזלדיקער שאָ... אויך דו? ווי קומט עס?

ווערא: וואָס בין איך עפּעס? עפּשער ניט קיין פּרוי פון אַ רײַכן מאַן?

אַנעטאַ: און דאָס, וואָס ער איז אַ צײַנדאָקטער?

ווערא: קאָן ער מיר פונדעסטוועגן די צײַן ניט פאַרהײדן און איך וויל זיך ניט פאַרלאָזן אַפּ קיין ניסים. און וואָס הערט זיך בא דיר?

אַנעטאַ: דאַרפסט שוין אַליין פאַרשטיין... אַז אַלע טראָגן — מיט וואָס-זשע בין איך עפּעס ערגער פון אַלע?.. איך האָב שוין מיט מאָל איבערגעטראָגן... און דערפאַר טאַקע זעסטו מיך אַזוי פרי אַפּ די פיס...

ווערא: הײַנט, אַזוי פרי? צו וועמען?... ניט קיין סאָד?..

אַנעטאַ: אַ סאָד, ליובעניו... אַ סאָד טײַערע...

ווערא: פאַר מיר? פאַר מיר אַ סאָד? שעמען מעגסטו זיך?

אַנעטאַ: אַזאַ צײַט איצט... אַפילע פאַר אַן אייגענעם פאָטער... און צו וואָס דאַרפסט עס וויסן?

ווערא: אַך! איך האָב געמיינט... דורך דיר... דײַנער האָט דאָך אַזויפיל אַרבעטער... מע שמועסט, אַז צו דיר וועט מען ניט גיין... זעסט: ניט קיין גרויסע זאַכן, (ווײַזט אַ קליין קערבעלע) דאָס ביסל בריליאַנטן כאָטש אָפּראַטעווען... דו ווייסט דאָך דעם עמעס, ווי מיר איז דאָס אָנגעקומען... ווי מיינסטו, בא דײַנע פרײַדען, לעמאָשל?

אַנעטאַ: אַמאָל זײַנען זיי אַלע אַנדערש געווען — אָבער ניט הײַנט. אַפילע אונדזער פרײַדע איז שוין ניט די, וואָס פריִער, פאַרשטייסט?

ווערא: מיינסט?

אַנעטאַ: איך מיין גאָרניט... איך מיין נאָר, אַז מיר האָבן ביידע אַ טאָעס געהאַט... איך האָב אַשטייגער גערעכנט: אַזוי ווי דײַנער איז אַ צאָן-דאָקטער, וועט מען געוויס צו אײַך ניט גיין. איך האָב אַפילע געוואָלט אַריבערטראָגן צו דיר דאָס איבעריקע ביסל גאָלד...

װערא: װאָס הייסט, דאָס איבעריקע? און װוּ האָסטו באַהאַלטן יענץ?

אנעטא: װאָסער יענץ?

װערא: זאָגסט דאָך דאָס איבעריקע.

אנעטא: נו, איז װאָס?

װערא: איז גאָרניט. איז װידער א סאָד. (װאָרנט מיטן װײַז־פינגער)

אנעטא: אַך, װאָס פארשטייסטו ניט, װען איך האָב פארשטעקט א ביסל פארמעגן, קאָן איך דאָך ניט פאר יעדן איינעם אויספויקן דער־פון, פרינציפיעל טאָר איך עס ניט טאָן.

װערא: פאר מיר הייסט בא דיר פאר יעדן איינעם? (שטייט אוף)

אנעטא: זיצ (זי טוט עס) און ניט נאָר פאר דיר. פון פיל זאכן װאָס איך האָב באַגראָבן, װייס ניט אפילו מײַן אייגענער מאַן. װאָס טויג דיר — ער האָט פארשטעקט און באַהאַלטן זאכן פון װעלכע איך װייס ניט, האָב ניט געװוּסט און װעל מיסטאמע קיינמאָל ניט װיסן זייער אָרט.

װערא: דאָס געפעלט מיר. און װאָס טוט איר, לעמאָשל, אז איי־נער פון אײַך גייט פלוצעם... נו, װי זאָל איך דיר זאָגן: מע ארעסטירט איינעם פון אײַך צי נאָך ערגער, די שאָ זאָל ניט זײַן... בא איצטיקער צײַט איז דאָך אַלץ מעגלעך...

אנעטא: ס'איז ריכטיק. און יעדער, װאָס טוט אזוי האָט געװיס געטראַכט דערפון און האָט זיך געזאָגט: טאָ כאַפּט עס דער טײַװל! אַלץ איינס שװאַרץ יאָר!...

װערא: ס'איז לײַכט צו זאָגן. אַלע יאָרן .געפּראַצעװעט, געזאַמלט און נאָכדעם ערשט מיט אייגענע הענט באַגראָבן, דער רוּעך װייסט װוּ, אַפּ װיפל צײַט, צי עפשער, צי עפשער גאָר אַפּ אייביק.

אנעטא: אַלץ בעסער און לײַכטער װי איבערגעבן עס אין די פארשמירטע גראָבע הענט פון דײַנע בלוטיקע סוינע. אַלנפאַלס בלײַבט דיר כאָטש באַם ערשטן פאַל א שטיקל האָפענונג צו זען זיך צוריק מיט דײַן גוטס װען ניט איז. אָבער באַם צװייטן פאַל — װאָס בלײַבט דיר? װערסט דאָך אָן יעדע האָפענונג.

װערא: הערסטו, איך מוז דיר זאָגן דעם עמעס, אז די גאַנצע כאַ־סענע איז מיר ניט פארשטענדלעך.

אנעטא: און ס'איז ניטאָ װאָס צו פארשטיין. ס'איז גאַנץ איינ־פאַך: הײַנט — דו מיך; מאָרגן — איך דיך... (פארױיכערט) און אזוי װײַטער...

ו ע ר א: ס'איז ענשער אזוי ווי דו זאָגסט. נאָר ווען עס איז געקומען מײַן „אָטשערעד", ד. ה. אז מען זאָל מיך ראבירן, קאָן איך ניט און וויל ניט לײַדן. איך מוז אויסבאהאלטן מײַנע זאכן אזוי, אז גאָט אליין אפילע זאָל קומען...

א נ ע ט א: זיי זײַנען גאָר ניט אזעלכע בעריעס אפ צו זוכן און געפינען דאָס, וואָס מיר באהאלטן פון זיי. דער טומל איז גרויס, אָבער כאָכמע?

ו ע ר א: דו מיינסט אזוי?

א נ ע ט א: וואָס עפּעס איך? אלע מיינען אזוי.

ו ע ר א: און איך, נאר, האָב גערעכנט, אז דער הימל איז שוין בא דער ערד... דעריבער טאקע בין איך געקומען צו דיר פרעגן אן אייצע: עפשער פאָרט בא איינעם פון אײַערע ארבעטער? איך מיין, אז בא אזעלכן וועט עס זײַן געזיכערט.

א נ ע ט א: שלעכט מיינסטו, איצט דארף מען זיך זאָגן: היט מיך גאָט פון מײַנע גוטע פרײַנט, פון מײַנע סאָנים וועל איך זיך שוין אליין אויסהיטן.

ו ע ר א: וואָס ווילסטו זאָגן דערמיט?

א נ ע ט א: הײַנט איז א צײַט, ווען יעדערער האָט אין זינען נאָר זיך, נאָר זיך... און ווי איז צו דעם, וואָס וויל זיך פארלאָזן אפ א צווייטן. ווען דער צווייטער זאָל אפילע זײַן דער נאָענטסטער, דער אייגנסטער...

ו ע ר א: האָסט זיך הײַנט געזעגנ מיט די קינדער? אך, ווען דײַן וואָלאָדיע זאָל זײַן א גוטער...

א נ ע ט א: און זאָל באהאלטן בא זיך דײַנע בריליאנטן...

ו ע ר א: פארוואָס טאקע ניט? איך האָב עס ניט פארדינט בא אים?

א נ ע ט א: פארדינט — האָסטו פארדינט, אָבער ניט זײַן יונג לעבן. פאר דעם, וואָס דו האָסט אים אמאָל מיטגעהאָלפן ארויסבאקומען בא זײַן גוטהערציקן טאטן עטלעכע רובל אפ הויצאָעס קיין מאָסקווע — קאָן ער דיר ניט אָפּצאָלן מיט זײַן לעבן...

ו ע ר א: אזוי געפערלעך? ער איז דאָך אליין א מאכער, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט...

**אנעטא:** איז גוט און ווייל דעם טאטנס זייַנעם, וואָס האָט אים אליין געטריבן צו ווערן א „מאכער“, ווי דו זאָגסט.

**ווערא:** איז ער טאקע דער עמעסער קאָמוניסט — מיטן שנירע־לע בא דער הויזן־קעשענע און מיט די עמעסע קלינגענדיקע שפּאָרן פון אונטן. און זינעטשקע?

**אנעטא:** ער איז, ער איז... מעגסט מיר מעקאנע זייַן און באַ־דויערן, וואָס דייַנע קינדער זייַנען ניט דערוואקסן דערצו.

**ווערא:** מייַנע קינדער האָבן נעבעכ א שלימאזל פאר א טאטן, ווי־זשע קאָנען זיי באקומען די גייַסטיקע דערציִונג, ווי דייַנע האָבן באַ־קומען פון זייערן...

**אנעטא:** (מיט א געמאכטן שמייכל) איכ מוו דיר, ווערא לעבן, מאכן א קאָמפּלימענט: ביסט א גרויסע בעריע אפ א שטאָכ צו טאָן... אָבער אומזיסט דייַן מי, מייַן נעשאָמע איז שוין לאנג אטראָפּירט פאר אזעלכע נארישקייַטן.

**ווערא:** מיילע, נו, וואָס זעט מען עס ניט דייַן מאן?

**אנעטא:** ווען ס׳לוינט דיר ניט צו הערן, נעמסט, דיר דייַן מאנס מעלאָכע צו הילפ.

**ווערא:** וואָס טוט מען פּאָרט מיטן ביסל ברילִיאנטן? מען שמ׳עסט שטארק, אז נאָכ הייַנט וועט מען גיין אָפּנעמען אונדזערע „איבעריקע זאכן“. און עס האלטן בא זיכ הייסט ריזיקירן...

**אנעטא:** (דערשראָקן) הייַנט נאָכ? הייַנט נאָכ, זאָגסטו? אָט דאָס זייַנען זיי עפּשער פריִער געגאנגען מיט מוזיק? (גייט צום בופעט, שטעקט אייַן דעם שליסל, אָבער ס׳דערהערט זיכ פּלוצעם פונעם שלאָפ־צימער פּישמאנס צעשראָקן, נאָר שטיל קאָל: אנעטא! אנעטא'!)

**אנעטא:** אנטשולדיק, די מינוט (לאָזט זיכ גיין, אָבער זי קערט זיכ באלד אום צוריק, געמט ארויס דעם שליסל פון בופעט־שלאָס און גייט גיכ ארויס).

**ווערא:** (ווי זי פילט זיכ שטארק באליידיקט. אופגעשטאנען, וויל אוועקגיין, אָבער זי באדענקט זיכ, ווי ס׳זעט אויס: זי [illegible]יט פאָרזיכטיק צום בופעט און קוקט אריַין דורכ דער גלאָז מיט גרויס נייַגעריקייַט, גייט באלד צוריק, קנייטשט מיט די אקסל און זאָגט פאר זיכ מיט עקל) פו! ווי פרעכ זי איז צומאָל... „יעדערער פאר זיכ“ זאָגט זי, „יעדערער פאר זיכ“ און ווען דער גוטער טאטע פאריאָגט פון שטוב דעם זון איבער עטלעכע איבעריקע רובל — לויפט מען צו ווע־רען — זי זאָל זיכ אריַינמישן און ארויסראטעווען פון דער לאגע. קומט

דער זון צוריק פון מאָסקווע א פארטיקער קאָמוניסט און העלפט „זיי" מיט צונעמען בא זייַנ אייגענעם פאָטער א פאבריק — לויפט מען ווידער צו די ווייַנערס — „ראַטעוועט"! גייט זינעטשקע אוועק פון טאטע-מאמע, אויס סאָלידאריטעט צום ברודער און ווערט א בארעמהערציקע שוועסטער — דולט מען ווידער א קאָפּ, ווען? יאַשען מיט ווערען... טראָגט, הייסט עס, אייזלען, אונדזער פעקל צאָרעס... און אז ווערא קומט מיט אזא קלייניקייַט, ווי באהאַלטן א ביסל בריליאַנטן — איז: „יעדערער פאר זיך"... נישקאָשע: „פרידע קאָליס קאָזא דאָ וואָזא".

(אופטריט פריידע)

פריידע: (פריילעך און א ביסל צעטראָגנ) ווו איז דאָס ערגעץ די מאדאם?

ווערא: דאָרט, בא אים, וואָס זייַט איר עפּעס אזוי צעטראָגנ פריידע? און יאָנטעוודיק געשטימט, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט.

פריידע: (לאכט אייַנגעהאַלטנ) טאקע? מע דערקענט אפ מיר? כא, כא, כא!.. ווען פרייט זיך דער אָרעמער? מאדאם ווייַנער! איר האָט, אייַערע קינדער שטארק ליב? כא, כא, כא?

ווערא: (פארוווּנדערט) פריידע! זעט, וואָס איז מיט אייַך? איר ווערט א קאַלע, צי איר זייַט גלאט ניט באם זינען? וואָס פאר א פראגע פלוצעם?

פריידע: מאדאם ווייַנער! וואָס פילט איר ווען אייַערע קינדער שרייַען: מאמע! מאמע! כא, כא, כא! מאמע! א מאָדנע וואָרט דאָס וואָרט „מאמע".

ווערא: פריידע! איך הייב זיך אָן שרעקן פאר אייַך... וואָס פלוצעם?

פריידע: (פלוצעם געביטנ דעם טאָנ אפ ערנסט) עך, אז אלע אינדערפרי, ווען מע דארף גייג אינ מארק אייַנקויפנ, מוז מען ווארטנ ביז ער וועט אופשטיינ, וועט ארויסטיילנ מיט ציטעריקע הענט דאָס ביסל געלט. מע קאָנ דאָך מיט אנ עמעס אזוי פונ זינען אראָפּ.

ווערא: אזוי גאָר? אוי, איר פארעדט מיר, דאכט זיך, די ציינ, פריידע... ניט דאָס, וואָס בא אייַך אפ דער לונג איז אפ דער צונג...

פריידע: (צוגעלאָזט מיט צוטרוי) מאדאם ווייַנער! איר ווילט מיך שלעפנ בא דער צונג? שלעפט, טייַערע, שלעפט! ס'איז הייַנט א גרויסער יאָנטעוו אינ גאס... מע גייט מיט מוזיק... און בא מיר איז ערשט

ערעוו יאָנטעוו... ערעוו יאָנטעוו... ווי דערלעב איך שוין דעם יאָנטעוו אליין...

**ווערא:** צו אייער קאָפּ! מעשוגע, אָבער וואָס מעשוגע הייסט. וואָס זשע, איר ווערט עפּשער אויך א באָלשעוויטשקע און וועט זיך נעמען נויקעמ זיין אין די בורזשויען?

**פריידע:** מעגלעך, מעגלעך. אָבער ניט איצט... און ניט דאָס האָב איך געמיינט... (פארטראכט זיך) אָבער ווי אפּ אלעס קומט א צייט... רי-בוינעשעלוילעם... ווי דערלעב איך שוין.

**ווערא:** ווי איך פארשטיי, האָט מען אייך דאָ גוט אָנגעטראָטן די לעצטע צייט...

**פריידע:** מ... מ... זאָל זיין אזוי... וואָס עפּעס נאָר די לעצטע צייט? אזויפיל יאָרן... און די בעסטע יאָרן... מיט די פיס געטראָטן און איך — ווי א הונט — אפּ אלע פיר...

**ווערא:** פארוואָס זשע האלט איר זיך בא זיי? אזא געזונטע, שיי-נע שטיק, ווי איר, וואָלט שוין געקאָנט כאסענע האָבן און לעבן מיט לייטן גלייך...

**פריידע:** איר מיינט דאָס ערנסט? כא, כא, כא, איר ווייסט, די באלעבאָסטע ליידט עפּשער נאָך מער פון מיר... פונדעסטוועגן ווארפט זי אים ניט אוועק... האָט געלאָזט די קינדער אוועקגיין און אליין איז זי געבליבן מיט אים. פרעגט זי: פארוואָס איז דאָס? זי האָט דאָך אים ליב, ווי אויגנווייטעק. טאָ פארוואָס זשע און צוליב וואָס האלט זי זיך מיט אים?

**ווערא:** פריידע לעבן! איך האָב אייך ניט געוואָלט איבערשלאָגן, נאָר איר רעדט, זייט מיר מוחל, ווי א קינד. איר פארגלייכט זיך צו איר. זי איז שוין זיין פרוי אזויפיל יאָרן, האָט מיט אים קינדער. (פאר-גאנגוועט זיך צו פריידעס הארצ) אָבער איר זייט דאָך אין שטוב ניט מער ווי א פּאָשעטע דינסט, דאכט זיך, אפילע א ווייטע קרויווע, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, אָבער פאָרט ניט מער, ווי א דינסט, א? כוץ דעם, וואָס רעדט איר עפּעס פון אים? ווי איך ווייס, האָט א דינסט צו טאָן מער מיט דער באלעבאָסטע ווי מיטן באלעבאָס... און זי איז דאָך אזא גוטע און ווילע... (נעמט דורך פריידעס מיט די אויגן).

**פריידע:** (כאפּט זיך) אוי... אזא מאזל זאָל איך האָבן, ווי איר זייט גערעכט — איך האָב זיך צעפּלאפּלט, אז איך ווייס שוין גאָרניט וווּ איך

בין אפ דער וועלט... און וואָס איז דער ווונדער — אז אלע אינדערפרי דארפ מען ווארטן ביז ער וועט אופשטיין און ארויסטיילן...

**וועראַ:** (גיט נאָכ, כאַטש אין עמעסן איז זי כיישעד פריידען אין עפעס אנדערש) און זי אליין? האָט זי גאָרניט אין די הענט, איר זאָלט ניט דארפן ווארטן? שוין טאקע האָט זי ניט קיין קניפּלעכ?

**פריידע:** האָט ניט... קלייַבט, דער רועכ וויסט פאר וועמען... עפּשער פאר די קינדער...

**וועראַ:** ווו קלייַבט זי? און ער ווייסט גאָרניט דערפון?

**פריידע:** פונוואנען זאָל איכ עס וויסן. (פארטראכט זיכ פּלוצעם) מאדאם ווייַנער! איר זייַט מיר ניט קיין סוינע, א?

**וועראַ:** וואָס פאר א נארישע פראגע? איר האָט מיר שלעכטס געטאָן, וואָס, פארקערט —

**פריידע:** (א ביסל גערירט) נעשאָמעניו, עס איז מיר איצט עפּעס אזוי גוט אפן הארצן, אז... (נעמט דעם פארטעכ צו די אויגן)

**וועראַ:** רעדט אייַכ אויס פאר מיר, וועט אייַכ גרינגער ווערן... נו, נו... איכ בין דאָכ אייַכ דער בעסטער פרייַנט... צי ווייסט איר עס ניט?..

**פריידע:** איר וועט קיינעם ניט זאָגן? איכ ווייס דאָכ נאָכ אליין ניט אפּ געוויס???

**וועראַ:** שעמט זיכ ניט. זאָגט! איכ גיב אייַכ מייַן וואָרט.

**פריידע:** ביז א צייַט. ביז איכ וועל וויסן... ווערא! איכ האָב באַשלאָסן אוועקגיין פון זיי. . איכ האָב דאָכ געפונען מייַן אייגן קינד! (צעוויינט זיכ מיט פרייד־טרערן)

**וועראַ:** (אנטוישט) דאָס גאָר? צו אייַער קאָפּ (גייט אָפּ פון איר. דערשט׳ינט) וואָסער קינד? איר האָט געהאט א קינד? וועמעס? ווער איז דער פאָטער?

**פריידע:** (וויינט, בארויִקט) נעשאָמעניו! איכ בעט אייַכ... זאָגט ניט... פרעגט ניט... שפּעטער... אן אנדערש מאָל... ששש! זיי גייען. איכ בעט אייַכ... (ווישט זיכ אויס די אויגן, מאכט א פריילעכע מינע, לאכט אין זיכ אייַנגעהאלטן)

(אופטריט אנעטא, פישמאן)

**פישמאן:** (אין א וויַיס רעקל, צעכראסטעט) אז איכ הייב גאָרניט אָן צו פארשטיין, וואָס דאָ האָט געקאָנט געשען. (באגריסט ווערען)

אנעטא: א רעטעניש און גאָר... אָבער ערגעצווו האָסטו זיי דאָך באַדאַרפט אוועקלייגן... ווי געדענקט עס ניט א מענטש, וואָס ער טוט.

ווערא: וואָס אזוינס איז געשען, וואָס איר זײַט ביידע אזוי צעטראָגן?

פישמאן: (גייט אום צעטראָגן און זוכט עפּעס) אַך! (צו פריידען) פריידע, דו האָסט ניט באגעגנט ערגעץ מײַנע ציין? (פארייכערט)

פריידע: וואָס הייסט אײַערע ציין? (קוקט אף אלעמען מיט פארוווּנדערונג און שמייכלט)

פישמאן: (נערוועז) אַך, וואָס הייסט, וואָס הייסט! (זוכט)

ווערא: וואָס זוכט איר? וואָסערע ציין זוכט איר? די אַרײַנגעשטעלטע ציין? נו, וואָס זשע הייסט, איר זוכט זיי? אויב זיי זײַנען ניטאָ בא אײַך אין מויל, דאַרפן זיי ליגן אין א גלאָז וואסער.

אנעטא: ער פירט זיך אנדערש. (צו פישמאנען) זײַ ניט איבעראשט, דערמאָן זיך, ווען האָסטו זיי ארויסגענומען פון מויל? ווו האָסטו זיי נאָכדעם אוועקגעלייגט? (גייט מיט פריידען העלפן זוכן)

ווערא: איך פארשטיי ניט. קומט אהער! זעצט זיך און בארויִקט אײַך (זי זעצט אוועק פישמאנען באם טיש) אָט אזוי. עפנט נאָר דאָס מויל. (ער טוט עס) אָט אזוי! זע איך, אז זיי זײַנען ניטאָ, זעקס ציין, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט.

פישמאן: (מיט אן אָפן מויל) ע, ע!

ווערא: מײַן מאן האָט זיי אײַך געמאכט... שוין גאנץ לאנג, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט.

פישמאן: ע, ע, ע!

ווערא: ווו זשע דאַרפן זיי זײַן בא א מענטשן, וואָס שטייט אופ איִנדערפרי פון שלאָף — פארשטייט זיך אין א גלאָז וואסער, וואָס דאַרף שטיין אפן נאכט-טישל...

פישמאן: (אופגערעגט) אַך, אז איך טו זיי גאָר קיינמאָל ניט אויס, די גאנצע צײַט קיין איין מאָל ניט ארויסגענומען... וואָס זשע האָט דאָ צו טאָן די גלאָז? (רייכערט)

(אופטריט אנעטא)

אנעטא: אומעטום געזוכט און ניטאָ. א רעטעניש.

פריידע: (ערנסט) האָט איר זיי נאָר אראָפּגעשלונגען? ווײ איז מיר!

ס'איז דאָך ניט קיין שפּילכל. (זוכט) איר נעמט זיי טאקע קיינמאָל ניט ארויס... ווו-זשע זײַנען זיי פּלוצעם אהינגעקומען?

פּישמאַן: (פארטראכט זיך. קוקט אַף פריידען מיט ברייט געעפנטע איבערגע-שראָקענע אויגן) א? וואָס האָסטו געזאָגט?

אנעטא: פריידע, גייט אין מארק... מע וועט שוין דאָ אָן אײַך. נאט! (גיט איר געלט)

פריידע: זעט, איך בעט אײַך, וואָס האָב איך דאָ געזאָגט...

ווערא: די מויד איז, דאכט זיך, ניט באַם קלאָרן זינען.

אנעטא: מײַן מאנס קרויווע...

פּישמאַן: (טאַפּט מיט די פינגער אַפן האלדז און שלינגט) עפּעס פיל איך מיט אן עמעס...

אנעטא: אָט, מען האָט אים שוין אָנגעטראכט... (זוכט)

ווערא: איך געדענק ווי הײַנט! זעקס ציין.

פּישמאַן: אכ, זעקס צי פיר! גיב מיר נאָר א קוק אין האלדז ארײַן. איך פיל פאָרט ווי עס קוועטשט מיר דאָרט.

אנעטא: פארטיק... קום אהער צו דער שײַן.

פּישמאַן: אכ, לאָז צורו! אז די וועסט גאָרניט זען. זי (ווײַזט אַפ ווערען) פארשטייט זיך בעסער דערוף.

אנעטא: מע קאָן אפילע פון זינען אראָפּ. זאָגט ער: נערוועז.

ווערא: אום גאָטעס ווילן: בארויִקט אײַך! (גייט מיט פּישמאנען צום פענצטער. ער עפנט דאָס מויל, האלטנדיק זיך מיט איין האנט באַם האלדז. זי קוקט ארײַן) דערווײַל זעט מען גאָרניט... ווארט! עטוואָס רויטלעך דער גומען.. א קליינינקע אָנצינדונג.

פּישמאַן: א, א, א!

אנעטא: (אופגערעגט) גאָט מײַנער! גאָט מײַנער! לאָז נאָר מיר א קוק טאָן (ווערא טרעט איר אָפּ דאָס אָרט)

ווערא: עפּשער וועסטו בעסער זען.

אנעטא: (קוקט אין האלדז ארײַן) דאָס איז בא אים טאָמער אזוי... פון צופיל רייכערן... כוצדעם זע איך גאָרניט... גאָט מײַנער! ס'דאָך ניט קיין שפּילקע, מע וואָלט דאָך געדארפט עפּעס זען.

פּישמאַן: (בייז) אָבער איך פיל דאָך פאָרט, ווי זיי ליגן מיר אין האלדז. איר וועט מיר ביי'ע גאָ'ניט אײַנריידן. איך האָב זיי באנאכט

אין שלאָפ אראָפּגעשלונגענ (כאפּט זיך באַמ האלדז אונ שלינגט, ווי ער ווערגט זיך מיט עפּעס) א דאָקטער! וואָס זשע שטייט איר? אוי...

א נ ע ט א : (פאַרלוירנ) וואָס זשע זאָל איך טאָנ? וועמענ זאָל איך רופנ?

ו ע ר א : (זוכט עפּעפּ) ווארט, איך וועל ארויסרופנ מײַנ מאנ. (גייט אינ קאבינעט) ווו איז אײַער טעלעפּאָנ?

א נ ע ט א : נעכטנ האָבנ זיי אימ צוגענומענ... בא אײַך דענ ניט?

ו ע ר א : ניינ, בא אונדז איז מענ נאָך ניט געווענ.

א נ ע ט א : בא אונדז אויך ניט. ער האָט אײ״ערנעכטנ אליינ אָפּגעשיקט מיט פריידענ. האָט קיינ צײַט ניט געהאט.

פ י ש מ א נ : (אופגערעגט) אונ דו, ווײַזט אויס, האָסט יאָ צײַט. איך ווער דערשטיקט אונ דו האָסט צײַט צו ריידנ.

א נ ע ט א : (רופט) פריידע! פריידע!

ו ע ר א : (קומט ארײַנ) אוי, וואָס פאר א ביטערע צײַט! איך וועל אליינ א לויפ טאָנ?

פ י ש מ א נ : גייט ניט אוועק, איך בעט אײַך.

א נ ע ט א : אונ צו וואָס האָב איך זי אוועקגעשיקט, גאָט מײַנער?

פ י ש מ א נ : (מיט פאָרוווּרפ) כע! אָבער טאָמער אזוי: פריִער טוט זי אָפּ, וואָס מע דארפ ניט, אונ נאָכדעמ האָט זי כאראָטע... וואָלסט זיך בעסער פריִער באטראכטנ.

א נ ע ט א : (בייז) אונ דו וואָלסט עפּשער אפּ הײַנטיקס מאָל ווייני־קער ריידנ וואָס מע דארפ ניט. אפּ אלעמענ דארפ דאָך זײַנ א צײַט.

פ י ש מ א נ : (בייז קרימט איבער) א צײַט. א צײַט. מײַנ זינדלס טײַגעס.

א נ ע ט א : וואָלסט כאָטש איצט שווײַגנ. ס׳מוז דאָך מיט אנ עמעס זײַנ אפּ יעדע זאך איר צײַט. שלעכטער מענטש, וואָס דו ביסט, עגאָיִסט.

פ י ש מ א נ : (שטארק אופגערעגט) גענוג! דער רוּעך זאָל עס נעמענ! איך ווער שיר דערוואָרגנ אונ זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אויסטײַנענ. (פאר זיך) געמיינע בריִע! (פאַרייכערט).

א נ ע ט א : (מיט הארצ) רעב כאיִמ כאימאָוויטש! צו וואָס דאָס וואָרט שטילערהייט! ווערא איז אנ אייגענע אונ איר האָט זיך ניט וואָס צו שעמענ. מע קענ אײַך אונ מע ווייס אײַך, וואָס איר קאָנט.

ו ע ר א : גאָט מײַנער! וואָס האָט איר פארטראכט? צי זײַט איר

מיט אַן עמעס אַלע פון זינען אַראָפּ? וואָס טוט זיך עס דאָ? עפּשער בין איך מעשוגע? (מע קלינגט. אַנעטאַ גייט עפענען)

וו ע ר אַ: (שטיל פישמאַנען) וואָס טוט איר? אין אַזאַ מאָמענט. פאַר-וואָס פאַרצאַפּט איר בלוט?

פ י ש מ אַ ן: (מיט קאַס) אַך, לאָזט צורו!

וו ע ר אַ: איר זייט נערוועז, כאַים כאַימאָוויטש! באַרויִקט אייַך!

פ י ש מ אַ ן: נערוועז... איבער וועמען? (רייכערט).

(אופטריט אַנעטאַ, זלאַטקין)

ז ל אַ ט ק י ן: פריידע האָט מיך ניט געלאָזט. אָבער איך קאָן דאָך שוין מער ניט וואַרטן. וויפל איז דער שיר צו ציִען?

וו ע ר אַ: שטילער, שטילער. וואָס איז?

אַ נ ע ט אַ: ער איז עפּשער גערעכט. עפּשער דאַרף ער אַפּ ברויט?

(פישמאַן נעמט דורך זלאַטקינען מיט די אויגן)

ז ל אַ ט ק י ן: מיר גייען אויס פון הונגער און אָן אַלעמען. וויפל איז דער שיר נאָכלויפן, ס׳קומט מיר ניט? אַ בעטלער בין איך, וואָס?

פ י ש מ אַ ן: (הייבט אָן אומלויפן איבערן צימער. קלאַפּט זיך מיט די קולאַקעס אין קאָפּ. שרייַט מיט אַ פאַרשטיקט קאָל)

וו ע ר אַ: נו, מיילע. לאָזט עס אָפּ שפּעטער. ווען איר זאָלט גאָר זייַן אַ גוטער און אַ לויף טאָן צו מיר אַהיים.

ז ל אַ ט ק י ן: נאָך וואָס?

וו ע ר אַ: נאָך אַ דאָקטער. רופן אַהערצו דעם דאָקטער ווייַנער.

אַ נ ע ט אַ: איר מאַן טאַקע, איר מאַן איז אַ דאָקטער.

פ י ש מ אַ ן: (בייז, ניט קוקנדיק אָפּ קיינעם) אַ צאָן-דאָקטער.

ז ל אַ ט ק י ן: אַנטשולדיקט...

אַ נ ע ט אַ: באַ אונדז איז אַן אומגליקלעכער צופאַל געשען. ער האָט אַראָפּגעשלונגען די ציין.

ז ל אַ ט ק י ן: (מיט אַ פאַרוואונדערטן שמייכל) נו?

וו ע ר אַ: די אַרייַנגעשטעלטע ציין.

ז ל אַ ט ק י ן: עס מאַכט ניט. מענטשן, ווייס איך, שלינגען אַמאָל אַראָפּ גרעסערע זאַכן און... גאָרניט. שפּייַט דערויף.

אַ נ ע ט אַ: וואָס רעדט איר, מענטש איינער, ער זאָגט: די ציין שטייען אים אין האַלדז...

וו ע ר אַ: און פאַרגעסט ניט: אַרייַנגעשטעלטע ציין מיט אַ פּלאַסטינקע...

זלאטקין: בא אונדז אין אזעלכע פאלן גיט מען מיטן קולאק איבערן קארק און באסטא. דערלויבט (ער לאָזט זיך צו פישמאנען און וויל דאָס טאָן).

פישמאן: (שטעלט אויף ביידע הענט) אַך, מע דארף נים. מויכל! מויכל!

זלאטקין: (גייט אָפּ אין א זייט) אנטשולדיקט. און אויב דאָס שפרינגט ניט ארויס, נאָר ארײַן אינעווייניק, איז אויך ניט קיין אומגליק... גיט מען אים א פּאָר פּאָרציעס גוטע ריצנייל און פּאָטער.

אנעטא: א גאנצער דאָקטער, דער כאוועה.

פישמאן: מע וועט זיך אפּ פריידען ניט דערוואַרטן. איך פיל דערוויייל...

ווערא: (זלאטקינען) זײַט א גוטער כאוועה און לויפט אריבער. דער אדרעס איז...

זלאטקין: אנטשולדיקט. איך בין הײַנט באשטימט געוואָרן פאר אן אָפּעראַטער און...

פישמאן: ווילסט זיך עפּשער אונטערנעמען מיר מאכן אן אָפּע-ראציע?

זלאטקין: אנטשולדיקט. און איך מוז באלד גיין מאכן אָפּערא-ציעס בא די רײַכע. דערום...

פישמאן: ווילסטו מיר מאכן די ערשטע?

זלאטקין: דערום האָב איך קיין צײַט ניט.

ווערא: אין וואָסערע גאסן וועט מען גיין, כאוועה?

זלאטקין: דאָס האָב איך אײַך פריִער געוואָלט זאָגן, באַרויִקט אײַך, אין אײַער ראיאָן וועט מען הײַנט ניט גיין.

אנעטא: דו ווייסט עס אפּ זיכער?

ווערא: (גיך) און אין דריטן ראיאָן?

זלאטקין: (אנעטען) זיכער. (ווערען) אין דריטן? דאכט זיך, אז אויך ניט. (מע קלינגט. אנעטע גייט עפענען)

פישמאן: אך, ווײַבער, ווײַבער. וואָס אײַך ליגט איצט אין זינען.

זלאטקין: (מיט א געלעכטער) מיט אן עמעס טאקע — איר האָט אראָפּגעשלונגען די ציין?

פישמאן: דער סאָף איז גוט, און ער הייסט הײַנט דער כאָכעם, א?

זלאטקינ: אנטשולדיקט. מיר דאכט זיכ, אז איר רעדט ווי א מענטש, קוקט ווי א מענטש...

פישמאנ: וואָס דענ וואָלסטו געוואָלט, איכ זאָל...

זלאטקינ: איכ, ניינ, אנטשולדיקט. איכ שטעל מיר נאָר ניט פאָר. איכ געדענק, לעמאָשל, ווי צוריק מיט עטלעכע יאָרנ האָט זיכ מײַנער א כאוועך געוואָרגנ מיט א בייג — האָט ער דערבײַ געכאָרכלט, די צונג ארויסגעטעלעפּעט, די אויגנ אויסגעגלאָצט א שרעק. קיינ טעלעפאָנ איז ניט געווענ אונ איידער מע האָט אראָפּגעבראכט דעמ פאבריטשנעמ דאָקטער איז געוואָרנ א שאָ נאָכ אימ.

פישמאנ: (הייבט די אקסלענ אונ קוקט זיכ איבער מיט די פרויענ, צו זלאטקינענ, בייז) נו, וואָס נאָכ האָסטו צו זאָגנ?

ווערא: (צו פישמאנענ) ווי פילט איר זיכ? (פישמאנ ענטפערט ניט. טאפּט דעמ האלדז אונ שלינגט)

פישמאנ: וואָס ווילנ זיי פונ מיר? וואָס ווילנ זיי פונ מיר האָבנ? וואָס ווילנ זיי פונ מײַנ לעבנ? (בלײַבט פּלוצעמ שטיינ פאר זלאטקינענ מיט אָנגעשטרענגטע אויגנ אונ פארקלעמטע קולאקעס) וואָנ! וואָנ פונדאנעט! (אלע ווערנ איבערגעשראָקנ)

זלאטקינ: (הייבט אופ א פויסט) וואָס? פאר מײַנ האָרעוואניע, מיכ טרײַבנ פונ שטוב! ווי א הונט... מערזאוועצ!.. (וויל אימ שלאָגנ, אָבער ווערא כאפּט אימ פאר די הענט, רעדט עפּעס צו אימ מיט געבעט אונ פירט אימ אָפּ אָנ דער זײַט)

אנעטא: (געפינט זיכ קיינ אָרט ניט) וואָס ער קאָנ אָנארבעטנ, וואָס ער קאָנ אָנארבעטנ.

זלאטקינ: אזא געמיינהײַט!

פישמאנ: וואָנ!

זלאטקינ: ווי א הונט... אָבער ווארט!... (צו ווערענ, וועלכע רעדט עפּעס צו אימ) אפילע דערוואָרגנ ווערנ! (ווייכער) פריידע איז געפאָרנ אפ א דראָשקע. נאָכ אײַער מאנ, דאכט זיכ, האָט זי געזאָגט.

ווערא (הויכ) געוויס. אכ, ווי קלוג זי האָט געטאָנ. גייט, איכ בעט אײַכ, איכ וועל שוינ זענ. (פירט אימ צומ ארויסגאנג)

זלאטקינ: איכ וועל אימ אָנשיקנ... (גייט ארויס מיט ווערענ, וועלכע קערט זיכ באלד אומ צוריק)

פישמאנ: (קומט צו זיכ) וואָנ! אינ דער ערד מיט די קעפּ! בלוט-צאפּערס!

**וועראַ:** (קומט אַרײַן) נו, נו, גענוג. באַרויִקט אײַך. יאַשע וועט באַלד זײַן דאָ. (מיט פאָרוווּרף) וויאַזוי דערלויבט איר זיך אין אַזאַ צײַט האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע לײַט? איך וווּנדער מיך אויף אײַך, כ'לעבן.

**פישמאַן:** (כאָרכלט. נעמט זיך פאַרן האַלדז) מיר דוכט זיך, איך האָב שוין ניט וואָס אײַנצושטעלן, די נעשאָמע סײַדן...

**אַנעטאַ:** (טאַפּט דעם סאַמאָוואַר, גרייט צו עסן, ווייכער) האָסט אים גע־שיקט נאָך דײַן מאַן? ער וועט דען גיין נאָך דעם, וואָס דאָ איז פאָר־געקומען.

**וועראַ:** הערסט דאָך: פריידע איז אַוועקגעלאָפן נאָך אים.

**אַנעטאַ:** פריידע גאָר?

**וועראַ:** און גיי נאָכדעם זאָג, אַז זי האָט קיין סייכל ניט.

**פישמאַן:** (טרייסלט מיט די פויסטן אין דער לופט ווי נאָך אַ באַשלוס) אַ, אַ! סײַדן איך וועל ניט דערלעבן! (פאַרייכערט)

**אַנעטאַ:** נו, נו, נו. דערווײַל דאַרף מען זיך באַרויִקן און עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן, קום צום טיש.

**פישמאַן:** מויכל (מען קלינגט. אַנעטאַ גייט עפענען)

(אויפטריט ווײַנער, פריידע, אַנעטאַ)

**ווײַנער** (אָנגעטאָן אין ווײַסן, אָן אַ היטל, לויט דער לעצטער מאָדע — די באָרד אָן וואָנצן — ראַזירט. אין ברילן. קומט אַרײַן קאַלטבלוטיק, באַטראַכט אַ ווײַלע פישמאַנען דורך די ברילן) וואָס איז? וואָס איז געשען? (צו וועראַן) און ווי קומסטו אַהער אַזוי פרי? (פריידע שטייט אין דערוואַרטונג, קענטיק, אַז זי אײַלט זיך אַוועקגיין, אָבער זי וויל שוין הערן, וואָס ווײַנער וועט זאָגן. אַנעטאַ דער־לאַנגט ווײַנערן אַ שטול. ער זעצט זיך)

**פישמאַן:** ווי געפעלט דיר? איך האָב אַראָפּגעשלונגען די ציין...

**ווײַנער:** (קוקט מיט פאַרוווּנדערונג אַ מאָל אויף פישמאַנען, אויף אַנעטען, אויף וועראַן) כ'פאַרשטיי ניט, וואָס הייסט דו האָסט אַראָפּגעשלונגען די ציין? ווײַז נאָר! (טאַפּט פישמאַנען אויפן האַלדז, קוקט אים אין מויל אַרײַן) פּוסטע מײַסעס! זוך זיי בעסער אין בעט, אונטערן בעט, אָדער גאָר דאָרט, ווו דו ביסט עפּשער באַנאַכט צופעליק געווען... (קוקט זיך אום צו פריידן) ווי זי האָט עס געמאַכט דעם ליאַרעם... כ'האָב געמיינט גאָט ווייסט וואָס! נו!..

**וועראַ, אַנעטאַ:** (צוזאַמען) מע האָט שוין אומעטום געזוכט.

**פישמאַן:** אָט האָסטו דיר די צווייטע טען יאָנטעוו. מע זאָגט אים, זיי ליגן מיר אין האַלדז. איך פיל איך ווער דערשטיקט און ער — זוכט.

וו ײַנ ע ר: אינ האלדז זאָגסטו (לאַכט) כאַלוימעס! גיי זוכ זיי דאָרט, ווו דו האָסט זיי אוועקגעלייגט. ווערעטשקע, האָסט מיכ, דאַכט זיכ, איבערגעלאָזט אָנ טיי אונ אָנ פרישטיק. מיר קלעמט שוינ צום צווייטנ מאָל דאָס הארצ (פריידע ♪ מייכלט אונ גייט ארומ א צעפרידענע)

וו ע ר א: לאָז צורה. דאָ גייט דאָכ ניט אָנ קיינ שפּאַס.

א נ ע ט א: (גיסט אָנ טיי) יאַקאָוו אראָנאָוויטש איז נעבעכ געערכט. דער קאָפּ איז אזוי דערשלאָגנ. בײַסט צו!

פ י ש מ א נ: (אונגערעגט) עגאָיִסטנ! (אָפּ אינ שלאָפּצימער)

א נ ע ט א: וואָס טוט מענ, יאַקאָוו אראָנאָוויטש! ס׳איז דאָכ מיט אנ עמעס ניט קיינ שפּאַס. ער פילט דאָכ פּאָרט, אז זיי שטייענ אימ אינ האלדז.

וו ע ר א: וואָלסט עפּשער ארײַנקוקנ אימ אינ האלדז, ווי עס דארפ צו זײַנ. עפּשער דארפ מענ טאַקע ארויסרופנ א ספּעציִאַליסט.

וו ײַנ ע ר: (מיט א פולנ מויל) מע... מע... ווענ זיי וואָלטנ ליגנ אינ האלדז... ע, ע! וואָלט ער שוינ לאנג געלעגנ ווי א קעצל אונ געשוויגנ.

א נ ע ט א: — דעמ דאָקטער ווינטערמאנ, עפּשער? פריידע! (קוקט זיכ ארומ) שוינ ווידער אנטלאָפנ?

וו ע ר א: זי וועט דאָכ פּארשפּעטיקנ צומ מארק. וואָס ווילסטו פונ איר. איכ וועל עפּשער א לויפ טאָנ.

וו ײַנ ע ר: מ... מ... פּוסטע מײַסעס! ס׳איז ניט מעגלעכ. ער האָט זיי ניט אראָפּגעשלונגענ. ווערעטשקע, געדענקסט ניט, וויפל ציינ איכ האָב אימ דענסטמאָל געמאכט?

וו ע ר א: מיר דאכט, אז אויב איכ האָב קיינ טאָעס ניט, זעקס, אנעטא, דו דארפסט דאָכ בעסער וויסנ.

וו ײַנ ע ר: ממ... ממ...

א נ ע ט א: זאָל איכ אזוי קיינ שלעכטס ניט וויסנ. מיר דאכט זיכ אז נאָר פיר.

וו ײַנ ע ר: (פארטראכט זיכ) פיר?

וו ע ר א: ער אליינ האָט, דאכט זיכ, אויב איכ האָב קיינ טאָעס ניט, אויכ געזאָגט: פיר.

וו ײַנ ע ר: (מיט פארוואונדערונג) פיר, ניט מער ווי פיר?

א נ ע ט א: (מיט שרעק) אונ אויב פיר, יאַקאָוו אראָנאָוויטש, איז מעג-לעכ?

**ווײַנער:** (מיט א פול מויל) נארישקײַטנ! ער האָט זיכ אײַנגערעדט. גייט העלפט אימ זוכנ...

**אנעטא:** דער סאָפ וועט זײַנ, אז איכ וועל פונ זינעג אראָפּ. (אָפּ)

**ווײַנער:** כאלוימעס. ס'וועט גאָרניט זײַנ. (צו ווערעג) וואָס טוסטו דאָ אזוי לאנג? האָסט אוועקגעגעבנ?

**ווערא:** נאָכ ניט. זעסט דאָכ, וואָס דאָ טוט זיכ. אונ דו?

**ווײַנער:** פוסטע מײַסעס. קיינער וויל ניט נעמענ. אלע האָבנ אייגענע מאקעס. כאָטש נעמ ווארג זיכ דערמיט (נעמט ארויס פונ בוזעמ א פעקל) ווי טוט מענ עס פאָרט אהינ?

**ווערא:** פארקויפ עס אונטערנ פרײַז אונ ווער פּאָטער.

**ווײַנער:** ניט אזוי גיכ טוט זיכ, ווי עס רעדט זיכ. אלע ווילנ איצט פּאָטער ווערנ אונ די פרײַזנ זײַנעג דעריבער שטארק געפאלנ. איבערהויפּט די גרינגע טויזנטער אונ קליינע קערענקעס. אפ אויסלענדישער וואליוטע, אי דאָס גרויסע קופיורנ, קאָנ מענ נאָכ געפינענ א באלנ. אָבער מע שמועסט שטארק, אז מע וועט הײַנט גיינ אונ דעריבער קאָנ מענ הײַנט גאָרניט מאכנ.

**ווערא:** מיר ארט מער ווי אלצ — דאָס ביסל ברילאנטנ. זי איז א קלאפּטע. איכ ווייס, אז פישמאנ דארפ האָבנ בא זיכ אינ שטוב אזא פארבאָרגנ ערטל, אז ווענ גאָט אליינ זאָל אפילע קומענ.

**ווײַנער:** נו?...

**ווערא:** כאָטש גיב איר אכצנ... זי זאָגט, אז ער האלט עס בעסאָד אפילע פאר איר אליינ, טײַערע מענטשלעכ.

**ווײַנער:** דער באָבע אירער וועט זי דערציילנ. נו, אונ איר ארבעטער, וואָס דו האָסט געזאָגט — א פוסטער כאָלעמ, ביכטאמע. אונ פריידע?

**ווערא:** ניטאָ פונ וואָס צו ריידנ. מיר דאכט זיכ גאָר, אז זי איז זיי א סוינע אפגלעבנ.

**ווײַנער:** קיינ וווּנדער ניט. ס'איז פאראנ פארוואָס צו זײַנ זיי א גוטער פרײַנט.

**ווערא:** אכ, גאָט מײַנער! מיט אנ עמעס טאקע. ווי מע פארגעסט זיכ. ווי לאנג ערשט האָט ער פונ זיי די זיבעטע הויט געשונדנ אונ איצט?

**ווײַנער:** א, א, מײַנ ווײַב, דאכט זיכ, אז דו אליינ האָסט זיכ שוינ אויכ פארגעסנ. פוסטע מײַסעס. פּאָליטיק. צוליב וואָס ביסטו געקומענ אהער?

**ווערא:** וואָס-זשע זאָל איך טאָן. דארף זיך אפ מײַן אומגליק טרעפן אזא צופאל.

**ווײַנער:** גיי זשע ערגעץ אנדערש. איך וועל שוין דאָ אליין ווי עס איז. וועסט עפשער מיטנעמען דאָס פעקל אויך?

**ווערא:** גיי דו און נא דיר מײַן פעקל...

**ווײַנער:** (א ביסל אופגערעגט) איך וואָלט דיר, מײַן ווײַב, מויכל געווען ביידע פעקלעך און לאָז מיך צורו. ווארפ זיי אפילע אפן מיסט. עך, דער רוועך האָט מיך געטראָגן...

**ווערא:** וואָס ביסטו בייז, וואָלט איך וועלן וויסן — אפ ווע̇מען? ווער האָט דיך געניויט האנדלען מיט וואליוטע, האָסט אָן דעם קיין פארנאָסע ניט, דאָקטער?

**ווײַנער:** און ווער האָט דיר געהייסן קויפן בריליאנטן? ווער? אָן זיי ביסטו דען קיין שיינע ווייבל ניט, א?

**ווערא:** יאשע, דו פארגעסט זיך, יאשע. מיר זײַנען ניט בא זיך אין דער היים.

**ווײַנער:** פוסטע מײַסעס! אין דער היים צי ניט אין דער היים. אזא מענטש, ווי איך, האָב זיך ניט באדארפט פארנעמען מיט אזעלכע פוסטע כאלוימעס... וואָס וואָלט מיר איצטער געפעלט, ווען איך זאָל זיך ניט דארפן ארומטראָגן מיט אזעלכע מאקעס...

**ווערא:** ווער זשע האָט געקענט פאָרויכזען, אז זיי וועלן אזוי פארסאמען דאָס לעבן? מיר זײַנען עפעס אן אויסנאם... אלע האָבן געהאנדלט, אלע האָבן געקויפט און אלע האָבן געמיינט צו באוואָרענען דאָס לעבן אפ שפעטער...

**ווײַנער:** (אופגערעגט) ווער זײַנען די „זיי"? און ווער זײַנען די „אלע"? איך האָב דאָס ניט באדארפט און שוין! פארכאפט זאָל דאָס ווערן!

**ווערא:** מאָסיע ווײַנער, בארויקט אײַך. איצט נאָר זאָגט איר אזוי, ווײַל איר זײַט א טרוס... יאָ, מײַן מאן, פריִער האָסטו אנדערש גערעדט. האָסט זיך זאָגאר בארימט פאר מיר און פאר דײַנע קאָלעגן מיט דײַנע פייִקײַטן צו מיסכער. עפשער געדענקסטו דאָס ניט, וועל איך דיר דאָס דערמאָנען, און זאָלסט ניט וואגן צו באשולדיקן א צווייטן.

ווײַנער: מאדאם ווײַנער! איר האָט ניט לאַנג געזאָגט, אז מיר זײַנען ניט אין דער היים, אלזאָ — פארגעסט זיך ניט. די קינ־דער וועלן דאָרט אוועקגיין אפן פליאזש אָן עסן. מאמאשא!

ווערא (נערוועז) און ווו איז פאָליא?

ווײַנער: בא דײַן פאָליען איז הײַנט יאָנטעוו. איר כאָסן איז געקומען פון פראָנט.

ווערא: אכ, גאָט מײַנער! וועלן זיי ניט גיין. וועלן זיי זיך אליין נעמען. קליינע קינרער זײַנען זיי? וואָס ווילסטו פון מיר?

ווײַנער: מאמאשא! זײַנען דײַנע צוויי קינדער דען נישט קיין בריליאנטן? ששש.

(אופטריט פישמאן, אנעטא).

(אין דעם מאָמענט, ווען פישמאן מיט אנעטן ווײַזן זיך נידערשלאָגן אין טיר, האָט ווערא מיט קאס א לייג געטאָן אפן טיש פאר איר מאן דאָס קערבעלע מיט בריליאנטן און לאָזט זיך מיט גיכע טריט צום ארויסגאנג).

ווײַנער: ווערא!

ווערא: (אין א פארלעגנהײַט. אנטשלאָסן) נו, וואָס הערט זיך?

פישמאן: (האלט זיך באם האלדז, הוסט) אוי! גאזלאָנים! מערדער!

ווערא: איך וועל גלײַך שיקן א דאָקטער... (אָפּ)

ווײַנער: ווע...

אנעטא: יאקאָוו אראָנאָוויטש! וואָס וועט איר איצט זאָגן? (ווײַזט אפ פישמאנען, וואָס גייט איצט צום פענצטער און האלט זיך מיט איין האנט באם האלדז און מיט דער צווייטער פארן הארצן).

ווײַנער: טאקע נישטאָ זיי? פוסטע מײַסעס! האָט ער זיי טאַ־קע, אפּאָנעם אראָפּגעשלונגען... (הייבט זיך אוף, גייט צו פישמאנען און קוקט אים דאָרטן אין האלדז ארײַן. אנעטע באמערקט דאָס קערבעלע אפן טיש. זי עפנט דאָס אוף, נעמט פאָרזיכטיק ארויס, בלײַבט פלוצעם פארגאפט און כאפט א קוק צו די מענער. איבערצײַגט זיך, אז זיי זײַנען פארנומען מיט זיך, נעמט זי גיכער ארויס פון קערבעלע א בריליאנטענע שפילקע און, נאָכדעם ווי זי האָט דאָס גוט באטראכט, ווערט זי מיטאמאָל געענדערט אין פּאָנעם און די הענט ציטערן איר אזש פאר קנאפ־אײַנגעהאלטענעם קאס. אין דעם זעלבן מאָמענט זאָגט ווײַנער צו פישמאנען: „מעגלעך, גאנץ מעגלעך... הײַנטיקע צײַטן איז אלעס מעגלעך!” די דאָזיקע ווער־טער קומען, ווי אן ענטפער אפ אנעטעס געדאנקען. זי האָט פארמאכט דאָס קערבל, האָט עס אוועקגעלייגט. זי סטארעט זיך קומען צו זיך).

פישמאן: (כאָרכלט און הוס) גאזלאָנים! ראָצכים! פון ווען אָן איך שרײַ און מע גלייבט מיר ניט (גייט צו צום טיש).

ווײַנער: ניט אינ האלדז, נאָר אינ שלונג דארפנ זיי זײַנ, אינ אויבערשטנ מאָגנ קאָנענ זיי ליגנ.

אנעטע: נו, וואָס־זשע זאָל איכ טאָנ? וואָס־זשע טוט מענ? (צום מאנ) קומ, זעצ זיכ אוועק אונ נעמ עפּעס אינ מויל ארײַנ ביז דער דאָקטער וועט קומענ.

פּישמאנ: (זעצט זיכ) כע... אינ מויל ארײַנ... פרעג פריִער, צי וועל איכ קאָנענ.

ווײַנער: (נעמט דאָס קערבעלע אונ באהאלט עס. אנעטע שפּירט אימ נאָכ). גלײַכער דערווײַל ניט עסנ. פּוסטע מײַסעס! ס'איז ניט דער ערשטער פאל אפ מײַנ פּראקטיק... נאָר עסנ — דאָס פארווער איכ דיר!

אנעטע: (מיט געבעט) א גלאָז טיי כאָטש (גיסט אָנ) נעמ, טרינק!

פּישמאנ: (וויל טרינקענ, קוקט אפ ווײַנערנ מיט פרעגנדיקע אויגנ).

ווײַנער (שטרענג) טרינקענ פארווער איכ דיר (פארײַכערט).

פּישמאנ: (שטרעקט אויס די האנט, וויל נעמענ א פּאפּיראָס) כאָטש א פּאפּיראָס!

ווײַנער: אונ רויכערנ פארווער איכ דיר אויכ. דארפסט אלײנ פארשטײנ, אז דו טאָרסט ניט: ניט שלינגענ, ניט הוסטנ, ניט כאָרכלענ, ניט זײַנ נערוועז, ניט אינ קאס אונ — זיצ, ווי א קעצע־לע, אונ וואַרט אפ דײַנ גורל.

פּישמאנ: כאָכמעסט זיכ...

ווײַנער: גאנצ ערנסט.

אנעטע: יאקאָוו אראָנאָוויטש! ס'איז ניט אזא געפערלעכער צופאל, א?

ווײַנער: ס'וועגדט זיכ, אויב מע וועט זיכ באגײנ אָנ אנ אָפּעראציע.

פּישמאנ: (שטארק איבערגעשראָקנ) מעגלעכ, מע זאָל דארפנ אָפּערירנ?

אנעטא: אכ, גאָט מײַנער! וואָס פאר א צאָרעס דער מענטש פארשאפט זיכ אונ יענעמ איבער זײַנ צעטראָגנקײַט.

ווײַנער: וואָס זשע האָט איר זיכ אזוי דערשראָקנ פארנ וואָרט „אָפּעראציע"?.. ס'איז הײַנט געוואָרנ א געוויינלעכ וואָרט... מע וועט אונדז הײַנט אלעמענ, דאכט זיכ, מאכנ „אָפּעראציעס". געלײענט דעמ באפעל וועגנ אָפּנעמענ די „איבעריקע זאכנ" בא דער בורזשואזיע?

פּישמאנ: (אופגעשטאנענ, מיט אײנ האנט אפנ האלדז אונ מיט דער צווײ־

נער באַם קאָפּ, לויפט איבערן צימער און מורמלט) מײַן צעטראָגנקײט, מײַן צעטראָגנקײַט.

אַנעטאַ: עמעס, עמעס, זאָלסט ניט זײַן אַזוי דאַרשטיק נאָך געלט, וואָלסטו װײניקער געשעפטן געמאַכט, וואָלסטו װײניקער געװען צעטראָגן, און מע וואָלט צום אומגליקלעכן צופאַל ניט געקומען.

װײַנער: פּוסטע מײַסעס! דאָס איז איבער זײַן קאַרגשאַפט. אים האָב איך דעמלט געראָטן, ער זאָל זיך בעסער אַרײַנשטעלן גאָלדענע צײן... גײ רעד אײַן אַזאַ מענטשן. װען דו וואָלסט מיך געװען פאָלגן, ביסטו פאַרסטראַכירט פון אַזאַ צופאַל.

אַנעטאַ: װען ער זאָל זײַן אַ מענטש װאָס פאָלגט... וואָלטן מיר שוין לאַנג געװען אין אױסלאַנד מיט לײַטן גלײַך און ניט זיצן דאָ און זיך דערוואַרטן, ביז די באָלשעװיקעס װעלן קומען און צונעמען בײַ דיר דאָס פאַרמעגן.

פישמאַן: אַך, זאָלן זײ נעמען, אָבער די נעשאָמע װעלן זײ ניט צונעמען?

װײַנער: אױ, אָט דאָס מײן איך טאַקע. „זײ" האָבן באַשלאָסן צו גײן אין די רײַכע װױנונגען און מאַכן „אָפּעראַציעס", איז אױב דו װעסט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון אַ שלעכטן „אָפּעראַטער", קאָנסטו אָפּגעבן די נעשאָמע אױך.

פישמאַן: איז טאַקע אַזױ, װי דו האָסט געזאָגט?

אַנעטע: װעט מען טאַקע מוזן אָפּערירן?

װײַנער: איך האָב ניט געזאָגט... איך װײס ניט... נאָר מעגלעך... און איך וואָלט אײַך געראָטן אָנעמען מיטלען, קאָלומאַן עס איז נאָך ניט צו שפּעט... (צו פישמאַנען שטיל) געלט האָסטו גענוג? אין דער הײם? ס'װעט דאַרפן קאָסטן...

פישמאַן: (שטאַרק צעטראָגן) אַך, װאָס װילן זײ פון אונדז? װײניק זײ נאָך, װאָס זײ האָבן צוגענומען די פאַבריק, די קלײט, די סכוירעס, װילן זײ די לעצטע נעשאָמע אױך?! ריבױנעשעלױלעם, װאָס טוט זיך אַרום אונדז? װוּ בין איך אין דער װעלט?

װײַנער: שטײ ניט, טו, װאָס דו קענסט. הער אױס: איך האָב צו דיר אַ ביטע (נעמט אַרױס דאָס פּעקל געלט מיט דאָס קערבעלע) נאַ, באַהאַלט מײַנס אױך... איך װײס, אַז בײַ דיר דאַרף זײַן אַ געזיכערט אָרט... עפּעס אַ פאַרבאָרגן װינקעלע...

פ י ש מ א נ: (קוקט מיט כשאר אפ אנעטען) איך? איך זאָל... קארג אייגענע צאָרעס?.. איך זאָל... ווו האָב איך עס געזיכערטע ערטער? דו ביסט מעשוגע? איך — פארבאָרגענע ערטער!

ווײַנ ע ר: (שטייט אופ) קענסט ניט, מוז איך דאָך גיין זוכן.

פ י ש מ א נ: (כאפט זיך מיט ביידע הענט פארן קאָפּ) דו, גוטער פרײַנט! אין אזא מאָמענט? אוי, אוי, אוי! איך גיי פון זינען אראָפּ! (לויפט צום בופעט, שליסט אופ, נעמט ארויס א פאק „סאָוועטסקע טויזנטער" שמיצט אפן טיש) נא דיר מײַנע פארבאָרגענע ערטער! נאט, ווארגט זיך, שטיקט זיך אזויווי איך, וואָס ווילט איר נאָך פון מיר! זאָלן זיי קומען, זאָלן זיי נעמען, נאָר לעבן לאָזט מיך! (פאלט צו צום טיש. וויינט).

א נ ע ט ע: (פארברעכט מיט די הענט) גאָט מײַנער! גאָט מײַנער! (צו ווײַנערן) אזוי האָט ער די קינדער פון שטוב פארטריבן, איבער זײַנ קארגשאפט, און נאָכדעם האָט ער געוויינט, און אזוי אויך וועט ער מיך פון דער וועלט טרײַבן און נאָכדעם...

פ י ש מ א נ: ווײ, ווײ.

ווײַנ ע ר: בארויִק זיך, און זײַ א מענטש. דו טאָרסט זיך ניט אופרעגן.

פ י ש מ א נ: (הייבט אוף דעם קאָפּ, האלט זיך באם האלדז, קוקט אפ ווײַנערן מיט פאָרוווּרפ) דו, גוטער פרײַנט... אויך. דו? ארומגערינגלט מיט סאָנים! אלע ווילן זיך באָדן אין מײַן בלוט! איר וועט דאָס ניט דערלעבן!

ווײַנ ע ר: נו, נו, נו... בארויִקט זיך...

(אופטריט, פריידע)

פ ר יי ד ע: (פארסאָפּעט) מ׳גייט שוין!

פ י ש מ א נ: (שטארק איבערראשט) א???

ווײַנ ע ר, א נ ע ט א: (צוזאמען) ווו גייט מען, ווער גייט?

פ ר יי ד ע: אפ לעניִנס גאס... די טשעקיסטן... מיט סאָלדאטן גייען זיי...

פ י ש מ א נ: (שטארק צעטראָגן) נו, נו... גיי אין קיך צו דײַן ארבעט.

א נ ע ט ע: (צו פריידען) וואָס־זשע האָסטו זיך אזוי לאנג געזאמט? גיי, גיי, גרייט צו מיטיק.

פ ר יי ד ע: (ברוגעז) זעט, איך בעט אײַך... טפו! (אָפּ).

פ י ש מ א נ: (ווײַלנדיק, ווי מעשוגע) גייט אויך, גייט אויך אין קא־

בינעט... איך... איך וויל זיך איבערטאָן... אָנטאָן... דער דאָקטער וועט דאָך קומען... גייט! (שכופט זיי ארויס. ווײַנער, אנעטע קוקן זיך איבער מיט פארווונדערונג און פאדשווינדן אין קאבינעט).

**פישמאן:** פאַטער געוואָרן... (נעמט גיך צוזאמען דאָס געלט פונעם טיש) און זײַנס? און זײַנס אויך? זײַנס אויך. כאַפּט זיי דער רוּעך. אוי! (כאַפּט זיך פון צײַט צו צײַט באם האלדז און שלינגט. ער האָט מיט גרויס מי אָפּגערוקט דעם בופעט און מיט גרויס פאָרזיכטיקײַט טוט ער עפּעס דאָרט צווישן דעם בופעט און דער וואנט. מע קלינגט. שטארק איבערגעשראָקן און צעטראָגן, אײַלט ער זיך פארענדיקן זײַן ארבעט, אָבער נאָך איידער ער האָט באוויזן צורוקן צוריק דעם בופעט, קומען ארײַן צו איין צײַט פריידע, ווײַנער, אנעטא).

**פריידע:** דער דאָקטער!

**פישמאן:** (קימאט מיט א ווייַנענדיק קאָל) א?

**אנעטע:** (ברעכט שטום די הענט).

**ווײַנער:** בארויִק זיך, מײַן פרײַנט (אין טיר באווײַזט זיך דאָקטער ווינטערמאן).

**ד״ר ווינטערמאן:** גוט מאָרגן (קוקט אפ אלעמען מיט פארוווּנדערונג).

**ווײַנער:** (לויפט צו דער טיר, וואָס פירט אין קאבינעט. עפנט זי) אהער... אהער... ביטע.

(אלע, כוץ אנעטען און פריידען, אָפּ).

**אנעטע:** (צו פריידען) וואָס שטייסטו, גיי אין קיך!

**פריידע:** (א מאך מיטן קאָפּ) זעט, איך בעט אײַך... ! (אָפּ)

(פאָרהאנג פאלט)

# ב. שאַפּירס אוטאָביאָגראַפישע נאָטיץ.*

שאַפּיר באָריס נאַטאַנאָוויטש — ליטעראַט, בעלעטריסט און דיכטער, באַשעפטיקט זיך מיט ליטעראַרישער אַרבעט זיבעצן יאָר. קיין שטעלע פאַרנעם איך ניט. אַרבעט בא זיך אינדערהיים. די רעשימע פון מײַנע ווערק:

1. אָפּגעדרוקט אין פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס: „דער שטומער", א גרויסע דערציילונג, 10 דרוקבויגנ די גרייס — ייִדיש און העברעייִש; „יעדנ דאָס זײַניקע" — ייִדיש; „ווידער אין פאַבריק" — ייִדיש און העברעייִש, כּונעם לעבנ פון פאַבריק־אַרבעטער; „א פרעמדער" — ייִדיש און העברעייִש, פון אַרבעטער־לעבנ; אינ דער־פינצטער" — פּסיכאָלאָגישער עטיוד; „סאַנע דער רופע" — ייִדיש און העברעייִש; „די יעסוימע" — ייִדיש און העברעייִש; „טײַבעלעכ" — א גרויסע דערציילונג — ייִדיש און העברעייִש; „אוּרעמל שוסטער" — דערציילונג — ייִדיש, העברעייִש און מאַדיאַריש, דורכ מיר גופע איבערגעאַרבעט אינ א דרײַאַקטיקער פּיעסע, וואָס ווערט געשפּילט אינ מעשעכ פון פיל יאָרנ.

2. בא 150 קליינע דערציילונגען און בילדלעכ פון דער ייִדישער אָרעמשאַפט.

3. לידער — העכער הונדערט, געדרוקט אינ פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, א סאַכ פון זיי זײַנענ איבערגעזעצט אַפ רוסיש.

4. באַזונדערע אויסגאַבעס:

„אוּרעמל שוסטער" — ייִדיש און העברעייִש,
„קעלערשטיבער" — קליינע דערציילונגען אַפ ייִדיש.
„רענטגענ־שטראַלנ" — דרײַאַקטיקע פּיעסע אַפ ייִדיש.
אַרויסגעגעבנ אינ אָדעסער גובאָפּטטייל פון מע־לוכעפאַרלאַג. גרייט זיך צום דרוק אַפ רוסיש.

אָדעס, 23 נאָיאַבער 1927.

ב. שאַפּיר.

---

* איבערגעזעצט פון רוסיש (רעד.).

# באַמערקונגען

## לידער

ניט קיין שפּילן, ניט קיין זינגען (ז. 137)

די ליד איז, ווי עס שיינט, קיינמאָל ניט געדרוקט געווען. ווען זי איז אָנגעשריבן, לאָזט זיך פּינקטלעך ניט פעסטשטעלן. לויטן אינהאַלט געהערט די ליד צו ב. שאפּירס ערשטע לידער (1904—1905), ווען ער פלעגט גאַנץ אָפט זיך שטעלן די פראַגע וועגן דעם באַרוף פון זיין דיכטונג. אַגעוו, פלעגט ב. שאַפּיר צו יענער צייט זייער גערן ניצן די דריישורעסדיקע סטראָפע, ווי, לעמאָשל, אין דער פאָלגנדיקער ליד:

אונ ווער האָט מיך געבוירנ?
ווער האָט מיך געזויגנ?
וועמעס בינ איך קינ־?

מיינ פאָלק האָט מיך געבוירנ,
אונ דער וואַלד בעזויגנ —
אויסגעוויגט דער ווינט.

אָדער אין א צווייטער ליד:

איך האָב געהאָפט אונ האָב געלעבט,
איך האָב געשאַפט אונ האָב געשטרעבט
עפּעס זאָגנ פאַר דער וועלט.

איך האָב געאַרבעט טאָג מיט נאַכט
אונ פיל געשריבנ אונ געטראַכט,
כ׳האָב געליטנ הונגער, קעלט...

## איך גיי ארויס מיר שטאָלץ אין דרויסן (138)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דער וועג" (1906, נום. 73). קיין האנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער גאנצער ליד איז ניט פארבליבן. ס'האָט זיך פארהיט בלויז דער אָנהייב פון דער ליד, וואָס קלינגט אינעם ארכיוו־מאנוסקריפּט אזוי:

איך גיי ארויס מיר שטאָלץ אין דרויסן
און די לופט מיר קושנדיק,
גיט מיר אָפּ א גרוס און גלעט מיך,
מיר דעם שווייס אָפּווישנדיק.

## געווג, מײַן פרײַנט, ניט זיפץ, ניט וויין (140)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דער וועג" (1906, נום. 223). קיין האנטשריפטלעכע קאָפּיע איז פון דער ליד ניט פאר־בליבן.

## הערשל (141)

לויט דעם ארכיוו-מאנוסקריפּט לאָזט זיך פעסטשטעלן, אז די פּאָע־מע איז אָנגעשריבן אין יאָר 1905. פארעפנטלעכט האָט ב. שאפיר די פּאָ־עמע „הערשל" א סאך שפּעטער: 1) צום ערשטן מאָל אין יאָר 1910 („דער שטראל" נום. 11), צום צווייטן מאָל אין יאָר 1912 („גוט מאָרגן" נום. 632). איןביידע פאלן איז ארויסגעפאלן פונעם טעקסט די זי־בעטע סטראָפע, וואָס האָט אָנגעגריפן ביאליקן און פרוגן. אינעם גע־דרוקטן טעקסט איז אויך צוגעקומען א סטראָפע — די, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער שורע „הערשל ווערט, דאָס הייסט א רויטער". אי־נעם ארכיוו-טעקסט 1905 איז די דאָזיקע סטראָפע ניט געווען.

## „פערגיס־מײַן־ניכט" (147)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דער וועג" פון 17-טן פעברואר 1906 (נום. 42). קיין האנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער ליד איז ניט פארבליבן, אין ארכיוו איז פאראן אָבער פאָלגנדיקע רו־סישע איבערזעצונג פון דער ליד.

## НА ФАБРИКЕ ЦВЕТОВ

Из Б. Шафира

Вольный перевод

Дитя на фабрике цветов
Все листики сплетает
И ландыш — клясться я готов —
Из сердца вырастает.

Из сердца девочки моей,
Лишенной ласки, света...
О, сил последних не жалей
Для мертвого букета...

И в тонких пальчиках листок
Вдруг странно оживает,
А у стола живой цветок
Безмолвно умирает.

Пустъ вянут дети нищеты
На фабрике постылой,
Восходят белые цветы
Над раннею могилой.

К. Бархин

קעדיי דעמ לייענער זאָלנ זײַנ מער פארשטענדלעכ ב. שאפירס לידער וועגנ דער ארבעט בא קינסטלעכע בלומענ, איז נייטיק צו דערמאָנענ, אז די דאָזיקע ארבעט איז צו יענער צײַט געווענ א גאנצ פארשפרייטע פרויענ־פראָפעסיע אינ די גרויסע צענטערס, ווי אָדעס, ווארשע, אאוו. פונ א ספּעציעלער אנקעטע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרנ אינ יאָר 1906 אינ ווארשע, דערוויסנ מיר זיכ, לעמאָשל, אז דאָרטנ האָט מענ צו יענער צײַט געציילט צענ גרעסערע פאבריקלעכ פאר קינסטלעכע בלומענ (צו 50 ארבעטערנס אינ יעדערער) אונ בא 150 קליינע פאבריקלעכ (צו 10 ארבעטערנס אינ יעדערער). אינ אלגעמיינ איז געווענ אָנגענומענ, אז בא דער ארבעט אפ קינסטלעכע בלומענ אינ ווארשע זײַנענ אינ 1906־טנ יאָר געווענ באשעפטיקט 1600 פרויענ, דערונטער עטוואָס ווייניקער ווי א העלפט — יידישע פרויענ. ניט ווייניקער פארשפרייט איז די דאָזיקע ארבעט געווענ אויכ אינ

אָדעס, ווו די בלומען־מאכערנס האָבן אין 1905־טן יאָר אפילו געהאַט אן אייגענעם פּראָפעסיאָנעלן פאריין. די ארבעט־באַדינגונגען זײַנען אין די דאָזיקע פאַבריקן און פאבריקלעך געווען אומדערטרעגלעך. אזוי, למשל, האָט א פרוי, נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגעארבעט בא דעם פאך א יאָר צײַט, געקאָנט אויסארבעטן ניט מער ווי דרײַ רובל א כוידעש. צו פופצן רובל א כוידעש האָט אן ארבעטערן געקאָנט דער־גרייכן בלויז נאָך 10 יאָר ארבעט אין דעם פאך.

## די ליד פון דער קונסט־רויז (148)

די ליד איז, ווי עס שײַנט, קיינמאָל ניט געווען געדרוקט. פונעם מאנוסקריפּט איז צו זען, אז די ליד איז געשריבן געוואָרן דעם 18/IV 1906, ד. ה. א קורצע צײַט נאָכדעם, ווי די ליד „פארגיס־מײַן־ניט“ איז שוין געווען אָפּגעדרוקט. ב. שאפירס פארלאנג צוויי מאָל נאָכא־נאנד באארבעטן איין און דעם זעלבן מאָטיוו — די ארבעט בא קונסט־רויזן — דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער דאָזיקער פאך איז שאפירן געווען באזונדערס נאָענט לויט זײַן פּערזענלעכער דערפארונג (ער האָט א צײַט לאנג געארבעט אין א פאבריק פון קינסטלעכע בלומען). אין זײַנע דערציילונגען האָט ב. שאפיר אויך עטלעכע מאָל זיך אומגע־קערט צו דער געשטאַלט פון דער בלומען־מאכערן (איינמאָל אין „קע־לער־שטיבער“, דאָס אנדערע מאָל — אין א דערציילונג „עסטערקע“, וואָס איז געבליבן ניט פארענדיקט).

אינעם ארכיוו-מאנוסקריפּט פון דער „ליד פון דער קונסט-רויז“ זײַנען פארשריבן (און נאָכדעם פארמעקט געוואָרן) עטלעכע ניט באארבעטע שורעס, וואָס האָבן, קאָנטיק, געזאָלט ארויסגעוואָרפן ווערן באַם דרוקן די ליד. מיר ברענגען דאָ די עטלעכע שורעס:

א, פראנטן, פראנטיכעס, וואָס טויג אײַך מײַן קונסט־רויז?
זי איז דאָך געפארבט מיט מײַן בלוט, איז זי דאָך בלויז
פון מײַן הארץ, מײַן געהירן, מײַן יוגנט, מײַן קראַפט...
איר גייט, רײַסט אין גאָרטן אײַך רויזן מיט זאַפט,
זיי שמעקן, זיי לעבן דערוואַרעמט פון גאָט,
פון זיי וועט איר ווערן ווי פליגעלעך זאַט!
גאָט, פארוואָס זויגן פליגן דעם זאַפט פון דײַן רויז,
און מײַן רויז פון מיר גאָר דעם זאַפט ציט ארויס...

### די ליד פון א שטריק (151)

ווען די ליד איז געשריבן געוואָרן לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן. וואָס שייַך דעם אינהאַלט פון דער ליד — דעם פּרווו צו געבן די לעבנס-געשיכטע פון א קליינשטעטלדיקן האָרעפּאַשניק — זאָגט עס איידעס, אז די „ליד פון א שטריק" איז געשריבן געוואָרן צו יענער צייַט, ווען אין שאַפּירס ווערק הערן זיך נאָך הויפּטזאַכלעך מאָטיוון פון קליינשטעטלדיקער נויט, ווי, לעמאָשל, די דערציילונג „בריוו" (געשריבן אין יאָר 1904). אָנהייבנדיק פון יאָר 1906, ווערן די דאָזיקע מאָטיוון אין ב. שאַפּירס לידער פאַרשוווּנדן און אויף זייער אָרט טרעט ארויס א צאָל לידער וועגן דעם גרויסשטאָטישן אַרבעטמענטש, די דאָזיקע לידער ווערן געשריבן פּאַראַלעל מיט א ריי דערציילונגען וועגן דער פאַבריק, דערשינענע אין די יאָרן 1906 — 1907.

### אין טאַקאַרניע (156)

די ליד איז געווען געדרוקט אין „פרייַנד" פון יאָר 1906 (נום. 44). קיין האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער ליד איז אין אַרכיוו ניט פאַרבליבן. די ווידמונג יוינע ראָזנפעלדן האָט אויסער פּערזענלעכער פרייַנטשאַפט געזאָלט נאָך אונטערשטרייַכן, אז די ליד וועגן דער „טאָקאַרניע" האָט עפּעס צו פאַרדאַנקען יוינע ראָזנפעלדן, א פּראָפעסיאָנעלן טאָקער, וואָס האָט אויף די מאָטיוון פון דעם פאַך אָנגעשריבן עטלעכע דערציילונגען.

### ווען איך גיב א קוק אין פענצטער (159)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דער זאַמלונג „נייַ־צייַט", צווייטע העפט (1907). קיין האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער ליד איז ניט פאַרבליבן.

### פרומעלע (161)

די פּאָעמע איז געווען געדרוקט אין דער צייַטונג „גוט מאָרגן" 1910, נומער 92. אין אַרכיוו האָבן זיך פאַרהיט א פּאָר וואַריאַנטן פאַר־

נעם אָנהייב. אין איין וואריִאַנט טרעט אוּפ די העלדן, ווי דעם דיכ־טערס א שוועסטער.

עס ווערט אויך אָנגעגעבן, ווער עס איז געווען דער העלדנס פאָטער:

... האָט דער טאטע זיך באַדונגען
מיט א רייַכער, שיינער דאמע
פארן ברויט און פאר געלעגער
זאָל זי ארבעטן זיך לערנען
(ער איז דאָך ניט מיין א טרעגער —
קאָן ער דען א קינד אויסהאלטן ?),
האָט ער זי איר אָפּגעגעבן
מיט א טיפן זיפצ פון הארצן,
גלייַך ער גיט אוועק זייַן לעבן.

ווי עס איז צו זען פון די ערשטע פּראָבעס, איז די ליד לע־כאַטכילע געשריבן געוואָרן ווי א מין ענטפער אפ סעגאַלאָוויטשעס באַלאַדע וועגן דעם שאמעס טאָכטער, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין זעלבן יאָר 1910 אין זשורנאל „דער שטראל".

דער מאָטיוו פון דער ליד „פרומעלע" איז טיילווייַז באַארבעט גע־וואָרן אויך אין ב. שאפירס א דערציילונג פון דער זעלבער צייַט: „אַן ערשטע ליבע" (געדרוקט אין דער צייַטונג „גוט מאָרגן" נומ. 205, 206, 1910).

## באַ גאָט אַפּ קעסט (165)

די דאָזיקע אנטיקלעריקאַלע ליד איז, ווי עס שייַנט, קיינמאָל ניט געווען געדרוקט. געשריבן איז זי, קאָנטיק, צו יענער צייַט (1904 — 1905), ווען ב. שאפיר האָט געשריבן א ריי אנטיכסידישע לידער, ווי „מייטעלע" (ארכיוו: נומ. 62), „זיבן שיינע קינדערלעך" (ארכיוו: נומ. 52).

## צוויי כאַווירים אין איין טאָג (166)

ווען די ליד איז געשריבן געוואָרן, לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן. צי איז זי ווען עס איז געווען געדרוקט, איז אונדז ניט באַוווּסט

נ יי ד ג א ר ד ט — צארישער גענעראל. געווען א לאנגע צייט אָדעסער „גראדאָנאטשאלניק״.

ק ר ע פ ס — געווען א „קאזיאָנער ראבינער״ אין אָדעס.

### ט ר ע פ אָ ו פ אָ ר ט אפ נ יי ד ג א ר ט נ (168)

די ליד איז, ווי עס שיינט, קיינמאָל ניט געווען געדרוקט. קיין דאטע, ווען די ליד איז געשריבן געוואָרן, איז אפן מאנוסקריפט ניט אָנגעגעבן.

ט ר ע פ אָ ו — גיוואַזענער מאָסקווער פּאָליצמייסטער, שפּעטער, נאָכן 9־טן יאנואר 1905, פּעטערבורגער גענעראל־גובערנאטער און ענדלעך מיניסטער פון אינערלעכע איניאָנים. אוועטער פונעם באַרימטן באפעל: „קיין פּאטראָנעס ניט קארגן״.

ו י ט ע — פּאָרזיצער פונעם מיניסטאָרן־ראט אין יאָר 1905. אונטער פון דעם מאניפעסט, וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרן דעם 17־טן אָקטיאבער 1905. זעענדיק ווי די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג שטארקט זיך, איז וויטע ארויסגעטראָטן מיט א פּלאן — צונויפרופן די מעלוכע־דומע, איינגיין אפ א געווויסער צאָל האנאָכעס און אזויארום דערשטיקן די רעוואָליוציע.

ד ו ר נ אָ ו אָ — צארישער מיניסטער. אָנגעפירט צוערשט מיטן אינערן־מיניסטעריום, שפּעטער געווען פּאָרזיצער פונעם מיניסטאָרן־ראט. איינער פון די זיילן פון דער צארישער־רעאקציע. באזונדערס באַרימט מיט זיינע צענזור־מאָסמיטלען און אויך מיט דער פארפאָלגונג־פּאָליטיק בענעגייע די „אינאָראָדצעס״, פון וואָס עס האָט געליטן, פארשטייט זיך, אויך די יידישע באפעלקערונג.

### ל אָ ז ז י ך ו ו י ט ע ו ו אָ ס ו ו י ל ק ל ע ר נ (169)

די ליד איז פארהיט געוואָרן בלויז אין א האנטשריפטלעכער קאָפּיע. צי איז זי ווען עס איז געווען געדרוקט, איז ניט באוווסט. די דאטע, ווען די ליד איז געשריבן געוואָרן איז מער־ווייניקער קלאָר פון די געשטאלטן און געשעענישן, וואָס פיגורירן דאָ — ס׳איז די צייט נאָך דעם אופשטאנד אפ דער שיפ „פּאָטיאָמקין״ (13/VI 1905), די צייט, ווען עס האָט נאָך געקלונגען אין דער לופטן טרעפּאָווס באַ־

פעל „קיינ פאטראָנעס ניט קארגנ", ווענ וויטע האָט געגרייט דעמ פּלאנ פונעמ קאָנסטיטוציע-מאניפעסט — די צייַט, ווענ די ערשטע רוס־לענדישע רעוואָליוציע איז געגאנגענ בארג-ארופ. אינ מאנוסקריפט איז וויטעס נאָמענ באצייכנט מיט „וו...", טרעפּאָווס נאָמענ איז באַ־צייכנט בלויז מיט פונקטיר...

## ס'איז ווידער פארוואָלקנט דער הימל (170)

צי איז די ליד ווענ עס איז געדרוקט געוואָרנ — האָט זיכ אונדז ניט אייַנגעגעבנ פעסטצושטעלנ. אינעמ מאנוסקריפט איז פאראנ אוי־סער די דרייַ סטראָפעס, וואָס מיר דרוקנ, נאָכ א פערטע, וואָס איז שפּעטער צוגעשריבנ געוואָרנ אונ האָט צומ אייגנטלעכנ מאָטיוו פונ דער ליד קיינ שייַכעס ניט.

## אָ, שטארקער דרייט ארויס דעמ קאָמפּ (171)

אפנ מאנוסקריפט איז קיינ דאטע ניט אָנגעגעבנ געוואָרנ. גע־שריבנ איז זי, פונקט ווי אויכ די ליד „ס'איז ווידער פארוואָלקנט דער הימל" אינ די יאָרנ 1905—1907. צי איז די ליד געווענ געדרוקט, איז אונדז ניט באוווסט.

## כאָטש אלט בינ איכ מיט יאָרנ (172)

די ליד איז פארשריבנ אפנ מאנוסקריפט אָנ א דאטע. צי איז די ליד געווענ געדרוקט, איז אונדז ניט באוווסט.

## כ'האָב קיינ מאמענ ניט געוווּסט (173)

די ליד איז געבליבנ ניט פארענדיקט. קיינ דאטע איז אפ דעמ מאנוסקריפט ניט אָנגעגעבנ.

## א נייַער שטערנ (174)

די ליד איז געווענ געדרוקט אינ דער צייַטונג „דער וועג" פונ יאָר 1906, נומ. 53. קיינ האנטשריפטלעכע קאָפּיע פונ דער ליד איז ניט פארבליבנ.

באם יאם (175)

דער ציקל לידער איז געווען געדרוקט אין דעם אמעריקאנער זשורנאל „צוקונפט" פון יאָר 1914, ז. 244.

אפ דער האנטשריפטלעכער קאָפּיע איז אָנגעוויזן, אז דער ציקל איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1907. פאר אונדזער אויסגאבע האָבן מיר גענומען בלויז א טייל פונעם ציקל: אָנשטאָט דריי לידער — צוויי.

## נעבן וועלדל שטייט א קרעטשמע (177)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דעם זאמלבוך „ניי-צייט" דריטע העפט (1907).

קיין האנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער ליד איז ניט פארבליבן.

## צווישן שיינע פאלמען-ביימער (179)

די ליד איז, ווי עס שיינט, קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרן.

## כ'וויל אמאָל אָן דיר פארגעסן (180)

די דאָזיקע ליד האָט ב. שאפיר עטלעכע מאָל נאָכאנאנד געדרוקט. צום ערשטן מאָל אין דער צייטונג „גוט מאָרגן" 1911, נומ. 194, צום צווייטן מאָל — אין דער זאמלונג „זומער" 1911, צום דריטן מאָל אין דער זאמלונג „פרילינג-שטראָמען" — 1912.

## פון מיין שטעטל אפ די פעלדער (181)

די ליד איז געווען געדרוקט צוויי מאָל. איינמאָל אין זשורנאל „דאָס יידישע פאָלק" 1914, נומ. 3. דאָס אנדערע מאָל אין אמע-ריקאנער „צוקונפט" — 1914, ז. 642.

## הארבסט (182)

די ליד איז קיינמאָל ניט געווען געדרוקט, געהערט צו די לעצט געשריבענע לידער שאפירס.

### עס לױפֿן די כוואַליעס, ווי בערג (183)

די ליד איז, ווי עס שײַנט, קײנמאָל ניט געווען געדרוקט, גע־שריבן, קאָנטיק, אין די לעצטע יאָרן פֿונעם דיכטערס לעבן.

### אױפֿן בוידעם שלאָפֿט דער דאַך (184)

קײן האַנטשריפֿטלעכע קאָפּיע פֿון דער ליד איז אין ארכיוו ניט פֿאַרבליבן. עס לאָזט זיך אויך ניט פֿעסטשטעלן, צי איז דער טעקסט ווען עס איז געדרוקט געוואָרן, ווי א זעלבשטענדיקע ליד.

ווי עס שײַנט, איז די ליד געוואָרן פּאָפּולער אַדאַנק ב. שאַפּירס פּיעסע „אוורעמל דער שוסטער", ווו זי ווערט געזונגען. ס'איז, אגעוו, קעדײַ צו באַמערקן, אז אין דעם טעקסט פֿון דער דערציילונג „אוו-רעמל דער שוסטער" (געדרוקט סאָפּ 1907) איז די ליד „אױפֿן בוידעם" נאָך ניטאָ. זי באַווײַזט זיך ערשט אין דער דראַמאַטיזירטער איבער־אַרבעטונג פֿון דער דערציילונג, געדרוקט אין יאָר 1910 מיטן נאָמען „אוורעמל דער שוסטער גייט מיט די האַקאָפֿעס".

### אין אָדעס בין איך געווען (185)

די ליד נעמען מיר אַרויס פֿון ב. שאַפּירס „אוורעמל שוסטער", ווו זי פֿיגורירט צווישן אוורעמלס אימפּראָוויזאַציעס.

### לעבעדיק און פֿריילעך (187)

די ליד פֿיגורירט אויך צווישן די אימפּראָוויזאַציעס, וואָס ווערן געזונגען אין דער דערציילונג „אוורעמל שוסטער".

### איך האָב א גאָלדן רינגעלע (188)

צי איז די ליד ווען־עס־איז געדרוקט געוואָרן, האָט זיך אונדז ניט אײַנגעגעבן פֿעסטצושטעלן. אין ארכיוו געפֿינען זיך צוויי וואַריאַנטן פֿון דער ליד. דער ערשטער וואַריאַנט, באַצייכנט מיט דער דאַטע 13/V 1906, איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס די ליד ווערט

דאָ געבויט ווי א „ליטעראַרישע" ליד, אין צווייטן וואַריאַנט, וואָס געהער, קאָנטיק, צו א שפּעטערן פּעריאָד, האָבן מיר שוין פאַר זיך א טיפּיש־פאָלקלאָריסטישע באַאַרבעטונג פונעם זעלבן מאָטיוו. אין אונדזער אויסגאַבע גיבן מיר דעם צווייטן וואַריאַנט.

### כ'פלעכט פון זייד א שנירעלע (190)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דעם זשורנאַל „אָדעסער לעבן" פון יאָר 1912 (נומ. 4).

### דאָס שוועלבל קומט אין אַפּרעל (191)

די ליד איז געווען געדרוקט אין דער צייטונג „אונדזער לעבן" פון יאָר 1915 (נומ. 88).

### זומער־לידער (192)

די לידער זיינען געווען געדרוקט אלס אָריגינעלע לידער שאַפּירס אינעם זשורנאַל „דאָס יידישע פאָלק" (נומ. 11, 1914). ווי עס איז אָבער צו זען פון דער האַנטשריפטלעכער קאָפּיע, וואָס איז פאַראַן אין אַרכיוו, געהערן די לידער ניט בלויז ב. שאַפּירן. אין דער האַנט־שריפטלעכער קאָפּיע איז דער טיטל „זומער־לידער" באַגלייט מיט א ספּעציעלן אונטערקעפּל „קליינרוסיש". צי זאָל דאָס באַדייטן, אז ב. שאַפּיר האָט די „זומער־לידער" איבערגעזעצט פון אוקראַיניש אָדער דאָס איז געווען בלויז א פרייע נאָכדיכטונג נאָך א וועלכן-עס-איז אוקראַינישן מוסטער — איז אונדז ניט באַוווּסט. אַלנפאַלס באַווייזט אויך דער אינהאַלט פון די „זומער־לידער", אז דאָ האָבן מיר ב. שאַפּירס א פּרוּוו צו זוכן פאַר זיך א מוסטער אין אַן אַנדערשפּראַכיקער ליטעראַטור — דאָס מאָל דער אוקראַינישער.

### זומער־ליעב פאַרנאַכט (195)

די ליד איז געווען געדרוקט אין זשורנאַל „גרינינקע ביימעלעך" (נומ. 8, 1914). קיין האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער ליד איז אין אַרכיוו ניט פאַרבליבן. ווי ווייט אונדז איז באַוווּסט, איז עס ב. שאַ־פּירס איינציקע געדרוקטע קינדער־ליד.

בער דעם ר׳ויפּעס (198)

א ניט פֿאַרענדיקטער פּרוּוו צו שרײַבן א גרעסערע פּאָעמע אַפֿ דער עמיגראַציע־טעמע. ווען דער דאָזיקער פּרווו איז געמאַכט געוואָרן איז אונדז ניט באַוווּסט. אין ארכיוו זײַנען פֿאַראַן צוויי וואַריאַנטן פֿון דעם אַרײַנפֿיר צו דער פּאָעמע. אין צווייטן וואַריאַנט (האַגאַמ ער איז אין קינסטלערישן זין ווייניקער רײַפֿ) איז די האַנדלונג גע־פֿירט געוואָרן עטוואָס ווײַטער ווי אין ערשטן. עס טרעט דאָ אַרויס מער בולט דער עמיגראַציע־מאָטיוו.

אין אונדזער אויסגאַבע איז דער טעקסט קאָנסטרויִרט פֿון ביידע וואַריאַנטן: ביז דער שורע: „בערל גייט, דאָס ווײַב און קינדער" — דער טעקסט פֿונעם ערשטן וואַריאַנט. ווייטער און ביזן סאָף — דער טעקסט פֿונעם צווייטן וואַריאַנט.

דער פֿראַגמענט איז אין די ארכיוו־מאַנוסקריפּטן פֿאַרשריבן אָן א נאָמען.

## דערציילונגען

דער ברי״וו (203)

געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דער פֿרײַנד" פֿון יאָר 1905 (173, 174, 175, 176). אין שאַפּירס אויטאָביאָגראַפֿישער נאָטיץ איז די דערציילונג ניט פֿאַרצייכנט — קאָנטיק, ער האָט אַפֿ איר ניט געלייגט קיין אכט, ווי אַפֿ איינעם פֿון זײַנע ערשטע פּרוּוון צו שרײַבן פּראָזע. ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקײַט, מאַכמעס מאַנגל אין פּלאַץ, איבער־דרוקן די גאַנצע דערציילונג, האָבן מיר אָפּגעקליבן בלויז עטלעכע פֿראַגמענטן, וואָס זײַנען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ב. שאַפּירס אידעאָ־לאָגיש־קינסטלערישער אַנטוויקלונג אין די ערשטע יאָרן פֿון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט.

קיין האַנטשריפֿטלעכע קאָפּיע איז ניט פֿאַרבליבן.

כאַי׳מ־בער (219)

די דערציילונג איז, ווי עס שײַנט, קיינמאָל ניט געווען געדרוקט.

אין דער אווטאָביִאָגראַפישער נאָטיץ ווערט די דערציילונג כאַימ־בער ניט דערמאָנט—קאָנטיק, צוליב די זעלבע סיבעס, פאַרוואָס עס ווערט ניט דערמאָנט דאָרט אויך די געדרוקטע דערציילונג „דער בריוו". פון דער דערציילונג „כאַיִמ-בער" זײַנען פאַרבליבן צוויי וואַריִאַנטן. אין ביידע וואַריִאַנטן איז די דערציילונג ניט פאַרענדיקט

א פ ר ע מ ד ע ר (236)

געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דער פרײַנד" פון יאָר 1906, נומ. 92. אין דער אווטאָביִאָגראַפישער נאָטיץ פאַרצייכנט, ווי א דערציילונג „פונעם ארבעטער-לעבן".

א האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער דערציילונג געפינט זיך אין ארכיוו.

ו י ד ע ר א י ן פ א ב ר י ק (251)

געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דאָס לעבן" (געענדערטער נאָמען פון דער צײַטונג „דער פרײַנד") פון יאָר 1906, נומ. 109. אין דער אווטאָביִאָגראַפישער נאָטיץ פאַרצייכנט, ווי א דערציילונג „פונעם לעבן פון פאַבריק-ארבעטער". א האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער דערציילונג געפינט זיך אין ארכיוו. אויסער דעם איז אין ארכיוו פאַראַן נאָך צוויי וואַריִאַנטן צו דער דערציילונג. ביידע שילדערן די איבערלעבונגען פון א קליינשטעטלדיקן ייִנגל, וואָס קומט אָן אָפּ ארבעטן אין א גרויסן שנײַדער-ווארשטאַט אין אָדעס און בענקט אַהיים.

ווי עס טיילן אונדז מיט די מיטגלידער פון ב. שאַפּירס פאַמיליע, טראָגט די דערציילונג „ווידער אין פאַבריק" אַן אווטאָביִאָגראַפישן כאַראַקטער. ב. שאַפּיר איז אָנגעקומען קיין אָדעס אין יאָר 1894, ווען ער איז אַלט געווען 18 יאָר. אין אָדעס האָט ער באַלד זיך געשטעלט ארבעטן אָפּ דער פאַבריק פון קינסטלעכע בלומען, וווּ ער האָט אָפּגעארבעט עטלעכע יאָר, שפּעטער איבערגעגאַנגען אָפּ דער טאַבאַק-פאַבריק.

א י ך ב י ן ש ו י ן מ ע ר נ י ט א י ך (265)

שאַפּירס איינציקער פּרווו צו שרײַבן אין דער מאָנאָלאָג־פאָרם. געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914,

נום. 79. שײַנט צו זײַן אָנגעשריבן מיט אייניקע יאָרן פריִער, צו יענער צײַט (1905—1907), ווען שאפיר איז נאָך געווען דורכויס באַשעפטיקט מיט דער פאבריק־טעמאטיק.

## „קינדער" (269)

געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „אונדזער לעבן" פון יאָר 1913 (87, 90, 92, 95). ווען די דערציילונג איז געשריבן—לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן.

אין דער האנטשריפטלעכער קאָפּיע הייסט די דערציילונג ניט „קינדער", נאָר „קוואַרטיראַנטן" (אין איין וואריאַנט) און „דאָס לייַדיקע אָרט" (אין צווייטן וואריאַנט).

## קעלער־שטיבער (279)

די סעריע „קעלער־שטיבער" האָבן מיר צונויפגעשטעלט פון א צאָל פארצייכענונגען, וואָס ב. שאפיר האָט געדרוקט אין דער צײַטונג „אונדזער לעבן" אין די יאָרן 1913, 1914, 1915. אָנגעהייבן שרײַבן די דאָזיקע פארצייכענונגען האָט ב. שאפיר סאָף 1913, ווען די רעדאקציע „אונדזער לעבן" האָט אָרגאניזירט א קאמפאניע אף צו שאפן ביליקע דירעס פאר דער אָרעמשאפט פון דער אָדעסער פאָרשטאָט—מאָלדאוואנקע.

די קאמפאניע פון דער ציִוניסטיש־באלעבעסלדיקער צײַטונג „אונדזער לעבן" האָט געטראָגן דעם כאראקטער פון א ייִדישלעכער צדאָקע־אונטערנעמונג, אונטערן לאָזונג „ייִדיש הארץ, עפן זיך!", מיטן שטענדיקן אפעלירן צו דער „מילדקײַט" פון די אָדעסער גווירים, מיטן שטענדיקן פארופן זיך אף דעם, ווי אזוי אזעלכע וווילטעטיקײַט־קאמפאניעס ווערן דורכגעפירט „בא לײַטן", ד. ה. בא דער בורזשואזיע פון אנדערע פעלקער.

ווען מע גיט נאָך צו, אז די רעדאקציע פון דער אָקאָרשט געגרינדעטער צײַטונג (ביז דעמלט איז „אונדזער לעבן" ארויסגעגאנגען אין ווארשע), האָט געהאט אין אויג אויסצוניצן די קאמפאניע צוליב זעלבסטרעקלאמע, ווי א מיטל צו פּאָפּוליאריזירן די צײַטונג צווישן די ברייטע קרײַזן פון דער אָדעסער ייִדישער אָרעמשאפט—

ווערט קלאָר, וויאַזוי די קאמפּאניע פאר ביליקע דירעס האָט געמוזט פארלויפן אף די שפּאלטן פון „אונדזער לעבן".

אין מעשעכ פון א פּאָר כאדאָשים איז די צײַטונג געווען פאר־פלייצט מיט שרײַענדיקע בריוו אין רעדאקציע, אופרופן, אנקעטעס און סטאמ „הארצרײַסנדיקע" ארטיקלען, געווידמעט דעם „וויי־געשריי פון דער מאָלדאוואנקע", ווי דאָס איז געווען באטיטלט אין „אונדזער לעבן". דאָס אלץ, צוגעפעפערט מיט א היפּשער דאָזע זעלבסטרעק־לאמע פאר דער צײַטונג, האָט אָבער נאָך אלץ ניט באפרידיקט די רעדאקציע. קעדיי ארויסצווײַזן איר איבערגעגעבנקײַט דעם „הויכ־דעמאָקראטישן אינינען", האָט די רעדאקציע געוואָלט געבן אף אירע שפּאלטן נאָך א סעריע רעפּאָרטיאָרישע באשרײַבונגען פון דעם מאָל־דאוואנקער קעלער־לעבן און אָט צוליב דעם צוועק האָט די רעדאקציע באשלאָסן אויסניצן איר שטענדיקן מיטארבעטער (ער איז געווען אי פעליעטאָניסט אי רעפּאָרטיאָר אי כראָניקער)—ב. שאפירן.

די ערשטע פארצייכענונג, אונטערגעשריבן ב. שאפיר, האָט זיכ באוויזן אין „אונדזער לעבן" אין דעקאבער 1913. לעכאטכילע האָט ב. שאפיר, קאָנטיק, געהאט בעדייע צו האלטן זיכ בא דעם צעטל פראגעס, וואָס די צײַטונג האָט אויסגעשטעלט אין אירער א ספּעציעלער אנקעטע. די רעדאקציע האָט געשטעלט פאָלגנדיקע פראגעס:

1) ווו ווױנט איר?
2) אײַער באשעפטיקונג?
3) וויפל פארדינט איר א כוידעש אָדער א יאָר?
4) זײַט איר א באווײַבטער? אויב א באווײַבטער, וויפל קינדער האָט איר?
5) וויפל צימערן באווױנט איר?
6) צי לערנען זיכ אײַערע קינדער אין כאדאָרים אָדער שולן?
7) אף וועלכן עטאזש געפינט זיכ אײַער וווינונג?
8) וויפל פענצטער האָט אײַער וווינונג?
9) ווי אָפט בײַט איר אײַער וווינונג?
10) וויפל צאָלט איר דירע־געלט?
11) זײַנען בא אײַכ געווען קרענק־צופאלן איבער דער דירע?
12) באווינט איר אליין אײַער דירע אָדער איר האלט קוואר־טיראנטן?

13) וויפל יאָר ווינט איר אפ דער מאָלדאוואנקע?
14) צי קומט איר אָן צו די היגע צדאָקע־אנשטאלטן?

די ערשטע עטלעכע פארצייכענונגען, ווו ב. שאפיר האָט זיך געפלייסט צו געבן אן ענטפער בלויז אפ די פראגעס, וואָס די רע־דאקציע האָט אָנגעמערקט, זיינען ארויס רעפּאָרטיאָריש־טרוקן, אָן שום סימען פון קינסטלערישער שילדערונג, אָן יעטווידן פּרווו קינ־סטלעריש צו פאראלגעמיינערן די פארצייכנטע לעבן־דערשיינונגען. אָבער שוין גאָר אינגיכן הייבט ב. שאפיר אָן אפ א מער זעלבשטענ־דיקן אויפן צוגיין צו דעם מאטעריאל פון זיינע פארצייכענונגען, ער באנוגנט זיך שוין מער ניט מיט ריין־רעפּאָרטיאָרישער באשריי־בונג און שאפט פון זיינע „אָדעסער קעלער־שטיבער" אן אייגנאר־טיקן זשאנר פון טרעפלעכע קינסטלערישע מיניאטורן. דער דאָזיקער זשאנר האָט ב. שאפירן צו יענער צייט, אפּאָנעם, שטארק אימפּאָ־נירט. דאָס איז צו זען דערפון, וואָס ער הערט ניט אוף שרייבן אינעם זעלבן נוסעך אויך שפּעטער מיט א צייט, ווען די צייטונגס־קאמפאניע פאר בילִיקע דירעס איז שוין לאנג געווען פארענדיקט. אין יאָר 1915 דרוקט ער א סעריע פארצייכענונגען אונטערן אל־געמיינעם טיטל: „די יִדישע נויט אין אָדעס". גלייכצייטיק דערמיט דרוקט ער פון צייט צו צייט קליינע מיניאטורן מיט אן אלגעמיינעם אונטערקעפּל „אן אָדעסער בילדל".

אלע די דאָזיקע פארצייכענונגען האָבן זיך געשטעלט בלויז איין אופגאבע: געבן אין א קורץ־געפּרעסטער פאָרם א שילדערונג פונעם אָרעמען קעלער־לעבן.

אין יאָר 1918 מאכט שאפיר א פּרווו ארויסצוגעבן זיינע פאר־צייכענונגען אין א בוך־פאָרם, אונטערן נאָמען „קעלער־שטיבער". די מאטעריעלע רעסורסן פונעם פארלאג (דער פארלעגער איז, ווי עס זעט אויס, געווען אליין ב. שאפיר), זיינען אָבער געווען אזוי באשיידן, אז ב. שאפירס ביכל „קעלער־שטיבער" האָט געקאָנט האלטן בלויז זעכצן זייטלעך קליינעם פאָרמאט און האָט ארייגענומען ניט מער ווי פינף קליינע מיניאטורן.

די אלגעמיינע צאָל ב. שאפירס פארצייכענונגען איז גאנץ גרויס. אין זיין אווטאָביאָגראפישער נאָטיץ שרייבט ער, אז ער האָט „בא 150 קליינע דערציילונגען און בילדלעך פון דער יִדישער

אָרעמשאפט״. מעגלעך, ב. שאפיר האָט געהאַט דערבײַ אין זינען אויך די פאַרצייכענונגען, וואָס זײַנען אונטערגעשריבן מיט א וועלכן־עס־איז פסעוודאָנים, וואָס איז אונדז ניט באַוווּסט. פאַר אונדזער אויסגאַבע האָבן מיר זיך געניצט בלויז מיט די פאַרצײַכענונגען, וואָס זײַנען אונטערגעשריבן מיטן נאָמען: ב. שאפיר. אַזעלכע איז פאַראַן אומגעפער בא די זעכציק. אָפּגעקליבן האָבן מיר איינס און צוואַנציק. קיין האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון די פאַרצייכענונגען איז אין ארכיוו ניט פאַרבליבן.

---

ב. שאפירס „קעלער־שטיבער״ פירן אונדז אַרײַן אין א סוויווע, וואָס איז אין דער ייִדישער ליטעראַטור צו יענער צײַט ווייניק וואָס געווען פאָרגעשטעלט. אַלע שאפירס סקיצעס פון דער סעריע „קעלער־שטיבער״ האָבן צו טאָן מיט דער גרויסשטאָטי־שער אָפּ האַלב פּראָלעטאַריזירטער סוויווע. ס׳איז די סוויווע פון יע־נער „איבערפליסיקער באַפעלקערונג״, וועגן וועלכער עס שרײַבט ענגעלס אין זײַן בוך „די לאַגע פונעם ארבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד״.

„די ענגלישע אינדוסטריע — שרײַבט ענגעלס — דאַרף האָבן שטענדיק, מיטן אויסנאַם פון קורצע פּעריאָדן פון העכסטן אויפבלי, גאַנצע רעזערוון פון ארבעטלאָזע — — — — — אָט די דאָזיקע רעזערוון, וואָס וואַקסן אויס אומגעהייער אין די קריזיס־עפּאָכעס און באַטרעפן גאָר א היפּ־שע צאָל מענטשן אויך אין די פּעריאָדן, וועלכע מע קאָן אָנעמען פאַר עפּעס מיטעלעס צווישן אויפבלי און קריזיס — זיי בילדן עס די „איבערפליסיקע באַפעלקערונג״ אין ענגלאַנד. די דאָזיקע „באַפעל־קערונג״ בעטלט, גאַנוועט, קערט די גאַסן, קלײַבט צונויף דעם פערד־קויט, שלעפּט שווערע לאַסט אָפּ האַנט־וועגעלעך און אָפּ אייזלען, פאַרנעמט זיך מיט קליינהאַנדל און פאַרשיידענע צופעליקע דרויב־באַשעפטיקונגען אָפּ אונטערצוהאַלטן די קלאָגעדיקע עקזיסטענץ. אין אַלע גרויסע שטעט קאָן מען זען א מענגע אַזעלכע לײַט, וואָס יאָגן זיך נאָך פאַרשיידענע צופעליקע קליינע פאַרדינסטלעך און „לאָזן ניט די נעשאָמע זאָל זיך צעשיידן מיטן גוף״, ווי עס דריקן זיך אויס די ענגלענדער״.*

---

* ענגעלס: די לאַגע פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד, ז. 378.

אָדעס איז לויט איר לאַגע ערעוו דער אימפּעריאַליסטישער
מילכאָמע געווען ענלעך צו אַט די שטעט, וועגן וועלכע עס רעדט ענ־
געלס. ציילנדיק אין 1913־טן יאָר צווישן דער אַלגעמיינער באַפעל־
קערונג פון 650 טויזנט אײַנוווינער — 30 טויזנט אַרבעטער (צווישן
זיי אַ גרויסן טייל באַשעפטיקטע אין קליינע, האַלב־האַנטווערקערישע
אונטערנעמונגען), האָט אָדעס געהאַט גאַנץ גרויסע רעזערוו אַרבעט־
לאָזע, וואָס האָבן זיך באַזונדערס פאַרגרעסערט אין די יאָרן פון
אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, ווען אָדעס האָט אויפגעהערט פונק־
ציאָנירן אַלס האַנדל־פּאָרט.

שאַפּירס „קעלער־שטיבער“ שילדערן די גרויסשטאָטישע אָרעמ־
שאַפט אין דעם מאָמענט, ווען זי איז אַמערסטן געווען געשלאָגן
דורך אַרבעטלאָזיקייט. מיט אַרבעטלאָזע איז דאָ פול קימאַט יעדע
שטוב, יעדע פאַמיליע. מענטשן, וואָס האָבן פריִער געאַרבעט אין
ברויט־האַפן און מענטשן, וואָס האָבן געשטופּט איבער די גאַסן האַנט־
וועגעלעך, קוואַליפיצירטע פּאָרט־אַרבעטער און ווייניק דערפאַרענע גאַסן־
באַלמעלאָכעס, אַרבעטער פון קלענערע און גרעסערע פאַבריק־אונטער־
נעמונגען און אַלערליי שטעקעלעך־מאַכער, בלומען־מאַכערנס, טיי־אָפּ־
קלײַבערנס, שטיוול־פּוצער, דראָזשקאַרעס, פורגאָן־טרײַבערס — אַלע
ווערן זיי באַוויזן בײַ שאַפּירן אין גאַנג פון אַ שרעקלעכער עקאָנאָ־
מישער דעגראַדאַציע, אַלע געפינען זיך אין דער לאַגע פון „איבער־
פליסיקער באַפעלקערונג“.

דער פּראָצעס פון דעקלאַסירונג פאַרלויפט דאָ מיט אַ גוואַלדי־
קער אינטענסיווקייט. קוים־קוים וואָס עס לאָזט זיך אָנטאַפּן אַ וועל־
כער־עס־איז אונטערשייד אין דער לאַגע פון די, וואָס אַרבעטן,
און די, וואָס זײַנען אַרבעטלאָז. די אַרבעט — ניט זי איז געזיכערט,
ניט מע ווערט דורך איר געזיכערט: קיין עקזיסטענץ־מינימום איז זי
סײַוויסײַ ניט אימשטאַנד צו געבן.

אָט אַף דעם פּאָן ווערן געצייכנט די געשטאַלטן פון שאַפּירס
„קעלער־שטיבער“, זיי ווערן ניט געשילדערט אין זייער גאַנצן פאַר־
נעם, מיר באַקומען בלויז סילועטן, געצייכנט מיט קנאַפּע עטלעכע
שטריכן, אָבער אויך די איינצלנע שטריכן לאָזן דערקענען די סאָ־
ציאַלע נאַטור פון שאַפּירס „קעלער־שטיבער“־פאַרשוינען. דאָס אַל־
געמיין־כאַראַקטעריסטישע אין זיי איז דאָס, וואָס אַלע האָבן זיי

הינטער זיך א געוויסע ארבעט־דערפארונג. ווי ווײַט עס זאָל ניט גיין די דעקלאַסירטקײַט אין די „קעלער־שטיבער", טראָגט דאָך אין זיך די „קעלער־שטיבער"-סוויווע, אינגאנצן גענומען, אלע שטריכן פון א גרויסשטאָטישער האַרעפּאַשנער סוויווע, וואָס איז דורך לײַבלעכע פעדעם פארבונדן מיט דער פאבריק-זאוואָדישער ארבעטערשאפט. און דאָס ציט דורך א שארפע גרענעצ-ליניע צווישן שאפירס העלדן און די קאַנאָניזירטע העלדן פון דער גאנצער גרויסער „לופט-מענטש"־ליטע-ראטור, וואָס עס האָבן באשאפן מענדעלע, שאָלעם-אַלייכעם אאַ.

ניט אומזיסט האָט ב. שאפיר צווישן די קארגע הונדערט גע־שטאַלטן, וואָס גייען דורך אין דער גאנצער סעריע „קעלער-שטיבער" (אין אונדזער אויסגאבע ווערט געדרוקט בלויז א טייל פון דער סעריע) באוויזן סאכאקל איין „פריילעכן קאפּצן" — דעם ייִדן, וואָס האנדלט מיט אלטווארג און האלט אין איין שיטן מיט כאָכמעס און ווערטלעך. אין דער סוויווע, וואָס ב. שאפיר שילדערט אין די „קע-לער-שטיבער", איז דער „פריילעכער קאפּצן" גאָר ניט קיין טיפּישע פיגור. אין דער סוויווע לאָזט זיך זעלטן ווען הערן די בארעדעווי־דיקײַט פונעם קאסרילעווקער באל-ביטאָכן, וואָס הערט ניט אוף טרוי־מען צו ווערן ווען־עס־איז א ראָטשילד. פאר די פארשוינענע פון די „קעלער-שטיבער" איז מער כאראקטעריסטיש גראָד די אײַנגע־שפּארט-שווײַגנדיקע פארצאָרנטקײַט, די פארשטיקט־אײַנגעהאלטענע פארביסנקײַט, אין וועלכער עס הערט זיך א געוויסע פּראָטעסט־שטים, א געוויסער — דערווײַל נאָך פּאסיווער — ווידערשטאנד.

„מיר ווילן ניט וויסן פון אײַך און לאָזט אונדז געמאך! — שרײַט אויס דער עלטערער ייִד פון דער „וואָלפן־בערלאָגע".

זײַן פרוי, די אלטע ייִדענע, וואָס זינקט מיט די אייניקלעך אין קויט און שמוץ, איז געשטימט פונקט אפן זעלבן אופן.

— איר נייטיקט זיך עפשער אין א דאָקטער... אין שטיצע... הייב איך ווידער אָן. אָבער די אלטע לאָזט מיך ווײַטער ניט ריידן און צעבייזערט זיך:

— ווער בעט אײַך? גייט אײַך געזונטערהייט און לאָזט אונדז צורו!..

דאָס פּאָרפּאָלק פון דער מיניאטיור „וואָס ווער פון אונדז ווערן" איז געשטימט ניט ווייניקער בייז.

— מיר דאַרפֿן ניט אײַערע צײַטונגען! לאָזט אונדז צורו! — שרײַען זיי אויס, ווען שאַפּיר קומט אַרײַן צו זיי אין „קעלער".

די יונגע פּרוי פֿון „זאָלן זיך אַנדערע שעמען"* רעדט אויך, ווי שאַפּיר שטרײַכט אונטער, „מיט אַ ברוגזן טאָן". זי פּרוּווט לייקענען שטיין און ביין, זי נייטיקט זיך ניט אין קיינעמס הילף, זאָגט זי. און אַז מע שטייט שוין צו איר צו גאָר פֿעסט, פּלאַצט זי אויס מיט אַן אויסגעשריי:

„איך וויל ניט, מע זאָל מיך באַשרײַבן אין די גאַזעטן. גיין אופֿדעקן מײַנע ווונדן פֿאַר יענעם וויל איך ניט. און מײַן מאַן וועט עס אויך ניט דערלאָזן. ווער זײַנען מיר די יענע און וואָס וועלן מיר די יענע העלפֿן, ווען זיי וועלן שוין לייענען וועגן מיר אין די גאַזעטן?"

דער שאַרפֿער ווידערווילן צו „די יענע", ד. ה. צו דער „ווילטע-טיקער" ייִדישער בורזשואַזיע דרינגט דורך אַלע איבערלעבונגען פֿון דער אָרעמשאַפֿט, וואָס ב. שאַפּיר שילדערט.

„איר וואָלט זיך עפּשער ווענדן צו דער היגער געזעלשאַפֿט „גמילאס-כעסעד" — פֿרעגט שאַפּיר בײַ דעם ייִדן, וואָס גרייט זיך פֿון מינוט צו מינוט אָפּפֿאָרן קיין אַמעריקע און נייטיקט זיך דערבײַ גאָר אין אַ קליינער שטיצע.

— עט, פֿאַר אַנדערע די גליקן! — האָט דער ייִד אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — איך וועל זיך שוין אַן אייצע געבן אָן זיי"...

ווען מע הערט זיך אײַן אין אָט די שטימען, ווערט קלאָר די אייגנאַרטיקע פֿונקציע, וואָס עס האָט געהאַט מיט זײַנע „קעלער-שטיבער" ב. שאַפּיר, וואָס איז געגאַנגען אין די קעלער-שטיבער מיט אַן אָפּיציעלער שליכעס פֿון דער בורזשואַזער צײַטונג „אונדזער לעבן". די ייִדישע בורזשואַזיע, וואָס האָט אין אירע קלאַסעווע אינטערעסן אַזוי הילכיק געקלאַפּט מיט דער צדאָקע-פּושקע, אַזוי ברייטלעך געדעקלאַמירט: „ייִדיש האַרץ, עפֿן זיך!" און איז — פֿון אירע אינטערעסן וועגן, פֿאַרשטייט זיך — גרייט געווען צו שיקן ב. שאַפּירן באַשרײַבן די קעלער-שטיבער — די זעלבע בורזשואַזיע האָט איצט דורך שאַפּירן

* „אונדזער לעבן" 1915, נומ. 19.

געמוזט באקומען א גרוס, אפ וועלכן זי האָט זיך ווייניקער פאר אלץ געריכט.

„וואָס נידעריקער עס איז אין דעם אונטערדריקטן קלאס דער ניוואָ פון זיינ באוווסטזיניקן באנעמען זייַן אונטערדריקטקייט, וואָס נידעריקער עס איז דער ניוואָ פון זיינע פאָדערונגען בענעגייע די אונטערדריקער, אלץ מער געפינען זיך צווישן די פארמעגלעכע קלאסן מענטשן, וואָס זיינען געניגט צו ווילטעטיקייט“... *

די יידישע בורזשואזיע האָט מיט איר ווילטעטיק-עקספלואטא-טערישער פראקטיק שטענדיק באשטעטיקט די ריכטיקייט פון אָט דער לענינשער פאָרמולירונג. די יידישע בורזשואזיע האָט דערפאר אויך אזוי גערן מיטגעהאָלפן צו קולטיווירן דעם „פריילעכן קאפצן“ סיי אין ליטעראטור סיי אין לעבן: די ווערטלזאָגעריי פונעם „פריילעכן קאפצן“ איז אלעמאָל געווען דער בוילעטסטער באווייז, אז אין דער סוויווע פון אָט דעם „פריילעכן קאפצן“ איז דער גראד פון באוווסטזיניקן באנעמען איר אונטערדריקטקייט — א נידעריקער, און פונקט אזוי נידעריק איז דאָ אויך דער גראד פון אירע פאָדערונגען בענעגייע די אונטערדריקער. ב. שאפירס „קעלער-שטיבער“ האָבן גע-בראכט דעם גרוס, אז עס שטארבט אָפּ, עס איז שוין קימאט ווי אָפּגעשטאָרבן אין דער יידישער האָרעפּאשנער סוויווע די פסיכאָ-לאָגיע פונעם „פריילעכן קאפצן“. אָנשטאָט דעם „פריילעכן קאפצן“ האָט זיך אין שאפירס „קעלער־שטיבער“ אופגעהויבן די געשטאלט פון דעם פאראקשנט-שווייַגנדיקן יידן, וואָס האלט בא „קרייני“ און וואָס ביאליק מיט שערעשעווסקין קאָנען פון אים א וואָרט ניט ארויסבאקומען. דער שוידערלעכער עקסצעס מיט דעם העלד פון „ניט געוואָלט לעבן“, וואָס האָט זיך אליין אופגעשטאָכן דעם בויך, האָט נאָך מער איידעס געזאָגט, ווי שטארק עס איז אין דער „קע־לער־שטיבער“-סוויווע דער אָנוואקסנדיקער צאָרן, דער פון טאָג צו טאָג שטייַגנדיקער סאָציאלער פראָטעסט. ב. שאפיר האָט, קומענ־דיק פון די „קעלער־שטיבער“, געבראכט דעם גרוס, אז דאָרט, איי־נעם שרעקלעכן שמאכן, אין דער שוידערלעכער נויט, ווו קוים וואָס מע „לאָזט ניט די נעשאָמע זאָל זיך צעשיידן מיטן גוף“ — גראָד

* לעניג: ווערק, ב. V, זייט 90, אויסגאבע 1924.

דאָרט הערט זיך פון שטוב צו שטוב איין-און־דערזועלבער אויסרוף: „מיר ווילן פון אײַך ניט וויסן! לאָזט אונדז צו רו!" און אמאָל טרעפן זיך שוין דאָרט אפילע אזעלכע, וואָס זײַנען גרייט צו באגיינ זיך „אָן זיי", ד.ה. אָן די „ליבעראלע" פאָרשטייער פון דער קאפּי-טאליסטישער געזעלשאפט, וואָס שטויסט די „קעלער־שטיבער"־אײַנ-ווינער נאָך טיפער און טיפער צו גרונט.*

---

ניט אָפּשטעלנדיק זיך געגויער אַף דעם פּעריאָד, ווען די „קע-לער־שטיבער" זײַנען געשאפן געוואָרן — וועגן דעם וועט אונדז נאָך אויסקומען צו ריידן אינעם צווייטן באנד שאפּירס ווערק — מוז מען דאָך באמערקן, אז די סעריע „קעלער־שטיבער" טראָגט אַף זיך דעם בוילעטן שטעמפּל פון דער צײַט, ווען ב. שאפּיר האָט זי געשריבן. די „קעלער־שטיבער" זײַנען געשריבן אין די יאָרן, ווען עס האָט זיך שוין געקאָנט דאכטן, אז ב. שאפּיר איז אינגאנצן אַן אויסגעשעפּטער שרײַבער, אַ אָנמעכטיק־דערשלאָגענער „פּעדערשקלאַפּ" אין דער גראָשנדיקער, ציִעניסטיש-באלעבעסלדיקער פּרעסע און ניט מער. די יאָרן 1913—1915, ווען שאפּיר האָט געשריבן זײַנע „קע-לער־שטיבער", האָבן באוויזן, אז ער קאָן נאָך אלץ צו זיך ניט קו-מען פון די שווערע רעאקציע־יאָרן, וואָס האָבן אונטערגעריסן זײַן גלויבן אין זיך, און אין דער זאך, וואָס ער טוט.

אין יענע שווערע רעאקציע־יאָרן, ווען די ליטעראטור איז פול געוואָרן מיט אלערליי רענעגאטן-שטימונגען, אינטעליגענטישער פאר־צווייפלונג און אגרעסיוו־רעאקציאָנערן נאציאָנאליזם, וואָס האָט גע־רופן „צוריק אין שול אריין" — אין יענע יאָרן האָט שאפּיר אָנגעוואָרן דעם שטײַפן, אקטיוו־טעטיקן אָפּטימיזם זײַנעם, די „ווויליונגישע פאר־שײַטקײַט" זײַנע. אַן אונטערגעריסענער, אַ פוּלשטענדיק צעבראָכע־נער האָט ער צו דער צײַט געשריבן:

כ׳זיץ אליין אין טיפער שטילקײַט,
מיט דער נאכט צוזאמען, שטיל.

---

* אין דעם פּראט שטעלט פאַר די סעריע „קעלער־שטיבער" אַ באדײַטנדיקן שריט פאָרויס אין פאַרגלײַך מיט דער דערציילונג „אוורעמל דער שוסטער". וועגן דעם — אין אַן אנדער אָרט.

כ׳טראכט א סאַך און טראַכט פון גאָרניט,
כ׳וויל, און ווייס ניט, וואָס איך וויל...

טרערן... זיפצן... ניין, איך וויין ניט!
נאָר דאָס האַרץ מיר עפּעס נאָגט.
און איך כאַפּ א קוק אין פענצטער
אַלע ווײַלע, צי עס טאָגט...

מער ווי כאַפּן אַלע ווײַלע א קוק אין פענצטער, מער ווי פּאַסיוו אַרויסקוקן אַף דעם „טאָג", וואָס וועט מאַכן א סאָף צו דער רעאַקציע, איז שאַפּיר ניט געווען אימשטאַנד. ער איז ניט געווען אימשטאַנד צו באַנעמען די רעוואָליוציאָנערע סטימולן, וואָס האָבן באַהאַלטענערהייט געטליִעט אין דער גרויסשטאָטישער אָרעמשאַפט אין די יאָרן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און האָבן אין אַזא פלאַם זיך צעצונדן מיט איין פּאָר יאָר שפּעטער, ווען דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־קלאַס האָט גענומען פירן אָט די אָרעמשאַפט צו די גרויסע שלאַכטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

ב. שאַפּירס סעריע „קעלער-שטיבער" האָט געקאָנט ווערן דאָס ווערק, וואָס זאָל ווײַזן דעם גאַנצן צושטאַנד פון דער גרויסשטאָטישער אָרעמשאַפט אַפן שוועל פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, ווײַזן, ווי די גרויסשטאָטישע אָרעמשאַפט האָט פון טאָג צו טאָג געריסן די פּענטעס פון קליינבירגערלעכע פּאָרורטיילן און געגרייט זיך צו די שלאַכטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. ב. שאַפּירס „קעלער-שטיבער" זײַנען אַזא ווערק ניט געוואָרן.

שילדערנדיק די גרויליקסטע בילדער פון דער דערשטיקטער און דערוואָרגענער קעלער-סוויווע, באַווײַזנדיק, ווי עס איז געוואָקסן דאָ דער בלינדער צאָרן פון די מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן בא „קרײַני", — האָט שאַפּיר דאָך ניט אַלץ דערזאָגט, ער האָט ניט אַלץ אין אָט דער סוויווע געזען און ניט אַלץ באַוויזן.

„בא די רייד האָט דאָס מיידל דעם פּאָנעם אין א זײַט אָפּגעווענדט" — דערציילט שאַפּיר וועגן איינעם א פאַל, בעשאַס אים איז אויסגעקומען הערן, ווי אַן עלטערע פרוי מאָלט אויס, אין דער אָנווועזנהײַט פון איר טאָכטער, א פאַבריק־אַרבעטערן, דאָס שווערע לעבן זייערס. *

* „אונדזער לעבן", 1914, נומ 23.

דאָס זעלבע לאָזט זיך זען אויך אין אַלע איבעריקע פאַלן, ווען שאַפּירן קומט אויס אין די „קעלער-שטיבער" שילדערן די שטוב פון אַ מער־ווייניקער קוואַליפיצירטן פאַבריק-אַרבעטער. אַלע אָט די אַרבעטער טרעטן אויף בײַ שאַפּירן „דעם פּאָנעם אָן אַ זײַט אָפּגע-ווענדט", אַלע שווײַגן זיי, אַלע זײַנען זיי פאַרשטעלט און פאַרהוילן פון שאַפּירס בליק. צוגייענדיק צו זיי נעענטער, באַגעגנט ער זיך מיט זיי פּאָנעם-על־פּאָנעם — אָט ווי ער פלעגט זיך צוזאַמענטרעפן מיט די אַרבעטער־געשטאַלטן אין זײַנע פאַבריק-דערציילונגען פונעם פע-ריאָד 1907—1905, האָט שוין שאַפּיר איצט, אפן שוועל פון דער אָק־טיאַבער־רעוואָלוציע, ניט געוואַגט. שאַפּיר איז אין גאַנג פון די רעאַקציע-יאָרן, די יאָרן פון זײַן שווערסטער יערידע, אָפּגעשטאַנען ניט בלויז פון דעם פּראָגרעסיווסטן אַרבעטער, ווי זעליקל קאָדעט, דאָווידל באָמביסט (אין דער דערציילונג „אַ פרעמדער"), נאָר אויך פונעם דורכשניטלעכן אַרבעטער. אָפּגעריסן פון אָט דער אַרבעטער־סוויווע, וואָס האָט אים דערצויגן אין די יאָרן אַרום 1905, האָט שאַפּיר איצט ווייניקער געוווּסט און ווייניקער פאַרשטאַנען דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין דער געדיכטער מאַסע פון די פאַבריק-אַרבעטער. האָט זיך דעריבער אין דער סעריע „קעלער-שטיבער" געלאָזט הערן בלויז אַ ווײַטער, גאָר ווײַטער אָפּקלאַנג פון יענע וויכטיקע סאָציאַלע פּראָצעסן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין דער אַרבעטער-סוויווע אין די יאָרן ערעוו און אין גאַנג פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, עס האָט זיך דאָ געלאָזט פילן בלויז אַ ווײַטער, גאָר ווײַטער אָפּגלאַנץ פון דעם זעלבסטבאַוווּסטזײַן, וואָס האָט דערוואַכט אין דער גרויס־שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט אין די יאָרן, ווען דער אַרבעטער־קלאַס האָט שוין געזאַמלט זײַנע קרעפטן צו דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

און דאָס באַשטימט שוין סײַ דעם כאַראַקטער סײַ דעם אַלגע־מיינעם, גאַנץ באַשיידענעם ווערט פון שאַפּירס „קעלער-שטיבער".

---

א װ אָ ל פ ן - ב ע ר ל אָ ג ע — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 6) אין דער סעריע „אָדעסער קעלער־שטיבער". איבער־געדרוקט אָן שום ענדערונגען אין ב. שאַפּירס ביכל „קעלערשטיבער".

פ א ר א נ ד ע ר ע ד י ג ל י ק ן — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 8) אין דער סעריע „אָדעסער קעלער־שטיבער".

א פארפוצטער דאלעס — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1913 (נומ. 19) אין דער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

וואָס וועט פון אונדז ווערן? — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1913, נומ. 23 אין דער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

ניט געוואָלט לעבן — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1915, נומ. 36.

וואָס וויינט די מאמע? — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 29) אין דער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

אפ דער עלטער — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1915, נומ. 212.

פון היימלעכקייט וועגן — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 28) אין דער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

ווייל איז דער מאמען אונ גוט איז איר — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914, נומ. 25 אין דער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

א „גליקלעכע" פאמיליע — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914, נומ. 2 אין דער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

א גרויסע פאמיליע מיט גרויסע צאָרעס — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 30) אין דער סעריע „אָדע-סער קעלער-שטיבער".

אונ דאָך לעבן זיי אונ זיי האָפן — געדרוקט אין אונ-דזער לעבן" פון יאָר 1914, 81 סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער".

א כאָסן — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1915 (נומ. 87) מיטן נאָמען „מאָלדאוואנקער כאסאנים" (אן אָדעסער בילדל). בייסן איבערדרוקן אינעם ביכל „קעלער-שטיבער" האָט ב. שאפיר געמאכט בלויז גאָר אומבאדייטנדיקע ענדערונגען.

די ענדערונגען זיינען אָבער כאראקטעריסטיש דערמיט, וואָס זיי באווייזן, ווי ב. שאפיר באמיט זיך באם צוגרייטן די פארצייכענונג צו דער צווייטער אויסגאבע, פארשטארקן די שילדערונג, צוגעבנדיק נייע קינסטלערישע דעטאלן.

א „קאלע" — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 14). איבערגעדרוקט אָן שום ענדערונגען אין ב. שאפירס ביכל „קעלער-שטיבער".

צוויי מיידלעך — געדרוקט „אין אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נומ. 4) אין זײַער סעריע „אָדעסער קעלער-שטיבער". בײַסן איבער־דרוקן די פאַרצײַכענונג אין זײַן ביכל „קעלער־שטיבער", האָט ב. שאַפּיר אַראָפּגענומען די ערשטע שורע, וואָס איז געשטאַנען אינעם צײַטונג־טעקסט: „אַפּ מיאַסאָיעדעווסקע גאַס".

אַ פּרײַלעכער קאַפּצן — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1914 (נ. 5). בײַסן איבערדרוקן די פאַרצײַכענונג אין דעם ביכל „קעלער־שטיבער" האָט ב. שאַפּיר אָפּגעוואָרפן די פאָלגנדיקע שלוס־שורעס, וואָס זײַנען געווען אינעם צײַטונג־טעקסט:

„איך געזעגן זיך אָפּ און לאָז מיך אוועקגיין.

קאַלמען גייט מיר נאָך און זאָגט מיר אָפן אויער:

— איר הערט, ווען די אָדעסער גווירים וועלן זיך נעמען בויען די ביליקע דירעס אַפּ דער מאָלדאַוואַנקע, זאָלט איר, איך בעט אײַך, אין זינען האָבן מײַנע קינדער און קינדסקינדער, ווײַל איך מיין, אַז איך מיט מײַן ווײַב וועלן שוין ניט דערלעבן צו דער געבענטשטער צײַט פון די ביליקע דירעס"...

ער האָט געשפּילט — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" פון יאָר 1915 נומ. 42.

קאָמעדיאַנטן — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" אין יאָר 1915 (76) מיט אַן אונטערקעפּל: „אַן אָדעסער בילדל".

אַן אָנגעלייגטער גאַסט — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" אין יאָר 1915 (נומ. 57).

„הײַנטיקע צײַטן" — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" אין יאָר 1915 (נומ. 86) מיט אַן אונטערקעפּל „אַן אָדעסער בילדל".

אונטער איין דאַך — געדרוקט אין „אונדזער לעבן" אין יאָר 1915 (נומ. 22) מיט אַן אונטערקעפּל „אַן אָדעסער בילדל".

## דראַמאַטישע פּרוּוון

### אורעמל דער שוסטער גייט מיט די האַקאָפּעס (337)

געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „גוט מאָרגן" פון יאָר 1911 (נומ. 526, 527, 528). אַ האַנטשריפטלעכע קאָפּיע געפינט זיך אין

אַרכיוו. געשריבן, ווי עס שײַנט, אין יאָר 1909, ווען ב. שאַפּיר האָט געמאַכט פֿאַרשיידענע פּרוּוון צו אײַנסצענירן זײַן דערציילונג „אוּרעמל דער שוסטער" אין פּערעץ הירשביינס טעאַטער. * אויסער דער אײַנאַקטי־קער אײַנסצענירונג פֿון דער דערציילונג „אוּרעמל דער שוסטער" איז פֿאַראַן נאָך אַ דרײַאַקטיקע, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען געדרוקט. אַ האַנטשריפֿטלעכער עקזעמפּליאַר פֿון דער דרײַאַקטיקער פּיעסע „אוּר־רעמל דער שוסטער" געפֿינט זיך אין אַרכיוו.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער דערציילונג „אוּרעמל שוסטער" איז זי צום ערשטן מאָל דערשינען נאָך אין יאָר 1906 אין דער אָדעסער צײַטונג „אָדעסער פֿאָלקסבלאַט" (נומ. 4, 5), אונטערגעשריבן י. פּאַס־טאָווסקי.

דער צווייטער וואַריאַנט פֿון דער דערציילונג באַווײַזט זיך אויף די שפּאַלטן פֿון דער צײַטונג „אונדזער לעבן" — סאָף 1907. אין דעם וואַריאַנט, וואָס איז אַ סאַך רייפֿער, ווערט די דערציילונג באַ־דײַטנדיק פֿאַרגרעסערט. עס ווערט דאָ וועזנטלעך געענדערט די שילדערונג פֿון דעם פֿאַבריק־מיידל, דעם שוסטערס טאָכטער, עס ווערט אויך מער אַנטוויקלט די שילדערונג פֿון אוּרעמל דעם שוסטער גופֿא.

„די אָפּעראַציע" (353)

די פּיעסע „די אָפּעראַציע" געהער צו דעם פּעריאָד אין שאַפּירס ליטעראַרישער טעטיקײַט, וואָס וועגן אים האָבן מיר אַמווייניקסטנס ידיעות. ס'איז די יאָרן 1916 — 1922, וואָס זײַנען פֿאַרגעשטעלט אין שאַפּירס אַרכיוו מיט גאָר ווייניק מאַטעריאַלן. צי האָבן מיר דאָ צו טאָן בלויז מיט אַ דעפֿעקט פֿונעם שאַפּיר־אַרכיוו, אָדער דאָס זאָגט אײדעס, אַז שאַפּיר איז אין דעם פּעריאָד 1916 — 1922 גאָר ווייניק געווען באַשעפֿטיקט מיט ליטעראַרישער אַרבעט — איז אונדז ניט באַ־וווּסט. פֿון די מאַטעריאַלן אינעם שאַפּיר־אַרכיוו לאָזט זיך זען, אַז אויף דער זעלבער טעמע, ווי די פּיעסע „די אָפּעראַציע", האָט שאַפּיר אָנגעשריבן אויך אַ צווייטע פּיעסע מיטן נאָמען „רענטגען־שטראַלן". וועלכע פֿון די צוויי פּיעסעס איז געשריבן פֿריִער קאָן מען פֿעסט־

* די ערשטע אויפֿירונג פֿון ב. שאַפּירס „אוּרעמל דער שוסטער" אין הירשביינס טעאַטער איז פֿאָרגעקומען דעם 18 נאָיאַבער 1909 אין אָדעס.

שטעלנ, ווענ מע באקענט זיכ מיטנ אינהאלט פונ די צוויי פיעסעס. *

דאָס געמיינזאמע אינ די צוויי פיעסעס — „די אָפעראציע“ אונ „רענטגענ־שטראלנ“ — באשטייט דערינ, וואָס ביידע ניצנ אויס דעמ עפיזאָד מיט ארויפגעשלונגענע ציינ, אינ ביידע פיעסעס קומט פאָר די האנדלונג אינ דער שטוב פונ א רײַכנ קאָנסערווג־פאבריקאנט, א מעגושעמדיק־פארדאָרבענעמ מענטשנ, וואָס האָט זײַנ גאנצ לעבנ אָפּגעגעבנ אפ באטרוג אונ שווינדל, האָט פארשקלאפט זײַנ געהיימע געליבטע, פריידע, וועלכע לעבט, פארשטעלט פאר א דינסט, בא אימ אינ שטוב, האָט פארטריבנ פונ זיכ דעמ „אומגעזעצלעכנ“ זונ, וואָס ער האָט געהאט פונ פריידענ (פונקט אזוי, ווי ער האָט פארטריבנ אויכ די קינדער פונ זײַנ „געזעצלעכער“ פרוי אנעטא), האָט געשאפנ ארומ זיכ אנ אטמאָספער פונ פארביטערטער סינע אונ פאלט אליינ א קאָרבנ פונ אָט דער סינע, ווענ עס רוקט זיכ אָנ אפ אימ א געפאר.

אויב, ניט געקוקט אפ אָט דער געמיינזאמקײַט פונ דער פאבולע, לאָזט זיכ דאָכ זאָגנ, אז „רענטגענ־שטראלנ“ אונ „די אָפעראציע“ זײַנענ צוויי פארשיידענע פיעסעס, איז עס דערפאר, ווײַל אינ גרונט פונ אָט די פיעסעס ליגנ צוויי דורכויס פארשיידענע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע אײַנשטעלונגענ.

די פיעסע „רענטגענ־שטראלנ“ שילדערט די צײַט פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, ווענ די בורזשואזיע לעבט אינ דעמ הי־

---

* אינ דער אווטאָביאָגראפישער נאָטיצ, וואָס שאפיר האָט געשריבנ אינ נאָיאבער־כוידעש 1921 פיגורירט בלויז די פיעסע „רענטגענ־שטראלנ“. די פיעסע „די אָפעראציע“ ווערט דאָ אפילע ניט דערמאָנט. צי זאָל עס באדײַטנ, אז די פיעסע „די אָפעראציע“ איז געשריבנ געוואָרנ אינ דעמ קורצנ פעריאָד צווישנ נאָיאבר 1921 אונ פרילינג 1922 (דער צײַט פונ שאפירס טויט)? אָדער דאָס לאָזט זיכ דערקלערנ בלויז דערמיט, וואָס די אווטאָביאָגראפישע נאָטיצ איז ביכלאל פול מיט אומפינקטלעכקײַטנ? אייגע אזא אומפינקטלעכקײַט איז אגעוו, נעגייע דער פראגע, צי איז די פיעסע „רענטגענ־שטראלנ“ ווענ־עס־איז געווענ געדרוקט. אינ זײַנ אווטאָביאָגראפישער נאָטיצ גיט שאפיר אָנ, אז די פיעסע „רענטגענ־שטראלנ“ איז דערשינענ אינ דער אויסגאבע פונעמ אָדעסער גובערניאלנ אָפטייל פונעמ מעלוכע־פארלאג. ווי ווײַט אונדז איז באוווסט, איז די פיעסע „רענטגענ־שטראלנ“ אינ דער עפנטלעכקײַט קיינמאָל ניט דערשינענ. די פיעסע איזווירקלעכ געווענ אָנגענומענ צומ דרוק, זי איז אפילע אויסגעזעצט געוואָרנ, דער זאצ איז אָבער פארלאָרנ געגאנגענ אונ די פיעסע איז צו דער עפנטלעכקײַט ניט דערגאנגענ.

ציקן אושוִיאָטאוזש פֿון פֿארשיידענע מילכאָמע־ספעקוליאַציעס. פּישמאַנ, דער הויפּט־העלד פֿון דער פּיעסע, האָט צו טאָן מיט דער „אינטענ־דאַנטסטווע", די פּריוואַטע זאַכע, דער ציינדאָקטער וואַנער און זײַנ פֿרוי, ספּעקולירנ מיט אקציעס, ברילײאַנטנ. אָט־אָ דער כאראקטעריס־טישער מילכאָמע־קאָלאָריט דרינגט דורכ אלע עפּיזאָדנ פֿונ דער פּיע־סע „רענטגענ־שטראַלנ".

דעמ אווטערס צוגאנג צו די הויפּט־פּיגורנ פֿונ „רענטגענ־שטראלנ" איז אנ אויסגעשפּראָכנ־סאַטירישער, דאָס ווערט באַזונדערס אונטערגעשטראָכנ דורכנ גראָטעסקישנ פֿינאַל פֿונ דער פּיעסע, ווענ די ציינ ווערנ געפֿונענ אינ א ציכ, אונ דער גאַנצער אוילעמ, מיט די „בארימטע" דאָקטוירימ (וועלכע ספּעקולירנ אפֿ דער ארומיקער אומוויסנקײַט) איינײַנעמ בלײַבנ שטיינ, ווי די אווטערשע רעמארקע זאָגט, „מיט ברייט געעפֿנטע אויגנ אונ אָפֿענע מײַלער אינ זייער קאָ־מישע פּאָזעס". אינ דעמ פּראַט, קאָנ מענ זאָגנ, האָט שאַפּירס צו־גאַנג צו דער שילדערונג פֿונ דער בורזשואַזער סוויווע א סאַכ גע־מיינזאַמעס מיט שאָלעמ־אלייכעמס צוגאַנג צו סענדער בלאַנקנ. דער קאָנסערוונ־פֿאבריקאַנט פּישמאַנ ווערט געצוימענ אינ אזא מאָמענט, ווענ עס דראָעט אימ א טויט־געפֿאר, באַמ שײַנ פֿונ אָט דער טויט־געפֿאר טרעט ארויס גאָר בוילעט די פֿארקריפּלטקײַט אונ פֿארדאָרבנ־קײַט פֿונעמ פֿאבריקאַנטס שטוב, עס ווערנ פֿארקניפּט א סאַכ קלע־נערע אונ גרעסערע שטוב־קאָנפֿליקטנ אונ אלע ווערנ זיי מיטאַמאָל, — אפֿ א גראָטעסקישנ אויפֿנ — אופּגעלייזט, ווענ עס ווײַזט זיכ ארויס, אז די טויט־געפֿאר איז פֿארבײַ אונ דער הויפּט־העלד קערט זיכ אומ צוריק צומ געוויינלעכנ לעבנ.

דאָס איינציקע, מיט וואָס שאַפּירס פּיעסע „רענטגענ־שטראַלנ" וואָלט געקאָנט זיכ אונטערשיידנ פֿונ אנדערע ענלעכע פּיעסעס אינ דער בײַזאָקטיאַבערדיקער ליטעראַטור, איז די געשטאַלט פֿונעמ אר־בעטער זלאַטקינ, וואָס פֿיגורירט בא שאַפּירנ. אָבער די געשטאַלט פֿונעמ ארבעטער, וואָס קומט צומ פֿאבריקאַנט אינ שטוב מאָנענ זײַנ ארבעטלוינ, איז געגעבנ בלויז ווי פֿארבײַגייענדיק. קיינ שום אָרט אינ דער אנטוויקלונג פֿונ דער פּיעסע פֿארנעמט דער ארבעטער ניט. דאָס איינציקע, אינ וואָס עס דריקט זיכ אויס זײַנ פּראָטעסט, איז די רעפּליקע:

**זלאטקין**: נישקאָשע... די אינטענדאנטסטווע האָט דיר געלאָזט גריסן... מיט די פארפוילטע קאָנסערוון... נישקאָשע... איך וועל זײַן אַן אײדעס אין געריכט...

ווײַטער פון אָט דער רעפּליקע איז דער ארבעטער אין דער פּיעסע „רענטגענ־שטראַלן" נאָך ניט אימשטאנד צו גיין, ווײַטער פון דעם גייט נאָך צו דער צײַט אויך ניט דער אווטער. אין זײַן שילדערן דעם ארבעטער פילט זיך נאָך לאַכלוטן ניט די דערפארונג פון א שרײַבער, וואָס האָט דורכגעמאכט עטלעכע יאָר פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. די געשטאלט פונעם ארבעטער זלאטקין איז ניט געקוקט אף דעם מעכאבערס סימפּאטיעס צו אים, דאָך ניט מער ווי אַן עפּיזאָדישע פיגור, וואָס ענדערט לאַכלוטן ניט די פּאָרשטעלונג וועגן דער סוויווע פון די פישמאנס און די ווײַנערס, ווי וועגן א פעסט־אײַנגעפונדעוועטן, עקאָנאָמיש געזיכערטן און מאכטהאָבנדיקן סאָציאַלן שיכט.

ווען זשע האָט געקאָנט געשריבן ווערן אָט־אָ די פּיעסע „רענטגען־שטראַלן"? צי לאָזט זיך אָננעמען, אז זי איז געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1920—1921, ד.ה. צו דער זעלבער צײַט, ווען שאפיר האָט געשריבן זײַן פּיעסע „די אָפּעראַציע"? אונדז דאכט זיך, אז דאָס איז ווייניק ווארשײַנלעך. אונדז דאכט זיך, אז ס'איז אומעגלעך, שאפיר זאָל צו איין און דער זעלבער צײַט שרײַבן אָט די צוויי פּיעסעס, וואָס אין גרונט פון זיי ליגן דורכויס־פארשיידענע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע אײַנשטעלונגען. שרײַבן א פּיעסע „רענטגען־שטראַלן", וווּ די בורזשואַזיע ווערט געשילדערט, ווי א פעסט־געזיכערטער מאכטהאָבנדיקער סאָציאַלער שיכט אָן שום אָנצוהערעניש דערויף, אז צו אָט דער מאכט מוז אָט־אָט קומען א סאָף, און גלײַכצײַטיק דערמיט שרײַבן א צווייטע פּיעסע „די אָפּעראַציע", וואָס איז ספּעציעל געווידמעט דעם היסטאָרישן סאָף פון דעם זעלבן סאָציאַלן שיכט, זײַן פולשטענדיקע ליקווידירונג, וואָס עס האָט געבראכט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע — שרײַבן צו איין אין דערזעלבער צײַט צוויי אזעלכע פּיעסעס האָט שאפיר, נאָך אונדזער מיינונג, ניט געקאָנט. גיכער פאר אלץ איז די פּיעסע „רענטגען־שטראַלן" געשריבן נאָך אין די יאָרן 1915—1916, ווען די אײַנדרוקן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע זײַנען נאָך געווען גאָר פריש, ווען די מילכאָמע האָט גאָר

שטאַרק פאַרשאַרפט די קלאַסן־סטירעס אין דער אַרומיקער סוויווע און שאַפיר האָט באַקומען דעם כיישעק צום ערשטן מאָל געבן אַ סאַטירישע שילדערונג פון דעם בורזשואַזן שטוב־שטייגער אין אַ קליינער סקיצע „אונטער איין דאַך“ (פון דער סעריע „קעלער־שטיבער“). די פּיעסע „רענטגען־שטראַלן“ האָט, קאָנטיק, געזאָלט געבן בלויז אַ פאַרברייטערונג פון אָט דער שילדערונג, אָבער קלאָר ניט קיין פאַרענדערונג אין טאָן. ערשט מיט אַ צייט שפּעטער, ווען די דערפאַרונג פון די רעוואָלוציע־יאָרן האָט אויסגעלערנט שאַפירן גאָר אַנדערש באַנעמען די הויפּט־פיגורן פון דער פּיעסע „רענטגען־שטראַלן“, ווען אין שאַפירס ליטעראַרישער טעטיקייט מערקט זיך אָן אַ געוויסער שטרעבן צו אידעאָלאָגישער איבעראָריענטירונג — ערשט דעמאָלט האָט שאַפיר זיך גענומען אַפּסנײַ אַרבעטן אַף די מאַטעריאַלן פון דער פּיעסע „רענטגען־שטראַלן“ און דעמאָלט איז עס אָנגעשריבן געוואָרן די פּיעסע „די אָפּעראַציע“.

---

אופשטעלן דעם גאַנצן טעקסט פון דער פּיעסע „די אָפּעראַציע“ איז דערווײַל, באַם איצטיקן צושטאַנד פון די מאַטעריאַלן, ניט מעגלעך. לעהייפּעך צו דער פּיעסע „רענטגען־שטראַלן“, וואָס איז דערגאַנגען צו אונדז גאַנצערהייט, איז די פּיעסע „די אָפּעראַציע“ פאַרהיט געוואָרן בלויז טיילווײַז. אין אַרכיוו זײַנען פאַראַן עטלעכע העפטן, ווו עס איז פאַרשריבן דער גאַנצער ערשטער אַקט, פון די איבעריקע דרײַ אַקטן (די פּיעסע „די אָפּעראַציע“ איז אַ פּיראַקטיקע) זײַנען פאַרבליבן בלויז איינצלנע סצענעס. דערבײַ וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז איבער אַלע פאַרבליבענע טעקסטן פון דער פּיעסע „די אָפּעראַציע“ איז דורכגעגאַנגען עמעצנס אַ רעדאַקטערישע האַנט. אין די טעקסטן פון דער פּיעסע „די אָפּעראַציע“ זײַנען פאַראַן זייער אַ סאַך אויסגעמעקטע שטעלן. טיילמאָל ווערן אויסגעמעקט בלויז איינצלנע שורעס, טיילמאָל גאַנצע מאָנאָלאָגן, און אין אייניקע פאַלן אויך גאַנצע סצענעס. ווען מע קוקט זיך צו צום כאַראַקטער פון אָט די אויסגעמעקטע שטעלן, קומט מען צו דער איבערצײַגונג, אַז די זײַטיקע רעדאַקטערישע האַנט האָט דורכויס געקעמפט מיטן סאָוועטישן עלעמענט אין שאַפירס פּיעסע „די אָפּעראַציע“. אַז די דאָזיקע אַנ־

טיסאָוועטישע האנט האָט געטאָנ איר ארבעט באוווסטזיניק,* איז צו זענ דערפונ, וואָס די אויסגעמעקטע שטעלנ טרעפנ זיכ אינ אלע אקטנ פונ דער פּיעסע אונ אומעטום טראָגנ זיי איינ אונ דעמ זעלבנ כאראקטער: אויסגעמעקט ווערנ מערסטנטיילס די שטעלנ, ווו עס קומט צומ אויסדרוק דעמ אווטערס סאָוועטישע אָריענטאציע, ווו ער שטרעבט צו באַרעכטיקנ די מאָסמיטלענ פונ דער ראטנמאכט אונ דערביי שארפ דעמאסקירנ די יידישע בורזשואזיע. אז דאָס האָט געמוזט זיינ עמעצנס א האנט פונ דער זייט איז קלאָר דערפונ, וואָס די מעק-ארבעט גייט זיכ פאנאנדער מיט דער גרונט-איינשטעלונג פונ דער פּיעסע, מיט דער גרונט-ליניע פונ דער האנדלונג, טיילמאָל אפילע מיטנ נאָמענ פונ דער פּיעסע.

---

אפ דעמ מאטעריאל צו דער פּיעסע „די אָפּעראציע” האָט שאפיר זייער א סאכ אונ גאָר אינטענסיוו געארבעט. אינ ארכיוו איז פארבליבנ א גרויסע צאָל עסקיזנ פונ דער פּיעסע: צו עטלעכע ווא-ריאנטנ פונ איינ אונ דער זעלבער סצענע, צו עטלעכע אָנהייבנ פונ איינ אונ דעמ זעלבנ אקט. ווענ מע באקאנט זיכ מיט אָט די צאָלרייכע ווארִיאנטנ, ווערט קלאָר, וואָס עס איז געווענ די באוועג-קראפט אינ שאפירס אָנגעשטרענגטער ארבעט. עס ווערט קלאָר, אז דאָס ווענטלעכע אינ אָט די אלע ווארִיאנטנ באשטייט דערינ, וואָס שאפיר זוכט אלצ מער צו סאָוועטיזירנ די האנדלונג, אריינפירנ אינ איר געשטאלטנ אונ בילדער פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט.

לעכאטכילע האָט שאפיר, קענטיק, קיינ גרויסע האסאָגע אינ דעמ פראט נאָכ ניט געהאט. אינ ארכיוו איז פאראנ איינע א העפט, ווו עס איז פארשריבנ עטלעכע סצענעס פונ א פּיעסע „אריינגעשטעלטע ציינ”, וואָס ווערט דאָ באצייכנט, ווי א „קאָמעדיע אינ איינ אקט”. אינ דעמ דאָזיקנ איינאקטער האָט שאפיר, ווייזט אויס געמאכט דעמ ערשטנ פרווו צו סאָוועטיזירנ די פּיעסע „רענטגענ-שטראלנ”. שילדערנ אינ א סאָוועטישער פּיעסע די פאמיליענ-דראמע פונעמ פאבריקאנט

---

* פונ וועלכע קרייזנ אָט די „האנט” האָט געשטאמט איז ניט שווער צו פארשטיינ, ווענ מע נעמט אינ אכט שאפירס לאנגיאָריקע פּערזענלעכע פארבינדונג מיט יענעמ ציוניסטיש-העברייִסטישנ געזינדל, וואָס האָט זיכ גרופּירט ארומ ביאליקנ.

פישמאַן האָט שאַפיר קאָנטיק געהאַלטן פאַר איבעריק, מיט וואָס צו פאַרבײַטן אַט דעם צענטראַלן עפּיזאָד פון דער פּיעסע „רענסגענ-שטראַלן" האָט נאָך שאַפיר ניט געהאַט. האָט ער דעריבער באַשלאָסן אָפּ צוויי דריטל פאַרקירצן די פּיעסע, באַשלאָסן צו שאַפן פון דער פּיעסע „רענטגענ-שטראַלן", וואָס איז באַצייכנט, ווי א „לעבנסבילד אין דרײַ אַקטן" די סאָוועטישע פּיעסע „אַרײַנגעשטעלטע צײַנ", וואָס איז באַצייכנט, ווי „א קאָמעדיע אין איין אַקט". דער לייטמאָטיוו פון דעם איינאַקטער איז אָנגעמערקט שוין גאָר אין דער ערשטער רעפּליקע. דעם פאַבריקאַנטס „דינסט" גרוניע הערט זיך אײַן אין דער באַלע־באָסטעס שפּיל אַפן פּיאַנינע און זאָגט:

גרוניע: שפּיל דערווײַל, שפּיל, כאַווער מאַדאַם! אינגיכן וועלן מיר זיך בײַטן מיט די ראָלן. יענער (א ווונק צום צימער אַפ לינקס) שלאָפט, ווי נאָך א וואַנע... פו! ווי ער כראָפּעט עס... כאַזער! ניש־קאָשע! פאַוול האָט מיר נעכטן געזאָגט, אַז דאָס איז נאָך גאָרניט... מע וועט ערשט נעמען בא זיי... און נאָכדעם מאַרש פונדאַנען. איך וועל טאַקע בעטן, מע זאָל אונדז אָפּגעבן די דירע... אַך, ווי גוט! לעבן זאָלן זיי... (זעצט זיך באַם טיש, קלאַפּט מיט די פינגער, ווי זי שפּילט, און זינגט שטיל „אוליצאַ").

אַנעטע: שפּילסט, כאַווער גרוניע? שפּיל, שפּיל! אין מאַרק וועל איך שוין אַליין גיין...

דער לייטמאָטיוו איז אַזוי־אַרום דאָס „בײַטן זיך מיט די ראָלן". דעם פאַבריקאַנטס געוועזענע דינסט וועט איבערנעמען דעם פאַברי־קאַנטס דירע, דעם פאַבריקאַנטס ווײַב וועט אַליין גיין אין מאַרק אַאַוו. אין זעלבן גײַסט טרעט אויף אויך דער אַרבעטער פאַוועל, גרוניעס מאַן אָדער געליבטער (אין דער פּיעסע „רענטגענ־שטראַלן" איז אַזאַ פיגור ניט געווען). פון דעם כאַווער פאַוועלס רעפּליקעס הערן מיר, ווי ער באַדויערט איינעם א כאַווער, אַן אַרבעטער, וואָס איז פּריי־צײַטיק געשטאָרבן.

פאַוועל: ... ער האָט געאַרבעט אין א שוכ־פאַבריק און ער וואָלט מיסטאָמע איצטער געוואָרן אַן אינסטרוקטער איבער די בורזשויען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן לערנען די מעלאָכע פון שוסטערײַ...

פישמאַן: (שטיל) א מין פרעכהײַט...

אנעטע: צו וואָס די איבעריקע רייד? (מע קלינגט. פּאווע גייט עפענען. אנעטע ווארפט צוריק פון זיך דאָס אויבערמאנטל. זיפצט). אוי! אוי! וואָס מע דארף היַנט אויסהערן פון זיי און שוויַגן.

פישמאן: (טרייסלט מיטביידע קולאקאס אין דער לופטן. שטארק אופגערעגט) אָ! סיַדן איך וועל עס ניט דערלעבן!...

אין דעם דיאַלאָג, פונקט ווי אין גרוניעס דיאַלאָג מיט אנעטען, לאָזט זיך ווידער הערן דער לייטמאָטיוו: דאָס „ביַטן זיך מיט די ראָלן". וויַטער פון אָט דעם דיאַלאָג איז אָבער שאפיר אין זיַן איינאקטער „אריַנגעשטעלטע ציין" נאָך ניט געגאנגען. קיין סצענישע האנדלונג, וואָס זאָל פארקערפּערן דאָס „ביַטן זיך מיט די ראָלן", איז נאָך דאָ ניטאָ.

---

א באדיַטנדיקן שריט וויַטער מאכט שאפיר אין די עסקיזן צו דער פּיעסע „די אָפּעראציע". דאָס מאָל האָבן מיר שוין צו טאָן ניט מיט קיין איינאקטער, ווי די „אריַנגעשטעלטע ציין", מיר האָבן שוין פאר זיך א פּיראַקטיקע פּיעסע. דער לייטמאָטיוו פארבליַבט אויך איצט דער זעלבער: „איינגיכן וועלן מיר זיך ביַטן מיט די ראָלן". ער ווערט אָבער אנטוויקלט אף א מער ברייטערן אויפן.

פון דעם ערשטן אקט, וואָס ווערט געדרוקט אין אונדזער אויסגאבע, איז קלאָר, אז די פּיעסע הייסט „די אָפּעראציע" דערפאר, וויַל דער אווטער שפּילט די גאנצע ציַט מיט דער צוויידיַטיקיַט פונעם וואָרט „אָפּעראציע". עס האנדלט זיך, נעמלעך, וועגן צוויי „אָפּעראציעס". ערשטנס, גרייט מען זיך מאכן דעם קאָנסערווןֿ־פאבריקאנט פישמאַ־נען א כירורגישע אָפּעראציע, קעדיי ארויסצונעמען די אראָפּגעשלונ־גענע ציין, צווייטנס — ריכט מען זיך דאָ פון מינוט צו מינוט אף דער „אָפּעראציע" פון אָפּנעמען בא דער בורזשואזיע די „איבעריקע זאכן", — א מאָסמיטל, וואָס פלעגט פּראקטיקירט ווערן אין אייניקע שטעט בעשאסן בירגערקריג, ווען די רויטע ארמיי האָט ניט געהאט די סאמע נייטיקסטע זאכן פון קליידונג, שוכווארג אאוו. דער אווטער וויל, ווי עס איז צו זען פון אלע — אָן שום אויסנאם — טעקסטן, באַ־רעכטיקן אָט די מאָסמיטלען פון דער בירגערקריג־ציַט, ער וויל אף דעם באָדן אופבויען די גאנצע האנדלונג פון זיַן פּיעסע.

דער ערשטער אקט גיט אינ דעמ זינעג שוינ א גענוג קלאָרע פאנאנדערשטעלונג פונ די סאָציאַלע פיגורנ, וואָס טרעטנ אופ אינ דער פיעסע: פונ איינ זײַט דער ארבעטער זלאטקינ, וואָס איז באשטימט פאר אנ „אָפעראטער" אינ די רײַכע ווינקלענ, — צו אימ באציט זיכ דער אווטער מיט דער אויסגעשפראָכנסטער סימפאטיע; פונ דער צווייטער זײַט — דער פאבריקאנט פישמאנ אונ מיט אימ איינינעמ די גאנצע בורזשואזע סוויווע (דער רײַכער ציינדאָקטער ווײַנער, זײַנ פרוי וואָס איז פול מיט טויט-שרעק פאר דער רעקוויזיציע פונ זײַערע „איבעריקע זאכנ" — צו דער סוויווע באציט זיכ דער אווטער אויסגעשפראָכנ נעגאטיוו. אפנ מיטנ וועג צווישנ דער סוויווע פונעמ ארבעטער זלאטקינ אונ דער סוויווע פונעמ פאבריקאנט פישמאנ שטייט פריידע דעמ פאבריקאנטס „דינסט", אינדערעמעסנ זײַנ געהיימע געליבטע.

אינ ערשטנ אקט הערנ מיר בלויז, ווי פריידע זאָגט וועגנ זיכ: „פרויענ זײַנענ ניט פאר אײַכ ריידנדיק, ווי די הינט: לעקנ די האנט, וואָס שלאָגט זיי"... מיר הערנ אויכ, ווי פריידע קלאָגט זיכ פאר ווערענ, אז מע האָט זי „מיט די פיס געטראָטנ... אונ איכ — ווי א הונט אפ אלע פיר". אינ צווייטנ אקט וויל שאפיר באווײַזנ, ווי עס דערוועקט זיכ אינ פריידענ א געוויסער שטאָלצ, עס דערוואכט איר צעטראָטענע מענטשנ-ווערדע. דאָס ווערט אינ צווייטנ אקט איליוסטרירט דורכ א לענגערנ דיאַלאָג צווישנ פריידענ אונ פישמאנענ. פישמאנ, וואָס האָט נאָכ אלצ צו טאָנ מיטנ אויסבאהאלטנ זײַנ פארמעגנ, האָט זיכ ארומגעקוקט, אז עס פעלט אימ א געוויסע סומע געלט, וועלכע ער האָט אינ דער בעהאָלטע פונעמ ערשטנ אקט איבערגעלאָזט אפנ טיש. פישמאנ פארשטייט, אז דאָס געלט האָט צוגענומענ זײַנ ווײַב, אנעטא, ער איז אָבער כוישעד, אז פריידע האָט איר מיטגעהאָלפנ דערבײַ.

**פישמאנ:** (שוואכ) אייגענע... פארזאָרגנ זיכ מיט **יערושע אפאָנעמ?** אונ ווענ? (פויזע) אכ, ווערסט מיכ ניט אײַנריידנ, דו ביסט דאָ געבליבנ מיט איר, ווענ מיר זײַנענ מיטנ דאָקטער אוועקגעפאָרנ, ווערסט מיכ ניט אײַנריידנ. דאָ איז פאָרגעקומענ א פאָשעטע גניירע, אונ אויכ דו האָסט...

**פריידע:** (טרויעריק, ערנסט אונ מיט מער אייגנבאוווסטזײַנ, ווי אינ ערשטנ אקט) זי האָט מיכ ארויסגעשיקט!

**פישמאנ:** (מיט א פאַרשנרנ בליק נעמט ער דורכ פריידענ מיט די אויגנ) אונ דו ווייסט פונ גאָרניט?

**פריידע:** כאָטש איצט... כאָטש איינמאָל פאר דער גאנצער צײַט — גלייבט מיר! אונ פארוואָס זאָלט איר ניט א קלער טאָנ, אז זי האָט מיכ געמוזט ארויסשיקנ? איכ האָב דאָכ באמערקט גלײַכ מיט איר... אונ פאר איר בינ איכ דאָכ ניט מער ווי א דינסט, וואָס קאָנ אויסזענ, עפּשער גאנוועניו... ווער ווייסט, וואָס זי קלערט פונ מיר?..

**פישמאנ:** ווידער דאָס זעלבע!

**פריידע:** פארוואָס זשע גלייבט איר מיר ניט? (גייט צו נעענטער צו אימ, קוקט זיכ ארומ) פארוואָס זשע גלייבסטו מיר ניט, ווענ איכ האָב דיר געשווירנ בא מײַנ ערנ וואָרט? בינ איכ שוינ עפּשער בא דיר אויכ ניט מער ווי א דינסט? ווי פריידע די מויד? טאָ שווער איכ דיר, ווי איכ האָב מיכ געווינט פאר איר צו שווערנ — זאָל איכ מאָרגנ ניט דערלעבנ! זאָל איכ געלײַמט ווערנ — צי ווייס איכ פונ עפּעס צו זאָגנ! (קוקט אינ פּאָנעמ מיט שטאָלצ אונ פאַדוורפ). איצט גלייבט איר מיר? קוקסט אפ מיר בייז? קענסט עפּשער ניט לײַדנ, וואָס איכ זאָג אײַכ „דו"? שרעקט אײַכ ניט! איכ האָב זיכ שוינ פאר דער צײַט, וואָס איכ בינ דאָ בא דיר אינ שטוב אלס דינסט, אזוי צוגעווינט, אזוי אויסגעלערנט שפּילנ מײַנ ראָליע, אז איכ וועל קיינ טאָעס ניט האָבנ... קענסט זײַנ רויִק. פּופּצנ יאָר נאָכאנאנד בייגנ זיכ אונ ברעכנ זיכ; גיינ אפנ שטריק אונ האלטנ דאָס גלײַכגעוויכט — איז אפילע ניט אזא לײַכטע ארבעט פאר א פרוי, פאר א פרוי א צעבראָכענער, א דערנידעריקטער, אָבער צוליב דיר, אויס ליבע צו דיר — בינ איכ דאכט זיכ, געווענ אויסגעהאלטנ אינ מײַנ פאלשער ראָליע, א?

**פישמאנ:** (נישט צופרידנ, אָבער ווייכ) וועסטו עפּשער אופהערנ? איז דענ איצט?

**פריידע:** (מיט טרערנ אינ קאָל. שלאָגט אימ איבער) ביסט עפּשער גערעכט... ביסט איצטער אזוי אומגליקלעכ, יאָ, יאָ! איכ וויל... איכ האָב עס ניט געוואָלט... איכ וויל אנשטומט ווערנ אונ דיכ פאָלגנ, אזוי ווי טאָמעד, ווענ דו באפוילסט מיר נאָר מיט איינ וואָרט, מיט א קוק, כאָטש איינ גאָט ווייסט דעמ עמעס, אז איכ האָב שוינ מער קיינ קויעכ ניט.

**פישמאנ:** (אופגערעגט) וועסט אנשטומט ווערנ, סאָפּקאָלסאָפּ, צי ניינ? וואָס האָט איר זיכ אלע גענומענ אפ מײַנ לעבנ?

פרײדע: (מיט א געבעט) כאָטש איינמאָל פאר דער גאנצער צײַט— אָן געשריי, מיט א מענטשלעכן טאָן...

פישמאן: (מיט קאס) וואָס זשע ווילסטו פון מיר? איך גלייב דיר! איך גלייב דיר שוין, וואָס נאָך ווילסטו? לאָז מיך איצט צורו! איצט, ווען איך דארף באלד גיין אפ דער אָפעראציע און גאָט ווייסט... אך, מערדער, וואָס איר זײַנט! בלוטצאפּערס! (אופגעשטאנען מיט קאס) גיי אין קיך און לאָז מיך אליין.

פרײדע: (ציטערט אופ, בײַסט די ליפּן, מאכט עטלעכע נערוועזע שפּאן צום ארויסגאנג, אָבער זי באטראכט זיך, קערט זיך אום און זאָגט מיט שטאָלצ און אנטשלאָסנ-קײַט) ניין, הער פישמאן! דאָס מאָל וועל איך אײַער באפעל ניט אויספאָלגן, אין קיך צו מײַן „ארבעט" וועל איך מיין ניט גיין. יאָ! איך האָב עס אײַך ניט געוואָלט זאָגן...

פישמאן: (מיט אומגעדולד) וואָס אזוינס זאָגן, וואָס פלאפּלסטו דאָרט מיט דײַן ווײַבערשער צונג?

פרײדע: איך פלאפּל ניט, איך האָב קיינמאָל ניט געפלאפּלט... איך האָב באשלאָסן אָפּוווארטן ביז דו וועסט איבערקומען די אָפּע-ראציע בעשאָלעם און נאָכדעם...

פישמאן: (בייז) וואָס אזוינס? רעד! עפּעס א ווײַבערשע רע-כילעס, מיסטאמע, א? וואָס נאָך דען?

פרײדע: א, ווי גענארט דו ביסט!

פישמאן: ווי דען... איך האָב גלײַך געוווסט.

פרײדע: שווײַג! דו ווייסט נאָך גאָרניט. איך האָב צופעליק אויסגעפונען דאָס קינד... אונדזער קינד! גאָט מײַנער (פארדעקט זיך מיט די הענט דאָס פּאָנעם, קערט זיך אָפּ, ווייינט שטיל, אין איר שטילן געוויין פילט זיך פּײַן און פרייד צוזאמען).

פישמאן: (בלײַבט זיצן מיט אן אָפן מויל. אויסגעגלאָצט די אויגן און שווײַגט, ווי ס'וואָלט אים פלוצלינג אָפּגענומען דאָס לאָשן. א שווערע געדריקטע לאנגע פויזע).

פישמאן: (עטעמט שווער אָפּ, ווי נאָך אן אָנגעשטרענגטער ארבעט. ניט קוקנדיק צו פריידען) ווען איז דאָס געשען?

פרײדע: הײַנט!

פישמאן: הײַנט... אלץ אין איין טאָג... אלץ איניינעם...

פרײדע (א ביסל בארויקט. שאָקלט מיטן קאָפּ) א שלאקס רעגן גיסט אויס מיט אמאָל.

דער ווײַטערדיקער גאנג פֿונ דעם צווייטנ אקט, האָט, קענטיק, געזאָלט איליוסטרירנ פּריידעס ווערטער וועגנ דעם, אז „א שלאקסרעגנ גיסט אויס מיטאמאָל". די בעהאָלע באם פאבריקאנט אינ שטוב דוי־ ערט ווײַטער, מע גרייט זיכ שוינ צו דער כירורגישער אָפּעראציע אפּ ארויסצונעמענ די ציינ, אונ גלײַכצײַטיק דערמיט קומט אויכ פאָר די פּאָליטישע „אָפּעראציע": מע קומט צומ פאבריקאנט אינ שטוב רעק־ ווירירנ זײַנ פארמעגנ. אינ וועלכנ אקט אָט די רעקוויזיציע האָט גע־ זאָלט באווייזנ ווערנ איז ניט שווער פעסטצושטעלנ. אזוי, לעמאָשל, הערנ מיר, ווי פּישמאנ זאָגט אינ פערטנ אקט:

פּישמאנ: ...זיי, די קאָמוניסטנ, האָבנ צוגענומענ די פאבריק מיט דער סכוירע, זיי האָבנ דאָ נעכטנ, ווי דו ווייסט, איבערגעשריבנ אונ וועלנ געוויס צונעמענ מײַנ פארמעגנ ביזנ לעצטנ פֿונ דער שטוב...

מיר הערנ אויכ, ווי דער ציינדאָקטער ווײַנער מוסערט פּישמאנענ אינ פערטנ אקט:

ווײַנער: ...אָנשטאָט דעמ, וואָס דו דארפסט זיכ פרייענ, ערשטנס אונ איבערהויפּט דערמיט, וואָס סע האָט זיכ אזוי לײַכט פארענדיקט דער שרעקלעכער צופאל מיט די ציינ, צווייטנס, דערמיט, וואָס ער האָט נעכטנ בא דיר איבערגעשריבנ נאָר די איבעריקע שטוב־זאכנ אונ דײַנ פארמעגנ ניט געפונענ, — שלעפסטו אפּ זיכ א נײַעמ, עפּשער א פיל ערנסטערנ אומגליק...

די סצענע מיט דער רעקוויזיציע האָט אזויארומ געזאָלט בא־ ווײַזנ, ווי דעמ פאבריקאנט האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו באהאלטנ זײַנ פארמעגנ, אונ פיגורירנ האָט געקאָנט אָט די סצענע מיט דער רעקוויזי־ ציע נאָר אינ צווייטנ אָדער אינ דריטנ אקט. ווענ מע נעמט אינ אכט, אז נאָכ אינ ערשטנ אקט ווערט גערעדט וועגנ דעמ, אז די ארבעטער גייענ שוינ פֿונ די פונקטנ, קעדיי צו באזוכנ די רײַכע ווינונגענ, ווענ מע גיט נאָכ צו, אז צומ סאָפּ ערשטנ אקט לויפט פריידע ארײַנ מיט אנ אויסרופ „מע גייט שוינ" — ד.ה. די ארבעטער האָבנ שוינ אָנגעהויבנ אונטערזוכנ די ווינונגענ פֿונ דער גרויסשטאָטי־ שער בורזשואזיע — ווערט קלאָר, אז די סצענע פֿונ דער פּאָליטישער „אָפּע־ ראציע" האָט געמוזט פיגורירנ שוינ אינעמ צווייטנ אקט. ווי עס איז צו זענ פֿונעמ נאָמענ פֿונ דער פּיעסע, האָט אָט די סצענע פֿונ דער פּאָליטישער „אָפּעראציע" געזאָלט פארנעמענ א גאָר באדײַטנדיק אָרט

אינ דער פּיעסע. די דאָזיקע סצענע, וואָס האָט, אייגנטלעך, געזאָלט באַרעכטיקן דעם נאָמענ פונ דער פּיעסע, האָט, ווײַזט אויס, אמדײַט־לעכסטנ באַוויזנ שאַפירס וועג צו א סאָוועטישער אָריענטאַציע, זײַנ אויסגעשפּראָכענע טענדענצ צו באַגיטיקנ די מאָסמיטלענ פונ דער ראַטנמאַכט. קאָנטיק, אז דערפאַר טאַקע איז די דאָזיקע סצענע געפאַלנ א קאָרבנ פונ יענער אַנטיסאָוועטישער האַנט, וואָס האָט „רעדאַגירט" שאַ-פּירס פּיעסע — די סצענע פונ דער רעקוויזיציע איז אינגאַנצנ פאַרשוווּנדנ.

---

אינ צווייטנ אקט מאַכט שאַפּיר א פּרווו אַרײַנצופירנ צוויי נײַע געשטאַלטנ, וואָס וועגנ זיי האָבנ מיר אינ ערשטנ אקט געהערט, אז זיי זײַנענ „באָלשעוויקעס". דאָס איז פריידעס זונ — דער פּופּצניאָריקער יאָסל, אונ אַנעטעס זונ — דער דערוואַקסענער וואָלאָדיע, וואָס האָט, לויט ווערעס רעפּליקע אינ ערשטנ אקט, „געהאָלפנ" נאַציאָנאַליזירנ בא זײַנ פאָטער, פּישמאַנען, די פאַבריק. די דאָזיקע צוויי געשטאַלטנ האָבנ זיך שאַפירנ אמווייניקסטנ אײַנגעגעבנ.

מיר וועלנ דאָ ברענגענ א קלײנעם אויסצוג פונ די סצענעס, וואָס שילדערנ דעם אופטריט פונ די צוויי געשטאַלטנ — יאָסל אונ וואָלאָדיע.

זינע: (אינ טיר) איר וואָלט עפּשער שפּעטער... אנ אַנדערשמאָל...

יאָסל: (קומט אַרײַנ, געמיינ אָנגעטאָנ, מיט כוצפּע) שפּעטער! דער זאַ-טער גלייבט ניט... (מערקט, אז דאָ אינ שטוב איז עפּעס ניט גלאַטיק אונ ער בלײַבט שטיינ אינ א פאַרלעגנהײַט מיט א האַלב אָפנ מויל. אַלע קוקנ אפ אים אונ וואַרטנ)

פּישמאַנ: אָט האָסטו אים. (צו יאָסלענ) וואָס וועסטו עפּעס זאָגנ, יאָסל — כוואַער יאָסל?

יאָסל: (נעמט זיך אָנ מיט מוט) איך בינ געקומענ... איר ווייסט... (פּלוצעמ) פאַרוואָס האָט איר עפּעס אַרויסגעטריבנ דעם טאַטנ?.. (שטאַר-קער) ער איז געקומענ צו אײַך בעטנ א נעדאָווע, וואָס איר טרײַבט אים, ווי א הונט?.. באַשער, ער איז א שוואַכער מענטש אונ לויפט צו אײַך טאָג אפ טאָג נאָך זײַנ פאַרהאָרעוועט געלט, קומט אים טרײַבנ, שפּײַענ אינ פּאָנעמ? ווייניק אײַך אַפּאָנעם, וואָס מע טוט אײַך! אָנ-לייגערס, וואָס איר זײַט!

ווײַנער: ש־ש־ש!

וואָלאָדיע: (דראָענד) יונגערמאַנ!

**יאָסל:** (הויך) וואָס איז, וואָס שיקעט איר? איך בין ניט דער טאטע איך זאָל זיך איבערשרעקן. ס׳געלט, וואָס אונדז קומט, שוין גענוג, נאָכגעלאָפן!

**פישמאן:** אנעטע! גיב אים 500 רובל און זאָל ער זיך גיין פונדאנעט.

**אנעטע:** ווי האָב איך... ווערע! דו האָסט ניט בא זיך?

**פישמאן:** (בייז) אנעטע, גיב אים 500 רובל! (שטרייַכט אונטער) פון דייַן געלט.

**יאָסל:** (שרייַט) וואָס עפּעס פינף? אונדז קומט 2500 רובל.

**פישמאן:** אזוי גאָר? טאָ גיי זשע ברענג א צעטל פונעם קאָמיטעט. אנדערש האָב איך ניט קיין געלט. (קערט זיך אָפּ)

**יאָסל:** ניין, איר וועט געבן איצט, איך בין אייַך ניט דער טאטע. (שרייַט) מייַן געלט!

**פישמאן:** (שטארק אופגערעגט) יאקאָוו! נו יאקאָוו, (צו יאָסלען צוגעטראָטן) דו קענסט מיך איצט לאָזן צו רו? קענסט מיך איצט... וואָן פונדאנעט!

**ווייַנער:** כאַיִם!

**יאָסל:** כע... ער מיינט, איך בין דער שוואכער טאטע מייַנער! דודקעס! געלט, אָדער די נעשאָמע!

**וואָלאָדיע:** (עפנט אוף די ארויסגאנגטיר, נעמט זיך פארן רעוואָלווער און שרייַט קאלטבלוטיק, אָבער שטארק דראָענד) ע, דו! באוווסטזיניקער יונגער ארבעטער! אנו, מארש פונדאנעט!

**יאָסל:** וואָס? מע קען דיך, וואָלאָדקע! מע ווייסט, אז דייַן טאטע האָט דיך געשיקט אפּ אזא שטעלע, קעדיי זאָלסט קענען היטן זייַנע אינטערעסן... וועסט מיך ניט איבערשרעקן... פארוואָס, זאָג מיר, טרייַבט איר מיך? פארוואָס האָט ער ארויסגעטריבן מייַן טאטן? פאר מייַן טאטן — איז רויט אָדער טויט!.. (כאפּט ארויס א רעוואָלווער) פאר מייַן... (די ווייַבער הייבן אוף א געשריי און עס ווערט א טומל)

**וואָלאָדיע:** (כאפּט ארויס זייַן רעוואָלווער, שטעלט אים אָן אפּ יאָסלען און שרייַט) באהאלט דייַן רעוואָלווער! (אין דעם מאָמענט לויפט ארייַן פריידע, דערזעט וואָס דאָ קומט פאָר, פאלט זי אין כאלאָשעס מיט די ווערטער:) אך, קינדער! ברידער... (דער טומל ווערט גרעסער. אין דעם טומל ווארפט זיך פישמאן צו פריידען)

פ י ש מ א ן: פריידע, פריידע! ראטעוועט זי! ראטעוועט זי! (אנע־שא ברעכט אויס מיט א איינגעהאלטנ, נאָר היסטערישנ געוויינ).

דער אָקאָרשט־ציטירטער עסקיז באווייזט, ווי פרימיטיוו שאַפיר האָט אויסגעמאָלט דעמ פופצניאָריקנ „באָלשעוויק" — יאָסלענ. ווייטער פונ אויסערלעכע דעטאלנ, וואָס באקומענ צומ סאָפ אנ אויסגעשפראָכנ־מעלאָדראמאטישנ כאראקטער, איז שאפיר ניט אימשטאנד געווענ צו גיינ. די פיגור איז מעלאָדראמאטיש־וולגאריליזירט, האָגאמ עס פילט זיכ, אז שאפיר באציט זיכ צו יאָסלענ מיט אויסגעשפראָכענער סימפאטיע.

---

דער גאנצער דריטער אקט, ווי עס איז צו זענ פונ די פארבליבענע עסקיזנ, האָס געזאָלט זיינ געווידמעט דעמ פינאל פונ דער כירורגישער אָפעראציע. פריידע טראָגט זיכ ארומ מיט א פעסטנ באשלוס צו פארלאָזנ דעמ פאבריקאנטס שטוב. זי לייגט עס אָבער אָפ ביז עס וועט געמאכט ווערנ די כירורגישע אָפעראציע. מיר הערנ, ווי זי רעדט מיט ווייַנערנ:

פ ר יי ד ע: איכ וועל ניט בלייַבנ... קאָנ איכ דענ בלייַבנ? אפילע אפ איינ טאָג, נאָכדעמ ווי גאָט וועט העלפנ...

וו ייַ נ ע ר: איכ פארשטיי... אייַער זונ...

פ ר יי ד ע: וויל אפילע ניט הערנ פונ אימ...

וו ייַ נ ע ר: ניינ, איכ מיינ: ער האָט דאָכ אזא געטרייַענ אונ גוטנ פאָטער, ווי איכ האָב געהערט...

פ ר יי ד ע: יאָ. ער איז זייער א ווילער מענטש, א גוטער... א פאָשעטער גוטער מענטש...

מיט אָט דעמ דיאלאָג איז שאפיר אויסנ אָנצומערקנ פריידעס ווייַטערדיקע אופירונג — איר אוועקגיינ צומ ארבעטער זלאטקינענ, וואָס האָט דערצויגנ איר זונ, דעמ פופצניאָריקנ יאָסלענ. אָבער דער מאָטיוו ווערט אנטוויקלט ערשט אינ פערטנ אקט. פונעמ דריטנ אקט זייַנענ פארהיט געוואָרנ בלויז די עטלעכע סצענעס, וואָס שילדערנ אפ א גראָטעסקישנ אויפנ די דאָקטוירימ, וועלכע „היילנ" דעמ פאבריקאנט פישמאנענ. די גראָטעסק־געשטאלטנ פונ די צוויי כירורגנ, ד״ר ווינטערמאנ אונ ד״ר זומערמאנ זייַנענ געגעבנ אפ צו דערגאנצנ די כאראקטעריסטיק פונ דעמ ציינדאָקטער ווייַנער. די כי־

רורגנ טרעטנ אופ אינ דער פּיעסע ווי שאַנטאַזשיסטנ, וואָס ספּעקו־לירנ אַפ פּישמאַנס „צעטראָגנקײַט“. פּונקט אַזוי, ווי עס טוט עס דער ציינדאָקטער חײַנער. זיי האַלטנ אָפּ אינ דריטנ אַקט אַ ספּעציעלע באַראַטונג, זיי שפּילנ מיט די פֿאָטאָגראַפֿישע קאַרטעס פֿונ דער רענטגענ־דורכלויכטונג אונ שיטנ דערבײַ מיט לאַטײַנישע ווערטלעכ. אינ דער לעצטער מינוט פּירט מענ, לויט זייער פֿאָדערונג, דעם פֿאַבריקאַנט פּישמאַנענ צו דער אָפּעראַציע. מענ הייסט פּריידענ אַרײַנ־טראָגנ אַ קישנ אונטערצולייגנ אַפ דער דראָשקע, פּריידע לאָזט זיכ גיינ אינ דעם באַלעבאָס שלאָפצימער, זי נעמט זײַנ קישנ אונ דערזעט, ווי פֿונ דער ציכ פֿאַלנ אַרויס די ציינ, וואָס ער האָט קלוי־מערשט אַראָפּגעשלונגענ. מיט אָט דעם גראָטעסקישנ פֿינאַל האָט, קאָנטיק, געזאָלט פֿאַרענדיקט ווערנ דער דריטער אַקט.

---

דער פֿערטער אַקט פֿירט אַריבער די האַנדלונג פֿונ דער פּיעסע אינ אַנ אַנדער פּלאַנ. אויב די פֿריערדיקע דרײַ אַקטנ קאָנ מענ נאָכ באַטראַכטנ, ווי אַנ איבעראַרבעטונג פֿונ דער פּיעסע „רענטגענ־שטראַלנ“, לאָזט זיכ עס וועגנ פֿערטנ אַקט באַשומויפֿנ שוינ ניט זאָגנ. די פּיע־סע „רענטגענ־שטראַלנ“ האָט בלויז 3 אַקטנ. זי ענדיקט זיכ מיט דעם עפּיזאָד, ווענ מע געפֿינט די ציינ, אונ דערמיט ווערט אויסגעשעפּט דער גאַנצער אינהאַלט פֿונ דער פּיעסע „רענטגענ־שטראַלנ“, וואָס איז אויסנ צו באַווײַזנ, ווי דער קאָנסערווג־פֿאַבריקאַנט לעבט איבער די צײַטווײַליקע בעהאָלע אונ קערט זיכ ווידער אום צו זײַנ פֿריער־דיקנ אײַנגעפֿונדעוועטנ לעבנשטייגער.

די פּיעסע „די אָפּעראַציע“ האָט שאַפּיר געשריבנ גאָר מיט אַנ אַנדער קאַוואָנע. ער האָט דאָ געוואָלט באַווײַזנ דעם פֿולשטענדיקנ אונטערגאַנג פֿונ דעם פֿאַבריקאַנט פּישמאַנ, די פֿולשטענדיקע פֿאַרניכ־טונג זײַנע, וואָס איז אומפֿאַרמײַדלעכ אינ דער עפּאָכע פֿונ דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. אונ אָט צוליב דעם צוועק האָט עס שאַפּיר אַרײַנגעפֿירט אַ ספּעציעלנ פֿערטנ אַקט.

אָנשטאָט דעם קאָמישנ פֿינאַל, וואָס מיר האָבנ אינ „רענטגענ־שטראַלנ“, וויל שאַפּיר אינ דעם פֿערטנ אַקט פֿונ דער פּיעסע „די אָפּעראַציע“ צופֿירנ די האַנדלונג צו אַ שטאַרק דראַמאַטישנ פֿינאַל.

דער פאבריקאנט פישמאנ, וואָס האָט אָקאָרשט אפ אזא קאָמישנ אופנ זיכ ארויסגעראטעוועט פונ דער טויט-געפאר מיט די ארייַנגעשטעלטע צוצוציינ, לעבט איבער א נייַע קאטאסטראָפע. אימ קומט אויס צוזענ, ווי דער געוועזענער קנעכט זייַנער, דער ארבעטער זלאטקינ גייט שריט נאָכ שריט צומ ציל, ער גייט „זיכ בייַטנ מיט די ראָלנ". פונ מינוט צו מינוט ווערט אלצ מער קלאָר, אז פריידע גייט אוועק צו זלאטקינענ. עס קומט אפילע אזא מאָמענט, ווענ פריידע הערט עס אופ באהאלטנ.

פ ר יי ד ע : (פעסט מיט שטאָלצ) יאָ! איכ האָב אימ שוינ מייַנ וואָרט געגעבנ.

פ י ש מ א נ : (אנטשלאָסנ) נו... גיי געזונטערהייט אונ זאָל דיר גאָט העלפנ...

אָבער ווי נאָר פריידע גייט ארויס פונ צימער, ווייַזט זיכ ארויס, אז פישמאנס אנטשלאָסנקייַט איז נאָר געוועזנ אנ אויסערלעכע.

פ י ש מ א נ : (אנ אופגערעגטער, א נערוועזער, מיטנ פאפיראָס אינ מויל, וועלכנ ער ווארפט בייז אינ אש-שיסעלע אפנ שרייַב-טיש אונ לאָזט זיכ אראָפ שווער אונ נערוועז אינ דעמ שטול, וואָס בא דער וואנט) זי וועט נימ אוועקגיינ! איכ וועל טאָנ אזוינס, וואָס קיינ מענטשלעכע פאנטאזיע איז ניט אימשטאנד צוצוטראכטנ. נאָר זי מוז אונ וועט בלייַבנ... מיט אימ! מיט אימ! (שפארט אונטער דעמ קאָפ מיטביידע הענט אונ פארטיפט זיכ אינ טרויעריקע געדאנקענ. קאָנטיק, אז ער לעבט איבער א שרעקלעכנ קאמפ מיט זיכ אליינ).

דער ווייַטערדיקער טעקסט פונעמ פערטנ אקט ווערט אָפגעגעבנ אויסשליסלעכ אפ צו שילדערנ דעמ פאבריקאנטס „שרעקלעכנ קאמפ מיט זיכ אליינ". מיר טרעפנ אינ שאפירס העפטנ א גאנצע בינטל ווארִיאנטנ פונ פישמאנס שמועסנ מיט ווייַנערנ. די הויפט-טעמע פונ אָט די אלע שמועסנ איז:

פ י ש מ א נ :... זיי, די קאָמוניסטנ, האָבנ צוגענומענ די פאבריק מיט דער סכוירע. זיי האָבנ דאָ נעכטנ, ווי דו ווייסט, איבערגעשריבנ אונ וועלנ געוויס צונעמענ מייַנ פארמעגנ ביזנ לעצטנ פונ דער שטוב... מייַנ אייגנ ווייַב האָט מיכ באגאנוועט, אונ דאָכ ארט עס מיכ ווייניקער ווי דאָס, וואָס פריידע גייט פונ מיר אוועק מיט אימ צו יענעמ. מייַנ בלוט אונ פלייש צו יענעמ, צו מייַנ סוינע... יאקאָוו! אויב איכ האָב אריבערגעטראָגנ ביז אהער אזויפיל יעסורימ מיט ווי-

טעקן און זיך ניט געבויגגן, בין איך, אפּאָנעם, געווען שטאַרקער פון אײַזן, נאָר איצט — איצט פיל איך, אַז דער קלאַפּ וועט מיך אינגאַנצן צעברעכן — איך וועל עס ניט אַריבערטראָגן, יאַקאָוו! איך וועל עס ניט אויסהאַלטן....

דער ציינדאָקטער ווײַנער מאַכט כוויזעק פון פישמאַנס „האַרץ־רײַסנדיקע" מאָנאָלאָגן, ער מאַכט צונישט זײַן גאַנצע „דראַמע".

ווײַנער: פּוסטע מײַסעס! דיך אַרט ניט, וואָס מע האָט באַ דיר צוגענומען די פאַבריק, ווײַל דו גלייבסט, אַז סאָפּקאָפּסאָפּ וועט זי ווידער זײַן דײַנע און דו וועסט ווידער זײַן פון איר אַ באַלע־באָס... דיך אַרט ניט, וואָס מע האָט איבערגעשריבן און נאָך ניט צוגענומען דײַן פאַרמעגן פון שטוב, ווײַל דו האָפסט, אַז פונעם איבערשרײַבן ביזן צונעמען קאָן נאָך געשען אַ נעס... כוץ דעם ווייסטו, אַז ווען מע וועט אפילע יאָ צונעמען, בלײַבן דיר נאָך דײַנע באַגראָבענע מיליאָנען... אָבער ווען דײַן דינסט, ניין..... ניין... נו, ווי זאָל איך זי אָנרופן, דײַן.... דײַן איינציקע, ווי דו האָסט פריִער זיך אויסגעדריקט, דײַן געליבטע אפילע, לאָמיר זאָגן — לאַכט זיך אויס פון דיר... נו, גייט אַוועק פון דיר מיט דײַן בלוט און פלייש צו אַ צווייטן — און וועד איז דער צווייטער — דאַרף מען וויסן... דײַן אַרבעטער, דײַן געוועזענער קנעכט און איצטיקער בלוטיקער סוי־נע, וואָס איז גאָט די נעשאָמע שולדיק און דער ייִדענע פאַר מילכ... אָט וואָס דיך פאַרדריסט...

פישמאַן: אַך, ניין, יאַקאָוו! דו האָסט מיך ווידער ניט פאַר־שטאַנען! דו פאַרשטייסט מיך ניט, יאַקאָוו! אוי, ווי שלעכט און ביטער ס'איז צו זײַן אין אַזאַ לאַגע ווי איך... דו האָסט מיך ניט פאַרשטאַנען!...

ווײַנער: מעגלעך, מעגלעך, אַז אַפּ דיר איז מעקויעם געוואָרן דאָס שפּריכוואָרט: „ווען דער ליגנער זאָגט שוין אפילע דעם עמעס — גלייבט מען אים אויך ניט"...

ניט געקוקט אַפּ די טרעפלעך־שטעכיקע רייד, וואָס ווײַנער רעדט אין דעם אַקט, שפּילט דאָך ווײַנער אין פערטן אַקט די זעלבע ראָ־ליע פון אַ „פאַלשן מענטשן", ווי אין די פריִערדיקע דרײַ אַקטן! מיט זײַנע רייד איז ער אויסן וואָס מער אויפרייצן דעם פרײַנט זײַ־נעם, פישמאַנען, ער הערט ניט אויף טעראָריזירן אים, ער וויל אים אַרויסברענגען פון די קיילים.

פישמאן: (שטאַרק צערייצט און אופגערעגט) הער אוף, וואָרעם (זוכט עפּעס אפן טיש) איך גאַראַנטיר איצט ניט פאַר זיך!...

ווײַנער: אַך, ווי שרעקלעך! (איראָניש, פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס פּאָנעם)

פישמאַן: (פאַר זיך) זיך צוזאַמענגערעדט... קומען צו מיר אין שטוב מיך פּײַניקן. אָ! אָ!..

אין איין וואַריאַנט שטויסט ווײַנער זײַן פרײַנט פּישמאַנען דירעקט צום זעלבסטמאָרד.

ווײַנער:... ביסט אַ וווּנדערבאַרער מענטש.ווירקלעך צום באַוווּנדערן. וויאַזוי, זאָג מיר, קאָנסטו איצט, נאָך אַזעלכע איבערלעבונגען, בײַ איצטיקן מאָמענט און בײַ אַזאַ לאַגע אומלויפן און אינזינען האָבן געשעפטן און אַנדערע שווינדלערײַען? ווער ביסטו, זאָג מיר?

פישמאַן: (קלאַפּט זיך מיט ביידע הענט אין קאָפּ, לויפט אום און שרײַט הייזעריק): אוי, אוי, אוי! (כאַפּט פון שרײַבטיש אַ פּרעס-פּאַפּיע און שרײַט צו ווײַנערן) נאַ! נאַ! מאַך מיט מיר אַן ענדע! מאַך! וועט דיר פאַרענטפערט ווערן אַלע דײַנע פראַגן! וואָס ווילסט איר פון מיר!

ווײַנער: (נעמט צו בײַ אים דעם פרעס) דאָס וואָלסטו געדאַרפט אַליין טאָן, זאָלסט ניט זײַן געוווינט צו שאַפן מיט אַ צווייטן... שאַרן פײַער מיט אַ צווייטנס האַנט איז ניט קיין מעלאָכע... כוץ דעם, גלייב איך דיר ניט, אַז דו מיינסט עס ערנסט!..

וואָס ווײַנער איז מיט זײַנע רייד אויסגעגאַנגען — ווערט באַלד נאָך דעם קלאָר. ער האָט באַשלאָסן אויסנאַרן בײַ זײַן פרײַנט פּישמאַנען די צוואָע אַפּ דעם גאָלד און בריליאַנטן-פאַרמעגן, וואָס פּישמאַנען האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצובאַהאַלטן בײַ דער רעקוויזיציע. ווײַנער איז דעריבער אַזוי שטאַרק אָנגרײַפעריש, ער פּראָוואָצירט פּישמאַנען, ער שטויסט אים צו זעלבסטמאָרד און פּויעלט, ענדלעך, דאָס, וואָס איז האָט זיך געוואָלט. מיר הערן שוין, ווי פּישמאַן, וואָס איז אײַנגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון די קיילים, קלאָגט זיך, אַז ער האָט „דעם קאָפּ פאַרלוירן", ער שרײַט אויס: „יאַקאָוו! איך הייב אָן מוירע האָבן פאַר זיך אַליין!.."

ווײַנער ניצט נאָך אויס דאָס לעצטע, דאָס שאַרפסטע מיטל: ער רופט אַרײַן פרײַדען.

**פ ר יי ד ע:** (זי האלט זיך שטאָלץ און מיט אייגנבאוווסטזיין. אין דער סצענע דארף זיך פילן אין איר האלטן זיך, אז זי מאכט אפ זיך די גרעסטע אָנשטרענגונג, קעדיי צו באהאלטן אירע אינווייניקסטע ליידן און שווערע איבערלעבונג) איר האָט מיך גערופן?

**וו יי נ ע ר:** אנטשולדיקט, פריידע. וואָס קלערט איר איצט צו טאָן? כ'מיין, איר גייט טאקע אוועק אינגאנצן?

**פ ר יי ד ע:** (קוקט ניט אף פישמאנען, וועלכערווארט מיט אומגעדולד און נעמט זי דורך מיט די אויגן פול מיט ליבע צו איר) יאָ!

**וו יי נ ע ר:** (ווארפט זיך אפן קושעט, ווי ער וואָלט זאָגן דערמיט: „איך האָב געענדיקט, איצט רייד דו!")

**פ י ש מ א נ:** (שטארקט זיך, מיט א פאלשן שמייכל) פריידע! דו טרייבסט לעצאָנעס? איצט? (קאָן ווייטער ניט ריידן).

**פ ר יי ד ע:** (שטיל און קאַלט) אויב ניט איצט, ווען דען? (וויל באהאלטן איר פּאָנעם, גייט צו די בלומען, גלייכט זיי, שמעקט פון זיי, פּאוזע).

**פ י ש מ א נ:** (זעענדיק, אז ווייבער לאָזט זיך ארויסגיין) יאקאָוו! ווארט א רעגע! (עפנט דעם שופלאָד פון שרייבטיש, נעמט ארויס צוויי קאָנווערטן) יאקאָוו! צו פריידען, ווילנדיק, זי זאָל זען, וואָס ער טוט, און ווען פריידע קוקט זיך אום) יאַקאָוו! די צוואָע בלייבט בא דיר (גיט אים).

אף דער סצענע פון פישמאנס לעצטן שמועס מיט פריידען האָט שאפיר, קאָנטיק, א סאך געארבעט. די דאָזיקע סצענע איז פאראן אין פיל ווארייאנטן, וואָס פירן אלע דערצו, אז פריידע בלייבט בא איר באשלוס און פארלאָזט דעם פאבריקאנטס שטוב. און דערמיט איז די פּיעסע, אייגנטלעך, שוין צוגעפירט צו דעם פינאל, וואָס שאפיר האָט געוואָלט געבן: דער פאבריקאנט, וואָס האָט גערדאָעט, אז ער וועט „טאָן אזוינס, וואָס קיין מענטשלעכע פאנטאזיע איז ניט אימשטאנד צוצוטראכטן", ניצט אויס די מינוט, ווען ער בלייבט אליין אין צימער, ער לויפט אום „מיט שווערן אָטעם" און כאזוערט די ווערטער, וואָס ווייבער האָט אים נאָר וואָס צוגעוואָרפן:

„מיט פרעמדע הענט, האָט ער געזאָגט, איז גוט פייער צו שארן... איז אליין!.. אליין!.."

און מיט די ווערטער שיסט ער זיך. אף דעם שאָס לויפט אריין: וויינער, אנעטע, ווערע.

**א נ ע ט ע:** (מיט א דערשטיקט קאָל פון שרעק און ווייטעק, ווארפט זיך צו פישמאנען) כאים! כאים! וואָס האָסטו געטאָן?..

**ו ע ר ע:** גאָט מײַנער! אזוי אומדערוואַרטעט!

**ווײַ נ ע ר:** (נעמט ארום כאַימענ) ס'הארצ האָט מיר אָבער געזאָגט... (ווענ דער פאָרהאנג פאלט לאנגזאמ בא אנעטעס געשרייענ אונ ווערעס שטיל געוויינ, הערט מענ, ווי ווײַנער זאָגט שטיל צו ווערענ: „די צאוואָע איז בא מיר").

פונ די אויסצוגנ, וואָס מיר האָבנ נאָרוואָס געבראכט, איז צו זענ, אז דער דראמאטישער פינאל, וואָס שאפיר האָט געוואָלט אופ־שטעלנ אינ פערטנ אקט, האָט זיכ אימ ניט אײַנגעגעבנ. אויב אינ די פריערדיקע דרײַ אקטנ האָט די מעלאָדראמע בלויז ווענ-ניט-ווענ דורכגעריסנ זיכ אינ דעמ אָדער יענעמ עפיזאָד, האָט זי דאָ, אינ פערטנ אקט, פארפלייצט די גאנצע האנדלונג. עמעס, שאפיר ניצט אויס ווײַנערס מאָנאָלאָגנ, קעדיי אונטערשטרײַכנ זײַנ איראָניש־קרי־טישע באציִונג צומ פאבריקאנטס „דראמע", שאפיר כויזעקט אינ א סאכ שטעלנ פונ דעמ פאבריקאנטס „הארצרײַסנדיקער" ליבע. מיר הערנ אפילע, ווי ווײַנער זאָגט אינ איינ ווארִיאנט:

**ווײַ נ ע ר:** (מיט שפאָט) דאָס געפעלט מיר! דו? דו פילסט? ווי קומט עס צו דיר, וואָלט איכ וועלנ וויסנ! אונ מיטאמאָל! יונגער־מאנטשיק! א פאבריקאנט, אונ א מענטש א דרייער, שווינדלער, קאלטער מאנ אונ שלעכטער פאָטער—דו האָסט פלוצעמ דערפילט אזא איידל געפיל, ווי ליבע?.. אונ צו ועמענ? צו דײַנ קעפסוײַב?..

ווי אָפט מיר זאָלנ ניט טרעפנ בא שאפירנ אינ פערטנ אקט אזעלכע שטעלנ, וואָס פרווונ דעמאסקירנ דעמ פאבריקאנט פישמאנ, קאָנענ זיי דאָכ ניט פארווישנ דעמ פאקט, אז מיר האָבנ דאָ א שארפנ אײַנרייס מיטנ ערשטנ אקט. דאָרטנ, אינעמ ערשטנ אקט, ווערט די פסי־כאָלאָגיע פונ די פישמאנס אונ ווײַנערס געשילדערט אפ א ברייטערנ סאָציִאלנ פאָנ, דער ערשטער אקט איז דורכגעדרונגענ מיט א שטרעבנ צו פיקסירנ דעמ גאנצנ סכומ דערשײַנונגענ, וואָס באווײַזנ דעמ סאָציִאל־עקאָנאָמישנ אנטאגאָניזמ צווישנ די ארבעטער די זלאטקינס, אונ די פאבריקאנטנ די פישמאנס. דער ארבעטער זלאטקינ ווערט באוויזנ, ווי דער „אָפעראטער", דער פאבריקאנט פישמאנ, ווי דער, בא וועמענ עס ווערט דורכגעפירט די „אָפעראציע"—ביידע געשטאלטנ ווערנ באוויזנ אפנ פאָנ פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפ פונ די ערשטע יאָרנ אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

דער פערטער אקט האָט דעמ גרונט־מאָטיוו — דעמ קלאסנקאמפ

צווישן די ארבעטער די זלאטקינס און די פאבריקאנטן די פישמאנס, ביז גאָר פארפלאכט, פארוווּלגאריזירט, פארפארבט אין געדיכטע מע־לאָדראמאטישע פארבן. אָנשטאָט דער פארשארפטער סאָציאַלער סאטי־רע, וואָס איז אָנגעמערקט אינעם ערשטן אקט, באקומען מיר בלויז טרוקענע רעזאָנערישקײַט, לאנגע פּיליסטעריש־מאָראליזירנדיקע מאָנאָ־לאָגן, וואָס האָבן פארדאָרבן דעם פערטן אקט. אז שאפיר האָט געהאט אן אָרגאנישן ווידערווילן צו אָט די לאנגע „אולטרא־פּסיכאָלאָגישע" מאָנאָלאָגן, איז צו זען ערטערווײַז אויך אינן פערטן אקט.

„צו וואָס די איבעריקע רייד—זאָגט אין פערטן אקט זלאטקין — מיר, אז מיר האָבן עפּעס צו זאָגן — זאָגן מיר גלײַך: אָן אונטער־שיסעלעך... מיר, אז מיר האָבן עפּעס צו טאָן—איז געטאָן זאָל ווערן..."

קאָנטיק, אז דערפון האָבן זיך טאקע גענומען אלע כעסרוינעס פונעם פערטן אקט, ווי אויך פון דער פּיעסע „די אָפּעראציע" ביכלאל: די „איבעריקע רייד" אין דער פּיעסע זאָגן איידעס, אז שאפיר האָט אין גאנג פון דער האנדלונג גאנץ אָפט ניט געוווּסט, וואָס ער האָט צו זאָגן, ניט געוווּסט, וואָס ער האָט צו טאָן. די דעפעקטן פון שאַ־פּירס פּיעסע זײַנען בעלישומסאָפּעק דעפעקטן אָרגאנישע, דעפעקטן, וואָס האָבן געשטאמט פון דער סאָציאַלער נאטור פון זײַן גאנצן שאפן. דערפאר טאקע האָט ער, ניט געקוקט אף דער גרויסער אָנ־שטרענגונג, וואָס ער האָט ארײַנגעלייגט אין דער ארבעט, דאָך ניט געקאָנט דערפירן זײַן פּיעסע צו דער מאדרייגע פון א פארענדיקט קינסטלעריש ווערק. דערפאר טאקע האָט די פּיעסע, ניט געקוקט אף דער גאנצקײַט פונעם ערשטן אקט, דאָך ניט געקאָנט ווערן מער, איידער א אינהאלטספולער „מענטשלעכער דאָקומענט", וואָס ווארפט א העלע שײַן אף די וועגן, מיט וועלכע די ייִדישע ליטעראטור איז געגאנגען צו דער אנטשטייונג פון דער סאָוועטיש־ייִדישער דראמא־טורגיע. און דערמיט דערקלערט זיך אויך די אופמערקזאמקײַט, וואָס מיר האָבן געהאלטן פאר נייטיק אָפּגעבן די צעזייטע און צעשפּרייטע מאטעריאַלן פון שאפירס פּיעסע „די אָפּעראציע".

# אינהאלט

זײַט

## דערציילונגען.



## דראַמאַטישע פּרוּוון.



---

## באַמערקטע וויכטיקסטע פעלערן

| זייט | שורע | געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 33 | 8 (אויבן) | אָן ליכט | אָן צוויי ליכט |
| 52 | 9 (אונטן) | באַר איז | נאָך איז |
| 52 | 10 (אונטן) | גאָר חאָט | נאָך חאָט |
| 74 | 2 (אויבן) | אינטערנאציאָנאַלער | אינטערנאציאָנאַליסטישער |
| 92 | 15 (אונטן) | וויַיטער | מוסטער |
| 104 | 3 (אונטן) | קויען | קריען |
| 122 | 8 (אויבן) | ארומשלייַכן | ארויסשלייַכן |
| 148 | 6 (אויבן) | זי וויל אים | זי וויל איר |
| 172 | 11 (אונטן) | דאָרט אופ | דאָרט אום |
| 175 | 8 (אונטן) | כ'וועל | כ'וויל |
| 188 | 7 (אויבן) | אוי, ווען ער האָט מיר | און, ווען ער האָט מיך |
| 381 | 3 (אויבן) | באַשעפטיקט | באַשעפטיק |
| 381 | 3 (אונטן) | 1927 | 1921 |

---

Редактор — Хашин. Техред. И. Тененбаум. Корректор И. Рабкин. Сдано в производство 11/I-34 г. Подписано к печати 5/VI-34 г. Формат бумаги 82×110 1/32 27 п. л. 42.000 п. зн. в п. л. Тираж 4000. Уп. Главлита В—83634.

Тип. изд-ва „ДЕР ЭМЕС", Москва, Покровка 9. Зак. 55.